ד״ר ח. שאָשקעס

# מיין רייזע
# ארום דער וועלט



פֿארלאג „אונזער בוך״ בוענאס-איירעס
1951

I

# ביים גאָלדענעם טויער

איך פאָר קיין אויסטראַליע... א וועלט־טויל, וועלכן איך האָב נאָך נישט באַזוכט. עס זענען נאָך נישט פאַרלאָשן געוואָרן אין מיינע אויגן און זכרון די זוניק־גאָלדענע פאַרבן פון די וועסט־אינדישע אינדזלען קוראַסאַאָ און אַרובאַ, ווי אויך דאָס מינגלען זיך פון קאָלירן צווישן די בלויע בערג און גרינעם ים אַרום יאַמייקאַ, — ווי איך דאַרף שוין פליען ווייטער, ווייטער. די פליכט רופט... און אַזוי ווי יעדער גייט אין זיין געשעפט, צו זיין אַרבעט, אַזוי מוז איך אַריינשטייגן אין אַעראָפּלאַן און זיך טראָגן איבער יבשה און ים, כדי צו דער־גרייכן נייע קאָנטינענטן און אומבאַקאַנטע יידישע קהילות און דאָרטן זיך פּרעגלען אין קעסל פון צרות און קאָמפּליקאַציעס, וועלכע דער היימלאָזער עמיגראַנט שאַפט אין היינטיקער ענגאַיסטיש־בייזער וועלט.

אָבער די רייזעס גיבן מיר א שפע מיט שכר, וועלכע פאַרגיטיקן די אומ־באַקוועמלעכקייטן, וואָס א וואַגלעניש פאַרשאַפט: איך פיל יעדן טאָג, ווי איך וואָלט ווייטער שטודירט, ווידער געלערנט. עס עפענען זיך פאַר מיר די גיגאַנטישע זייטן פון געאָגראַפיע, געשיכטע און עקאָנאָמיע אין זייער נאַטירלעכן גרויס. איך דערזע פּלוצלינג די לענדער, די נאַטור־דערשיינונגען, די מענטשן, וועגן וועלכע איך האָב אַמאָל געהערט אָדער געלייענט.

און איך וועל זיך אפשר אויסדריקן פּאַראַדאָקסאַל, ווען איך וועל זאָגן: וואָס נענטער איר קומט צו די גרויסע נאַטור־וווּנדער, אַלץ גרעסער און שענער וואַקסן זיי אין אייערע אויגן, — וואָס נענטער אָבער איר קומט צו א באַרימטן מענטש, אַלץ קלענער און נעבעכדיקער ווייזט ער זיך אַרויס... דאָס איז טאַקע קעגן דעם געזעץ פון אָפּטיק („א קעגנשטאַנד ווערט אַלץ גרעסער, ווען איר דערזעט אים פון נאָענט"), אָבער אַזוי איז דאָרט פאַרט און איר קאָנט זיך נישט העלפן...

עס איז לייכט צו זאָגן: איך פלי קיין אויסטראַליע, אָבער עס איז דאָך א קיימאַ לן פון אַרום צוועלף טויזנט מייל! און די שטרעקע דאַרף מען „איינשלינגען" בנשימה אחת אין דריי טעג און פיר נעכט, — דאָס הייסט בפועל

ממש טאָגן און נעכטיקן אין אעראָפּלאַן. מען שטעלט זיך, אמת, אָפּ דאָ אויף אַ שעה און דאָ מער, אָבער דאָך וועט דאָס זיין דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן, ווען איך וועל דאַרפן דורכמאַכן אַזאַ לאַנגן מהלך אין די הימלען. נאָר, לאָמיר אָנגאַרטלען די לענדן און מאַכן דעם דאָזיקן לענגסטן „שפּרונג״ אין לופט־פלי.

די ליניע, מיט וועלכער איך פלי, זאָגט צו אַ „בעט מיט באַקוועמלעכ־קייטן״, אַזוי, אַז מען וועט קאָנען די נעכט שלאָפן. פון ניו־יאָרק ביז סאַן־פראַנ־ציסקאָ זיצט מען נאָך די נאַכט אין די געוועגלעכע שטולן און עס מאַטערט טאַקע.

רו איך אָפּ די לעצטע טעג פּסח אין דער אָריגינעלער קאַליפאָרניע שטאָט ביים „גאָלדענעם האָרן״. עס פירט מיך אַרום וויין די זעלטנקייטן דער „האָ־יאַס״־דירעקטאָר, הערבערט פיקאַרד, וועלכער ווייסט וואָס עס קאָן מיך אינטע־רעסירן און „נעמען״.

אחרון של פּסח זאָג איך „יזכור״ אין דער שיינער קאָנסערוואַטיווער שול „בני ישראל״. דאָרט איז היינט פול־געפּאַקט, ווייל אויך יידן, — מערסטנטיילס דאַמען, — פון דעם רעפאָרם־טעמפּל, — ווו היינט איז שוין אויס פּסח און מען האַלט נישט פון „מזכיר נשמות״, קומען זיך דאָ אַביסל אויסוויינען און דערמאָנען טאַטע־מאַמע.

ווען איך גיי שפּעטער אַריין אין רעפאָרם־טעמפּל „שארית ישראל״ און דערפיל דעם „אינדערוואָכן״ אַלס קאָנטראַסט צו דער יום־טובדיקער וויסקייט פון פּרוכת און בלומען אין דער שכנותדיקער שול, — ווערט דער אונטערשיד שלאָגנד: אָט דאָ מעג מען שוין עסן חמץ און עס איז נאָכן „חג המצות״ און אַ פּאָר בלאָק וויטער איז נאָך אַלץ ביי יידן פּסח. זאָגט מיר פיקאַרד „און הלמאי אין ארץ־ישראל?״ דיסקוטירט מען נישט ווייטער, ווייל אלו ואלו, — ביידע מעטאָדן פון יידישקייט דאָ, — האַלטן זיך, דוכט זיך, אויף הינערשע פיסלעך: ווען אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט וואָלטן באַטש געגעסן זיבן טעג מצות, וואָלטן מיר, דוכט זיך, אַלע געלעבט אין אַ דור פון צדיקים...

שפּעטער מיט אייניקע שעה שטיי איך אין „נאַציאָנאַלן פּאַרק״ פון די באַ־רימטע אוראַלטע ביימער פון רויטן האָלץ און ווער אַריבערגעטראָגן וויט־וויט צוריק: אָט איז אַ פעסטער, קרעפטיקער בוים פון טויזנט יאָר אַלט. ער האָט געזען, ווי אין די וועלדער אַרום האָבן נאָך געשפּאַצירט אינדיאַנער מלכים, ווי די ווייסע זענען דאָ געקומען און די שטורעמדיקע טייכלעך פון פּאַרק זענען געוועזן רויט פון בלוט; ער האָט געזען, ווי גייציקע „גאָלד־זוכערס״ האָבן רוי־בעריש־באַרבאַריש געגראָבן און געשטשעטערט מיט האַק און זעג. ער האָט אויך געזען צוזאַמען מיט זיינע שטאָלצע שכנים, וועמענס עלטער עס וואַקלט זיך פון פינף הונדערט ביז צוויי טויזנט יאָר, ווי אין 1945 האָבן דעלעגאַטן פון די

„פאראייניקטע פעלקער” דא אריינגעמויערט א שטיין צופוסנס פון די גרייז־גרויע גיגאנטן, — א שטיין, געווידמעט צו פרענקלין רוזוועלט, אויף וועלכן מען האט אויסגעקריצט אן אויפשריפט וועגן ליבע און ברידערלעכקייט צווישן די פעלקער... ווי קליין דער שטיין קוקט אוים צווישן די ריזן פון רויטן האלץ...

א ווינט באוועגט זייערע צווייגן און עס דוכט זיך מיר, אז איך הער א שפאטיק געלעכטער דארט איבער מיין קאפ: דאס לאכן דיביימער, וואס וועלן אונדזער עפאכע איבערלעבן...

II

# האנאלולו

אין אייראפע, ווו איך האב זיך דערצויגן און געלערנט, איז האנאלולו געווען א „שם דבר”. קיינער האט נישט געגלויבט, אז עס עקזיסטירט גאר אזא פלאץ אין דער וועלט. אפילו די געאגראפישע ביכלעך, ווו האנאלולו איז דאך געווען באצייכנט אלס די הויפטשטאט פון די האוואיער אינדזלען, האט קיינעם נישט איבערצייגט.

אזעלכע ווערטלעך ווי: „דאס האט געטראפן מסתם ערגעץ אין האנאלולו”, — אדער „ער וועט שוין חתונה האבן אין האנאלולו”, — האבן געדינט כדי צו באצייכענען א ליגן, אדער א פאנטאזיע. ווען עמיצער וואלט אין מיין היימישן ביאליסטאק דערציילט, אז ער פערזענלעך איז געווען אין האנאלולו, וואלט ער מסתם באקומען די פרעמיע פון גרעסטן ליגנער אין שטאט.

איך דערמאן זיך א קוריאז, וואס האט זיך פארלאפן דוכט זיך מיט א יאר 15-20 צוריק. א יידישער שרייבער, — נישט קיין שלעכטער פובליציסט, אבער א שלימזלדיקער דראמאטורג — האט אנגעשריבן און אויסגעשטעלט אין א ווארשעווער טעאטער א „פיעסע” וועגן מענטשן אין א פאנטאסטיש לאנד. די הויפטשטאט פון יענעם לאנד האט טאקע פיגורירט אלס האנאלולו. דער שרייבער האט נעבעך אליין נישט געוווסט, אז אזא שטאט עקזיסטירט אין דער ווירקלעכקייט. ביז עס זענען געקומען די קריטיקער און די יידישע צייטונגען פון ווארשע, — האבן אויסגעלאכט די גאנצע מעשה און פאר איינוועגס אראפגעריסן די „פיעסע” אלס נאאיוו און נישט רייף...

אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה אבער, ווען יידישע וואנדערער פון

ליטע און פוילן האָבן דורכגעזעצט זייער וועג קיין אַמעריקע דורך רוסלאַנד, יאַפּאַן און די אינדזלען אויפן פּאַציפיק איז שוין האַנאָלולו געוואָרן אַ רעאַלי־טעט. דאָ האָבן זיי אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, דאָ האָבן דאָס ביסל פאַרוואָרפענע יידן, וועלכע וווינען אויפן אינדזל, אַרויסגעוויזן גאַסט־פריינטלעכקייט און רחמנות. דאָ האָבן די אויגן פון די וואַנדערער, אויסגעמאַטערט פון לאַנגע איינ־טאָניקייט פון הימל און ים, — פּלוצלינג אויפגעלעבט אין דעם העלן שפּיל פון פאַרבן, וועלכע האָט אַרויסגעלויכטן פון דיביימער, בערג, וואַסערן און הימלען.

ווייל די האַוואַיער אינדזלען דאַרפט איר וויסן, ווערן מיט רעכט אָנגע־רופן דער „גן עדן אויף דער ערד״. ווייל אין ערגעץ נישט לאַכט אַזוי לייכט די נאַטור און שטעקט אָן מיט איר לייכטקייט און פריילעכקייט די באַפעלקע־רונג, — וועלכע איז דאָ אַ געמיש פון ראַסן און פאַרבן.

ווו נאָך אין דער וועלט טוט מען אייך אָן אַ קראַנץ מיט בונטע לעבעדיקע בלומען אויפן האַלדז, ווי נאָר איר שטעלט אייערע פיס אויף דער געבענטש־טער ערד?

און זאָגט מיר, איך בעט אייך, אין וועלכן האָטעל אויפן ערד־קויל קאָנט איר פריי צוגיין צו דער וואַנט, אָפּדרייען דעם קראַן, און אנשטאָט וואַסער רינט אייך אַריין אין גלאָז, — אייז־קאַלטער, שמעקעדיקער אַנאַנאַסן זאַפט? דאָס האָב איך אַליין דורכגעמאַכט אַ פּאָר מאָל בעת מיין קורצן וויזיט אין דעם האָ־נאָלולער „ראָיאַל״־האָטעל...

נאָר לאָמיר נישט פאַרלויפן דעם וועג און דערציילן אייך בהדרגה, וואָס איך האָב אַלץ געזען און דורכגעלעבט אין דעם איין טאָג, וועלכן איך האָב פאַרבראַכט אין האָנאָלולו. איך וועל אייך באַקענען מיט די יידן, מיט די רבנים און להבדיל מיט די הולאַ־הולאַ מיידלעך, וועלכע גייען אָנגעטון אין יענע קליי־דער פון שטרוי, מיט בלומען קראַנצן אויפן האַלדז, וועלכע איר האָט געוויס גע־זען אויף בילדער און אין די קינאָס...

פאַר מיר, — אַן אַלטן רייזנדן, — אַ „ביקאַלאַיעווסקן סאָלדאַט״ אַזוי צו זאָגן, — איז דער גאַנצער טאָג דורכגעגאַנגען, ווי אַ שיינער חלום. עס איז טאַ־קע געווען אין אים עטוואָס פון יענע קינדערשע פאַנטאַזיעס, ווען האָנאָלולו אַליין איז געווען אַ באַגריף פון אַ נישט עקזיסטירנדיקער וועלט.

איך דערמאָן זיך: מיט יאָרן צוריק האָט דער קאָמפּאָזיטאָר אבראהאם אָב־געשריבן אַ לייכטע אָפּערע אונטערן נאָמען: „די בלום פון די האַוואַיאַס״. איך האָב זי געזען אין ווין און געלאָזט זיך טראָגן אויף די כשופדיקע כוואַליעס פון אירע עקזאָטישע מעלאָדיעס.

דאָס איז נאָך געווען אין אַלטן ווין, ווען די נעכט האָבן געלאַשטשעט אויף

די „רינגען״ און ביים „גראַבען״ און דער קאָפּ האָט זיך געדרייט, ווי פון יונגן ברויזנדן וויין אויף די קאַרוסעלן פון „פּראַטער״.

אַך, ווי נאַריש מיר זענען געווען, ווען מיר האָבן געגלויבט, אַז דער „גע־מיטלעכער״ ווינער בירגער, — דער „קייזער־זעמל״־פרעסער און דאָס בלאָנדע, שטענדיק לאַכנדיקע מיידל, וועלן נישט בילדן קיין גוטן „היטלער־מאַטעריאַל״!...

אָבער דער קאָמפּאָזיטאָר אַבראַהאַם איז מסתּם פּערזענלעך נישט געווען אין די האַוואַיען, — ווייל — אַנדערש וואָלט געטאַנצט זיין באַלעט, — נישט חוצפּהדיק צעלאָזן, נאָר דווקא צניעותדיק־ריטמיש, ווי דער ווינט צווישן די פּאַל־מען־ביימער וואָלט דאָס באַוועגט מיט די היפטן און מיט די שלאַנגען הענט פון די פּאָלינעזישע הולאַ־הולאַ מיידלעך, וועלכע האָבן אַזוי חנעוודיק־פרום אויסגע־טאַנצט זייער תּפילה אין זונטיקדיקן פאַרנאַכט.

***

א גאַנצע נאַכט בין איך געפלויגן אין נייעם טיפּ שלאָף־עראָפּלאַנען, וועל־כע קורסירן אויף דער ליניע סאַן פראַנציסקאָ־אויסטראַליע.

דאָס זענען נאָך נישט די צוגעזאָגטע אין רעקלאַמעס צוויי־דעקעדיקע ליפט־שיפן, ווו יעדער ווערט האָבן אַ באַזונדער צימערל מיט אַ בעט.

אָבער דערווייל באַפרידיקן מיר זיך מיט אַ ספּעציעל דערפונדענעם שטול, וועלכער ווערט אויף דער נאַכט פאַרוואַנדלט אין אַ שמאָל בעט. אָבער מען קאָן אָנטון פּיזשאַמעס, זיך אויסציען באַקוועם, לייענען קריאת־שמע און אַנטשלאָפן ווערן אין דער צייט, ווען דער עראָפּלאַן פליט שעהען לאַנג איבערן פּאַצי־פיק. אמת, עס קומען אייך אַנטקעגן שטורמען אין דער נאַכט, דאַן וועקט מען אייך אויף, מען בינדט צו מיטן פּאַס. דער עראָפּלאַן הוידעט זיך, ווי אַ שיכור־רער, פאַלט אַרויף און אַראָפּ. אויב איר האָט שוואַכע נערוון, וועט איר אין אַ שטורעם נישט שלאָפן אפילו אין דעם באַקוועמסטן בעט. אָבער אָט ענדיקט זיך די לאַנגע נאַכט (צוליבן אונטערשייד אין צייט דויערט זי אַמאָל שעהען לאַנג לענגער, ווי אייער זייגער ווייזט) און אַ בלויער הימל איבער אַ בלויען וואַסער מיט גאָלדענע זונען־שטראַלן דורכגעשפּינט, באַגריסן אייך דורכן פענצטער. דאַן קומט דאָס זיסע געפיל, אַז איר דערנענטערט זיך צו אַ האַפן. אין דעם געגעבע־נעם פאַל צו די האַוואַאישע אינדזלען.

און פון דעם מאָמענט, ווען דער עראָפּלאַן דרייט זיך איבער זיי, גרייטנ־דיק צו לאַנדן, קוקט איר און קוקט און ווייסט שוין, אַז איר האָט זיך פאַרליבט אין אָט דעם פּאָלינעזישן גן עדן אונטער אייך. ווייזט אויס, אַז דער אַמאָליקער וווּלקאַן, וואָס האָט אויסגעשאָסן פון זיך אָט די גרופּע אינדזלען, האָט אין קאָ־

בעדיקער לאווע אריינגעגעבן געווירצן און בלומען אין דעם קלימאט פון אן איי־ביקן מאי.

די טעמפעראטור איז דא שטענדיק 25 גראד און אין דער שפראך פון די פאלינעזער איז נישטא דעריבער אזא ווארט ווי „וועטער".

נאכדעם ווי דער „גרויסער ארכיטעקט" האט פון די פייער־שפייענדע וואל־קאנען אויסגעפורעמט די צאצקעדיקע גרופע אינדזלען, זענען דא מענטשן געקו־מען. פון פארוואלקנטע דורך טויזנטער יארן אומבאוווסטע צייטן זענען צו די געבענטשטע ברעגעס געשוואומען אויף פלאכע שמאלע שיפלעך פאלינעזער. פון צענדליקער אינדזלען אויף די ווייטקייטן פון פאציפיק זענען זיי געשוואומען און זיך דא פארהאלטן, קעניגרייכן געגרינדעט און מיט א שמייכל פון פריינטשאפט אויך פרעמדע געסט אויפגענומען: געלע כינעזער מיט לאנגע צעפ און ברוינע הינדוסן מיט בערד און פארוויקלטע קעפ; אונטערטעניק זיך בוקנדיקע יאפא־נעזער און פרום־פארגלאצטע מיסיאנערן פון געקרייציקטן „גאט".

א קלאג צו זיי, נעבעך, צו יענע נאאיווע פאלינעזער, וואס זיי האבן אזא חברה ארויפגעלאזן אויף די שוועלן פון זייער זוניק־זינגענדיקער ציוויליזאציע: א מישמאש איז דא געווארן, א מוזיי פון געמישטע ראסן און — א פארלארענע זעלבסטשטענדיקייט. נאר לידער און לעגענדעס זענען געבליבן פון מלך קאמע־האמעיא דעם גרויסן, פון נאוויגאטאר און רעפארמאטאר האוואילאא און אפילו פון דער לעצטער קעניגין, שוין אין אונדזערע צייטן מיט פופציק יאר צוריק — די פארצעלאן דאמע ליליקאלאני. אין אירע טעג איז דער בלומען פאן פון די אינדזלען פארביטן געווארן מיט די אמעריקאנער „שטערנס און פאסן".

מען דערציילט, אז ווען אט די קעניגין האט אמאל באזוכט די ענגלישע קייזערין וויקטאריא, האט זי אין א געשפרעך אומשולדיק א זאג געטון:

— איר ווייסט, אייער מאיעסטעט, אז אין מיינע אדערן פליסט א שפאר־ביסל ענגליש בלוט?

וויקטאריא האט פארוואונדערט רעאגירט:

— אבער ווי אזוי איז דאס מעגלעך?

— גאנץ פשוט — ענטפערט די קעניגין — מיינע עלטערן האבן אין משך פון דורות אויפגעגעסן א שפאר ביסל ענגלענדער, וועלכע זענען געקומען צו אונדז אלס געסט...

ווען מיר וועלן זיך דערמאנען, אז דער בארימטער ענגלישער רייזנדער, קא־פיטאן קוק, איז דא אין יאר 1778 אנגעקומען און געקרוינט געווארן אלס גאט און מיט איין יאר שפעטער האט מען אים געשאכטן און ווארשיינלעך אויך אפ־געקאכט, וועט איר האבן א שטיקל באגריף וועגן די געשיכטלעכע מעטארמאפא־זעס אויף די האוואיען.

אָבער דאָס האָט נישט געשטערט דעם פּראָגרעס פון די אינדזלען, וועלכע זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גן עדן אָן אָרימע לייט און מיט אַ באַפּעל־קערונג פון קרוב אַ האַלבן מיליאָן נפשות, פון וועלכע אַ העלפט לעבן אין דער שטאָט האָנאָלולו.

***

דער דייטשער ייד סעם כץ, וואָס איז מיך געקומען באַגעגענען אויפן פלי־פּלאַץ אין נאָמען פון דער קהילה, שטאַמט נישט, פאַרשטייט זיך, פון יענע פּאָ־לינעזער, וואָס זענען דאָ צוגעשוואומען אין די פאַר־היסטאָרישע צייטן.

אים האָט דאָ פאַריאָגט דער היטלעריזם און איצט אַרבעט ער אין די מע־כאַנישע וואַרשטאַטן פון פּוירל־האַרבאָר.

דער קליינער רירעווודיקער כץ האָט זיך געמאַכט פאַר זיין הויפּט מצוה צו פאָרן צום האַפן אָדער פלי־פּלאַץ און באַגעגענען יידישע אורחים.

זאָל אים טאַקע גאָט פון אברהם אבינו העלפן דערפאַר!

ער אַנטשולדיקט זיך פאַרן רב מ. קומין, וועלכער האָט נישט געקאָנט זיין מיט אים צוזאַמען, ווייל איצט קומט גראָד פאָר אַ זיצונג פון קהילה־ראָט.

בעט איך כצן, ער זאָל מיך גלייך אָוועקפירן צו דער זיצונג, ווייל עס איז דאָך אַ זעלטענע געלעגנהייט צו זען די האַוואַיער יידן ביי דער אַרבעט.

און אַז מיר קומען צו דער צוויי־שטאָקיקער געביידע פון אַמעריקאַנער יידי־שער הילפס־געזעלשאַפט זעען מיר טאַקע, ווי דאָס גאַנצע לעבן פון די אייניקע הונדערט יידן שפּילט זיך אָפּ דאָ אויף די לופטיקע באַלקאָנען.

קליינע און גרעסערע קינדערלעך לויפן אויף די טרעפּ צו זייער „זונטיק־שול", ווו מען הייבט זיי אָן מחנך זיין אין יידישקייט. אַמעריקאַנער סאָלדאַטן שמועסן פריילעך מיט די יידישע טעכטער פון האַוואַי. מצות און פּסחדיקער ווייַן שטייען נאָך נישט אויפגעראַמט אין די ווינקלען: איבערבלייבענישן פון די סדרים.

אויבן אין זאַלכל פון ביבליאָטעק קומט פאָר די קהילה־זיצונג.

נאָך דעם ערשטן שלום־עליכם (אגב זאָגט מען דאָ „שלום אַלאָהאַ"; דער לעצטער אויסדרוק איז די אַלגעמיינע האַוואַיאישע באַגריסונג און באַדייט: „פרידן").

עס זיצן אַ צען יידן, אַלע פון זיי געקומענע פון אַמעריקע אין פאַרשידע־נע צייטן; אָבער געקליידט זענען זיי אַביסל אויסערגעוויינלעך: יעדער טראָגט אַ לייכטע פאַרביקע קימאָנאָ אין גרויסע בלומען... דאָס איז טאַקע באַקוועם און לופטיק, אָבער זינט מיין וויזיט אין באַגדאַדער קהילה מיט יאָרן צוריק האָב איך אַזאַ אָריגינעל געקליידעטע זיצונג נישט געזען: דאָרט אין באַגדאַד זענען זיי

געזעסן אין געבלומטע „אבאיעס״ מיט גאָלד־געשטיקט און מיט פּעזען אויף די קעפּ, דאָ אין געבלומטע פּיזשאמאס. נו, און די קעפּ זענען געווען צוגעדעקט ווי־ וועמען דער מזל האָט געדינט: אנדערע מיט האָר און אנדערע מיט פּליכן...

איך האָב זיך צו צום פּאַרלויף פון דער זיצונג.

*****

ווען וואָס א שטייגער האָבן גערעדט די האַנאָלולו קהילה־מיטגלידער — געקליידט אין געבלומטע קימאָנאָס אין יענעם זונטיק, ווען איך האָב זיי באַזוכט?

א שיף דאַרף אָנקומען פון שאַנכאַי, א שיף מיט פּליטים, וואָס האָבן באַקו־ מען וויזעס קיין אמעריקע. דאָרט פאָרן אויך 235 יידן. בעט דער רב עמנואל־ קומין, אז יעדער תושב דאָ זאָל ארויספאָרן מיט זיין אויטאָ און נעמען א פּאָר אורחים. מ׳דאַרף אויך דינגען אייניקע אויטאָבוסן און מיט זיי ארומפירן די דורכרייזנדע און וויזן זיי די שיינקייטן פון אינדזל. מען וועט דאַרפן מאַכן א חברשן מאַלצייט, און אויך אפשר געבן דעם אָדער יענעם א פּאָר דאָלאַר אין קע־ שענע. אָט אזוי צינדן זיך אָן די אייביקע יידישע פייערלעך אומעטום, וווּ עס קלאַפּט נאָר א האַרץ פון די „בני רחמנים״. פּאָרט א שיף דורך סינגאַפּור, דורך ווענעזועלאַ, דורך דעם ווייטן באָמבאַסאַ אין מזרח־אפריקע, אומעטום צינדן זיך אָן גרעסערע אָדער קלענערע פייערלעך, וואָס פאַראייניקן אונדז אַלעמען אין איין געאַרעמטער משפחה. דאָס איז טראַץ אַלע מיינונגס־פאַרשידנהייטן, טראָץ דעם עגאָאיזם פון יחידים.

אַלס א כלל זענען מיר די איינציקע פון אַלע אומות וואָס פאַסעוועט ארום דעם ערד־קוגל מיטן חוץ־השני — מיטן זיידענעם פאָדעם פון א ברודער־פאָלק.

נאָכדעם דערקלערט דער פּרעזידענט פון דער זיצונג, דזשאָ זילבערשטיין, אז מאָרגן איז ביי איינעם פון די חברים יאָרצייט — דאַרף מען האָבן א מנין.

פאַרשרייבן זיך די פריוווּיליקע צום מנין. און א יונגערמאַן שטעלט זיך אויף און גיט אָפּ א דערקלערונג, אז די יוגנט דאָ וועט צו די קומענדיקע וואַלן גיין מיט אָן אייגענעם „וואַל־צעטל״: שוין צייט, זאָגט ער, אז די קהילה זאָל ווערן שטרענג נאַציאָנאַל.

און אין צימער פאַלט אריין אויף א מינוט מר. הערים, דער דירעקטאָר פון האַנאָלולער ראַדיאָ. ער איז געוואָרן די לעצטע יאָרן א פייערדיקער ציוניסט און עס גייט אים אין לעבן מען זאָל וואָס שנעלער אָנהויבן דעם קאַמפּיין פאַר ארץ ישראל.

אַלזאָ, דאָ אין דעם ווייטן האוואַיען אינדזל, וויברירט דאָס יידיש לעבן אין איינקלאַנג מיטן גאַנצן אויפגעוואַכטן פאָלק.

ראַביי קומין דערציילט מיר, אז נאָך מיט אייניקע יאָר צוריק, האָט פאַר־

דער מלחמה, זענען די פּאָר הונדערט יידן געווען זייער ווייט פון די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון יידישן כלל. זעלטן פלעגט קומען אַ שיף צו די האַוואַיער אינדזלען: מ'איז געוואָרן פאַרגרעבט, מען האָט חתונה געהאַט מיט די קאָלירטע שכנים; נישט קיין דאַווענען, נישט קיין ימים־טובים, נישט קיין ארץ־ישראל!

זענען געקומען אַהער יידישע אָפיצירן און סאָלדאַטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן; מערסטנס באַוווּסטזיניקע אָדער בענקנדיקע נאָך אַ סביבה פון יידישע קינדער.

און זיי, די אַמעריקאַנער „יאַטן" — האָבן אַריינגעבראַכט אין די יידישע הייזער די פרישע ווינטן פון אונדזער צייט. דער „דזשואיש וועלפעיר באָרד" האָט געבויט פאַר זיי אַ קלוב, אַ קליינעם בית־מדרש, און דאָס האָט אַריינגע־צויגן אויך די אָרטיקע פאַרטריקנטע יידן.

איצט, ווען די סאָלדאַטן זענען שוין כמעט אַוועק (עס זענען נאָך געבליבן אַ הונדערט יידישע מיליטערלייט און מאַטראָזן) איז נאָך אַלץ געבליבן דער יידישער גייסט און אייפער, וואָס זיי האָבן נאָך זיך געלאָזן.

אין שכנותדיקן צימער איז די „זונטיק־שול", ווו אַ פּאָר צענדליק קליינע קינדערלעך אין געבלומטע פּיזשאַמעס זינגען צוזאַמען: „אי עם עי ליטל דזשו־איש פלאַוער" — טאַקע יידישע בלימעלעך אין דעם דאָזיקן צעבליטן גאָרטן פון גאָט. אין צווייטן צימער שמועסט די פרוי פון ראַביי קומין מיט צוויי על־טערע יינגלעך. זי דערקלערט מיר, אַז מען גרייט זיי ביידן צו צו „בר־מצוה". איך עפן ברייט מיינע אויגן און האָב מורא איבערצופרעגן: איינער פון די בר־מצוה בחורים איז דאָך אַ כינעזער! קרומע, גלאַנצנדיקע שוואַרצע אייגעלעך, אַ צאַרטע געלע הויט אויפן מאָנגאָלישן פּנים... און ער לערנט דאָך: „אני מאמין". פּאַסט מיר נישט צו פרעגן קיין קשיות אין זיין אָנוועזנהייט; ער איז אַזוי ערנסט פרום, ווען ער זאָגט צו, אַז „כאָטש ער (משיח) פאַרזאַמט זיך, פונדעסטוועגן וועט ער וואַרטן אויף זיין קומען יעדן טאָג"...

שפּעטער דערקלערט מיר ראַביי קומין די געשיכטע: דער טאַטע, אונדזע־רער אַ ייד, האָט חתונה געהאַט מיט יאָרן צוריק, מיט אַ שיינער פּאָלינעזערין און קינדער זענען געבוירן געוואָרן: אַ מיידל און אַ יינגל, און די מאַמע, די פּאָלינעזערין, נאָך מער ווי דער טאַטע, וויל פון זיי מאַכן טרייע יידן. מען האָט שוין געקויפט תפילין פאַרן בן־יחיד. אגב איז אויף דער טיר פון זייער וווינונג אָנגעקלאַפּט אַ סאָלידע מזוזה. „אל תראוני שאני שחרחורת", וואָלט איך, אין דעם פאַל, פאַראַפראַזירט: „קוקט נישט אויף אונדז וואָס מיר זענען געל — מיר זענען אָבער טרייע קינדער פון פאָלק ישראל"...

דערווייל קומט אריין, אונטן אויף דער וועראנדא, א פאלינעזיש יונג מיידל, וואס אז איר גיט נאר א קוק אויף איר, גיט זי אייך א ברי אפ מיט א מאדנער עקזאטישער שיינקייט: דאס איז די שוועסטער פון בר־מצוה יינגל, די אכצן יאריקע מאיא. זי איז עס געקרוינט געווארן אלס די שיינהייטס־קעניגין פון די האוואיער אינדזלען.

פאר דער האוואיער רעגירונג און פארלאמענט איז אזא געמיש פון אייראפעאישע און אזיאטישע בלוט דער ענדציל פון זייער פאליטיק. זיי שטרעבן דורך דעם צו באשאפן יענעם אנטראפאלאגישן טיפ, וועלכער אנטהאלט אין זיך אלע פארבן פון רעגנבויגן. פארשטייט זיך, אז מיר יידן האבן אביסל אן אנדער בליק אויפן דעליקאטן ענין — פון אזא אסימילאציע. אלנפאלס האט די „קרוינונג" פון דער יידישער פאלינעזערין אלס די שיינהייטס־קעניגין פון די האוואיען פארשאפט אביסל שטאלץ דער דארטיקער יידישער קהילה.

און אט דערציילט מען מיר פון אן אמתן פאלינעזער, וואס האט זיך פארליבט אין א יידיש מיידל און דווקא געוואלט זיך מגיר זיין. און אז ער האט זיך נישט געלאזן אפרעדן פון שידוך, האט מען אים פארבעטן אויפן אפעראציעטיש און א יידישער מיליטערישער דאקטאר האט געמאכט די אפעראציע איבערן „רך־הנימול". און איר מעגט וויסן, אז דער פאלינעזער, מא־הא־מאן הייסט ער, איז געווארן א טרייער ייד: ער איז דער ערשטער צו קומען, ווען מען דארף א מנין: ער לאזט נישט דורך א שבתדיקן דאוונען...

פאראן אויך א פארקערטע דערשיינונג: אין די ווילדערנישן פון אינדזל מאהי, ווו מענטשן לעבן נאך פרימיטיוו, זענען פאראן פאלינעזער מיט פאמיליע־נעמען, ווי גאלדבערג און ראזען. דאס זענען אור־אייניקלעך פון אמאליקע מזרח־יידן, וואס האבן פארבלאנדזשעט מיט א יאר הונדערט צוריק אין די האוואיען — דא חתונה געהאט — פארגעסן פונוואנען זיי שטאמען. און אט איצט קאנט איר אמאל טרעפן אין האנאלולו אזא אורח פון אינדזל מאהי — א גאלד־מאנגאליש פנים, פארחלומטע האלב־אפענע אויגן, שטעכעדיקע פעדהאר און א נארישעוואטן שמייכל פון גן־עדן גליק. און אינגאנצן איז דאס א מיסטער גאלדבערג, אן אייניקל פון א יידן, וואס איז געבוירן געווארן מיט הונדערט יאר צוריק אין דער שטעטעלע בוטשאטש, אין גאליציע.

„שלום אלאהא, פאניע גאלדבערג!"

III

# פּוירל האַרבאַר

ווי אַזוי איך האָב פלוצלינג אָפּגעפונען גאַנצע דריי רבנים (כן ירבו) אין האָנאָלולו, וווּ עס לעבן נאָר אַ פּאָר הונדערט יידישע נפשות? שולדיק אין דעם איז געווען אַ שטורמישער רעגן, וואָס האָט פאַרפלייצט אַן אינדזעלע צוויי טויזנט מייל ווייט פון פלאַץ, וווּ איך האָב זיך איצט געפונען.

און אַזוי איז געווען די מעשה: לויטן רייזע־פּלאַן האָט זיך מיין אַעראָפּלאַן געדאַרפט פאַרהאַלטן אין די האַוואַיען נאָר זעקס שעה און נאָכהער פליען ווייטער, וווּ דער נעקסטער אָפּשטעל איז אַ קליין אינדזל קאַנטאָן, צוויי טויזנט מייל פונדאַנען. איז אָבער פלוצלינג אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אַ רעגן שטורעם האָט דאָרט פאַרגאָסן דעם שמאָלן פּאַס אַספאַלט, וווּ אעראָפּלאַנען קאָנען לאַנדן און מען מוז דעריבער וואַרטן דאָ ביז נאַכט, כדי אין קאַנטאָן זאָל ווערן טרוקן. בין איך זייער צופרידן. דאָס גיט מיר נאָך אַן איבעריקע פּאָר שעה צו פאַרברענגען אין גן־עדן התחתון.

ראַבאַי עמנואל קומין פירט מיך אין זיין אויטאָ צום געוועזענעם מיליטער־רישן רב פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין עסטרייך מאַיאָר ר' אהרן כהן. איצט איז ער דאָ נישט אין „געטלעכע" ענינים, אָבער ער מאַכט ווייזט אויס בעסער־רע געשעפטן מיט אַלטע אַרמיי־קאַמיאָנען אין האָנאָלולו ווי מיט בויען מקוות פאַר מונקאַטשער חסידים אין עסטרייכישן לינץ.

הרב כהן איז דער זון פון ראש־ישיבה „תורה ודעת" אין ניו־יאָרק און אַליין אַ למדן און אַן אָרטאָדאָקסישער רב.

ביי אים אין שטוב בין איך שוין אינגאַנצן אין דער היים: דער „מאָרגן זשורנאַל" פון ניו־יאָרק, העברעאישע און יידישע ספרים און ביכער וואַלגערן זיך אין אַלע ווינקלען; אַ סימן מען באַנוצט זיי.

זיין יונג ווייב איז קוים צוואַנציק יאָר אַלט מיטן בערגען־בעלזען לאַגער־נומער אויסגעקריצט אויף דער האַנט: אַלס צוועלף־יאָריקע יתומה האָט זי אָנגעהויבן אַרבעטן אין די קאַטאָרגע אַקאַדעמיעס פון היטלערן, — ביז דער טשאַפּליין כהן האָט זיך אַרומגעזען, אַז אַזעלכע דימענטן דאַרף מען נישט לאָזן זיך וואַלגערן אויף די דייטשע מיסט־פעלדער. ער האָט איר דעריבער איינגעפּאַסט מיט חופה און קידושין אין פאַמיליע ראַם אַלס זיין רביצין, — אַ ווערט־

פולער צוגאב צו דער פיקאנטער גאלעריי פון רבנישע שיינהייטן אין זינדיקן ניו־יארק.

די יונגיטשקע דאמע, וועלכע איז געבוירן געווארן אין בערלין אין אן אסי־מילאטארישער פאמיליע און שפעטער דורכגעגאנגען דעם גאנצן נאצי־גיהנום דערציילט מיר:

— אבער איר ווייסט, וואס האט מיך אממייסטן איבערראשט, ווען מיין מאן האט מיך געבראכט אין ניו־יארק? נישט די וואלקן־קראצער און אונטער־גרונד־באנען, נאר די מאדנע סביבה, אין וועלכער איך בין אריינגעפאלן. צום ערשטן מאל אין מיין לעבן האב איך געוווינט אין א שטוב, וו עס גייען ארום יידן מיט בערד און פרויען מיט שייטלען... און אלץ איז מאדנע רעגולירט. און שטענדיק דערמאנט מען מיר, אז דאס מעג מען און דאס טאר מען נישט און מער טאר מען נישט, ווי מען מעג... איצט ווייס איך שוין, אז מיין מאן פאר־דערט אז שבת זאל איך שאפן אזא אטמאספערע אין שטוב, אז אים זאל צו־קומען נאך א נשמה. גלויבט מיר, עס איז זייער שווער, אבער איך גיב אוועק גערן יעדן שבת מיין אייגענע נשמה, כדי ער זאל האבן צוויי. מענער זענען עגא־איסטן, — איר ווייסט דאך...

זענען מיר שוין אין אויטא מיט צוויי רבנים און צוויי רביצינס. אבער מיר פארן איצט אין דער ריכטונג צום טרויעריק־בארימטן פוירל־הארבאר, וו די שטאלצע אמעריקע האט געכאפט אין לעטארגישן שלאף פון די דעמאלט אומ־פעאיקע קאמאנדירן אזא פינצטערן קלאפ. נישט־קשה, — מען האט זיך שנעל אויסגעטשוכעט און גאנץ פיין אנגעריבן א מארדע די שונאים, אבער: „רע־מעמבער פוירל הארבאר" — געדענק יענע נאכט־אטאקע פון שלאנגען, — א גרויסע אמעריקע, — לא תשכח!

און אט עפנט זיך פאר אונדזערע אויגן די גרויזאם־פאטעטישע פאנא־ראמע פון מיליטערישן פארט, איינגעטונקט אין די בלענדענדע שיינקייטן פון גרינע בערג און בלויען ים. קוימענס פון קריגס־שיפן, טורעמס פון סובמארינען, געפלאכטענע פיראמידן פון ראדיא־סטאנציעס, אנגעבלאזענע בייכיקע גאזאלין־טאנקען... וואס טוען זיי דא צווישן רעגנבויגן פון בלומען, אין לאנד, וו אנא־נאס־זאפט רינט פון די קראנען אין האטעל?

מיר פארן אריין אין גוט אפגעהיטן פארט, וו ארום האבן זיך צעלייגט ווייסע הייזלעך פון פלאט־פערסאנאל. ביי איינעם פון זיי פארהאלטן מיר זיך, כדי איבערטרעטן די פריינדלעכע שוועלן פון פלאט־טשאפליין שמואל סאבעל, וועלכער וווינט דא צוזאמען מיט זיין יונגער פרוי און טעכטערל.

בין איך שוין, — הייסט דאס — אין דער געזעלשאפט פון דריי רבנים, קיין עין־הרע: אן ארטאדאקס, א קאנסערוואטיוו און רעפארמער.

אָבער אַלע טראָגן זײ נישט קײן קאַפּאָטעס, חלילה, נאָר מיט בונטע בלור־מען באַפּאַרבטע לױזע קימאָנאָ־בלוזען. און, כּדי איך זאָל זיך נישט אונטער־שײדן פֿון אַלע אַרום („אַל תּפרוש מן הציבור"...) שענקט מיר טשאַפּלײן סאָ־בעל אַ בלוזע באַמאַלעװעט מיט די פּרוכטן פֿון האַװאַיער ערד און באַשריבן מיט „פּסוקים" פֿון הולאַ־הולאַ־טענצער.

און נאָכדעם באַזוכן מיר די קריגס־שיפֿן אין פּאָרט, װוּ דעם גרעסטן אײַנ־דרוק מאַכט אױף מיר אַ גיגאַנטישער אַװיאָנען־טרעגער אָנגעפּיקעװעט מיט קלײנע מחבלים־אַעראָפּלאַנען אױפֿן דעק און אַרומגערינגלט, װי מיט שטאָלענע װעלף מיט אַזױ פֿיל אונטערװאַסער־שיפֿלעך, אַז איך טאָר גאָרנישט דערצײלן, װיפֿל פֿון זײ איך האָב דאָ געזען...

שפּעטער פֿאָרן מיר אין צענטראַלן פּאַרק, װוּ הײַנט קומט פֿאָר, צוליב זונטיק, אַ קאָנצערט פֿון פֿאָלקס־מוזיק און טענץ. איך האָב די געלעגנהײט צו באַטראַכטן די טױזנטער האַװאַיער מיט אַזאַ געמיש פֿון ראַסן און קאָלירן, אַז עס שװינדלט אין די אױגן פֿון דער העלקײט אַרום. זײ זענען צופֿרידן און שרײַען „אַלאָהאַ", װען אױף דער אָפֿענער סצענע באַװעגן זיך גראַציעזע טענצע־רינס אין שטרױענע „הולאַ"־קלײדער אין בלומען־קראַנצן אײַנגעטונקט.

די מוזיק פֿון גרױסע באַנדורעס און פֿלײטן, װאָס פּײפֿן װי קאַליברי־פֿײ־געלעך טראָגן אײַך אַריבער אין װאָלקנס פֿון אַלטע צײַטן, װען װוּנדער־לוסטיקע פּאָלינעזער זענען אױף זײערע לאַנגע פֿלאַכע שיפֿלעך געשװוּמען פֿון מערב צום מזרח און נײַע אינדזלען געפֿונען און באַװױנט.

אַ שאָד! עס איז שװער צײַט צו פֿאַרלאָזן דעם זוניקן חלום פֿון זונטיקדיקן טאָג, װאָס הײסט האָנאָלולו.

אָבער װאַרט אַ װײַלע! עפּעס װיל מען מיט מיר טון, עפּעס לאַכן גע־הײמניספֿול סײַ די רבנים, סײַ זײערע רביצינס.

יאָ! מען באַפֿעלט מיר זיך אװעקשטעלן אונטער אַ בױם, װאָס זײַנע װאָרצלען רינגען גאָר אַרום פֿון די צװײַגן און פֿאַרברײטערן זיך, װי אַ הינער־שטײג. די גראַציעזע פֿלאָט־רביצין סאָבעל דערנענטערט זיך צו מיר מיט אַ גירלאַנדע לעבעדיקע בלומען, פֿאַרװאַרפֿט דעם קראַנץ אױף מײַן האַלדז און לאָזט נאָך דערבײַ איבער אַ שטעמפּל פֿון רױטן ליפּסטיק אױף מײַנע באַקן. דאָס האָט מען אױף מיר דורכגעפֿירט די מיסטישע צערעמאָניע פֿון האַװאַיע; מען האָט מיר אָנגעטון די „לעאי", װאָס אָן דעם, איז אַזױ װי איר װאָלט דאָ גאָר נישט געװען...

IV

# אויפן אינדזועלע קאַנטאָן

נאָכן טאָג פון פארשיכורנדיקע איבערלעבענישן אין דער רייצנדער שיינ־קייט פון האָנאָלולו, — פלי איך אַרויס שפּעט אין אָוונט אין דער ריכטונג צום מערב, צו די ברעגעס פון אויסטראַליע. איך דאַרף נאָך פליען כמעט צוויי מעת לעת, אויב נאָר דאָס וועטער וועט דערלויבן און מיר וועלן זיך נישט מוזן פאַר־האַלטן ערגעץ־ווו אויף אַ אינדזל אינמיטן ים.

פארגעסט נישט, אַז אייגנטלעך פליען מיר די לענגסטע שטרעקע צווישן הימל און וואַסער, וואָס עקזיסטירט אויפן ערד־קוגל און נאָר אַדאַנק אייניקע קליינע אינדזלעך, וועלכע סטאַרטשען איינזאַם אַרויס פון פּאַסיפיק קאָן אַזאַ לאַנגער פלי איבערהויפּט מעגלעך זיין. דאָס האָט מען צוליב דער מלחמה מיט יאַפּאַן אויסגעבויט אויף די שטיקלעך ערד, וואָס די נאַטור האָט אַזוי ווי „אַריינ־געשפּיגן" אין אומענדלעכן וואַסער־מדבר, — מיליטערישע פלי־באַזעס, — כדי אויסמיידן אַ צווייטן פּוירל־האַרבאָר. איצטער האָט מען דערלויבט אויך די ציווילע לופט־ליניעס באַנוצן די באַקוועמלעכקייטן פון די לופט־פעלדער. עס רעדט זיך אַזוי „באַקוועמלעכקייטן". מערסטנטייל פאַרהאַלטן מיר זיך אין הילצערנע באַראַקן, וווּ אינמיטן ליגן אויסגעלייגט אויף דער ערד פון שטרוי געפלאָכטענע מאַטראַצן. מען טיילט הייסן טיי מיט ביסקוויטן און די ווירקלעך געשמאַקע און גאַנץ נייע אין טעם פרוכטן פון די האַלב־ווילדע גן־עדן גערט־נער אויף די אינדזלען. אַן אַנאַנאַס דאָ שמעקט מיט שאַרפע געווירצן, — און אַז איר עפנט אַן „אַבאָקאַדאָ", וואָס זעט אויס אויסערלעך ווי אַ קאַרטאָפל, רינט פון דאָרט אַרויס אַ שניי־ווייסע פליסיקייט, וואָס מען עסט דאָס מיט הילצערנע לעפלען און עס האָט דעם טעם פון געשמאַקן „אייז־קרעם".

אַ גאַנצע נאַכט פליען מיר ביז מען לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ פיטשענקע אינדזעלע, וואָס הייסט קאַנטאָן. אינגאַנצן איז די „טעריטאָריע" אַרום אַכט מייל לאַנג און דריי מייל ברייט, — אָבער די מאַמע־נאַטור האָט זי געשענקט אַלס מתנה די פליער איבערן אָקעאַן, כדי מען זאָל קאָנען דאָ לאַנדן, אָפּכאַפּן דעם אָטעם, זיך אָנטרינקען מיט גאַזאָלין ביזן נעקסטן „שפּרונג", וואָס געפינט זיך אויף די מיט לעגענדעס פאַרנעפּלטע פידזשי־אינדזלען.

אין קאַנטאָן וווינען נאָר אַרום פינף הונדערט מענטשלעכע נפשות, צווישן

זיי אַ צענדליק ווייסע, אַלע אַנגעשטעלטע אין דער לופט־ליניע. אָבער די שוואַר־צע, — איך זע אַזעלכע דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן! זיי זענען הויך, שלאַנק, מיט קוטשמענעם ברוינעם האָר, ווי אַמאָליקע „קאָזאַצקע פּאַפּאַכעס". די האָר אויפן קאָפּ זעען אויס, ווי פּעקלעך וואָל. די מענער טראָגן קליידלעך פון ווייסן לייוונט.

דאָס אינדזעלע קאַנטאָן ווערט רעגירט פון אַ „קאָנדאָמיניום", — דאָס הייסט פון אַ שותפות, וועלכער באַשטייט פון אַמעריקע און ענגלאַנד. דאָס איז נאָך אַן איבערבלייבעניש פון דער לעצטער מלחמה, ווען די לופט־פלאַטן פוןביידע מלוכות האָבן פונדאַנען געהאַלטן אַן אויג אויף די וואַקסנדע אַפּעטיטן פון די יאַפּאַנער.

קוק איך זיך איין אין דער דורכזיכטיקער בלויער לופט אַרום מיר: ווייס איך, אַז טויזנטער מיילן אויף רעכטס געפינען זיך טאָקיאָ, שאַנכאַי, האָנגקאָנג... און טויזנטער מיילן אויף לינקס די אינדישע דימענטן באָמבעי. קאַלקוטאַ און קאַ־ראַטשי... און טיף אונטן צום דרום האָבן זיך די יאַפּאַנער געצויגן צום אַזוי רייכן און שיטער באַוווינטן אויסטראַליער קאָנטינענט. פאַרשטיי איך אַלץ מער די באַדייטונג פון אָט די אייניקע אינדזעלעך, וועלכע די קאַפּריזנע נאַטור האָט דאָ צעשליידערט און מענלעך געמאַכט פאַר די אַליאירטע צו קאָנטראָלירן די וועגן איבער די אָנוועזנדע ימים.

מער ווי צוויי פרויען זענען אין קאַנטאָן נישטאָ, — דאָס זענען די פרויען פון אַמעריקאַנער און ענגלישן פאַרוואַלטער. אַלע איבעריקע זענען דאָ פאַרמשפּט צו זיין „פּרושים" אין משך פון די אַכצן מאָנאַטן פון זייער קאָנטראַקט. די עטלעכע ווייסע פליען דאָך אָפט מיט די עראָפּלאַנען הין און צוריק, — אָבער די שוואַרצע, וועלכע זענען דאָ אימפּאָרטירט פון די פידזשי־אינדזלען האָבן פאַרקויפט זייער פאַמיליען־לעבן אין דער ווייטער היימאַט פאַר צען דאָלאַר אַ חודש, וועלכע דער „קאָנדאָמיניום" צאָלט פאַר אַרבעט.

אָפּגערוט אַ שעה, — פליען מיר ווייטער, אין דער ריכטונג צו סואוואַ, די הויפּטשטאָט פון דער פידזשער גרופּע אינדזלען אַרום צוויי טויזנט מייל ווייט.

די נעגראָס מיטן זאַק־וואָל אויפן קאָפּ זעגענען זיך מיט אונדז מיט אויס־געשרייען „בולאַ", וואָס הייסט, — ווי מען דערקלערט אונדז: „גאָטס ברכה". ענטפערן מיר, ווי מען האָט אונדז געלערנט: „בולאַ־בולאַ", אַ דאָפּלטע גאָטס־ברכה אויף אייערע קעפּ!

ד״ר ח. שאשקעס

V

# היינט איז מאָנטיק, מאָרגן — מיטוואָך

יאָ! אזוי איז דאָס טאַקע געווען: ווי נאָר איך בין אָפּגעפּלויגן צוויי שעה פון אינדזולעלע קאַנטאָן איז מיר פאַרפאַלן געוואָרן דער גאַנצער טאָג. צוועלף אזייגער אויף דער נאַכט איז נאָך געווען מאָנטיק און שוין א מינוט שפּעטער זענען מיר אריינגעפאָרן אין „מיטן העלן" מיטוואָך.

איר האָט שוין מסתם פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען מיר איבערגעפלויגן די אזוי גערופענע אינטערנאַציאָנאַלע „צייט־ליניע", דאָס הייסט דעם 180סטן מע־רידיאַן, ווו די געאָגראַפן האָבן זיך צונויפגערעדט, אַז פון איין זייט פון דער ליניע פאַרלירן מיר א טאָג און פון דער צווייטער זייט געווינט מען א צוגאָב־טאָג. דאָס איז נויטיק געווען דאַריבער, ווייל אַז מען פאָרט פון מערב צו מזרח רוקט מען פאָראויס דעם זייגער אויף א שעה יעדע פופצן גראַדוסן („מערי־דיאַנען") און אַז מען פאָרט אין א פאַרקערטער ריכטונג רוקט מען צוריק דעם זייגער אויף א שעה אין משך פון דער זעלבער שטרעקע. מוז מען דאָך געפינען ערגעץ א פלאַץ אויפן ערד־קוגל ווו מען קאָן זיך ענדגילטיק אויסרעכענען מיט דער צייט. איז ביי אַלעמען געבליבן, אַז דער דאָזיקער אויסטויש מיט טעג, דער חשבון אַזוי צו זאָגן מיט דער צייט, זאָל פאָרקומען ערגעץ אינמיטן פון וויסטן פאַסיפיק, ווו פאַר די קאָלירטע מענטשעלעך אויף די ווייניקע אינדזולען איז איבערהויפּט קיין נפקא־מינא נישט צי היינט איז זונטיק צי גאָר ערב שושן־פּורים.

פאַרשטייט זיך, האָט מען די זעלבע אויסגעטראַכטע ליניע פון דער צייט געקאָנט איינשטעלן, צום ביישפּיל אויף דער פינפטער עוועניו אין ניו־יאָרק, אויף דער איסט סייד וואָלט דאַן געווען פרייטיק און אויף דער וועסט סייד — זונטיק... איך לאָז איבער אַלע הומאָריסטן זיך וויצלען איבער די קאָנסעקווענצן, וואָס אַזאַ „ליניע" אינמיטן ניו־יאָרק וואָלט אַרויסגערופן. מען וואָלט נישט געצאָלט קיין וועקסלען, נישט געהאַלטן קיין „דעיטס" אין דעם פאַרשוווּנדע־נעם טאָג... אָבער אַז מען האָט ביי מיר אַרויסגעגנבעט דעם דינסטיק ערגעץ־ווו צווישן הימל און וואַסער איז גאָרנישט געשען: איך האָב אויטאָמאַטיש פאַרלוירן א טאָג פון מיין לעבן, וועלכן איך רעכן איה"ש אָפּנעמען צוריק מיט ריווח אויף דער צוריקרייזע. דאַן וועל איך לויט מיין רייזע־פּלאַן פייערן גאַנצע

צוויי שבתים, איין טאָג נאָכן אַנדערן, און איר מוזט מודה זיין, אַז אַזעלכע זאַכן טרעפן זיך זייער זעלטן.

ווען אַ גוי פאָרט אַריבער די ליניע, ברענגט דאָס פאַר אים נישט קיין שום קאָמפּליקאַציעס. אונדז, — צום ביישפּיל, — האָט דער פּילאָט מכבד געווען מיט אַ גלאָז שאַמפּאַניער און אויסער דעם מיט אַ ספּעציעלן דיפּלאָם, אין וועלכן עס איז פאַרשריבן געוואָרן, אַז פּלוני־בן־פּלוני איז אַריבערגעפלויגן די „אינ־טערנעשאָנאַל צייט ליין". ווען איך בין מיט יאָרן צוריק אַריבערגעפאָרן צום ערשטן מאָל די ליניע פון עקוואַטאָר ערגעץ צווישן פּערו און עקוואַדאָר, האָט זיך דער סטיוואַרד פאַרשטעלט פאַרן „ים־גאָט" נעפּטון און יעדן פּאַסאַזשיר באַ־שפּריצט מיט וואַסער. די זעלבע סצענע אויפן ים פאַלט אויס נאָך ערגער. מען וואַרפט אייך אַריין אַן אָנגעטועגעם אין וואַסער־באַסיין, אַזוי ווי עס דיקטירט דאָס „געזעץ" פון נעפּטון. אין אַעראָפּלאַן איז קיין צו פיל וואַסער נישטאָ. מוז מען זיך באַנוגענען מיט אַ שפּריץ.

אָבער אַז אַ ייד פאָרט אַריבער די ליניע? איז פרעגט שוין נישט, וואָס פאַר אַ טומלעניש דאָס האָט אַרויסגערופן אין די מלחמה־יאָרן, ווען אַ גרויסע מחנה תלמידי חכמים און פּשוטע פרומע יידן האָבן געוואַנדערט דורך יאַפּאַן און פּאַסיפיק צו די ברעגעס פון אַמעריקע.

מיין פריינד דער גרויסער למדן הרב מנחם־מענדל כשר האָט וועגן דעם אָנגעשריבן אַ גאַנצע דיסערטאַציע פון אייניקע הונדערט זייטן אין „תלפיות". פיל אַרטיקלען זענען וועגן דעם געשריבן געוואָרן אין דער אָרטאָדאָקסישער ארץ־ישראל־פּרעסע און הונדערטער בריוו מיט „שאלות און תשובות" צווישן גאונים און רבנים זענען געפלויגן אַרום דער וועלט. אַ טאָג ביי יידן האָט דאָך אַ לבוש: שבת מיט זיינע מערצאָליקע מצוות און רעגולאַציעס, יום־כיפור מיטן תענית, פּסח מיט די מצות... מען קאָן נישט גלאַט אַזוי פאַרלירן איינעם פון די שבעה ימי שבתא.

געווען רבנים, וואָס האָבן פאַרגעלייגט ציילן די מערידיאַנען פון ארץ־ישראל (נישט פון גרינוויטש, אין ענגלאַנד), דאַן וואָלט די „ליניע" אויסגע־פאַלן אין כינע.

און מיין פריינד דער גאון ר' אהרן קאָטלער (היינט אין ניו־יאָרק) האָט פאַרגעלייגט, אַז „אונדזערע" יידן, ווען זיי געפינען זיך צום מערב פון דער „ליין" זאָלן אָפּהיטן צוויי שבתים, דעם ערשטן מיט אַלע מצוות און דעם צווייטן (ד. ה. זונטיק) נאָר מיט די מצוות דאורייתא (מען זאָל, צום ביישפּיל, אין צווייטן שבת מעגן טראָגן, אָדער מאַכן לאַנגע שפּאַצירן א. ד. ג.). אָבער הרב כשר האָט דורכגעפירט די טעזע, אַז די געאָגראַפן זענען געווען גערעכט, ווען זיי האָבן באַשטימט די „ליין" אינמיטן פּאַסיפיק; די קאָנסעקווענצן זענען

דאריבער: נאָר אין דער ערשטער וואָך פאַרוואַנדלט מען דעם זונטיק אין פאַר־לוירענעם שבת, אָבער נאָכהער אַז מען קומט צ. ב. אין יאַפּאַן אָדער אויסטראַ־ליע היט מען שוין שבת גלייך מיט אַלע יידן אין יענע מקומות.

עס איז נאָך אַ נס, וואָס איך האָב פאַרלוירן אַ דינסטיק, פאַרשפּאָר איך דאַריבער אַביסל קאָפּ־דרייעניש, צוריקוועגס וועל איך די צוויי שבתים זיין אין אעראָפּלאַן און בעתן פליען קאָן מען אָפּהיטן ביידע מיט אַלע פּיטשעווקעס, ווייל גיין מער ווי אַ „תחום שבת" קאָן מען דאָך נישט אין דער קליינער קאַבינע און טראָגן — טראָגט אייך שוין סיי ווי דער ווינט...

אַ סך לייכטער האָט אַמאָל איינגעפירט צוויי דאָנערשטיקן דער רוימישער פּויפּסט יודזשין דער דריטער, דאָס איז געווען אין יאָר 1147, ד. ה. מיט אַכט הונדערט יאָר צוריק. ער איז געפאָרן פון רוים קיין פּאַריז אויף זיין ערשטער פּייערלעכער אויפנאַמע. ער איז אָנגעקומען צו די טויערן פון פּאַריז פרייטיק פאַרטאָג, ווען עס איז געווען אַ פאַסט־טאָג.

כדי אָבער די באַפעלקערונג זאָל זיך קאָנען משמח זיין מיטן פּויפּסטס קומען, עסן, טרינקען, טאַנצן, האָט יודזשין פאַראָרדנט: „היינט, איז ווידער דאָנער־שטיק!" און אַזוי זענען דאָן, — ווען מען האָט נאָך נישט געוווסט וועגן דער „אינטערנאַציאָנאַלער צייט־ליניע", — געווען צוויי דאָנערשטיקן אין איין וואָך.

## VI

# פּידזשי

אָפּגעפלויגן נאָך 1.300 מייל און דער אעראָפּלאַן לאַנדעט אויפן לופט־פּאָרט אין נאַנדי, אויפן גרעסטן אינדזל פון דער פּידזשי־גרופּע.

ווען מיר זענען געפלויגן, האָבן מיר פון אויבן געזען די דאָזיקע מאַלעריש צעוואָרפענע אייניקע צענדליק אינדזלען, ווי איינגעפאַסט אין אַ ראַם פון גרין־רויטע קאָראַלן, געוואַשן פון בלויע וואַסערן מיט קאַפּריזנעם שוים פאַרקאָכט.

ווען איך האָב אין 1924 באַזוכט אין וועמבלי (לאָנדאָן) די אימפּעריע־אויסשטעלונג פון ענגלאַנד, האָב איך דאָרט אָנגעקוקט דעם קליינעם פּאַוויליאָן פון פּידזשי, ווו איך האָב באַוואונדערט די בילדער פון מלחמה־טענץ, די פלינקע פּייער־שפּרינגער, וועמענס פיס דוכט זיך פילן גאָרנישט די היץ פון אָנגעגליטע שטיינער און די אינגאַנצן אומבאַקאַנטע קאָלירן פון די אַזוי ווי אָנגעצונדענע

פיש אין די פידזשער וואסערן. אבער מער פאר אלץ האט מיין פאנטאזיע פאר־כאפט א גרויסער ליימענער טאפ מיט א לאנגן צוויי־צייניקן גאפל אין אים. לויטן אויפשריפט אויפן טאפ האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיט א יאר פערציק צוריק האט מען אין אים געקאכט דעליקאטן פלייש פון ווייסע מענטשן און מיט אט דעם גאפל ביים זייט פלעגט מען דעם געשמאקן שפייז מישן און — עסן...

איך האב מיין ערשטע באגעגעניש מיט אן עקספאנאט פון מענטשן־פרע־סער דאן באשריבן אלס א גרויס וווּנדער. אבער אז איך אליין זאל באטרעטן די אזוי ווייטע ערד פון פידזשי, וועגן דעם האב איך דאן נישט געטראכט. און איצט, ווען דער וויקסיקער, שמייכלענדער, שווארצער מיט א גאנצן וואלד וואַ־לענע האר אויפן קאפ פארנייגט זיך און זאגט „בוללא" (שלום) — גיב איך גלייך א קלער: „אפשר האט דער טאטע פון אט דעם ליבלעכן חברה־מאן פאר־זוכט דעם טעם פון ווייסן פלייש און ער ליגט נאך אין זכרון פון זיין יורש עד היום הזה?"

אבער דער שכן מיינער אין עראפלאן, אן אפיציר אין דער ענגלישער פאַ־ליציי אין פידזשער דינסט, האט מיר נאך פריער דערקלערט, אז פון יענעם קאַ־ניבאליזם איז שוין היינט קיין זכר נישטא, אז אין דער גאנצער וועלט קען מען נישט באגעגענען א מער פרידלעכערע באפעלקערונג, ווי די איבער הונדערט טויזנט פידזשיאנער וואס באוווינען די אינדזלען. דאס — זאגט ער — איז צו פארדאנקען די ענגלישע ציוויליזירונגס באמיאונגען אין די לעצטע פופציק יאר.

מילא, גלויב איך אים, און האב גארנישט מורא, אז מען זאל אונדז ביידע א כאפ טאן, אפקאכן און אויפעסן. אפשר געדענקט איר די דייטשע ציוויליזאציע, ווי מיר האבן זי אמאל באוווּנדערט און מקנא געווען; און אז די שעה איז געקומען און די יוכע האט זיך צעגאסן, האבן זיי דען נישט זיך ארויסגעוויזן פאר קאניבאלן, פיל, פיל ערגער, ווי די ווילדע שווארצע אין די אלטע צייטן? נאט אייך א שמעק טאבאק אט פאר די אלע פוסטע ווערטער איבער ווייסע און שווארצע, איבער ווילדע און ציוויליזאציע. אונדזער דור האט שוין געמעגט עפעס לערנען!

ווידער אמאל מוזן מיר דא בלייבן שעהען לענגער, ווי מיר האבן גערעכנט, ווייל א שטורעם טראגט זיך אונדז אנטקעגן און מיר מוזן אים איבערווארטן. זעצט מען אונדז אריין אין אן אויטאבוס און מיר פארן אנקוקן דעם אינדזל פידזשי.

זעען מיר אויפן וועג דער פלאך פון צען־צוועלף הייזלעך, צוזאמענגעקלאפט פון באמבוס־פלעקענער און באדעקט מיט שטרוי. אויף קעניגלעכע פאלמעס קריכן, ווי מאלפעס, שווארצע אינגאנצן נאקעטע קינדער פון ביידע געשלעכטן.

און דא איז דער מארק פון שטעטל נאן־די. א בילד, ווי ער וואלט אין האַ־

ליוווד רעזשיסירט געוואָרן: פון איין זייט ראַיען זיך די געוויקסיקע האַלב־נאַקעטע פידזשיאַנער מיט זייערע ווי פון ברוינעם וואָל צעשויבערטע קוטשמענעם האָר. זיי לאַכן, זיי פּאַטשן מיט די הענט אַרום אַ פּאָרל טענצערס. דאָס פּראָדוצירט מען דעם „נצחון־טאַנץ" פון אַמאָליקע צייטן: ווי שלאַנגען דרייען זיך די גלאַנציק נאַקעטע קערפּערס מיט פּיקעס אין די הענט, וועלכע מען וואַרפט פלינק אין דער לופטן און מען כאַפּט צוריק מיט די ציינער. גאָר אַמאָל פלעגט זיך בעת אַזאַ טאַנץ קאָכן יענער טאָפּ מיט מענטשן־פלייש פון שונאים, וועלכן איך האָב נאָך געזען אין וועמבלי. היינט באַנוגנט מען זיך מיט אָנגעגליטע שטיינער, אויף וועלכע עס טופן, אָן שום רעאַקציע, זייערע באָרוועסע פיס. און די שוואַרצע אַרום זענען אַזוי גליקלעך, אַזוי צופרידן. וואָס פעלט זיי דען? די פעלדער אַרום זענען פול מיט אומזיסטן שפּייז, מיט אַלערליי גרינסן און אין די גערטנער און אויף די פּאַלמעס וואַקסן ווילד פרוכטן פון אַלע מינים. אין די טייכן און אין ים כאַפּט מען פיש לרוב, אַבי נאָר זיך נישט פוילן פאַרוואַרפן דעם נעץ. אַזעלכע שפּייז פון מושעלן וועט מען אייך אין בעסטן רעסטאָראַנט אין ניו־יאָרק נישט דערלאַנגען, ווי עס וואַרפט זיי דאָ אַרויס דער ים אויפן גאָלן זאַמד אומזיסט. קליידער? דאָס שטיקל לייוונט וואָס מען טראָגט אויף די לענדן שפּינט מען אַליין, און קיין בלויזעם פאַרן אויבערשטן טייל קערפּער דאַרפן דאָ נישט סיי די מענער, סיי די פרויען...

און אויפן צווייטן זייט מאַרק האַנדלען און שרייען און דינגען זיך הינדוסן (זיי בילדן אין פידזשי כמעט אַ העלפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג). זיי, צוזאַמען מיט אַ ביסל כינעזער, זענען דאָ די סוחרים. די קעפּ איינגעוויקלט אין טורבאַנען, די פרויען אין זייערע קאָלירטע „סאַרים" (לאַנגע קליידער פאַרשפּילעט אויפן אַקסל), די אומהיימלעכע סיקס מיט די שוואַרצע בערד — זיי בילדן אַזאַ קאָנטראַסט מיטן פּרימיטיוון אָריגינעלן פידזשיער פאָלק, אַז עס איז שווער צו פאַרשטיין, ווי זיי לעבן אין אַזאַ ענגן שכנות.

צייט צו פליען ווייטער. די זון פאַרגייט אַזוי שנעל און ווערט, ווי אַן אָנגעגליטער בראַנדז־קויל דערטרונקען ערגעץ ווו אין ים הינטער די גרינע קאָראַלן.

און אַ גרינע נאַכט כאַפּט אַלץ אַרום פון אַ קאָליר, וועלכן עס איז מיר שווער צו באַשרייבן. מיט אַ מינוט צוריק האָט אַלץ אַרום נאָך געברענט אין בלוי, אין רויט, אין גאָלד; איצט שימערירט דאָס וואַסער מיט גרין, און די ביימער אַרום זענען ווי אַרומגענומען מיט אַן איידעלן סעלעדין־גרין וואָל. אַ גרופּע פידזשיער פרויען און מענער, וואָס אַרבעטן אויפן לופט־פּאָרט זינגען שטיל און האַרמאָניש עפּעס אַן אומעטיק ליד. מען דערקלערט אונדז, אַז זיי זעגענען זיך מיט אונדז מיט זייער נאַציאָנאַלן „איסאַ־לייאי" געזאַנג. און דאָס באַדייט: „מיר האָבן געהאַט אייניקע גליקלעכע שעהען מיט אייך. אַ דאַנק! אין אַ געוויסן טאָג

וועט איר צוריקקומען צו אונדזערע פרייַלעכע ברעגעס און מיר וועלן ווידער טאַנצן מיט אייך"...

אפילו דאָס רוישן פון אַלע פיר מאָטאָרן קאָנען נישט פאַרטויבן די אומעטיקע טענער פון ליד „איסאַ־לייאי". ווער האָט דאָס אויסגעקלערט אויף אייך, אַז איר שטאַמט פון מענטשן־פרעסער, — אָ, צאַרטע זין און טעכטער פון פאַרחלומטן פידזשי?

# VII

# אויסטראַליע

ווידער פליען מיר אַ נאַכט מיט אַ טאָג, פאַרהאַלטנדיק זיך לענגער צוליב די באַגעגנטע שטורעמס אויפן פראַנצויזישן קאָלאָניאַל־אינדזל נאָאומעאַ (נײַ־קאַלעדאָניען). די מעלאַנעזישע נעגערס זענען קליינע מיט פלאַכע נעזער און מיט געקרייזלטע האָר, — גאַרנישט ענלעך צו די שלאַנקע פידזשיאַנער מיט די שטאָלצע געזיכטס־שטריכן און מיט די וואָלענע וועלדלעך אויף די קעפּ.

פון אָט דעם אינדזל האָבן די אַמעריקאַנער פאַרברייט די זיגרייכע אינוואַזיע אין גוואַדאַלקאַנאַל. אויך דאָ קוקן אויס די דאָרטיקע לאַכנדיק און גליקלעך.

„אַ גדולה אויף דיין באַבען", — זאָג איך צו דעם שאָפער, וואָס טאַנצט אונטער שמייכלענדיק און נעמט מיך אַזש אַרום, ווען ער זעצט מיך איין אין זיין אויטאָ פאַר דעם קורצן שפּאַציר צו דער שטאָט נאָאומעאַ, — דער גרעסטער באַפעלקערטער פונקט אויפן אינדזל מיט צוועלף טויזנט איינוווינער.

ווידער אַמאָל איז דאָ די שטענדיקע שמחה און צופרידנקייט דער רעזולטאַט פון דעם זאָרגלאָזן לעבן וואָס די אָרטיקע פירן דאָ, ווו זייער שפּייז געפינט מען אויף די ביימער און אין וואַסער און אַז עס מאַכט זיך אַ זייטיק פאַרדינסטל (דער גרעסטער איז אַרום צען דאָלאַר אַ חודש פאַר אַרבעט) איז „דאַנקען גאָט דערפאַר!"

דאָס ביסל ווייסע (כמעט אַלע פראַנצויזן) לעבן זיך דאָ אויס אין אַ ריין גאַלישער אַטמאָספערע פון וויין, וויץ און טאַנץ. עס איז אַ מחיה געווען צו זען אַזאַ פראַנקרייך ערגעץ ווייט אין דער געוועזענער שטראָף־קאָלאָניע פאַר שווערע

פארברעכער. די שטימונג און דער טעמפעראמענט, הלוואי אויף היינטיקן פאריז געזאָגט געוואָרן.

און איצט דער לעצטער שפרונג איבערן פאציפיק, — ארום 1250 מייל, — און מיר דערזעען פונווייטן אין דער טיפער נאכט די גירלאַנדעס פון פייערן אין סידניי. ווי אן אידעאַלע פאראבאָלא ליניע שטארצט אוים איר שטאָלענע ברוסט די באַרימטע בריק, וועלכע ווערט פאררעכנט צווישן די לענגסטע און שענסטע אין דער וועלט: צוזאמען מיט דער וואשינגטאָן־בריק אין ניו־יאָרק און דעם „גאָלדען־גייט" אין סאן פראנציסקאָ בילדן זיי דריי שטאָלצע סלופעס פון אונדזער טעכנישער ציוויליזאציע.

בין איך שוין, — הייסט עס, אין אויסטראַליע, — די נייעסטע פאר מיר און זעקסטע וועלט־טייל.

נערוועז קלאפט דאָס הארץ, ווען מיר לאנדן אויפן סידנייער לופט־פּאָרט. קיינער דערוואַרט מיך נישט, ווייל איך האָב נישט געוואָלט באאומרואיקן די שלאָפנדיקע איצט פריינד, זיי זאָלן מיך קומען דערוואַרטן אין אן אומבאַוווס־טער שפעטער שעה אין דער נאכט.

איך האָב אָבער געמאַכט א פעלער, וואָס איך האָב כאָטש מיט צוויי וואָכן פריער זיך נישט באשטעלט קיין האָטעל. אין גאנץ אויסטראַליע, ווי אין ערגעץ נישט אין דער וועלט, איז שווער צו באקומען א צימער אין א האָטעל, — איך רעד שוין נישט פון א צימער מיט באָד־באַקוועמלעכקייטן. איר קאָנט פּשוט בלייבן נעכטיקן אויף דער גאס, אויב איר לאָזט זיך קיין אויסטראַליע, נישט האָבנדיק פריער באשטעלט א וווינונגס־פּלאַץ. און דאָס איז טאקע די הויפּט־שטערונג פאר נייע אימיגראַנטן.

קיינער באקומט נישט קיין וויזע צו לאנדן אין אויסטראַליע, אויב מען ווייזט נישט פריער ארויס, אז מען וועט האָבן וווּ צו וווינען.

מיך ראַטעוועט אָבער דער לייטער פון „פּאנאמעריקען", וועלכער טעלע־פאָנירט ערגעץ וווּ אין א פּריוואַטן טוריסטן־הויז און פאַרזיכערט פאר מיר א פּלאַץ וווּ צו שלאָפן.

דערווייל גייען אָן די פאָרמאַליטעטן. זיי זעען אוים אין פיל הינזיכטן אנ־דערש, ווי אויף די איבעריקע קאָנטינענטן. מען קוקט נישט דאָ, צום בייישפּיל — אזוי פיל אויף דער וויזע, — ווי מען פאָרשט נאָך, צי האָט איר זיך גע־שטעלט פרישע פּאָקן. אפילו אויב איר ווייזט א צייגעניש פון א דאָקטאָר, איז דאָס אויך נישט גענוג. די מעדיצינישע קאָנטראָל הייסט זיך אויסטון און ווייזן די סימנים. מען פאַרהיט אויף אזא אופן די באפעלקערונג פון דער עפּידעמיע, וואָס האָט זיך נישט לאנג פארשפּרייט אויף שכנותדיקע אינדזלען. דאן איז א מערקווירדיקע זאַך מיטן געלט־ברעננען: דער אויסטראַלישער פונט איז נאָך 15

שילינג אין פאַרגלייך מיט 20 שילינג אין ענגלישן פונט. אָפיציעל איז ער דריי דאָלאַר מיט 25 סענט. אָבער אין יעדער באַנק אין ניו־יאָרק קאָנט איר די פונטן קויפן פאַר צוויי מיט אַ האַלבן דאָלאַר און ברענגען זיי דאָ אָן שום באַגרענע־צונגען. אין אַלע לענדער פון דער וועלט איז דאָס פאַרווערט. איך האָב זיך אַפי־לו געוווּנדערט, וואָס די גרענעץ־מאַכט אין סידנעי האָט מיך גאָר נישט גע־פרעגט, צי איך האָב מיט זיך אויסטראַלישע פונטן.

נאָך אַן אַנגענעמע זאַך איז, וואָס זיי פרעגן נישט אויפן לופט־פּאָרט מיין רעליגיע. מילא, אַז דאָס מאַכט מען אין ווענעזועלאַ אָדער בראַזיל, איז דאָס נאָך פאַרשטענדלעך, — אָבער אַז מען פרעגט אייך, צי איר זענט אַן „אייראָפּעער" אָדער „העברעער" אין ליבעראַלן זיד־אַפריקע פאַרדריסט דאָס אייך זייער שטאַרק.

אין אויסטראַליע איז מען געווען ליבלעך און העפלעך צו אַלע פּאַסאַזשירן; מיין באַגאַזש האָט מען אפילו נישט געעפנט און ווען איך וואָלט נישט געוווּסט אייניקע סודות פון הינטער די קוליסן, — וואָלט איך מסתּם איצט פעסטגע־שטעלט, אַז אויסטראַליע איז אַ טאָלעראַנטער אויסנאַם אין אונדזער ביטער וועלט.

אָבער לײדער ווייס איך נאָך עפּעס: איך ווייס פון שווערער דערפאַרונג מיט די „האיאַס"־אימיגראַנטן, אַז מען לאָזט דאָ נאָר פינף און צוואַנציק פּראָ־צענט יידן; די איבעריקע פינף און זיבעציק מוזן זיין גויים...

מיט אייניקע מאָנאַטן צוריק האָט דאָך דער „האיאַס" עפנטלעך אָנגעגריפן דעם סאָציאַליסטישן מיניסטער פון אימיגראַציע דאָ, — מר. קאָלוועל, — פאַר־וואָס ער האָט איינגעפירט אַ „נומערוס קלאַוזוס" פאַר יידן אין זיין לאַנד, וואָס ווערט רעגירט דורך סאָציאַליסטן.

ער איז געווען דאַן שטאַרק אין כעס מר. קאָלוועל... און איצט בין איך טאַקע אין אויסטראַליע, — כּדי צו דערפירן צו דעם, אַז מיר זאָלן זיך איבער־בעטן. עס וואַרטן דאָך אַזוי פיל טויזנטער עמיגראַנטן מיט אויסטראַלישע וויזעס אין די פּליטים־לאַגערן און אין די אייראָפּעאישע הויפּטשטעט. און דאָ אין אויסטראַליע וואַרטן אויף זיי קרובים, דירות, אַ באַלדיקע באַשעפטיקונג. מער נישט, — זייט מיר מוחל, — מיינע עמיגראַנטן זענען יידן, — מוז מען דערוו־בער האָבן געדולד ביז עס וועלן זיך אָפּזוכן די אַנטשפּרעכנדע גויים, — מעגן זיי זיין לאַטישן, אוקראַינער, ליטווינער, — נישט דווקא חלילה קיין סאָציאַליסטן...

איך וועל פּרובירן זיין גלאַט און איידל. אָ, איך טאָר זיך נישט אויפרעגן, קיינעם נישט באַליידיקן. איך טאָר נישט פרעגן קיין דראַסטישע קשיות. „פאַר־וואָס פּאַשיסטן יאָ, — און זייערע קרבנות נישט?"

אויסטראַליע איז אַזוי גרויס, ווי די גאַנצע פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער

פארמאגט קוים אכט מיליאָן מענטשן. עס פאָרן ארום קאָמיסיעס איבער די לאַ־גערן אין דייטשלאַנד און זוכן אויף געוואלד בעלנים צו פאָרן קיין אויסטראַליע; אויסטראַליע וויל אויסדינגען ביי ענגלאַנד אפשר צען מיליאָן מענטשן, ענגלאַנד אָבער גיט איר דערווייל נאָר צוויי.

עס איז פאַראַן דאָ א סך פּלאַץ אונטער דער זון: עסן פאַר יעדערן: ארבעט פאַר אַלע.

אָבער איך בין א פאַרשטייער פון א בראקירטער סחורה. זי טראָגט א צעטל: יידן...

VIII

# אין סידנעי

עס שלאָפט זיך נישט אַזוי גוט אין א נאַכט, ווען מען קומט אָן צו א גאַנץ נייעם קאָנטינענט. אין א שטאָט, וואָס רייצט מיט איר נייקייט און אומבאַ־וווסטקייט.

דורך מיין פענצטער אין סידנעיער „באָארדינג הויז", ווו איך האָב מיט גרויס חסד באַקומען א צימער צו נעכטיקן, — זע איך אין די וואַסערן פון באָ־טאַני־בעי און די ווייטעקווייטער צום אומענדלעכן ים־שפּיגל.

די געפלאָכטענע וואונדער־בריק פאַראייניקט צוויי מיט גרין־באַדעקטע בערגיקע ברעגעס; שיפן פון פיל פעלקער און קאָלירן זענען פאַראַנקערט אָדער באַוועגן זיך אין באַלעבטן פּאָרט.

עס איז שוין נאָענט צו ווינטער דאָ און א קאַלטער ווינט בלאָזט דורכן פענצטער. עס איז עפּעס אַזוי אויסטערליש: ביי אונדז דאָרט אין ווייטן אַמערי־קע אָדער איירָאָפּע, — בלאָזן איצט פרילינגס ווינטן, — עס גייט צו זומער, — און דאָ טוען שוין מענטשן אָן זייערע טוכענע „אויבערציערס". און ווידער איז מאָדנע צו טראַכטן, אַז ביי אייך גאָר איז נאָך „נעכטן" און אין סידנעי איז געבוירן געוואָרן נאָר וואָס דער קינפטיקער טאָג.

ווען איך האָב פונדאַנען די טעג גערעדט דורכן טעלעפאָן מיט מיין זון אין ניו־יאָרק און א פרעג געטון, וואָס פאַר א טאָג עס איז היינט, — האָט ער גע־מיינט, אַז איך מאַך אים א „פּסיכאָלאָגישן טעסט".

— דינסטיק ענטפערט ער.

— ניין, מיסוואָך, זאָג איך, — און מיר זענען ביידע געווען גערעכט.

אַלע אין דעם „באַארדינג הויז", — ווו איך האָב געגעבטיקט, — שטייען אויף זייער פרי און פאַרזאַמלען זיך אין עס־צימער פאַר אַ געמיינזאַמען פרישטיק.

אַ לאָנדאָנער אָדער אַ פּאַריזער תושב וואָלט מיט שטוינונג באַוואונדערט די אייער און די וורשטן, די מילך און די קאָנפיטורן, וואָס יעדערער קאָן באַנוצן וויפל ער וויל. און דאָס איז געווען מיין ערשטע לעקציע אין דער אויסטראַליער עקאָנאָמיע: די בעסטע שפּייזן פאַר ביליקע פּרייזן.

איך גיי אַרוים אין גאַס און באַשליס דורכצומאַכן צופוס דעם לאַנגן וועג פון מיין גאַסט־הויז ביזן ביורא פון דער וועלטעטיקער צענטראַלער געזעלשאַפט, וועלכע פאַרטרעט אין גאַנץ אויסטראַליע די אינטערעסן פון „האיאס". עס איז אַזוי אינטערעסאַנט און באַלערנד צו וואַנדערן צופוס איבער אַן אומבאַקאַנטער שטאָט, באַטראַכטן די מענטשן, די גאַסן און אַריינזאַפּן אין זיך די פרישע איינדריקן.

געפין איך אויס, אַז סידנעי איז ענלעך צו אייראָפּעאישע שטעט מיט אַ־בער אַ מיליאָן איינוווינער. אָבער די שוי־פענצטער אין די געשעפטן פאַרמאָגן נישט די עלעגאַנץ און רייכקייט אין סחורות, ווי אפילו איצט אין נאָך־מלחמה־דיקן פּאַריז אָדער ליאָן. עסנוואַרג און פרוכטן זענען טאַקע אָנגעוואָרפן ווי בערג און די אַרויסגעשטעלטע פּרייזן זענען ביליק, אָבער די קליידער אין די פענצטער זענען פון ביליקסטן סאָרט. זעלטן ווען איר באַמערקט יענע רייכע פוטערס אָדער מיט פאַנטאַזיע אויסגעדיכטעטע פרויען־טואַלעטן, וועלכע רייצן אַזוי די גייציקייט אין ניו־יאָרק אָדער אין די הויפּטשטעט פון קאָנטינענט.

און דאַן ווייסט איר שוין, נאָך איידער איר פרעגט זיך נאָך: דער אויסטראַ־ליער מענטש האָט זאַט צום עסן, קאָן זיך אנשטענדיק נאָר איינפאַך קליידן. אָבער עס זענען נישטאָ דאָ די שרייענדע קאָנטראַסטן פון די קאָנטינענטאַלע לענדער, ווו אַ קליינע גרופּע לעבט אין בלענדנדיקן לוקסוס און אַלע איבעריקע קעמפן פאַרן שטיקל ברויט און אָרימען בגד.

קוק איך זיך איין אין די געזיכטער פון די דורכגייער, — זע איך ווי זיי דריקן אוים זאַטקייט און רואיקייט. נישט קיין צו דיקע מענטשן און נישט אויך קיין צו הויכע: דער מיטלמעסיקער נאָרדישער בלאָנדער ענגלישער־אירישער טיפּ. די מענער זענען געקליידעט אָפּגעלאָזן. נאָר איינער פון הונדערט טראָגט געפּרעסטע הויזן... די פרויען — אין ריינע טאַנדעטנע קליידלעך און באַשיי־דענע מאַנטלען.

אויסטראַליע אויפן גאַס ווייזט אַליין מער און מער אַרוים איר פּראָלעטאַ־ריש־דעמאָקראַטיש געזיכט.

**
*

דאָס מאָל האָב איך זיך געדאַרפֿט פֿאַרהאַלטן אין סידנעי נאָר איייניקע טעג און נאָכהער אָפּפֿאָרן אויף א פּאָר וואָכן קיין מעלבורן. די שטרעקע צווישן ביידע שטעט איז ווי פֿון ניו־יאָרק ביז שיקאַגאָ. אָבער איצט, ווען איך האָב שוין ביידע שטעט אָנגעקוקט, מוז איך זאָגן, אַז זיי זענען נאָך ווייטער אין אויסזען איינע פֿון די אַנדערע ווי די צאָל מייַלן וואָס טיילן זיי.

סידנעי פֿאַרמאָגט א מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט איינוווינער, און מעלבורן ארום א מיליאָן, ד״ה אין ביידע שטעט צוזאַמען ווינען א פערטל פֿון אַלע איינוווינער אין גאַנץ אויסטראַליע.

אין סידנעיס מאַרטען־פּלאַץ און אין די גאַסן ארום איז לעבעדיק ביז שפּעט אין דער נאַכט; אין מעלבורן אָבער ווערט די עליזאַבעט סטריט און אירע שכנות־דיקע גאַסן אַנטשלאָפֿן שוין זיבן אַזייגער אין אָוונט.

געאָלאָגן וואָס שטודירן די אָפּשטאַמונג פֿון אויסטראַליער קאָנטינענט האַלטן, אַז דער דאָזיקער גרעסטער אינדזל האָט זיך מיט פֿיל, פֿיל יאָרן צוריק געבילדעט דורך דעם, וואָס ערגעץ־ווו אין די ווייטע הויכן פֿון וועלט־רוים האָט זיך אָפּגעריסן א שטיק פֿון א ברענענדיקער קאָמעטע און אריינגעפֿאַלן אין ים אריין דירעקט אויף אונדזער וועלט־קויל. אַנדערע זאָגן אפילו, אַז דער דאָזיקער „פּליוך״ האָט ארויסגעיאָגט אַלע וואַסערן אין דער וועלט פֿון זייערע ברעגעס און דאָס איז געווען די סיבה פֿון מבול.

אָבער נישט קוקנדיק אויף אַזאַ „פֿייערדיקער״ אָפּשטאַמונג, זענען דאָ די טעמפּעראַמענטן דאָך שטיל און רואיק און אפשר דעריבער לעבט מען אין אויסטראַליע לענגער ווי אין דער גאַנצער וועלט: זיבעציק יאָריקע זענען דאָ צאָלרייך, געזונט און מונטער; אַכציק יאָריקע פֿירן אָפֿט צו דער חופּה אור־אייניקלעך און — זיך אַליין.

דער גרעסטער קאָנטראַסט צווישן סידנעי און מעלבורן איז צו געפֿינען צווישן יידן: די צאָלן זענען כמעט גלייכע, און ביידע שטעט פֿאַרמאָגן צו פֿופֿצן טויזנט יידן (אין גאַנץ אויסטראַליע ווערט די צאָל יידן געשאַצט אין פֿינף און דרייסיק טויזנט).

אָבער די יידן אין סידנעי אַנגליזירן זיך שנעל. די פֿריש־אָנגעקומענע, מערסטנטייל פֿון דייטשלאַנד און עסטרייך, טראָגן גאָרנישט צו צום יידישן לעבן, ווייל זיי האָבן דאָך גאָרנישט מיט זיך מיטגעבראַכט.

און כאָטש סידנעי איז געווען די וויג פֿון דער אויסטראַליער יידישקייט, ווייל דאָ זענען געקומען די ערשטע יידישע יונגעלייט פֿון לאָנדאָן (אין 1817) האָט זי דאָך געמוזט איבערגעבן די בכורה פֿון פֿירן אַן אָריגינעל יידיש לעבן צו דער יינגערער פּאַר איר קהלה אין מעלבורן.

**
*

איך גיי אַזוי לאַנג איבער די גאַסן פון סידנעי ביז איך קום אָן צו דעם פיינעם און רייך אויסגעשטאַטעטן מעבל־געשעפט פון סאַל סיימאָנד. ער איז דער פרעזידענט פון „באָארד אָוו דעפּיוטיס״ פון אויסטראַליער יידנטום און מיט אים האָב איך אָפּגערעדט פאַר דער ערשטער געזעלשאַפטלעכער באַגעגעניש.

מר. סיימאָנד באַשעפטיקט זיך ווייניק מיט זיינע מעבל. ער ווידמעט זיין גאַנצע צייט צו יידישע קהלשע ענינים.

ער איז דורך און דורך אַנגליזירט. איז באַזאָרגט, וואָס דער „האיאָס״ אין פּאַריז האָט אָנגעגריפן דעם היגן סאָציאַליסטישן אימיגראַציע מיניסטער מר. קאַלוועל, פאַר איינפירן די פינף־און־צוואַנציק פּראָצענט נאָרמע פאַר יידן... איך דערוויים זיך דערווייל, אַז קאַלוועל, אין גרונט, אַן אָרנטלעכער מענטש, האָט פיינט יידישע משומדים און וויל זיי איבערהויפּט נישט אריינלאָזן אַלס מאָראַ־ליש נישט זיכערן עלעמענט.

דער מיניסטער זאָגט:

— „וואָס? איר מיינט אַז איך בין איינער פון יענע לאַטיין־אַמעריקאַנער הערשער וואָס ווערן גוט און פרום צו יידן, ווען מען ווייזט זיי אַ טויף־צעטל געקויפט פאַר צען דאָלאַר ביי אַ קאָרומפּירטן גלח? ביי מיר איז ליבער אַ ייד, וואָס ווערט גלייך אַ מיטגליד פון אַ סינאַגאָגע איידער יענע גרופּע אונגאַרישע יידן וואָס טראָגן צלמים אויפן האַלדז און די נומערן פון אוישוויץ זענען אויס־געקריצט אויף זייערע הענט״.

ווען איך האָב זיך שפּעטער געטראָפן מיטן מיניסטער קאַלוועל, האָב איך אַליין זיך איבערצייגט, אַז די באַגרענעצונג, וואָס ער האָט איינגעפירט, אַז אויף יעדער שיף זאָלן זיך געפינען נאָר פינף־און־צוואַנציק פּראָצענט יידן, איז אים דיקטירט געוואָרן דורך אַ קאַבינעט זיצונג פון גאַנצע צוואַנציק מיניס־טאָרן.

ער אַליין, דער פּרעמיער טשיפלי און דר. עוואַט (דער באַקאַנטער ציון־פריינט), זענען דורכאויס געווען קעגן רעליגיע־באַגרענעצונגען.

ביי דער געלעגנהייט האָב איך געבעטן דעם מיניסטער, ער זאָל זיך נישט באַליידיקן, אויב איך וועל אים דערציילן אַ מעשה.

ווען דער גרויסער רייזע־פאָרשער דזשיימס קוק האָט אַנטדעקט אין אַפּריל פון יאָר 1770 די מזרח־זייט פון אויסטראַליע, איז זיין ווייסנשאַפטלעכע עקס־פּעדיציע באַגעגנט געוואָרן אויפן ברעג דורך אַ גרופּע נאַקעטע און ווילדע פאַר־פּואָסן, די באַלעבאַטים פון לאַנד.

און איינער פון זיי האָט דאַן אויסגערופן צו זיינע חברים:

— „איר זעט, — דאָס קומען שוין די פּליטים פון אייראָפּע״.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַ וויץ אָבער קאַלוועל האָט אָנגענומען ווי אַ

„ספּאָרט" דעם דאָזיקן וווּנק, אַז אויך זיינע עלטערן זענען דאָ געקומען אַלס פאַרפאָלגטע און פּליטים.

דער מיניסטער זאָגט צו, אַז אויב אונדזערע אייראָפּעאישע „קאָסטאָמער" וועלן אָנקומען אין לאַנד מיט עראָפּלאַנען, — אפילו צו פּופּציק פּאַראַמאַל, — וועט מען קיין באַגרענעצונגען פאַר יידן נישט מאַכן, נו, וועט מען דאַרפן דינגען עראָפּלאַנען...

און אין אָוונט פון זעלבן טאָג האָט אַ גרופּע יידישע אינטעליגענטן איינפּראָוויזירט פאַר מיר אַן אויפנאַמע אין יידישן פאָלקס־צענטער אין סידני. נאָך אַ גאַנצן טאָג פאַרברענגען אין דער טרוקענער ענגלישער אַטמאָספערע, האָב איך פּשוט פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען איך האָב דערזען אַרום זיך די בילדער פון פּרצן, מענדעלען, שלום עליכמען און פון דער פּלעיאַדע יינגערע שרייבער.

אויך די חברים: סטוטשינסקי, וואַקס, דייוויס (נעוויאַדאָווסקי פון ביאַליסטאָק) און די אַנדערע וועמענס נעמען איך געדענק נישט, האָבן אַזוי וואַרעם אויפגענומען דעם וויטן גאַסט.

עס איז אַזוי גוט וואָס סטאַנציעס פון יידישער קולטור זענען צעוואָרפן אין אַלע וועלט־טיילן און דער פאַרמאַטערטער וואַנדערער קאָן גייסטיק אָפּרוען צווישן יידישע צייטונגען און ביכער און צווישן חברים, וואָס ווערן נאָענט די מינוט ווען מ'באַקענט זיך מיט זיי.

IX

# צווישן יידן אין מעלבורן

איידער איך האָב זיך געזעצט אויף דעם עראָפּלאַן, וואָס פליט פון סידני קיין מעלבורן, האָב איך געהאַט אַ מאָדנע באַגעגעניש: אין וואַרטע־זאַל האָב איך זיך געטראָפן מיטן געוועזענעם פּוילישן געזאַנדטן אין אויסטראַליע, דעם מיניסטער סילוועסטער גרושקאַ. ער איז אַמאָל געווען גענעראַל קאָנסול אין ניו־יאָרק און געהאַט אַ סך אויפריכטיקע פריינט צווישן די יידישע פירער.

גרושקאַ איז שטענדיק געווען פאַררעכנט פאַר אַ ליבעראַל אין די פּוילישע פירנדע קרייזן און דעריבער האָט מען אים בעת דער מלחמה „פאַרשיקט" אין דעם וויטן אויסטראַליע.

מיר זענען אַלטע פריינט נאָך פון די וואַרשעווער צייטן (ער איז געווען באַ־

טייליקט אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג) און אַזאַ אומדערוואַרטע באַגעגעניש איז שטענדיק אַ שטיקל שמחה.

און דר. גרושקא פרעגט מיך אינמיטן געשפּרעך, אויב דער „האיאס” וואָלט נישט געקאָנט העלפן ברענגען קיין אויסטראַליע דעם געוועזענעם פּוילישן אויסערן מיניסטער גראַף עדוואַרד ראַטשינסקי...

איך דערמאָן זיך, ווי גראַף ראַטשינסקי אַלס פּוילישער אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן איז געווען אין זיין צייט איינער פון די מחברים פון פּראָיעקט, מען זאָל פאַרשיקן אַ מיליאָן יידן אויף דעם אינדזל מאַדאַגאַסקאַר. איך דערמאָן זיך אויך זיין פּאַלאַץ אויפן קראַקאָווער פּאַרשטאָט אין וואַרשע — דאָרט איז געווען די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע — מיט די זעלטענע בילדער און קונסט־ווערק; די גיטער פון גראַף און זיינע וועלדער... און איצט: „אפשר קאָן איך אים העלפן געפינען אַ היים אין אויסטראַליע!” איז דאָס נישט קיין גוטע לעקציע פאַר די אַלע, וואָס מיינען, אַז זיי האָבן געמאַכט קאָנטראַקטן מיטן רבש״ע אויף זייער רייכטום, זייערע גיטער, זייער וווילטאָג?

נאָך דריי שעה פליען קום איך אָן אויפן מעלבורנער לופט־פעלד. און באַלד פאַל איך אַריין אין דער היימיש־יידישער אַטמאָספער, אין וועלכער איך בלייב שוין די גאַנצע צייט פון מיין זיין דאָ. מען כאַפּט זיך אַרום מיט לעאָ פינק. מיין לאַנדסמאַן און פּרעזידענט פון הילפס־קאָמיטעט; מען צעקושט זיך מיטן האַרציקן אברהם זבאַר, אַ פריינט פון קינדהייט, אַ ליטעראַט פון ביאַליסטאָק. און משה הילער פון לאָדזש, דער גענעראַל סעקרעטאַר פון יידישן צענטער און טרייער פאָלקסמענטש, און אַנדערע יידן, מיט וועלכע איך ווער גלייך נאָענט, כאָטש איך האָב זיי נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט געזען.

ווידער אַמאָל: עס איז שווער צו באַקומען אַ האָטעל, אָבער מען באַזאָרגט פאַר מיר אַ צימער, און אין צוויי שעה אַרום מאַך איך שוין קידוש ביי לעאָ פינקס שבתדיקן טיש, וואָס איז באַצירט מיטן גאַנצן חן פון אַלטן שבת. עס פינקלט אַרוים פון צווישן די ליכט פרוי מינא פינק, וועלכע איז אַ פּערזענלעכקייט פאַר זיך אַליין. זי איז די ענערגישע פּרעזידענטין פון פרויען־הילפס־פאַראיין אין מעלבורן. און נאָכן עסן קומען געסט, מען קנאַקט ניסלעך און מען רעדט פּאָליטיק.

אָט דאָס זענען די מאָמענטן, וואָס מאַכן מיך פילן גליקלעך, וואָס איך בין אַ ייד! וועלכער גוי קאָן דאָס אַזוי שנעל געפינען זיין היימישע נעסט ווי דאָס טרעפט מיט אַ יידישן וואַנדערער, וואָס געפינט זיך אַליין — אַזוי היימיש און שנעל אין טשילע, אָדער זיד־אַפריקע, פּאַראַגוויי אָדער פּראַג? כל־זמן אין אונדזערע הייזער ברענט נאָך דאָס יידיש שבת־פייערל, וועט אַ יידישער אורח זיך איינזאַם אין דער וועלט נישט פילן.

דער פאקט, וואס אויסטראליע איז אזוי גרויס ווי די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע, באשווערט זייער דעם פאראייניקונגס פראצעס צווישן די יידישע קהילות דא. ארום זיבן הונדערט מייל טיילט אפ סידנעי פון מעלבורן — און צוויי טויזנט מייל ווייטער ליגט די קהילה פון פערט, מיט אירע מער ווי צוויי טויזנט יידן. אין דער הויפטשטאט פון דרום־אויסטראליע, אדעלאיד, וווינען ארום אכט הונדערט יידישע נפשות. עס איז אויך פאראן דא א העברעאישע שולע מיט פופציק קינדער. אבער אזוי ווי די שטאט געפינט זיך אין צענטער פון דער שעפסן־וואל אינדוסטריע, וווּ די יידן זענען ווייניק באשעפטיקט, ווערט דארט די קהילה אלץ קלענער און קלענער. עס עקזיסטירט א געפאר, אז אויך אדעלאיד וועט גיין אויפן וועג פון אנדערע אונטערגעגאנגענע יידישע פונקטן, אויב קיין נייע עמיגראנטן וועלן נישט קומען. און אין בריזביין, די הויפטשטאט פון קווינסלענד, ארום 1.500 מייל פון מעלבורן, זענען שוין יא געקומען אביסל נייע אימיגראנטן פון כארבין און שאנכאי און די צאל יידן דערגרייכט דארטן ביז טויזנט פינף הונדערט. פאראן א רב, א שול, א קליינע ביבליאטעק.

אין א לאנד, ווו איין יידישער ישוב איז אפגעטיילט פון צווייטן דורך א שטח נישט ווייניקער ווי פינף הונדערט מייל, איז נאך א גרויסער נס, וואס זיי שטרעבן זיך אן איינהאלטן די גאנצקייט פון יידישן קיבוץ. און דער גרעסטער קרעדיט פאר דעם קומט דער קהילה אין מעלבורן, וואס אטעמט מיט א שפרודלדיקן געזעלשאפטלעכן לעבן.

**
*

פון יענער ראמאנטישער צייט, ווען מיט כמעט הונדערט יאר צוריק, האט מען געפונען גאלד אין באלאראט, 75 מייל פון מעלבורן און א פאר מנינים יידן האבן געדאווענט ימים נוראים אויפן אפענעם פעלד, — היטנדיק זייער גאלד, — ביז די היינטיקע פרעכטיקע שול־געביידעס, בתי מדרשים, קדימה־קלוב, טעאטערס, ביבליאטעקן, — איז א גאנצע עפאכע אריבער. און איך זאג אייך, אז עס איז א גרויסער נחת רוח צו זען ווי יידן, — ווי קיין אנדער פאלק — פורמען און בויען זייער אייגנארטיקן לעבן, נעמענדיק פאר א ביישפיל די שוין דעראבערטע און אזוי טראגיש פארלארענע קולטור־טראדיציעס פון די אלטע היימען אין מזרח אייראפע.

אין אמאליקן ווארשעווער ליטעראטן פאראיין, אויף טלאמאצקע דרייצן, האט גרויס דערפאלג געהאט דער מאריאנעטן־טעאטער מיט זיינע פיינע ארטיסטישע ליאלקעס פון די דעמאלט פאפולערע יידישע שרייבער און פירער.

זיץ איך איצט אין רחבותדיקן זאל פון יידישן קלוב „קדימה״, פול געפאקט

מיט יידן פון אַלע שיכטן, און לאַך אויפן קול צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם, ווען די אַרטיסטיש־געשניצטע ליאַלקעס פון די אַרטיקע גדולים באַווייזן זיך אויף דער סצענע. אין ערגעץ קען מען אַזוי נישט אַריינדרינגען אין די הינטער־קו־ליסן פון לאָקאַלן לעבן, ווי בעת אַט אַזאַ סאַטירישער פאָרשטעלונג, ווו מען נעמט אַלעמען אויפן „צימבל".

אַט באַווייזט זיך אויפן סצענע די ליאַלקע פון מיין אַלטן פריינט און אַמאָ־ליקן „בונדישן" אָנפירער אין ביאַליסטאָק, יאַנקל וואַקס. ער אַליין זיצט לעבן מיר אין זאַל און קייכט פאַר געלעכטער, ווען די ליאַלקע זיינע שיט פעך און שוועבל אויף די „ציוניסטלעך", ווען זי הערט נישט אויף צו באַזינגען זיך אַליין און איר ראָלע אין אַלע וועלט־רעוואָלוציעס... און אַט דעקלאַמירט מיט אַ ברוסט־פאַטאָס און שטורמישן פייער די ליאַלקע פון דער באַרימטער אַרטיסטן רחל האָלצער:

„אָ, יידן, וואָס טוט מען, — עס דרייט מיר אין בויך"... רחל האָלצער גלויבט נישט, אַז דאָס אימיטירט איר אַזוי טאַלאַנטפול די יונגע ליטווישע לע־רערין רחל לעווויטאַ, וואָס ציט די שטריקלעך הינטער דער סצענע.

און אַט איז די ליאַלקע פון באַוווסטן שרייבער און קריטיקער יהושוע ראַ־פאַפּאָרט. ער איז דאָ אַ פּליט פון שאַנכאַי און איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון די „אויסטראַלישע יידישע נייעס". און ווער עס ווינטשט מיר גוטס, זאָל קיין רע־דאַקטאָר אין אַ יידישן פאַרוואָרפענעם קיבוץ נישט ווערן! מען קען דאָך נישט יוצא זיין פאַר אַלעמען, — רעכנט מען זיך דעריבער אָפּ ביי אַ געלעגנהייט... און איך מוז מודה זיין אַז יהושוע ראַפּאַפּאָרטן האָט מען שוין צו שטאַרק — צו פערזענלעך — גענומען אויפן צימבל. אַזוי ווייט, — אַז ער אַליין, — ווען מען האָט אים מיטגעטיילט דעם טעקסט פריער, — איז גאָר נישט געקומען צו דער פאָרשטעלונג.

און אויף מאָרגן בין איך שוין געווען אויף אַ שמחה, וואָס איז מיר אַביסל ווייניקער געפעלן. דאָס איז געווען אַ פייערלעכע זיצונג פון מעלבורנער באָארד אָוו דעפּיוטיס.

דאָס איז די אָפיציעלע קהילה פון מעלבורן, ווו עס זענען פאַרטראָטן פאָר־שטייער פון אַרום דרייסיק אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס.

ד״ר ח. שאַשקעס

# X

# טאַסמאַניע

ווען איר גיט אַ קוק אויף דער וועלט־מאַפּע, זעט איר דאָרט גאָר־גאָר אונטן אויף לינקס צום דרום דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט, אויסגעפורעמט ווי אַ קאָפּ פון אַ וואַלפיש. אַליין — אַ גיגאַנטישער אינדזל אַריינגעשליידערט אין אומענדלעכן אָקעאַן, אַלס אַן אָפּגעבראָכן שטיק פון אַ קאָמעטע, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון סודותפולן אוניווערס, באַזיצט זי זיך אַלס צוגאָב נאָך אַן אינדזעלע: דאָס איז טאַסמאַניא.

אויב איר געדענקט נישט, וויל איך אייך דערמאָנען, אַז אויסטראַליע באַשטייט פון זעקס פעדערירטע שטאַטן און אויך פון דער הויפּטשטאָט קאַנבערא, וועלכע, ווי די שטאָט וואַשינגטאָן, איז אַ פעדעראַל דיסטריקט באַשטימט נאָר פאַר רעגירונגס־אינסטיטוציעס.

נאָך אין אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונדערט זענען אַלע שטאַטן געווען סווערענע מלוכהלעך מיט אייגענעם געלט, פּאָסט און דיפּלאָמאַטישן דינסט, פאַרשטייט זיך אונטער דער געניטער פירונג פון ענגלישע גובערנאַטאָרס. אָבער שוין באַלד 50 יאָר, ווי אויסטראַליע איז פאַראייניקט אַלס גאַנצעס, כאָטש יעדערע פון די זעקס שטאַטן באַזיצט אַ פּאַרלאַמענט, מיניסטאָרן און דעם אויסערלעכן מלוכה־גלאַנץ, איז אָבער באַלעבאָס פון לאַנד דער פעדעראַלער פּאַרלאַמענט אין קאַנבעררא און דער פעדעראַלער מיניסטאָרן קאַבינעט.

פונדעסטוועגן איז די לאָקאַלע אויטאָנאָמיע אין די אויסטראַליער באַזונדערע שטאַטן מער בולט, ווי זי איז אין אַמעריקע, און אַ פּרעמיער־מיניסטער אין וויקטאָריאַ, קווינסלענד אָדער טאַסמאַניא האָט מער צו זאָגן ווי אַ גובערנאַטאָר, צום ביישפּיל, פון אַן אַמעריקאַנער שטאַט.

איך וועל איצט נישט אַריינגיין אין חקירות וועגן דער אויסטראַלישער קאָנסטיטוציע, אָבער איינס וויל איך באַמערקן: אַזאַ פרייהייט פון מיינונגען און געוויסן, ווי עס הערשט אין אויסטראַליע איז נישט צו געפינען אין דער גאַנצער וועלט, — אַ חוץ אפשר אין שכנותדיקן קליינעם ניו־ענגלאַנד. דער דורכשניטלעכער מענטש, — דער קאָממאָן מאַן, — איז דאָ דער באַלעבאָס. און אויב ער איז נישט אַזוי געוואַלדיק אינטעליגענט און אונטערנעמעריש, ווערט דאָס אָבער קאָמפּענסירט דורכן געפיל פון אינערלעכער פרייהייט און רואיקייט,

מיט װעלכער ער לעבט דורך זײַנע ביסל יאָרן: נישט צופיל איבערגעאַרבעט זיך, לאַנגע „װיק־ענדס" אין אײגענעם הײזל, און אַרום אַלעמען אַ רײַכע, שפּע־דיקע נאַטור אין אַ ראַם מיט בערג און ימים. װאָס־זשע דאַרף מען נאָך מער?

אומקערנדיק זיך צו טאַסמאַניאַ — דאַרפט איר װיסן, אַז דאָס איז דער לעצטער נאָרמאַל־באַװױנטער פּונקט פון מענטשלעכן ישוב: פון טאַסמאַניאַ ביזן זיד־פּאָל ציט זיך דער שטח פון אײַז־בערג ביזן אַנטאַרטיק און די נישט אױס־געפאָרשטע אײַז־קאָנטינענטן אַרום פּאָלוס.

פון דאַנען פאָרן שױן אָפּ עקספּעדיציעס, װעלכע זוכן זאַכן, מיט װעלכע מען האַנדלט נאָך נישט דערװײַל, — װי לעצטנס, צום בײַשפּיל, װען שאָטן־שיפן מיט שװײַגנדיקע אַמעריקאַנער געלערנטע זענען אַװעק ערגעץ־װוּ אין דרינ־גענדע אַטאָם־ביזנעס... דאָס איז שױן װידער אַ געשיכטע פאַר זיך, װעגן װעל־כער דער דורכשניטלעכער אױסטראַליער װײס נאָך גאָרנישט. אָבער אַזױ װי איך דרײ זיך דאָך אין פאַרשידענע קרײַזן, קלאַפּן זיך מיר אָפּ אין די אױערן ידיעות װעגן אַ גיגאַנטישער אינדוסטרי־אונטערנעמונג, װאָס װערט געבױט אינמיטן פון אױסטראַליער קאָנטינענט, װעלכע ציט זיך אומבאַפּעלקערט אױף פיל טױזנטער מײַלן. הלװאי װאָלט מען געקענט דאָרטן אױסטראַכטן, װי אַזױ צו באַנוצן די אַטאָמישע ענערגיע, כדי צו באַװאָרענען די ערד, באַװעגן אירע מאָטאָרן, באַװאַסערן די מדבריות, לײַכטער צו מאַכן אונדזער לעבן. דערװײַל אָבער, װײַזט אױס, גרײט מען דאָ פאָר די קעגנזעצלעכע רעזולטאַטן פאַרן ברוי־דער־מענטש, מתנות פאַר די נעקסטע יאָרן, װעלכע פּאַסן זיך אין פּינטל אַרײַן אין אונדזער עפּאָכע פון דער „הומאַניטאַרער, קריסטלעכער ציװיליזאַציע".

און װען איך האָב באַקומען אַן אײַנלאַדונג פון דער טאַסמאַניער „יוגנט"־ליגע, — איך זאָל זײַן דער גאַסט־רעדנער אױף זײער יערלעכן מיטינג אין האָ־באַרט, (די הױפּטשטאָט פון טאַסמאַניע), האָב איך דאָס מיט פאַרגעניגן אָנ־גענומען. ערשטנס, װילט זיך טאַקע זען דעם „עק־װעלט, הינטער װעלכן עס שטײט דער אײַז־פּאַרקן צו יענער װעלט", װי מען האָט אונדז דערצײלט אַלס קלײנע קינדער, — און צװײטנס, איז טאַקע אינטערעסאַנט צו קומען אין אַ שטאָט, װוּ עס איז אַמאָל געגרינדעט געװאָרן דער ערשטער ײדישער ישוב און איצט איז ער צערונען געװאָרן.

איך האָב פּריער געװוּסט װעגן דער געשיכטע פון דער ײדישער טאַס־מאַניע, װאָס איז שױן אַלט אַרום 120 יאָר, װעגן דער אַלטער פּוסטער שול, אין װעלכער עס בלאָנדזשען נאָך שאָטנס פון אַמאָליקע צײַטן, װעגן אַלטן בית־עולם...

פון מעלבורן, װוּ איך געפין זיך איצט, ביז דעם טאַסמאַניער אינדזל פליט מען אַרום דרײַ שעה.

אין א שטורעמדיקן פרימארגן פלי איך דעריבער איבער אן אויפגעקאכטן מיט ווייסע שוימען בייזן ים צום ראמאנטישן שטיקל ערד, וואס איז געוועזן ביז מיט הונדערט יאר צוריק די „סיביר" פון ענגלאנד: דא פלעגט מען פארשיקן פאראורטיילטע פון אלע מינים — זייער פיל פון זיי רעוואלוציאנערע איירישע אידעאליסטן: די גרעסטע טייל האט מען געלאזן פריי גלייך ביים אנקומען. די באשולדיקטע אין שווערע פארברעכנס זענען איינגעזעצט געווארן אין דער באריממטער היסטארישער תפיסה, פארט־ארטור.

היינט באוווינען דעם אינדזל זייערע אייניקלעך און אור־אייניקלעך, באוווסטע דורך זייערע מאראלישע זיטן, ליבעראלן און סאציאליסטן פון בעסטן מין, און עלעמענט מיט וועלכן אויסטראליע שטאלצירט.

צו א גרופע פון זייערע אינטעלעקטואלן דארף איך רעדן וועגן יידן און ארץ ישראל.

**
*

קיין באקאנטע פון פריער האב איך נישט אין טאסמאניע. אפילו נישט קיין אדרעס פון א ייד. אבער די „יו־ען"־ליגע, וואס האט מיך איינגעלאדן צו זיין זייער גאסט־רעדנער, האט ארויסגעשיקט א פאר פראמינענטע מיטגלידער אירע, מען זאל מיך באגעגענען אויפן עראדראם. ביידע זענען זיי פראפעסארן פון האבארד־אוניווערסיטעט. פראפ. מעק־שייד און פראפ. מעק־אליי. דער לעצטער איז א בארימטער פיזיקער מיט א גרויסן אינטערעס אין אינטערנאציאנאלע פראבלעמען.

בעת מיר פארן דעם לאנגן וועג אין דער שטאט האבארט, די הויפטשטאט פון טאסמאניע, האבן מיר גענוג צייט צו שמועסן איבער דער לאגע אין ארץ ישראל, אין וועלכער מען איז דא נישט ווייניקער פאראינטערעסירט ווי אין אונדזער אמעריקע. ביידע פראפעסארן שטאמען פון די אירלענדישע פארשיקטע, וועלכע האבן ביטער געקעמפט מיט ענגלאנד פאר זייער פרייהייט מיט הונדערט יאר צוריק. זייערע עלטער־זיידעס האבן יארן־לאנג געשמאכט אין טאסמאניע אין דער פארט־ארטורער תפיסה, באוואכט דורך ברוטאלע ענגלישע וועכטערס. אזוי ווי עס איז שווער צו דערווארטן, אז צווישן תפיסה־וועכטער און ארעסטאנט זאל זיך אנטוויקלען א ליבע, זענען נאך די אוראייניקלעך ביז איצטער נישט שוה־בשוה מיט לאנדאן...

עס איז פאר זיי לייכט דעריבער צו באגרייפן דעם יידישן קאמף פאר ישראל און די ענגלישע קעגן־פראפאגאנדע (וואס איז דאן געווען זייער שטארק אין אויסטראליע) טרעפט אויף א בלינדער וואנט.

מיר פאָרן אַריבער די באַרימטע מייל־לאַנגע הואַן־בריק, וועלכע איז גע־בויט פון אייזן־בעטאָן אויסגעגאָסן אויף באַוועגלעכע פּאָנטאָן־שיפלעך, אנשטאָט אויף סלופּעס. דאָס איז די איינציקע פון דעם מין בריק־סטרוקטור אין דער וועלט.

איך שלינג דורשטיק די ווילדע פּאַנאָראַמע, וואָס אַנטוויקלט זיך פאַר די אויגן: דעם באַרג וועלינגטאָן באַדעקט מיט שניי און צופוסנס — די רויטע איין־צוויי שטאָקיקע ציגל הייזער פון האָבאַרט.

א שטאָט פון אַרום זעכציק טויזנט איינוווינער (גאַנץ טאַסמאַניע פאַר־מאָגט אַ פערטל מיליאָן מענטשן אויף אַ שטח פינף מאָל גרויס ווי ארץ־ישראל), ציכטיק און מאָדערן, מיט אַן אוניווערזיטעט, אין וועלכן עס שטודירן סטודענטן פון גאַנץ אויסטראַליע. אַמאָל האָבן אין טאַסמאַניע געוווינט ווילדע, שוואַרצע מענטשן פון אַן אומבאַוווּסטן אָפּשטאַם. זיי פלעגן גיין מוטער־נאַקעט איבער די געדיכטע וועלדער, וואַרפן שמאָלע שפּיזן אויף די שפּרינגענדיקע קאַנגורן און בערן, כאַפּן די בלוי־רויטע פיש מיט לאַנגע פלעקנער... אָבער איצטער זענען זיי מער נישטאָ. קיינער פון זיי...

פּראָפ. מעק־שייד פּרובירט מיר דערקלערן די סיבה, וואָס די „אַבאָריגענס" זענען אויסגעשטאָרבן מיט דעם, וואָס, ווען מען האָט זיי אָנגעטון אין קליידער, וועלכע זענען דורכגענעצט געוואָרן דורך די אָפטע רעגנס — האָבן זיי זיך שנעל פאַרקילט און געשטאָרבן...

איך האָב אַביסל געשמייכלט אויף דער דאָזיקער עטוואָס צו־נאַאיוו אויס־געטייטשטער סיבה פון פאַרשווינדן פון אַ ראַסע.

איך גלויב, אַז די איינגעבוירענע זענען אונטערגעגאַנגען נישט אַזוי פון קעלט, ווי פון פייער — איך מיין פון ביקסן־פייער — אָבער אַ גאַסט איז נישט אַזוי פריי אין אַרויסזאָגן זיינע געדאַנקען...

דער פאָרזיצער פון דער „יו־ען"־ליגע איז פּראָפעסאָר דאַלאַס. ווען מיר באַגעגענען זיך שפּעטער, טיילט ער מיר מיט, אַז היינט אין אָוונט ווערט דער־וואַרט אַ גרויסער עולם און די פאַרוואַלטונג קלייבט זיך אָפּשטימען אַ רעזאָ־לוציע, וועלכע פאָדערט אויף די אויסטראַליער רעגירונג, זי זאָל אָנערקענען דאָס לאַנד פון ישראל. כדי אָבער אויך דער אַראַבישער צד זאָל נישט ווערן באַעוולט, האָט מען געבעטן דעם ביבליאָטעקאַר פון אוניווערזיטעט מעק־שיין, ער זאָל אַרויסטרעטן מיט אויפקלערן דעם אַראַבישן שטאַנדפּונקט. אויף אַזאַ אופן וועל איך דאַרפן דורכפירן אַ דיסקוסיע מיט אַן „אַראַבער", איידער די רעזאָלוציע וועט אָנגענומען ווערן. דערווייל האָב איך נאָך צייט ביזן אָוונט צו דאַגהן, ווער פון אונדז וועט זיגן. ביים אַריינגאַנג אין האָטעל באַגעגנט מיך אַן עלטערער הער מיט אַ צעקנייטשטן אויסזען פון אַן אינטעלעקטועלן אייראָפּעער.

דאָס איז לעאָן הייעס, דער פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה אין טאסמאניע. מיט א קענטיקן דייטשן אקצענט אנטשולדיקט ער זיך, וואָס ער האָט מיך נישט באגעגנט אויפן פליפלאץ און לייגט פאָר, מיר צו ווייזן די איבערבלייבענישן פון דער יידישער קהילה. הייעס אליין איז דאָ שוין 13 יאָר, אנטלאָפן פון שטוט־גארד, ווו ער איז געווען א סוחר: דאָ איז ער א בוכהאלטער.

— וויפיל מיטגלידער פאַרמאָגט אייער קהלה?

— יידן זענען דאָ פאראן ביז 40 נפשות, אָבער אקטיווע מיטגלידער זענען מיר נאָר זיבן. ביז מיט א יאָר צוריק פלעגן מיר יעדן שבת דאווענען זאלבע־צווייט אין שול: דער אלטער בענדזשאמין און איך. איצט קום איך שבת אין דער פרי איינער אליין, ווייל בענדזשאמין איז געשטאָרבן; און דאָס איז דער „מנין״...

נאָר יום כפור קומען א 15־20 מענטשן דאווענען אין דער שיינער שול, גע־בויט אין עגיפטישן סטיל פון פרעהס קברים. שוין די ארכיטעקטור אליין זעט מיר אויס צו זיין ווי א סימבאָל, אז ציימן וועלן קומען, ווען די סינאגאָגע וועט בלייבן אזוי איזאלירט און איינזאם, ווי די אנטדעקטע אין מצרים קברים פון די פרעהס. געווים איז דאָס נישט געווען לכתחילה געמיינט דורכן קינסטלער, וועלכער האָט די שול געבויט, אָבער אזוי זע איך זי, די איינשטאָקיקע דריי־עקי־קע געביידע מיט די עגיפטישע בארעליעפן אויף די סלופעס.

עס ווערט אומעטיק אויפן הארצן, ווען מען דערמאָנט זיך, אז די שול, וועל־כע איך באזוך איצט, איז די עלטסטע אין אויסטראליע. זי שטייט שוין הונ־דערט פינף יאָר, געבויט דורך די ערשטע יידן, וועלכע זענען דאָ געקומען פון ענגלאנד.

אז איר גייט אריין אינעווייניק און דערזעט ווי אלץ איז איינגעאָרדנט מיט אזא לוקסוס, ווי עס שיינט מיט פרישן גאָלד ארום דעם אָרון־קדוש, ווי עס בלאנקען די קרישטאָלענע זשיראנדאָלן, ווי שטיל עס ווערן די טריט אויף די ווייכע רויטע טעפיכער, — פארשטייט איר, אז אימיצער זאָרגט וועגן דעם אלעם, באשעפטיקט זיך, אז די יידישע רעליקוויע זאָלן נישט פארשימלט ווערן.

אין די לעצטע איייניקע יאָר טוט דאָס טאקע מיין איצטיקער באגלייטער, דער דייטשער ייד לעאָן הייעס. אמאָל — אין זיין היימישן שטוטגארט, איז ער גאָרנישט פרום געווען. אָבער עפּעס איז אים נאָך געבליבן פון זיין פאָטערס שטוב. און ווען ער איז אנטלאָפן פון היטלערן און געפונען א היים אין טאס־מאניע, האָט ער זיך צוגעטוליעט צום פאריתומטן מאָנומענט, צו דעם מקום־קדוש, אויף דער אָרגייל סטריט אין האָבארט.

ער האָט זיך א וואָרט געגעבן, אז כאָטש שבת זאָל געהערט ווערן גאָטס וואָרט אין דער סינאגאָגע, קומט ער דעריבער דאָרט און אָפט מאָל איינער אליין,

וויקלט ער זיך איין אין טלית מיט דער זילבערנער עטרה, א ירושה פון טאטן, און דאוונט פארן עמוד אין דער פוסטער שול.

ער זאגט, אז אמאל איינער אליין, אמאל מיט נאך א יידן, נעמען זיי ארויס די ספר תורה, פרובירן לייענען אייניקע פסוקים (קיין גרויסער למדן איז נישט מיסטער הייעס) און זינגען שמע ישראל און „תקנתה שבת"...

און ווען ער דעקט אפ דעם מיט גאלד געשטריקטן זעלטענעם פרוכת און עפנט פאר מיר די געשניצטע אנטיק־טירלעך פון ארון, דערזע איך די פאריתומטע פיר ספרי־תורהס, מיט די פארביקע סאמעטענע מענטעלעך, אויף וועלכע עס זענען אויסגענייט נעמען פון מנדבים, וואס זייערע קינדער זענען שוין לאנג, לאנג אוועק אין קריסטלעכע טעמפלען... א, ווי איך האב דאן פארשטאנען אונדזערע אלטע חכמים, ווען זיי האבן געזאגט: „הכל תלוי במזל, אפילו ספר־תורה שבהיכל..." (אלץ דארף האבן מזל, אפילו די ספר־תורה אין טעמפל).

שטייען מיר זאלבעצווייט אין דעם פארלאזטן בית־מדרש, ווו אויף די ווענט זענען אין מארמאר אויסגעקריצט די נעמען פון די ערשטע יידן, וואס האבן מיט הונדערט יאר צוריק מנדב געווען צו אייניקע הונדערט פונט, כדי אויפבויען א הויז פאר תפילה פאר זיך און זייערע קינדער. די אויפשריפט דערציילט וועגן די נייטאנס, דזשייקאבס, בענדזשאמינס, אייבראהאמס... איך האב געזען ענלעכע נעמען אויף די שילדן פון רייכע קראמען אויף די הויפט גאסן פון טאסמאניע, פון וויקטאריא און אנדערע אויסטראלישע שטעט. אבער די אייגנטימער זענען שוין לאנג קיין יידן נישט. איינער פון זיי, דער אייגנטימער פון אן אנטי־יידישער צייטונג, אין דעם זעלבן האבארט, האט אפילו אטאקירט דעם טאג פון מיין אנקומען דא די ליבעראלע פראפעסארן, וואס שטיצן אונטער דעם געדאנק פון א יידישער מלוכה...

דעם לעצטן יום־כפור אין דער פרי איז געווען א געפאר, אז מען זאל בלייבן אן א מנין, האט געטראפן א מאדנער נס, וועגן וועלכן מען האט גערעדט אפילו אין די קריסטלעכע קרייזן פון שטאט. ווען די ניין מאנסבילן און צען פרויען האבן זיך פארזאמלט אין שול און דערזען, אז אויך אין הייליקן תשובה טאג וועט מען נישט קאנען ווי געהעריק דאוונען בציבור, האבן זיי אלע אראפגעלאזט די קעפ און טרערן האבן גערונען פון זייערע אויגן. אבער פלוצלינג, שוין צען אזויגער אין דער פרי לויפט אריין אין שול א פארסאפעטער עפעס א מאן איז פישער־קליידער און קורצע הייזלעך און א לעדערנער רעגן־הוט און בעט מען זאל אים לאזן דאוונען.

— איך בין, — זאגט ער, — ארויסגעפארן אויף מיין מאטאר־שיף מיט צען טעג צוריק פון בוקלאנד (150 מייל ווייט) כאפן פיש. איך האב ביי זיך

פארצייכנט, אז צו כל נדרי זאל איך אנקומען קיין האבארט און זיין מיט יידן. אבער איך האב נאר היינט פארטאג זיך געכאפט, אז עס איז שוין יום־כפור און איך בין נאך אויפן ים. האב איך זיך געאיילט, גערודערט און גאט צו דאנקען איך האב דאך באוויזן צו קומען.

און אזוי האבן די יידן געדאווענט דעם יום־כפור בציבור.

די גאנצע אטמאספערע ארום ווערט אנגעזאפט מיט דראמאטישע עקספרעסיע, ווען איר דערזעט די שאטנס פון יענע פיאנערן מיט הונדערט יאר צוריק, ווי זיי גייען ארא פון די מארמארנע אויפשריפטן אויף די ווענט און זוכן זייערע געשמדטע קינדער, כדי זיי מצרף צו זיין צום מנין.

האבן זיי נישט דעריבער געבויט די סינאגאגן כדי די פארוואגלטע זין פון ישראל זאלן דארט אייניקייט, טרייסט און ווארעמקייט געפינען?

נאכהער פארן מיר אויפן אלטן בית־עולם, אט דארט, וווּ עס רוען די בייינער פון יענע יידן, וועלכע האבן (אין ענגליש) אויסגעשריבן פינף פראטאקאל ביכער מיט זיצונגען פון דער קהילה אין משך פון אכציק יאר. דער בית־עולם דא צעשיידט געווענלעך מאן און ווייב. ער ליגט צווישן יידן, זי — צווישן גויים.... פון בארג ארום בית־עולם עפנט זיך א הערלעכע פאנאראמע אויף די נאענטע גרינע בערג, אויף וועלכע עס נעכטיקן גאלדענע וואלקנס. וויט־ווייט ציט זיך דער ים ביז צום „עק וועלט", ביז צום זיד־פאל. און מיר דא זענען דאס די „לעצטע" מענטשן אויף דעם שטח פון דאנען ביז די אייז־אייביקייטן פון אנטארטיק.

***

די פארזאמלונג פון דער „יו־ען"־ליגע אין טאסמאניע וועט פארקומען היינט אוונט אין זאל פון מלוכה־מוזעאום. איןביידע טעגלעכע צייטונגען, וואס דערשיינען אין האבארט, זעט מען די מיטטיילונגען, אז דער פארזיצער פון דער פארזאמלונג וועט זיין דער אטוירני דזשענעראל סער דזשאן פלאגאן, אז עס וועלן ארויסטרעטן רעדנער פון דער אראבישער זייט פראפעסאר מעק־שיין און פון דער יידישער — דר. אהרן פאטקין און מיין וויניקייט.

גראד די טעג האט געוויילט אין טאסמאניע, אין זיינע פארצווייגטע געשעפטס ענינים, דער פאבריקער, טעמפעראמענטפולער פריינט מיינער, אדוואקאט פאטקין און עס איז געווען גוט, וואס אים, דעם ציוניסטישן לידער, האט מען צוגעצויגן צו דער דיסקוסיע צוזאמען מיט מיר.

וועגן פאטקינען אליין בעט זיך פשוט אנשרייבן א ספעציעלע אפהאנדלונג. אזוי אינטערעסאנט איז דער מענטש און זיין לעבנסגעשיכטע. שוין ווייט איבער

די זעכציקער, איז ער נאָך פול מיט ברען, מיט פּאַטאָס און יוגנטלעכן ענטוזיאַזם. אַמאָל אַ באַרימטער רעדנער אין מאָסקווער אַדוואָקאַטור, אַ נאָענטער חבר פון כמעט אַלע פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, שפּרודלט ער פּשוט מיט בליציקע זכרונות וועגן מענטשן און געשעענישן, מיט וועלכע ער פּערזענלעך איז פאַרבונדן געווען.

אפשר ווילט איר הערן אַ פאַרבאַטענעם וויץ פון בוכאַרינען אין יאָר 1920 („די סאָציאַלע וועלט רעוואָלוציע? אפשר וועט זי קומען אין הונדערט יאָר אַרום און אפשר קיינמאָל נישט״...), אָדער וועגן געניאַלן זינגער שאַליאַפּין („ער האָט מיט כעס געקלאַפּט אין זיין טרונע, ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז די טויזנטער מענטשן, וואָס זענען געקומען צו זיין לויה אויפן הויף פון דער פאַריזער אָפּערא, האָבן נישט באַצאָלט פאַר בילעטן צום טרויער־קאָנצערט דאָרטן״), וועגן אַלץ וועט אייך דערציילן מיט היץ דער אומדערמידלעכער און שאַרמאַנטער ריטער פּאַטקין.

איך בין דעריבער געווען צופרידן, וואָס ער וועט פירן די גערעכטע פאַרטיידיקונג צוזאַמען מיט מיר אין טאַסמאַניע, ווו די פּרעסע (אַנטי־רעגירונג געשטימט) איז קעגן דער יידישער מלוכה, און די גרופּע אינטעלעקטואַליסטן — פאַר.

עס איז געווען כמעט ווי סימבאָליש, וואָס אין זעלבן מוזיי, ווו די פאַרזאַמלונג קומט פאָר, האָב איך נאָר וואָס באַטראַכט די איבערבלייבענישן פון די שיפן, וואָס פלעגן קיין טאַסמאַניע ברענגען די „פאַרברעכער״ פון אירלאַנד, וואָס האָבן דאָרט געקעמפט פאַר זייער מלוכה. איך האָב געזען די שטייגן, ווו געשמידטע אין קייטן זענען זיי מאָנאַטן לאַנג ווי חיות געשלעפּט געוואָרן פון זייער פאָטערלאַנד צו דער שרעקלעכער טורמע אין שכנותדיקן פּאָרט־אַרטור. און טאָמער האָט איינער פּראָטעסטירט קעגן דער ברוטאַלער האַנדלונג פון די ענגלישע שיף־וועכטער, האָט מען אַזאַ ווידערשפּעניקן אַריינגעשטעלט אין אַ קאַסטן מיט צוויי לעכער פאַר לופט, ווו עס איז געווען גענוג פּלאַץ צו שטיין טעג גאַנצע, אָבער רירן זיך האָט מען נישט געקענט. צי וועלן איצטער די אייניקלעך אָט פון יענע טאַטעס נישט אונטערהאַלטן אונדזער קאַמף פאַר אַן אייגן ווינקל? האָט מען דאָך אויך אונדזערע ברידער קיין קעניא געשלעפּט, אין קייטן געשמידט, און יונגע קינדער מיט ענלעכע בייטשן געשמיסן, ווי די, וואָס ליגן אין זעלבן מוזעאום.

איך וועל זיי דאָס אַלץ היינט אָפּן דערמאָנען!

דער פּראָפעסאָר מעק׳שיין, דער „אַראַבער״, אַנטשולדיקט זיך פאַר אונדז פּריוואַט, וואָס ער וועט גענויטיקט זיין אַטאַקירן דעם יידישן שטאַנדפּונקט. ער

זאָגט, אַז ער איז אַליין נישט מסכים מיט די אַרגומענטן, וועלכע ער וועט הײנט ברענגען, ער פילט זיך ווי אַ טײוול־אַדוואָקאַט („אַדוואָקאַט דיאַבאָלי״, אַ יורי־דישער טערמין פאַר פאַרטײדיקער, וואָס שפּילן די ראָל פון באַשולדיקער). ער גיט אויך צו, אַז זײן „אַראַבישן״ שטאַנדפּונקט האָט ער געשטודירט פון צוויי ביכער, וועלכע ער האָט געפונען אין דער ביבליאָטעק, מיט וועלכער ער פירט אָן.

אַ געפאַקטער זאַל מיט צוהערער צו דער דעבאַטע גיט אונדז אַ באַווײז, ווי גרויס עס איז דער אינטערעס צו דער פראַגע וועגן ציון.

דער פאָרזיצער סער דזשאָן פירט אונדז אַרײן מיט סימפּאַטישע ווערטער, רעדט וואַרעם וועגן דעם יידישן קאַמף, וועגן אונדזערע אײביקע שטרעבונגען.

מײן פלאַמענדער חבר דר. פאַטקין צינדט אָן דעם עולם מיט זײן רעדע וועגן ארץ ישראל, נאָכהער נעמט דאָס וואָרט דער „אַראַבער״ פּראָפעסאָר מעק שײן. און דאָ געשעט עפּעס אומדערוואַרטעטס נישט נאָר פאַר די פאַר יידן אויף דער טריבונע און אין זאַל, נאָר אויך פאַר זײנע קאָלעגן און באַקאַנטע, וואָס קאָנען אים פון יאָרן אַלס אויפריכטיקן ליבעראַל.

אין משך פון פערציק מינוט שיט דער רעדנער פעך און שוועבל אויף יידן און זײער טאַקטיק אין משך פון די לעצטע הונדערט יאָר.

ער פאַרגלײכט אונדז צו היטלערן, וואָס האָט פאַרנומען די סודעטן צוליב די זעלבע מאָטיוון, וואָס מיר איצט ווילן ארץ ישראל. ער ציטירט די מײנונגען פון משה העס, פון משה מאָנטעפיאָרע, דר. פינסקער, דר. הערצל, דר. ווײצמאַן און פיל אַנדערע וועגן דעם, אַז מען דאַרף פאַרניכטן די קריסטלעכע וועלט... ער לײענט עפּעס פון אַ קלײן ביכעלע און פון אַ גרויסן רויטן בוך. וואָס קומט דאָ פאָר? ווו האָט ער דאָס אַלץ גענומען? און דערבײ רעדט ער מיט אַ פײערדיקער איבערצײגונג און אין אַ גלענצנדן ענגליש, וועלכן ניט פאַטקין און נישט איך קאָנען דאָך נישט „טשאַלענדזשען״... מילא, איך פאַרשטײט שוין מסתם, אַז אין קלײן ביכעלע זענען געווען די טרויעריק באַרימטע „פּראָטאָקאָלן פון די זקני־ציון״ און דער רויטער בוך איז געשריבן פון אַן ענגלישן שפּיאָן אין די אַראַבישע לענדער (דער נאָמען פון בוך אין „ניזי דאָמינוס״), אַ מיאוסער פּאַסקוויל אויף יידן, פול מיט ליגנס.

און אַז ער האָט געענדיקט, האָבן אַ היבשע טײל צוהערער הילכיק געפּאַטשט.

עס איז אויף מײן גורל אויסגעפאַלן דאָ אין ווײטן טאַסמאַניע אוועקשטעלן זיך און אין גאַנצן ציטערנדיק פון אויפרעגונג אין משך פון אַ שעה אויפדעקן די ליגנס, מיט וועלכע עס האָט אַזוי אָפּעריערט דער פאַרשטעלטער־

„אַראַבער". עס איז געווען נישט קיין גרינגע אויפגאַבע, אָבער צו גוט קאָן איך דעם מזרח און זיינע הערשער פון מיינע רייזעס און פּערזענלעכע באַגעגענישן, איך זאָל זיך און די צוהערער לאָזן פאַרטומלען מיט די פאַלשע פּראָטאָקאָלן און ציטאַטן. בקיצור, עס איז געגאַנגען ווי אַ „מזמור", און ווייזט אויס. אַז דער עולם האָט הנאה געהאַט, ווייל אויך איך בין באַשאָנקען געוואָרן מיט כמעט אַן איינשטימיקן „פּאַטשן"...

און ווען מען האָט געשטעלט צו אַן אָפּשטימונג די רעזאָלוציע, אַז טאַס־מאַניע זאָל אויפפאָדערן די אויסטראַלישע רעגירונג אָנערקענען די יידישע מלוכה, איז זי אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק, דערביי האָט דעמאָנסטראַטיוו און הויך געהאַלטן זיין האַנט דער „אַראַבער" פּראָפעסאָר מעק'שיין.

XI

# מיינע טעג אין סידנעי

„סידנעי קאָללינג"... סידנעי רופט איך זאָל דאָרט ווידער קומען כאָטש אויף אַ פּאָר טעג, ווייל מען דאַרף רעדן צו דעם פאַראייניקטן אַפּיל און צו דעם קלוב „וואי־עיטש־איי" (יאָנג מענס היברו אַסאָסיאיישאָן) אגב אַ זייער שטאַר־קע אינסטיטוציע אין גאַנץ אויסטראַליע, צוזאַמענגעשטעלט פון דער פּראָפע־סיאָנעלער יידישער אינטעליגענץ און בעסערן סוחרישן קלאַס) און אחרון חביב — צום יידישן פאָלקס־צענטער.

אויב אין מעלבורן פאַלן אויס צוויי יידישע רעדעס אויף איין ענגלישער, דאַרף מען שוין אין סידנעי רעדן דריי מאָל ענגליש, איידער מען לאַדט אייך איין צו האַלטן אַ רעדע אין מאַמע־לשון. דאָס אַליין גיט אייך דעם באַגריף, וואָס אונטערשיידט אַזוי די ביידע גרעסטע אויסטראַליער שטעט מיט כמעט דער זעלבער צאָל יידן: אין מעלבורן פילט זיך דער וואַרימער אָטעם פון אַ היימישן יידישן קיבוץ, אין סידנעי דער אביסל שטייפער ענגלישער צערעמאָניאַל און שטייגער.

די זיבן הונדערט מייל צווישן ביידע שטעט פליט מען דורך אין דריטהאַלבן שעה מיט די אָרטיקע באַקוועמע לופט־ליניעס און אָט בין איך שוין ווידער אין מיין באַשיידענעם האָטעל אין סידנעי, מיט דעם אונטערשיד, וואָס דאָס מאָל באַקום איך, אַ דאַנק אַן אומגעהויערער פּראָטעקציע, אויך אַ באָד־צימער...

ערשט איצט הויב איך אָן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די אויסלענדישע קאָנ־סולאַטן אין אַמעריקע ראַטן נישט, אַז טוריסטן זאָלן פאָרן דערוייל קיין אויסטראַליע. עס איז פשוט נישטאָ וווּ אַ נאַכט איבערצונעכטיקן אין אַ האָטעל, וואָר רעדט שוין וועגן האָבן אַ צימער מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן.

ווען מען דערמאָנט זיך, אַז אין האַלב־קאַלירטן טרואיללאָ אין סאַן־דאָמינ־גאָ איז אויסגעבויט געוואָרן אַ האָטעל מיט אַזאַ לוקסוס, וואָס איז שווער צו גע־פינען אַפילו אין ניו־יאָרק, אַז אין אורוגווייַ, טשילע אָדער אין קאָלאָמביאַ האָב איך געוווינט פאַר קליינגעלט אין האָטעלן־פּאַלאַצן, ווערט אויפפאַלנד אָט דער אונטערשיד מיט דער הויך קולטורעלער אויסטראַליע.

אָבער די סיבה איז אַ פשוטע: די אַרבעטער־רעגירונג פון אויסטראַליע האַלט, אַז פריער פאַר אַלץ דאַרף מען בויען קליינע באַקוועמע הייזער פאַר די איינגענע בירגער. און מען בויט! אין קיין לאַנד אין דער וועלט וווינען נישט אַזוי פיל מענטשן אין הייזער, וואָס עס געהערן צו זיי, ווי אין דעם דאָזיקן לאַנד: אַכציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג וווינען אונטער זייער אייגענעם דאַך און פאַר די איבעריקע צוואַנציק פּראָצענט ווערט געזאָרגט, אַז זיי זאָלן דאָס באַזיצן אין דער נאָענטער צוקונפט. אין אויסטראַליע מיט איר כאַראַקטערים־טישן שטריך וועגן באַזאָרגן פריער פאַר אַלץ די נויטן פון דורכשניטלעכן ביר־גער, דאַגהט מען זיך ווייניק צי אַ פאַרנעמער גאַסט פון אויסלאַנד וועט געפי־נען אַ פּאַסנדן האָטעל. אין די ווייניק אַנטוויקלטע לענדער פון לאַטיין־אַמערי־קע, וווּ אַכציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג לעבן אין אַ פּרימיטיוון און אָרי־מען צושטאַנד, וויל מען דווקא זיך שטעלן גרויס מיט לוקסוס־געביידעס און באַקוועמלעכקייטן פאַר די ווייניקע.

אויף די אויפנאַמעס, וווּ איך האָב גערעדט, האָט מיך אָנגענעם איבער־ראַשט דאָס אָפּהיטן שטרענג כשרות, אַפילו ווען די איינלאַדער זענען שטאַרק ענגליזירטע יידן און וואָס תפילות ווערן געזאָגט פאַרן און נאָכן עסן.

געוויינלעך הייסט דער פאָרזיצער אַלעמען אַרויפלייגן יאַרמולקעס אויף די קעפּ און מאַכט בקיצור די „המוציא״. אָבער ווען עס קומט צום בענטשן (אַ קיצור פון „ברכת המזון״, וועלכן מען זינגט), באַנוצט מען צו דעם דעם ראַביי.

אין איין פאַל, ווען ביים פּרעזידיום־טיש איז אַנשטאַט דעם ראַביי, וועל־כער איז געווען קראַנק, געזעסן זיין שוואַרץ־חנעוודיקע רביצין פרוי פּרוש, האָט מען זי מכבד געווען מיטן בענטשן. זי האָט זיך געקווענקלט, געריוטלט, געווען אין ספק, צי מעג אַ פרוי זיין די בציבור־בענטשערקע פאַר אַן עדה פון אַרום פופציק דערוואַקסענע און אַזוי עלעגאַנטע מאַנסבילן, אָבער דער פּרעזידענט, אַ געוועזענער ענגלישער קאָלאָנעל, האָט פייערלעך דערקלערט, אַז לויט זיינע בעס־

טע אינפאָרמאַציעס יכולט נישט קיינער פון די זייער געערטע דזשענטלמען ביים טיש די ווערטער און מעלאָדיע און דעריבער: „פליז, רביצין, בענטשט!..״

און פרוי פרוש האָט טאַקע געוויזן וואָס זי קאָן: זי האָט באַטעמט געזונגען די תפילות פאַר די דערוואַקסענע הערן אין יאַרמולקעס, וועלכע האָבן געענטפערט יעדעס מאָל מיט אַ גוטן אַקצענט: „אָמן!״.

מיטן פאַרבאָט פון יידיש רעדן (איך מיין, וואָס יידן אַליין האָבן פאַרבאָטן...) איז שוין איצטער נישט אַזוי שטרענג ווי עס איז געוועזן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק: פריינט סטוטשינסקי, אַ וויכטיקער אַרטיקער קולטור-טוער דערקלערט מיר, אַז אין רעסטאָראַן פון יאָנג-מענס קלוב, ווו ער איז אַמאָל געזעסן מיט אַ גרופּע פריינט און גערעדט יידיש, האָט מען אים אָפיציעל אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָס טאָר מען נישט... קומט ער טאַקע נישט פון דעמאָלסטמאָל אָן אין קלוב, כאָטש איצט מאַכט מען שוין דאָרט מער נישט אַזעלכע באַמערקונגען.

אָבער נעכטן בעת מיין „גאַסט-ספּיטש״ פאַר אַ צאָלרייכער און זייער וואַרעמער גרופּע פון צוהערער האָב איך די לעצטע טייל פון מיין רעדע פּלוצלינג „געסוויטשט״ צו יידיש און עס איז געווען אַזאַ לעבעדיקע פּאַטשעריי, וועלכע איך האָב גאָרניט דערוואַרט. מען האָט מיר שפּעטער דערקלערט, אַז אפשר אַ צוויי-דריי פון די אַנוועזנדע האָבן שווער פאַרשטאַנען די שפּראַך, פאַר די איבעריקע איז דאָס געווען אַ ליבער סורפּריז.

אָבער דערפאַר אין אָוונט אין „מאַקאַבעען זאַל״, ווו דער פאָלקס-צענטער האָט פאַרבעטן „עמך״ אויף דער לעקציע, איז געווען פול געפּאַקט מיט היימישע יידן און מען האָט זיך צוזאַמען משמח געווען נישט נאָר מיט רעדן, נאָר אויך מיט זינגען. אַלע אין אויסטראַליע זענען דאָ אַזוי דורשטיק צו הערן אַ נייעם מענטש, איבערהויפּט ווען די געשעענישן אין ארץ-ישראל האָבן אָנגעצונדן אַ התלהבות אין די הערצער פון כמעט אַלע יידן דאָ. איך האָב בכיוון אונטערגעשטראָכן דעם „כמעט״, ווייל דאָך איז דאָ פאַראַן אַ גרופּע פאַרעקשנטע „ענגלישע פּאַטריאָטן״, וואָס האָבן גאָרנישט געלערנט און גאָרנישט פאַרגעסן. איינער פון זיי, אַ דעפּוטאַט פון וויקטאָריער פּאַרלאַמענט, האָט אפילו געשריבן אַן אָפענעם בריוו אין אַן ענגלישער צייטונג, פּראָטעסטירנדיק קעגן די „טעראָריסטן פון הגנה און אירגון און זייערע מיטהעלפער די ציוניסטן אין אויסטראַליע״. אמת, דאָס האָט אים געקאָסט זיין „שטול״ אין וויקטאָריער „באָארד אָוו דעפּיוטיס״, נאָר איך בין גראַד געווען אויף דער זיצונג, ווו זיבן מיטגלידער האָבן געשטיצט דעם דעפּוטאַט און דרייסיק זענען געווען קעגן...

דאָס באַווייזט, אַז די גרופּע פּאַרעקשנטע ציון־קעגנער איז נאָך געווען שטאַרק.

אַגב אַ קוריאָז: מיין רעדע ביים מיטאָג פון דעם פּאַראייניקטן קאַמפּיין האָב איך גראָד געהאַלטן אַ שעה נאָכדעם, ווי די אַראַבער און די יידן האָבן אָנ־גענומען דעם פיר וואָכעדיקן וואַפנשטילשטאַנד. איך האָב אָבער, מיטטיילנדיק וועגן דעם, אַ זאָג געטון: „איך בין צופרידן מיטצוטיילן, אַז די יידן און די ענגלענדער האָבן דערגרייכט אַ „טרוס״ אין ארץ־ישראל״...

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ וויץ, וועלכער איז אָנגענומען גע־וואָרן מיט אַן אַלגעמיינעם געלעכטער, אָבער ווען איך האָב געענדיקט, איז אויפ־געשטאַנען אַ זייער פיינער דזשענטלמאַן און אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג מיט אַן ערנסטער מינע, אַז דער פאַל אין פּאַלעסטינע באַציט זיך נישט צו די ענגלענ־דער, נאָר צו די אַראַבער. די רעאַקציע פון די אַנוועזנדע איז געווען — נאָך אַ גרעסערער געלעכטער...

**
*

דר. מאָריס לאַזאַרסאָן, דער פאָרשטייער פון „אָרט־אָזע״ און „וועלט־קאָנגרעס״ אין אויסטראַליע, בעט מיך איך זאָל באַזוכן זיין היים אין שטאָט גאָרדאָן, אייניקע צענדליק מייל פון סידנעי. איך נעם אָן מיט פאַרגעניגן די איינלאַדונג, כאָטש מיין צייט איז באַגרענעצט. איך ווייס אָבער, אַז דר. לאַזאַר־סאָן פאַרמאָגט אַ קאָלעקציע פון קונסטווערק און אויטאָגראַפן, וועלכע זענען איצט אַ גרויסע זעלטנהייט. ווייל איך זיי טאַקע באַטראַכטן.

דר. מ. לאַזאַרסאָן איז דער ברודער פון מיין פריינט און חבר, פּראָפעסאָר פון אינטערנאַציאָנאַלן רעכט מ. לאַזאַרסאָן אין קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט, אין ניו־יאָרק.

אויך ביי אים אין וווינונג אין ניו יאָרק האָב איך נישט לאַנג צוריק באַ־טראַכט אַ קאָלעקציע עלפאַנט־ביין מיניאַטורן און זעלטענע אייל־בילדער. די ליבע צו קונסט האָבן די ברידער געירשנט פון זייער פאָטער, אַן אָנגעזעענער תושב פון אַמאָל אַזוי קולטורעלן קורלאַנד.

אָבער דר. מ. לאַזאַרסאָן אין סידנעי האָט הינטער זיך אַ קאַריערע פון אַ גרויסן קונסט־עקספּערט, וועלכן דער ראַטנפאַרבאַנד האָט אין די ערשטע יאָרן פון סאָוויעטן רעזשים געשיקט אין אַ מיסיע איבער דער וועלט אין צוזאַמענ־האַנג מיט פינאַנציעל־אַרטיסטישע אָפּעראַציעס.

פון זיין מיסיע איז דר. לאַזאַרסאָן קיין מאָסקווע שוין קיינמאָל נישט צו־ריקגעקומען, דערפאַר אָבער איז אין די דרייסיקער יאָרן דערשינען זיין סענ־

סאַציאָנעלער בוך „אין דינסט פון די סאָוויעטן" אונטערן פּען־נאָמען לאַרסען, וועלכער איז איבערזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן און אַרויסגערופן אַ פּאַר־שטענדלעכן קאָנפליקט צווישן דעם שרייבער און זיינע געוועזענע באַלעבאַטים. שפּעטער האָט ער געוואַנדערט אַרום דער גאַנצער וועלט, פיל מאָל געווען אין געפאַר, געווען אַפילו זיכער, אַז די לאַנגע נקמה־האַנט וועט אים ערגעץ ווו דערגרייכן... איצט איז דאָס שוין אַלץ פאַרביי, שוין נישט מער אַקטועל.

וווינט ער אין זיין קליין נעאַפּאָל־סטיל הייזל אין מאָלערישן שטעטל גאָר־דאָן אין שכנות מיט דער שטילער קירכע פון זעלבן סטיל, ווו עס פּרעדיקט דער ריינסטער און שענסטער גייסט פון אויסטראַליע: דער בישאָפּ ס. ווען־פּיל־טשער, אַט יענער אַלטיטשקער וווּנדערבאַרער יידן־פריינט, וואָס רופט זיך אָפּ אויף יעדן ווייטיק פון אונדזער פאָלק און אויף יעדער עולה, וואָס געשעט אי־מיצן אין דער גאַנצער וועלט. איך האָב מיט אייניקע טעג צוריק אין מעלבורן געהאַט דעם ווירקלעך גרויסן כבוד אַרויסטרעטן מיטן בישאָפּ פּילטשער אויף דער פאַרזאַמלונג געווידמעט דער יידישער מלוכה פאַר אַן עולם פון פינף טויזנט יידן. זיין שטימע האָט געציטערט פון טרערן, ווען ער האָט געבענטשט דעם אַלטן ישראל אין זיינע יונגע מלוכה־בגדים.

דער בישאָפּ און דר. לאַזאַרסאָן זענען נישט נאָר שכנים, נאָר אויך נאָענ־טע פריינט און אין די שטילע טעג צווישן די שאָטנדיקע ציפּריסן און באַשאָ־טענע מיט בלומען־בייטן גערטנער שפּאַצירן זיי געאַרעמט און שמועסן וועגן וועלטן פון אידעאַלן אויסגעשפּינט ערגעץ ווו אין די הימלען...

עס איז מיר אַזוי גוט געווען אין דער שטילקייט פון קאַבינעט בלעטערן דעם באַרימטן אַלבום פון „שמות", וועלכער איז מיט יאָרן צוריק צונויפגע־זאַמלט געוואָרן דורכן באַראָן דוד גינצבורג אין פּעטערבורג פון די קאָלעקציעס פון עטוואָס פאַרנעפּלטן בולגאַרישן ייד פירקאָוויטש. ער פלעגט פאָרן אַרום דער מזרח־וועלט, ־ייך „ראָיען" און גריבלען אין די שמות פון די „גניזהס" אין מצרים, אין אַראַביען, אין מאַראָקאָ און פון דאָרט אַרויסגעצויגן האַלב־פאַרניכ־טעטע, אָפטמאָל צ־געברענטע אַרטיסטיש אילומינירטע בלעטער פון אַמאָליקע תנ"כן, סידורים און אַנדערע מיט האַנט געשריבענע ספרים.

באַראָן דוד גינצבורג צוזאַמען מיטן באַרימטן געלערנטן וולאַדימיר סטאַ־סאָוו האָבן אָפּגעקויפט אַ באַדייטנדן טייל פון אַנטדעקטן מאַטעריאַל און גע־העריק סאָרטירט און קאָמענטירט. איצטער בלעטער איך די שווערע גרויסע זייטן מיט די שיר־השירים פּסוקים, קהלת־אַפאָריזמען, מיט די „שויתיות" אין די שולן ערגעץ אין תימן אָדער אַדען. וואָס פאַר אַ רייכקייט פון קאָלירן, וואָס פאַר אַ פאַנטאַזיע אין די געפלאָכטענע וויניעטן, צוזאַמענגעשטעלט פון אותיות;

א ים מיט גימטריאות, א שלל פון גאָלד־בליע פארבן, א גרוס פון יידישער שאַ־פונג מיט טויזנט און מער יאָרן צוריק.

די קאָלעקציע וועט אין גיכן אריבערגיין אין מוזיי פון סידנעי, ווו אויך אנ־דערע וועלן באוואונדערן די אנטוויקלונג פון קונסט ביי יידן אין די צייטן, ווען מיר און די אראבער האָבן צוזאמען געבויט די גאָלדענע עפּאָכע פון ליטעראטור, וויסנשאפט און פּאָעזיע. לאָמיר האָפן, אז ווען דער איצטיקער בלוטיקער קאָש־מאַר וועט זיך צעגיין, וועט ווידער אויפשיינען די זון פון יענער ליכטיקער יידיש־אראבישער צוזאמענלעבונג.

און נאכהער ווייזט מיר דר. לאזארסאָן זיין טייערסטן אוצר, א בוך מיט אויטאָגראפן, ווו די פירנדע פערזענלעכקייטן פון די לעצטע דריי צענדליק יאָר האָבן פערזענלעך איינגעשריבן זייערע באמערקונגען און מיינונגען.

איך בלעטערט דעם בוך און איך פארשטייט, וויפיל צייט און געדולד מען האָט געדארפט באזיצן, כדי פאראייניקן אויף די פּאָר הונדערט זייטן פּראָפעסאָר איינשטיין און דעם כינעזישן דיפּלאָמאט לי־קו; דעם אמעריקאנער קעלאָג און דעם יאפּאַנעזער מאטסואָקאָ.

וויל איך טאקע וויסן, וואָס די פון זיי, וועמען עס איז אָנפארטרויט גע־וואָרן דער גורל פון דער וועלט, האָבן געשריבן לאַנג פאַר דעם לעצטן מלחמה אויסברוך.

אָט וואָס עס שרייבט דעם 30סטן נאָוועמבער 1932 דער יאפּאנעזער מלוכה־מאַן ווי מאטסואָקאָ, דער זעלבער, וועלכער איז געווען אין וואשינגטאָן דער ספּעציעלער דעלעגאט פון טאָקיאָ אין די טעג פון פּוירל־הארבאָר:

„די מאנדזשוריען פּראָבלעם איז א פראגע פון טויט אָדער לעבן פאַר יאַ־פּאַן... גאָט אליין וועט אונדז משפּטן; מיר שטייען פאַר אים און נאָר פאַר גאָט האָבן מיר מורא... מיר האָפן גאַרנישט, אז פּאַר אונדזערע זינד וועט מען אונדז שיקן אין גן־עדן. מיר ווייסן, אז אויב א זינד גיט זיך נישט איין, דארפן מיר זיין גרייט צו גיין אין גיהנום..."

אָט די העכסט נביאישע ווערטער זענען געשריבן געוואָרן דרייצן יאָר פריער, איידער די אטאָם־באָמבעס האָבן אַנטדעקט די סודות פון גיהנום אין היר־ראָשימאַ און נאגאסאקי.

פערצן טעג פאַר זיין טויט (27סטן אָקטאָבער 1934) האָט דער דינאמי־שער קוריר־געוויקסיקער פראנצויזישער אויסערן־מיניסטער לואיס בארטו אריינ־געשריבן פאַר לאזארסאָנען פאָלגענדע ווערטער:

„פראנקרייך, דאָס מיינט נאָר שלום".

בארטו, וואָס האָט צוזאמען מיט קלעמאנסאָ און פּואנקארע געוווּנען דעם

ערשטן וועלט־קריג, האָט געוווּסט, ווי נישט צו דערלאָזן, אַז דייטשלאַנד זאָל זיך באַוואָפּענען פאַר אַ קריג. פאַשיסטישע אַגענטן האָבן דאָן אים און דעם יו־גאָסלאַווישן קעניג אַלעקסאַנדער געטויט מיט אַ באָמבע אין מאַרסעל. זיינע יור־שים זענען שוין געווען די צעקראָכענע פּלאַנדענס און דאַלאַדיעס פון קאַפּיטו־לירטן פּאַריז.

דאָ קומט אַן אויפשריפט פון גראַף אַפּאָני, דעם אונגארישן אַכציק־יאָריקן דיפּלאָמאַט, וועלכער איז געווען, לויט זיין דערקלערונג, דער לעצטער לעבעדי־קער מענטש, וואָס האָט געטאַנצט מיט דער בילד־שיינער קייזערין יעווגעניאַ, די פרוי פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן.

גראַף אַפּאָני שרייבט: „עס זענען פאַראַן גרויסע און קליינע פעלקער; זייער מאַכט איז פאַרשידן, אָבער זייער זעלבסט־באַוווּסטזיין און שטאָלץ זענען גלייך, ווייל ערנהאַפטיקייט האָט נישט קיין מאָס”.

און דאָ קומט פאָלגענדע סענסאַציאָנעלע אויפשריפט פון דעם געוו. טשע־כאָסלאָוואַקישן פּרעזידענט עדואַרד בענעש:

„איך פאַל קיינמאָל נישט אַריין אין יאוש, אַפילו אין מאָמענטן, ווען עס דוכט זיך, אַז זיי זענען קאַטאַסטראָפאַל”. דאָס איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1932, אין אַ גליקלעכער צייט פאַר זיין רעפּובליק.

נאָכהער האַלט איך אין די הענט דעם שטעמפּל וואָס האָט געטראָגן צו־געבונדן צו זיין גאַרטל אַ מלך פון די חיתים מיט דריי טויזנט פינף הונדערט יאָר צוריק: דער מלך זיצט אויף זיין טראָן, קנעכט מיט פעכערס באַשיצן אים פון היץ; אַ פּרעמדער אַמבאַסאַדאָר דערלאַנגט זיינע „קרעדענציאַלן” אין דער פאָרם פון אַ פּאַפּירוס. און אַלץ איז מיט גרויס קונסט אויסגעקריצט אויפן העל־פאַנט־ביין מיט איבערראשנדע מיקראָסקאָפּישע דעטאַלן. עס גיט אַ בלאָז אַ ווינטל פון יענע צייטן, ווען ישראל האָט זיך געקליבן אַרויסגיין פון מצרים און גיין אין צוגעזאָגטן לאַנד, וווּ דער חיתי צוזאַמען מיטן כנעני, יבוסי און גרגשי האָבן זיך ברייטלעך פונאַנדערגעלייגט.

ווו זענען די מלכים די דעמאָלסטדיקע מיט זייערע חתימות? איינער פון די שטעמפּלען איז אין באַזיץ פון דר. לאַזאַרסאָן אין אויסטראַליע, נו, און יש־ראל איז ווידער דאָרט, ווו גאָט האָט צוגעזאָגט: אין ארץ ישראל.

ד״ר ח. שאשקעס

XII

# קאַנבערא – די הויפּטשטאָט פון אויסטראַליע

איך האָב דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון סידנעי, אונטערגעשריבן פון סאָל סיימאָנדס, דעם פּרעזידענט פון אויסטראַליער „באָרד אָוו דעפּיוטיס".

ער טיילט מיר מיט, אַז די אונטערהאַנדלונגען מיט דער אויסטראַלישער רעגירונג וועגן אימיגראַציע־ענינים זענען באַשטימט געוואָרן אין דער געביידע פון פּאַרלאַמענט אין קאַנבערא, און דאָרטן וועלן מיר זיך ביידע באַגעגענען: סיימאָנדס וועט קומען צופליען פון סידנעי, און איך — פון מעלבורן. די נייע אויסטראַליער הויפּטשטאָט קאַנבערא, ליגט אויפן וועג צווישן ביידע גרויסע שטעט.

קאַנבערא איז איינע פון די נייעסטע און אָריגינעלסטע הויפּטשטעט אין דער וועלט, וועגן וועלכער איך האָב געהערט און געלעזן. און אַז עס מאַכט זיך דאָ אַ געלעגנהייט צו פאַראייניקן דאָס נוצלעכע מיט דעם אָנגענעמען — מוז מען גרייט זיין ווידער צו ציטערן פון קעלט אין אַ פּראַסטיקן פרימאָרגן.

***

מיר לאַנדן נעבן אַ הילצערנער „בודע" אין אַ טאָל צווישן באַוואַלדעטע בערג: דאָס איז דער צייטווייליקער פלי־פּאָרט פון קאַנבערא. פון דאַנען ביז דער שטאָט איז פינף מייל, וועלכע מען מאַכט דורך אין אַן אויטאָבוס. מיר קומען צו אַ פּונקט, וווּ עס שטייען צוויי הייזער מיט קראָמען און רעסטאָראַנען. מער נישט. אַרום ווידער — בערגלעך און וועלדער. דאָ איז דער „שאַפּינג־צענטער" פון דער נייער שטאָט וואָס באַשטייט פון אייניקע אַזעלכע צענטערס, וועלכע וועלן לויטן פּלאַן אין פאַרלויף פון יאָרן פאַראייניקט ווערן דורך פאַרבויטע גאַסן. דערווייל אָבער זענען פאַראַן נאָר די דורכגעהאַקטע אַספאַלטירטע אַלייען דורך אַ פּרעכטיקער ווילדערניש פון ביימער און בערגלעך.

אונדזער באַגעגעניש מיט סאָל סיימאָנדס איז באַשטימט אין אַ האָטעל, אין אַ צווייטן טייל פון דער פּלאַנירטער שטאָט, אַרום דריי מייל פון פּלאַץ, וווּ איך געפין זיך איצט. ווייל איך אַרויסרופן אַ טאַקסי, כדי מען זאָל מיך דאָרטן ברענגען, ענטפערט מען אָבער, אַז דאָס איז שווער אויסצופירן, ווייל אינגאַנצן באַזיצט די אויסטראַלישע הויפּטשטאָט 7 (זיבן) טאַקסיס און זיי זענען איצט

פארנומען מיט פירן די דעפּוטאַטן פון פעדעראַלן פּאַרלאַמענט, וועלכער האַלט היינט אַפּ זיינע זיצונגען. אזוי ווי קיין באַגאַזש האָב איך נישט (געקומען דאָ דאָך נאָר ביזן אָוונט און שפּעטער צוריק קיין מעלבורן), באַשליס איך די דריי מייל גיין צו פוס צום האָטעל, נאָכדעם, ווי מען דערקלערט מיר דעם וועג. און די אָנשטרענגונג איז ווערט געווען! שטעלט זיך פאָר אַ שפּאַציר איבער אַ הויפּט־שטאָט, ווו אין משך פון גאַנצן וועג האָב איך בוכשטעבלעך קיין איין מענטש נישט געטראָפן, אפילו קיין איין פּאָליציאַנט נישט געזען, און איך גיי דאָך דורך „גאַסן", וועלכע טראָגן נעמען פון באַקאַנטע פּאָליטיקער און דיכטער.

**
*

קאַנבערא איז פאַרטראַכט געוואָרן מיט די זעלבע ליניען און אידעען ווי וואַשינגטאָן: זי איז אַ הויפּטשטאָט, וועלכע געהערט נישט צו קיינע פון די זעקס שטאַטן, זי איז, ווי וואַשינגטאָן, אַ פעדעראַלער דיסטריקט.

מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז נאָך די רעגירונג געזעסן אין מעלבורן (שטאַט וויקטאָריא). צו דער גרויסער קנאה פון די איבעריקע פינף שטאַטן האָט מען אין יאָר 1927 אויסגעקליבן אַ שטח באַוואַלדעטן לאַנד אין אַ בערגיקער און קילער געגנט צווישן סידנעי און מעלבורן, און באַשלאָסן, אַז דאָ וועט מען אויפבויען די הויפּטשטאָט, דאָ וועט די פעדעראַלע רעגירונג, דער פעדעראַלער פּאַרלאַמענט, דאָ וועט אַנטוויקלט ווערן דער גרעסטער אוניווערזיטעט, די קונסט גאַלערייען. דאָ וועט אויך דער דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס.

אָבער צוליבן קריג, ווען דאָס באַקומען די בוי־מאַטעריאַלן און פינאַנציעלע מיטלען איז געוואָרן זייער שווער, האָט זיך דער גראַנדיעזער פּראָיעקט שטאַרק פאַרלאַנגזאַמט. מען האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט פאַרענדיקן די עטלעכע מאָנומענטאַלע געביידעס פון דער רעגירונג און די הייזער פּאַלאַצלעך פון די העכערע באַאַמטע און דיפּלאָמאַטן; אָבער דורך דעם איז די שטאָט נאָך זייער צעוואָרפן (אויף אַ שטח פון זעכצן קוואַדראַט מיילן) און די באַזונדערע שוין אויסגעבויטע צענטערן זענען פאַראייניקט דורך נישט־עקזיסטירנדיקע גאַסן, וועלכע זעען אויס ווי אַלייען צווישן פעלד און וואַלד.

די שטאָט פאַרמאָגט נאָר פופצן טויזנט איינוווינער, כמעט אַלע רעגירונגס־באַאַמטע און זייערע פאַמיליעס, און איצט, אין די פרימאָרגן שעהען, ווען איך שפּריי אַן איינזאַמער צווישן דער וואַלדיקער שטילקייט פון אַ הויפּט־שטאָט, זענען אַלע דערוואַקסענע אין די ביוראָס און די קינדער אין די שולן, דעריבער זע איך קיינעם נישט...

פון צייט צו צייט לויפט דורך אַ גלאַנצנדיקער אויטאָמאָביל (כמעט יעדע

פאמיליע פארמאגט איינעם), און ווידער בלייב איך אליין מיט דער נאטור.

אט גיי איך דורך א בערגל מיט סאסנעס; זיי שמעקן מיט סמאלע און דערמאנען מיר פיינלעך אזעלכעביימער און אזעלכע שפאצירן אין אטוואצק נעבן ווארשע אדער אין מחיהדיקן זאקאפאנע אין די קארפאטן בערג. ווו גייט מען ווייטער? אויפן קרייץ־וועג איז צוגעקלאפט א ברעטל מיט אויפשריפטן: רעכטס — דער וועג צום אוניווערסיטעט און שפיטאל; לינקס — צום פארלאמענט און די רעגירונגס געביידעס. אין דער גלייכער ריכטונג — דער וועג צום האטעל און טעאטער. גיי איך ווידער דורך עאוקאליפטוס וועלדלעך, וועלכע שמעקן מיט אזא טערפענטין ריח, וואס פארשיכורט מיט זיין שארפקייט. צווישן די ביימער וואקסן, ווי א געדיכטער פלויט נידעריקע געדיכטע קוסטעס מיט רויטע קאלינעס באדעקט, זיי זעען אויס אזוי היימיש, די דאזיקע הארטע רויטע „יאגדעס", וועלכע דערמאנען אן די שטעטלעך פון ווייס רוסלאנד און אוקראינע און הארבסטיקע טעג. אבער, ווי ווייט איך בין פון דארטן איצט, — דא אין לאנד פון די קענגוראס, וואס דוכט זיך אז אט־אט שפרינגט איינע פון זיי ארויס פון צווישן די ביימער אויף אירע לאנגע הינטערשטע פיס מיטן קינדעלע און אפענעם זעקל פון איר בויך.

איך זע פאר מיין איינזאמען שפאציר איבער די „גאסן" פון דער הויפטשטאט. דערווייל גיי איך איבער א הילצערנער בריק וואס ליגט אין א טאל צווישן ווילד־באוואקסענע בערג.

שפעטער מיט א פאר יאר וועט דא שטיין א שטאלצער גראניט־בויגן פון אן אייזן־בעטאן בריק, וועלכער, לויטן פלאן, וועט ענלעך זיין צום בארימטן בריק אין סידנעי. און שפעטער וועלן אויך ביימער אויסגעהאקט ווערן און באקוועמע הייזער וועלן זיך באווייזן אין די שאטנס פון די איבערגעבליבענע סאסנעס און ציפריסן.

אבער איצט געניס איך פון דער זשומענדיקער שטילקייט אין דער דאזיקער אידעאלער שטאט פון דער צוקונפט.

**
*

א, א! א מענטש גייט! ווירקלעך א וואונדער! האט איר עפעס געהערט? איך באגעגן א מענטש אינמיטן טאג אין דער הויפטשטאט, ווען אלע דארפן גאר זיין ביי דער ארבעט. און דער מענטש — א גערטנער אין א פארטוך מיט א לאפעטע און א שפריץ־מאשין פאר בלומען, — אינפארמירט מיך, אז אינגאנצן א צוויי הונדערט יארד פון דאנען איז מיין געזוכטער האטעל, און דא אויף רעכטס איז דער אלבערט האל, — דער טעאטער, הייסט דאס. דער אלבערט האל

אין לאָנדאָן נעמט אַרײַן אײניקע צענדליק טויזנט מענטשן פֿאַר אַמאָל, אָבער דאָ אין קאַנבעראַ, זע איך דערווײַל קײנעם נישט און אַז זײ קומען זיך צו־נויף בעת אַ פֿאָרשטעלונג צײלט מען אָן אפֿשר גאַנצע דרײַ הונדערט. אָבער דאָך איז דאָס אַלבערט האָל, און אויך דער נאָמען פֿון האָטעל קלינגט כּמעט ווי פֿון זײַן גרויסן צעלאָזענעם ברודער אין לאָנדאָן.

אין וואַרט־זאַל פֿון באַקוועמען אײן־שטאָקיקן האָטעל איז נאָך קײנער נישטאָ. עס איז שטיל און פֿײַערלעך, ווי אין אַ סאַנאַטאָריום פֿאַר שווערע לונ־גען־קראַנקע. אָט שלײַכט זיך דורך אַ געלער געוויקסיקער און אויסגעמאָגער־טער אויסטראַליער — ער איז דער דירעקטאָר פֿון האָטעל, און אָט קײַקלט זיך אַרויס פֿון לעזע־זאַל ווו עס ברענט פֿריש האָלץ אין די קאַמינען, אַ דיקע, שווע־רע פֿרוי מיט אַן ערנסט געזיכט. נײן, זי איז געוויס נישט קײן לונגען לײַדנדע, — אָבער מסתּם איז זי דאָ געקומען צוליב דער געשמאַקער, באַרימטער אין גאַנץ אויסטראַליע קיך, מען גיט דאָ גוט עסן.

אין אײניקע מינוטן אַרום קומט אויך אָן מײַן פֿרײַנט פֿון סידני, סאַל סיימאָנדס, מיט וועלכן מיר דאַרפֿן באַלד פֿאָרן צום פּאַרלאַמענט און זיך באַ־געגענען מיט די מיניסטאָרן דר. עוואַט (אויסערלעכע אָנגעלעגנהײטן) און קאָל־וועל (אימיגראַציע).

נאָכן טײ אין דער נישט־געשטערטער פֿײַערלעכער שטילקײט פֿון האָטעל קומט צופֿאָרן אײנער פֿון די זיבן טאַקסי־אויטאָמאָבילן, וועלכע צירקולירן אין דער הויפּטשטאָט. מיר דינגען אים שוין אויף אַ פּאָר שעה, — כּדי נישט בלײַבן שטעקן ערגעץ אין אַ ביוראָ און זײַן גענויטיקט שפּעטער זיך שלעפּן מײַלן־ווײַט צו פֿוס, — ווי איך האָב דאָס נאָר וואָס דורכגעמאַכט, מער צוליב פֿאַר־געניגן ווי צוליב נויטווענדיקײט. איך האָב דאָך געקענט וואַרטן אַ שעה־צווײ אויף אַ פּרײַער טאַקסי.

דער פֿעדעראַלער פּאַרלאַמענט אין קאַנבעראַ איז אַ מאָנומענטאַלע ווײַסע געבײַדע מיט ברײטע מאַרמאָר־טרעפּ, וועלכע הײבן זיך צו די גאַסט־פֿרײַנט־לעכע אין גריכישן סטיל געבויטע סלופּעס אַרום פּאַרגלאָזטע טירן. איך זע גלײַך אַז סאַל סיימאָנדס, דער פּרעזידענט פֿון אויסטראַליער ײדישער באָאַרד אָװ דעפּיוטיס איז דאָ אַן אָנגעלײגטער גאַסט. עס קומט אונדז אַנטקעגן דער דירעק־טאָר פֿון פּאַרלאַמענט־ביוראָ און מיר ווערן אַרײַנגעפֿירט נישט אויף דער גאַ־לעריע פֿאַרן פּובליקום, נאָר אונטן אין זיצונגס־זאַל, ווו מיר באַקומען פּלעצער גלײַך הינטער די דעפּוטאַטן־שטולן, ווו עס זיצן די צווײ סעקרעטאָרן אין ווײַ־סע ווײַסע שײטלען מיט די לאַנגע צעפּ און אין רוימישע טאָגעס פֿאַרוויקלט.

עס שמעקט מיט דעם צערעמאָניאַל פֿון דעם וועסטמינסטער הויז אין לאָנדאָן.

ד״ר ח. שאשקעס

## XIII

# אימיגראַציע־פּראָבלעמען אין אויסטראַליע

מיר קומען גראַד אַריין אינמיטן פון דער דעבאַטע איבער אַן אָנפראַגע וואָס אַן אָפּאָזיציע־דעפּוטאַט האָט געשטעלט דעם אימיגראַציע מיניסטער קאָלוועל, פאַרוואָס מען לאָזט אַריין אויסלענדישע דאָקטוירים.

דער מיניסטער ענטפערט, אַז קיינער פון די דיפּלאָמירטע מעדיקער באַקומט דאָך נישט קיין אַרבעט, איידער ער גייט דורך נאָך אַמאָל אַ קורס וואָס דויערט אַ פּאָר יאָר, און אין צווישנצייט פאַרנעמען זיי זיך אָפט מיט שוואַרצער אַרבעט. ער דערמאָנט דעם האַרטן אויסטראַלישן כּלל פאַר נייע אימיגראַנטן: יעדער פון זיי מוז אַרבעטן צוויי יאָר אין פאַך, וועלכן ער האָט אָנגעגעבן, בעת ער האָט געבעטן אַ וויזע. וואָלט עמעצער געבעטן די וויזע אַלס דאָקטאָר, אָדער אַדוואָקאַט, אָדער אַרטיסט, וואָלט ער זי וואַרשיינלעך נישט באַקומען.

קאָלוועל ווייזט אָן אויפן פאַקט איבער וועלכן עס האָבן זיך דעם טאָג צעשריגן די צייטונגען: אַ לעטיש־קריסטלעכע אימיגראַנטקע וואָס איז דאָ אָנגעקומען אַלס דינסט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אָפּערא־סאָפּראַנאָ פון ערשטן קלאַס. די היגע טעאַטערן ווילן זי אַנגאַזשירן, אָבער ער וועט דאָס בשום אופן נישט דערלויבן. זי וועט צוויי יאָר מוזן אַרבעטן אַלס אַ הויז־אַרויסהעלפערין, אויב ער וועט מאַכן אַפילו איין אויסנאַם, וועט דאָס איבערקערן זיין גאַנצע פּאָליטיק.

איך האָב פון זיין תשובה פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון אָט דעם פּונקט פאַר די נייע יידישע אימיגראַנטן. זיי באַקומען געוועגלעך אַן אויסטראַלישע וויזע גיכער, ווען זיי גיבן זיך אָן אַלס פאַך־אַרבעטער, אָבער גאַנץ שנעל וואַרפט מען זיך אַריבער אויף האַנדל אָדער פאַבריקאַט. אויב זיי טוען דאָס איידער עס ענדיקן זיך זייערע ערשטע צוויי יאָר אין לאַנד, — וועט מען זיי דעפּאָרטירן צוריק קיין אייראָפּע.

שפּעטער אין אונדזער לענגערן געשפּרעך מיטן מיניסטער, — אַ געשפּרעך וועלכן ער האָט בפירוש פאַרווערט פּובליקירן (אויך אין אויסטראַליע איז פריינטלעכקייט צו יידישער אימיגראַציע דער בעסטער מיטל אַז נישט נאָר דער מיניסטער, נאָר די גאַנצע רעגירונג ווערט גענומען אין פייער פון קריטיק...), איז מיר אָבער דאָך קלאָר געוואָרן, אַז אויסטראַליע זוכט מיט ליכט צאָלרייכע, פּראָ־

דוקטיווע אימיגראַנטן. אויך פאַר יידן זענען פאַראַן אויסזיכטן, אויב נאָר די יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט צוקלייבן די קאַנדי־דאַטן אין די אייראָפּעאישע לאַגערן, וועלן צושטעלן צעטלעך מיט ווירקלעכע פּאַכלייט, דאַן עפענען זיך די שאַנסן אפילו פאַר טויזנטער.

איך באַטראַכט דעם אויסגעמאַטערטן, דאַר־אויסגעצויגענעם אויסטראַלישן פּרעמיער טשיפליי, ווי ער גיט די תשובות אויף די אינטערפּעלאַציעס פון דער אַטאַקירנדער אָפּאָזיציע. ער זעט אויס ווי אַ פאָלקס־לערער אין אַ קלאַס פון צע־הוליעטע שילער, מיט וועלכע ער קען זיך קיין עצה נישט געבן. עס העלפט אים אַרויס דער אויסערן מיניסטער דר. עוואַט, — דער באַלעבאַטיש אויסזעענדי־קער געלערנטער מיט דעם שיינעם גרוי־לאָקענדיקן קאָפּ.

די גאַנצע אַרבעטער רעגירונג האָט געליטן אַ מפּלה: דאָס פאָלק האָט אין אַ רעפערענדום אַרויסגעזאָגט זיך קעגן דעם, אַז די פּרייזן אויף לעבנס־אַרטיקלען און דירה־געלט זאָלן נאָך אַלץ קאָנטראָלירט ווערן דורך דער צענטראַלער רעגי־רונג. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די רעגירונג האָט געפירט אַ שטאַרקע אויפ־קלערונגס אַרבעט, אַז דער יקרות וועט שטאַרק שטייגן, — אויב מען וועט אָפּ־לאָזן דעם קאָנטראָל פון פּרייזן, — איז דער ענטפער פון פאָלק געווען קעגן דער רעגירונג. די ליבעראַלע אָפּאָזיציע (די רעכטע) האָט געאַרבעט מיט אַ קעגן פּראָפּאַגאַנדע, אַז די קאָנטראָל־פּאָליטיק שטערט דער אַנטוויקלונג פון דער ווירטשאַפט אין לאַנד, — און דאָס פאָלק האָט מיט אַ גרויסער מערהייט איינ־געשטימט מיט דער אָפּאָזיציע.

***

מיר טרינקען טיי מיטן מיניסטער דר. עוואַט אין פּאַרלאַמענטס בופעט. מיר קענען אַלע עוואַטן, אַז ער איז אַ גרויסער פריינט פון יידן, אַלס דעם וואָס האָט אַזוי פיל מיטגעהאָלפן דאָס אָנערקענען די יידישע מלוכה.

מיט דער איינפאַכקייט פון אַ ליבלעך־דעמאָקראַטישן גאַסט־געבער פירט אונדז דר. עוואַט אַליין אַרום איבער דער בילדער־גאַלעריע פון דער פּאַרלאַמענט געביידע, וווּ עס הענגען גרויסע קונסט־ווערק, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט דער יונגער געשיכטע פון אויסטראַליע.

מיר פאַרהאַלטן זיך עטוואָס לענגער ביי צוויי בילדער: פון די גאָלדענע ראַ־מען קוקן אויף אונדז אַרויס די געזיכטער פון די שווין פאַרשטאָרבענע גרויסע מלוכה פירער פון אויסטראַליע: דער געוועזענער גענעראַל־גובערנאַטאָר איזאַק אייזיקס און דער קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי גענעראַל דזשאָן מאָנאַש.

אייזיקס אין זיין פּורפּור־קליידונג פון העכסטן מאַכט־טרעגער אין אויס־

טראַליע (גענעראַל־גובערנאַטאָר ביזן יאָר 1935, געשטאָרבן אין עלטער פון 94 יאָר) און גענעראַל מאָנאַש, — דער העלד פון ערשטן וועלט־קריג — באַדעקט מיט די העכסטע אויסצייכענונגען פון דער אימפּעריע אויף זיין מונדיר.

אַ דאַנק זיי איז אויסטראַליע אַרויס פון איר וויטער פּראָווינציעלער אַנ־זאָלירטקייט און מיט יוגנט און טעמפּעראַמענט פּלוצלינג אַריינגעשפּרונגען אַלס אַ וואַגיקער מיטגליד אין דער משפּחה פון פעלקער.

ביידע שיינען זיי איצט אַרויס מיט זייערע קלוגע יידישע אויגן, ווי זיי וואָלטן אונדז פרעגן: „איז דאָס טאַקע אמת, אַז ענגלאַנד שטעכט אַריין אַ מע־סער אין רוקן אונדזערע ברידער, די קינדער פון ישראל?״

איך גלויב אַז אויך דר. עוואַט פאַרשטייט אונדזערע געפילן, ווען מיר זאָפן איין אין זיך דעם בליק פון די פרעגנדיקע אויגן פון די ביידע מלוכה־מענער וואָס האָבן מיטגעהאָלפן אין גרויס מאַכן די ענגלישע אימפּעריע.

און גענעראַל מאָנאַש איז דאָך ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן געווען אַ הייסער ציוניסט...

***

באַקומען היינט אַ בריוו פון פּאַריז, פון דעם „האַיאַס״ גענעראַל דירעקטאָר דאָרט, אַז אין די יידישע לאַגערן פאַר אויסגעוואָרצלטע פּערזאָנען אין אייראָ־פּע האָט די אויסטראַלישע מיסיע נישט געמאָלדן וועגן זייער ספּעציעלן און אָריגינעלן עמיגראַציע פּראָיעקט. מען האָט אויסגעהאַנגען מעלדונגען אין די לאַ־גערן פון די באַלטישע פעלקער, פון די פּאָליאַקן; אויך דייטשן טומלען זיך עפּעס וועגן די נייע מעגלעכקייטן צו פאָרן קיין אויסטראַליע, אָבער — די יידן ווייסן פון גאָרנישט...

באַשלאָס איך ווידער אַמאָל צו זען דעם אימיגראַציע־מיניסטער אַרטור קאָלוועל און אינטערפּעלירן אים וועגן ענין.

אַזוי ווי איך האַלט זיך ביים כלל, אַז אַ גאַסט טאָר נישט מאַכן קיין פּאָ־ליטישע שריט אין אַ לאַנד אָן די אָרטיקע פירער, מעלד איך דעם פּרעזידענט פון „באָאַרד אָוו דעפּיוטיס״, סאָל סיימאָנדס, וועלכער וווינט אין סידני, אַז מען דאַרף ווידער צוזאַמען אָננעמען שריט ביי דער רעגירונג. געוועהלט בעט סיימאָנדס די אוידיענץ און נאָכהער דאַרפן מיר זיך ביידע טרעפן אין איינער פון די דריי שטעט: סידני, מעלבורן אָדער קאַנבעראַ.

דאָס מאָל איז דער מיניסטער אַרטור קאָלוועל אין מעלבורן, וווּ ער וווינט שטענדיק מיט דער פאַמיליע. עס האָט אים אַן אומגליק געטראָפן. זיין איינציק

יינגעלע פון עלף יאר. האלט ביים שטארבן פון בלוט־ארימקייט און דער פאטער טרעט נישט אפ פון בעט.

גראד איצט קומען פאר די זיצונגען פון פעדעראלן פארלאמענט אין קאנבערא, ווו די רעכטע אפאזיציע־דעפוטאטן פארווארפן דעם אימיגראציע־מיניסטער מיט „קיצלדיקע" פראגן: וועגן דעם וואס מען האט אין לאנד אריינגעלאזט כינעזישע פרויען פון אויסטראלישע מענער; וועגן דעמאנסטראציעס פון מאלאיער אין סינגאפור, וואס מען פארמאכט פאר זיי די טירן פון אויסטראלישן לאנד און וועגן „סוחרימלעך" פון אייראפע (לייען: יידן), וועלכע „פארפלייצן" די מארקן און מאכן טייערער דאס לעבן"...

אבער אויף אלע אינטערפעלאציעס ענטפערט דער פרעמיער־מיניסטער טשיפליי, ווייל זיין רעכטע האנט, קאלוועל, זיצט טעג און נעכט ביים קראנקן בעט פון זיין איינציק קינד, וואס שטארבט לאנגזאם אפ...

אונדז נעמט ער אויף אין זיין פיינעם עס־צימער אין שכנות פון קראנקן קינד. דער מיניסטער איז זייער באפריינדעט מיט די יידישע עמיגראציע־טוער דא, סאל סיימאנדס און לעא פינק, און ער וועט נישט אפזאגן א ביטע וועגן אן אוידיענץ אפילו בעת אזא פערזענלעכן אומגליק.

און עס איז געווען עטוואס טראגישעס אין אונדזער געשפרעך וועגן ווייטע, פרעמדע, פאראומגליקטע אין די לאגערן, אין אנבליק פון מלאך המות, וועלכער טשאטעוועט אויפן קינד פון דעם מיניסטער, וואס האלט אין זיינע הענט די שליסלען פון אויסטראליע.

מיר רעדן וועגן די הונדערטער טויזנטער קינדער, וואס זענען פארברענט געווארן דורך די נאצים. דא וויניקסטנס ליגט א יינגעלע, וואס ווערט אויסגעלאשן ווי א ליכט אין די ארעמס פון ליבנדע טאטע מאמע... כאטש עס איז א קנאפער טרייסט. מען האט נאר וואס גערעדט דורכן טעלעפאן מיט א בארימטן ניו־יארקער פראפעסאר, וועלכער האט עפעס געגעבן א שטיקל האפענונג, ארויסשיקנדיק דורך לופט־פאסט א נייע מעדיצין... דער מיניסטער קוקט מיר אריין אין די אויגן מיט באהאלטענע שרעק, ווייל איך וויים דאך, ווער דער פראפעסאר איז אין ניו־יארק, מיין איך טאקע, אז ער איז בכוח צו העלפן? זיינע צעשויבערטע בלאנדע האר, זיין עטוואס אויסגעקרימט מויל זאגן עדות וועגן נישט דערשלאפענע נעכט און ליידן אן א סוף.

אבער ער באהערשט זיך: זאלן מיר ארויסלייגן אונדזערע טענות, ער וויל הערן. דערצייל איך, אז מען מיידט אויס אין די דייטשע לאגערן צו ווערבירן יידן אויף ארבעט קיין אויסטראליע, אז אייגנטלעך איז קיין איין ייד נישטא אויפן צעטל...

אין דער אטמאָספער פון ליידן, וואָס הערשט אין דער שטוב, ווערט פאַר־שטענדלעך דער קרעכץ, וואָס גייט אַרויס פון מיינע ווערטער: היתכן, מיניס־טער? איר זענט דאָך א לייבאָר־פירער, א מיטגליד פון אן אַרבעטער רעגי־רונג.

ענטפערט קאָלוועל, אז ערשטנס, איז שווער צו גלויבן, אז זיין פאַרשטייער אין אייראָפּע, דער גענעראל גאלאגען, זאָל דיסקרימינירן, און צווייטנס, אפשר ווילן גאָרנישט די יידישע יונגע און געזונטע אַרבעטער אין די לאגערן קומען אַרבעטן אין די פּאַרוואָרפענע אויסטראַליער געגנטן. אמת, מען באַצאָלט זייערע רייזע־הוצאות פון אייראָפּע ביז די היגע פּאָרטן. מען האַלט זיי אין גוטע באַ־ראַקן מיט עסן און קליידונג: מען גיט זיי אפילו א פּאָר דאָלאַר א וואָך „טאַשן־געלט", ביז זיי לערנען זיך אויס דאָס פאַך און די ענגלישע שפּראַך. אָבער דער־פאַר מוזן זיי גאַנצע צוויי יאָר דינען דער מלוכה אין זעלבן פאַך; מעג איינער זיין א דאָקטער, אָדער אן אַרטיסט, מוז ער אַרבעטן די צוויי יאָר דאָרטן, וווּ די מלוכה הייסט אים. ערשט נאָכדעם קען ער פאָרן וווּ ער וויל, און טון וואָס אים געפעלט. קאָלוועל מיינט, אַז אַזעלכע יידישע אַרבעטער וועלן בעסער פאָרן קיין ארץ ישראל אפילו אונטער ערגערע באַדינגונגען, און אפשר דעריבער האָט זיין מיסיע אין אייראָפּע זיך נישט געווענדט צו יידן.

ענטפערן מיר, אַז אַזוי צי אַנדערש, טאָר מען נישט יידן אויסשליסן פון פאַרשלאַג, ווייל דאָס איז שוין דיסקרימינאַציע, און נאָכהער וועט מען זען, צי עס זענען פאַראַן פּריווילעגיע אויף פאָרן אַרבעטן פאַר דער מלוכה קיין אויס־טראַליע. אגב, דערצייל איך דעם מיניסטער, אז איך האָב אויפן אינדזל טאַס־מאַניע געזען און באַוווּנדערט די גראַנדיעזע עלעקטרישע פּראָיעקטן, וואָס ווערן אויסגעפירט מיט אָט דער דערמאָנטער אַרבעטס־סיסטעם.

קאָלוועל רופט אויס:

— „עס פעלן אונדז איצטער אין אויסטראַליע א פערטל מיליאָן אַרבעטס־הענט. וואָס נאָך פאַר א לאַנד אין דער וועלט קאָן זיך באַרימען, אַז אויפן צווייטן טאָג קאָן שוין יעדער אימיגראַנט פאַרדינען זיין ברויט מיטן לעבנס־מינימום, וואָס ווערט אַזוי שטאַרק קאָנטראָלירט דורך דער רעגירונג? פאַרגעסט נישט דערביי, אז אָט די אַלע אַרבעטער האָבן רעכט אביסל שפּעטער צו ברענגען דאָ זייערע נאָענטע, איינוואָרצלען זיך אין לאַנד, ווערן גוטע אויסטראַליער...

נאָך אַמאָל באַרירן מיר די פראַגן וועגן די געוועלנלעכע עמיגראַנטן, וואָס קומען אויף „פּערמיטן". זיי אונטערליגן שוין נישט קיין שום באַגרענעצונגען פון וווין־אָרט און אַרבעט, זיי מוזן באַצאָלן די רייזע־הוצאות און קרובים, אָדער־

די יידישע הילפס־געזעלשאַפט נעמט איבער די גאַראַנטיע פאַר זייערע דירות און אויפהאַלט.

איך האָב טאַקע געזען, ווי שנעל אַלע, וואָס ווילן אַרבעטן, באַקומען די מעגלעכקייט תיכף צו פאַרדינען זייער באַשיידן, כשר שטיקל ברויט. מערסטנ־טיילס הויבט מען אָן אַרום די פונאַנדערגעבויטע דורך יידן וואַרשטאַטן פון פאַרטיקע קליידער; אַנדערע נעמען אַרבעט אין שטוב. אַפילו אָן אַ ספּעציאַלי־טעט פאַרדינט מען אויף חיונה, און אויב מאַן און ווייב אַרבעטן שפּאָרט מען שנעל אָפּ אויף אַ דירה, אויף מעבל, מען אַרבעט זיך לאַנגזאַם אַרויף.

## XIV

# צווישן היימישע יידן

וואָלט איך נישט געווען אַליין אַ געבוירענער פון ביאַליסטאָק, וואָלט איך געקאָנט באַטראַכטן די מערקווירדיקע טעטיקייט פון די ביאַליסטאָקער אין מעל־בורן מיט מער קאַלטקייט. אָבער אַז מען האָט פאַרבראַכט די קינדהייט און פריסטע יוגנט אין אַ היימאַטס שטאָט, וואָס איז געווען אַ מוסטער פון אַ גע־זונטן יידישן קיבוץ פון תורה, אינדוסטריע און פרייהייטס־קאַמף, אַז דאָרט איז געשטאַנען די היים פון מיין וויג און אונטער צעשמעטערטע מצבות ליגן דאָרט טאַטע־מאַמע, קאָן מען שוין נישט איינפאַך באַשרייבן די פאַקטן און מענטשן: זיי ווערן אַרומגענומען און באַלויכטן מיט אַ ראָמאַנטישער נעץ פון ליבע און סענטימענט.

און אַז איר קומט אין ווייטן אויסטראַליע גראַד אין אַ טאָג, ווען די מעל־בורנער לאַנדסלייט אייערע טרעפן זיך אויף זייער יערלעכער פאַרזאַמלונג און מען ברענגט אייך צו אַ הויז, אויף וועלכן עס קוקן מיט קנאה אַלע אַנדערע יידישע וווילטעטיקע געזעלשאַפטן אין אויסטראַליע, ווערט איר ביי זיך אַ ביסל אויפגעהויבן, וואָס אויך איר געהערט צו יענער גרופּע, וואָס האָט געבויט דעם ביאַליסטאָקער צענטער אין מעלבורן.

דער דינאַמישער אַלטער חבר מיינער אברהם זבאַר (אַמאָל דער ערן־סע־קרעטאַר פון ליטעראַטן־פאַראיין אין ביאַליסטאָק און איצט אַ בכבודיקער סוחר אין מעלבורן) ברענגט מיך צו דער פיינער געביידע, אַרומגערינגלט מיט ביי־מער, גראָז און בלומען און זאָגט:

— אַט דעם פּלאַץ האָבן מיר אָפּגעקויפט ביי אַ רייכן גוט־באַזיצער און פאַרוואַנדלט אים אין אַ היים פאַר די אימיגראַנטן, וואָס קומען דאָ און צוליב מאַנגל אין דירות האָבן זיי נישט ווו צו וווינען.

און אַז איך קום אינעווייניק, גיי דורך די רייך מעבלירטע קלוב־צימערן, דורכן עס־זאַל און פאַרזאַמלונגס־האַל, הויב איך זיך אויף אויף די טרעפּ און געפין אין יעדן צימער פאַמיליעס פון ניי געקומענע פון אייראָפּע, מערסטנס טאַקע ביאַליסטאָקער, וועלכע וווינען שוין דאָ וואָכן און חדשים, ביז מען גע־פינט פאַר זיי אַן אייגענע דירה און באַשעפטיקונג.

יעדער פון זיי איז מיר באַקאַנט אַליין אָדער דורך זיינע עלטערן: מיט דעם האָב איך געלערנט אין חדר, מיט דעם זיך געטראָפן אין דער קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט, מיט דער האָבן זיך געשפּילט מיינע שוועסטערס און אַט מיט די האָבן מיר געדאַוונט אין אַלטן אומפאַרגעסלעכן בית־המדרש. איצט זענען זיי דאָ צו־נויפגעזאַמלט פון די אַמאַליקע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פון די ווייטע סיבי־רער אָדער קאַזאַכסטאַנער דערפער, אָדער פון די מיט אַנטיסעמיטיזם פאַר־פּעסטעטע פּוילישע ווינקלעך.

זיי באַקומען עסן, קליידונג, טאַשן־געלט. ווי נאָר מען געפינט פאַר זיי אַרבעט און אַ וווינונג (אַרבעט קאָן מען באַקומען אין אויסטראַליע אפילו אויפן צווייטן טאָג נאָכן אָנקומען, מיט אַ וווינונג גייט דאָס צו שווערער, אָבער מען געפינט), ווערן די צימערן באַפרייט און אַנדערע ניי־אָנגעקומענע פאַרנעמען זייער פּלאַץ. הונדערטער אַזעלכע ברידער און שוועסטער זענען שוין דורכגע־גאַנגען אין די קנאַפּע צוויי יאָר, ווען מען האָט דאָס הויז געקויפט און פאַר־וואַנדלט אין אַן עמיגראַנטן־צענטער. זיי האָבן זיך דאָ געפילט ווי גלייכע, ווי שותפים, און איצט זענען זיי שוין צונויפגעמישט מיט די אַלטע מעלבורנער תושבים, נישט האָבנדיק געפילט אפילו די געוועינלעכע פּיין פון אַ פרישן, פאַר־פרעמדטן אימיגראַנט. דער ביאַליסטאָקער צענטער האָט דאָס אויך אויסגע־אַרבעט פאַר זיי די וויזעס קיין אויסטראַליע, באַצאָלט די גאַנצע אָדער האַלבע הוצאות, פאַרהאַנדלט מיטן „האיאַס" אָדער מיטן „דזשאָינט" לטובת זייער שנעלער טראַנספּאָרטאַציע און מיט חברישער זאָרג אָפּגענומען זיי פון די שיפן אָדער עראָפּלאַנען און געבראַכט אין די גאַסטפריינטלעכע צימערן פון דעם הויז, וואָס איך באַזוך איצט.

און אונטן קומט גראַד פאַר די אַלגעמיינע יערלעכע פאַרזאַמלונג. זי דער־מאָנט מיך די סצענע אין דעם באַרימטן ווערק פון מעטערלינק „דער בלויער פויגל", ווען טילטיל־מילטיל, וואָס יאָגן זיך נאָך דעם פויגל, אייגנטלעך נאָכן

אייביקן שאָטן פון גליק, ווערן געבראַכט אין הימל, ווו זיי טרעפן זיך מיט די געשטאָרבענע קרובים, פעטערס און מומעס.

אַט אַזאַ געפיל האָב איך געהאַט ווען פּלוצלינג בין איך געוואָרן אַרומגערינגלט מיט הונדערט לאַנדסלייט, זייערע פרויען און קינדער, — אַ סך פון וועלכע איך האָב שוין געהאַלטן פאַר פאַרניכטעטע דורך היטלערן.

יעדעס מאָל דריק איך די הענט אָדער צעקוש זיך מיט איינעם פון די, וואָס זענען דאָ געקומען פון שאַנכאַי, פון יאַפּאַן, פון דעם אייראָפּעאישן קאָנטינענט.

עס איז שווער צו דענקען, אַז אָט ביסטו דאָ ווידער מיט שאָטנס פון דיין קינדהייט, פון דיין יוגנט, אַז דער פילם פון לעבן האָט זיך פּלוצלינג אַ דריי געטון צוריק...

דער אָטעם ווערט קורץ און טרערן הערן נישט אויף צו באַנעצן די אויגן, ווען דו הערסט די תשובות: „מיין ווייב און קינדער זענען אומגעקומען". „מיין מאַן — פאַרגאַזט אין טרעבלינקע". „מיין זון — פאַרלאָרן אין קאַמף"... און נאָכהער טוליע איך זיך צו צו די מעלבורנער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געהאַט מוט און פאַנטאַזיע צו פאַרלאָזן די אַלטע היים מיט יאָרן צוריק און דאָ אַ ניי און צופרידן לעבן צו בויען. עס פירט די פאַרזאַמלונג מיסטער פּיט. דאָס איז איינער פון די ברידער פּיטקאָווסקי, וועלכע האָבן דאָ געבויט גרויסע טעקסטיל־פאַבריקן. עס זיצט אַנטקעגן מיר די גרופּע פון דער פאַמיליע פינק מיט זייערע פרויען; זיי האָבן אויסטראַליע באַשאָנקען מיט נייע צווייגן פון טוך, טיכער, קאָלדרעס און קאַרפּעט אויסאַרבעטונגען, און פאַר דעם צוריק באַקומען רייכטום און רעספּעקט פון יידישע און קריסטלעכע מיטבירגער; און דאָ איז קאָרניאַנסקי, און נעבן מיר דער פּרינץ פון אַמאָליקע ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן ר' אברהמל סאָקאָל. זיין געוועזענער שותף פון דער באַרימטער פירמע, זילבערפעניג, איז שוין אויך דאָ פאַראַן, נאָך היפּשע יאָרן וואַלגערן זיך אין תפיסות און קאָנצענטראַציע לאַגערן. עס איז צו באַוואונדערן זייער אַלעמענס וויטאַליטעט און ווידערשטאַנדס־קראַפט: דוכט זיך נישט לאַנג וואָגלער און אָרימע לייט, זענען זיי שוין ווידער אויפגעשוווּמען מיט שיינע דירות, מיט אייגענע אויטאָמאָבילן, — כאָטש אַ שיין ביסל נפשות האָט די מלחמה אויסגעצופּט פון זייערע פאַמיליעס.

און אָט איז יעקב וואַקס, אויף וועלכן מיר, זיינע חברים פון קינדהייט, פלעגן זאָגן אַז ער האָט נאָך אין ווינעלע געטיילט „בונדישע" פּראָקלאַמאַציעס. עס איז דער זעלבער פּרינציפּיעלער בונדיסט, אָבער אויך דער אַלטער האַרציקער חבר. און דאָ איז לאַפּין פון נאָוואָליפּיע גאַס, וועלכער וווינט אין אַ פּרעכטיקער פאַרם, און דאָ זיצט דר. טרייבוש מיט זיין בילד־שיינער פרוי פון די

זילבערבלאַטס; זיין פֿאָטער, דער אַדוואָקאַט אין ביאַליסטאָק, האָט דאָך גע־הערט צו די קולטורעלסטע יידישע פירער. און די דייוויסעס (נעוואַדאָווסקים) און די עמערים (טיקאָטשינסקים). נישט קוקנדיק אויף די נייע אַריסטאָקראַטיש־ענגלישע נעמען, גייען זיי דאָ אין די פֿאַלקסטימלעכע שריט פון זייערע לומדי־שע און תמימותדיקע טאַטעס, און זייערע הייזער זענען באַשיינט מיטן גייסט פון יידישקייט.

נישט איך ווייס און נישט איך וויל וויסן, צו וועלכע פּאַרטייען זיי גע־הערן; וואָס איך זע אָבער און פיל איז, אַז זיי האָבן איבערגעפלאַנצט אויף דער ווייטער פרעמדער ערד אַ שטיק פון דער טייערער היימאַט, אַז זיי האָבן מיט גרויס ענערגיע און טאַלאַנט, נישט נאָר זיך אַליין איינגעאָרדנט נאָר אויך געזאָרגט מיט מסירת־נפש און געלט, אַז הונדערטער אַנדערע, וועלכע האָבן גע־שווימען און שווימען נאָך ווייטער ווי צעבראָכענע שערבלעך אויף די שטורמי־שע ווייטע וואַסערן, זאָלן רואיקע היימען געפינען.

***

אַזוי ווי דער אָנזאָג פון אָנקומענדיקן הארבסט, אַזוי האָב איך זיך דער־פילט אין די טעג, ווען מען האָט זיך געדאַרפט גרייטן פאַרלאָזן אויסטראַליע.

מיין מסיע האָב איך אין אַ געוויסער מאָס דערפאָלגרייך אויסגעפירט און מיין וועג צוריק וועט דאָך אויך אָוועקנעמען לאַנגע וואָכן. אָבער איך האָב זיך שוין אַזוי ווי צוגעקלעפּט צו די נייע און באַנייטע פריינדשאַפטן; איך ווייס שוין, אַז דעם פּריוויטיק־צו־נאַכטס בין איך ביים רב פרידמאַן, וו ער, זיין פרוי און יונגע טעכטער וועלן זינגען אַזוי שיין אויפגעפרישטע ארץ ישראל „זמי־רות", און אַ „טשאָלנט" וועל איך מאָרגן עסן ביי אברהם זבארס פאַמיליע, וואָס האָט אַזוי משכילדיק פאָלקסטימלעך איינגעהאַלטן אין זיך די פּקחותדיקע וואַרעמקייט פון זיינע ביאַליסטאָקער עלטערנס שטוב. און דעם אָוונט, איידער איך גיי צו מיין רעפעראַט, וועל איך געווים פאַרברענגען מיט די פינקס — לעאָ און מינע —ביידע „פּרעזידענטן": דער מאַן פון דער מעלבורנער הילפס־געזעלשאַפט, און די פרוי — פון דער אַקטיווער דאַמען־געזעלשאַפט. אָדער אפשר גאָר ביי די הילערס — אַמאָל פון לאָדזש — וואָס זענען מכנים־אורחים מיט דער רירנדער איינפאַכקייט פון אַמאָליקן פּוילישן ייד. אָדער אפשר גאָר ביים פאָלקסטימלעכן דזשיי. פּושעט, וואָס איז טאַקע אַ „פּשוטער" ייד, אָבער פאַרמאָגט אַ רייכע יידישע און אַלגעמיינע ביבליאָטעק, אויף וועלכער עס קאָן אים מקנא זיין נישט איין אַמעריקאַנער יידישער ישוב. אייגנטלעך רייכע בי־

בער־קאָלעקציעס, ספּעציעל יידישע, באַגעגנט איך דאָ אין יעדן באַלעבאַטישן הויז, און די ביכער לייענט מען טאַקע...

ווער קאָן דאָס אַלץ אויסרעכענען די גאַסטפריינטלעכע טעג און נעכט, וועלכע זענען מיר אויסגעטיילט געוואָרן אין די היימישע הייזער פון ווייטן אויסטראַליע; די וואַרימקייט פון דער סביבה טעמפּט באַדייטנד אָפּ די לויערנ־דע איינזאַמקייט אין קאַלטן האָטעל־צימער און די נאַטירלעכע בענקשאַפט צו־ריק אַהיים.

**
*

ווידער איז געווען אַ וואָך פון פאַרלעזונגען און פייערונגען די יום־טובדיקע שבועות וואָך. פון דער סצענע פון פאָלקס־קלוב „קדימה" קוק איך אָן מיט שטילן אומעט די שוין באַקאַנטע פּנימער פון די פיל הונדערטער מעלבורנער יידן, וועלכע זענען אין יענעם קאַלטן, ווינטיקן אָוונט געקומען אויסהערן מיין גרוס פון די פערזענלעכע איבערלעבענישן אין די הייסע מדבריות פון פּרימי־טיוון אַראַביע און פון אונדזערע אומגליקלעכע ברידער דאָרטן. אויף מאָרגן, שבועות, קומען די יידן אין דער קאָלפילדער תלמוד־תורה צום „מזכיר־נשמות". אויך דאָ רעד איך פון יענעם וואַנדערבאַרן פרילינגס־ראָמאַן בעתן שניט פון די זאַנגען צווישן נעמי און בועז, פון וועלכן דוד המלך איז געבוירן געוואָרן, און אין אָוונט איז דאָך גאָר אַ גרויסע פייערונג: דער נאָר וואָס געגרינדעטער שרייבער פאַראיין, דער ערשטער אין אויסטראַליע, איז מכבד מיט אַ גלעזל טיי די צוויי געסט פון ישוב — דר. באָרים א. סוראָוויטש פון „אָרט" און מיין ווייני־קייט.

אַרום די באַבלומטע טישן זיצן די „פּליטת סופרנו" פון אַמאָל און אויך דאָס ביסל ניי־צוגעקומענע פון דעם יינגערן דור. איר ווייסט דען וואָס פאַר אַ נחת־רוח עס איז ווידער אַמאָל אויפלעבן אין זכרון דאָס בילד פון אַ מסיבה אין וואַרשעווער „טלאָמאַצקע דרייצן" — כאָטש פאַרשטייט זיך מיט גאַנץ אַנ־דערע אָנטיילנעמער (פון די „אַלטע" אַרום טיש זענען מיר זאַלבעפערט, צוזאַ־מען מיט יהושע ראַפּאַפּאָרט. בונים וואַרשאַווסקי און ראָזען). דעם פאָרזיץ פירט פריינט לאַדזקי, יענער וואַרימער קאָוונער אינטעליגענט, ווען מען מעלבורן וועט נאָך האָבן אַ סך צו פאַרדאַנקען פאַר דאָס איבערפלאַנצן דעם אַלטן שטיי־גער אויף דער נייער ערד. נעבן אים — זיין העברעאיש רעדנדע פרוי, די ליי־טערין פון קינדער־גאָרטן, מיטן געזיכט פון אַ יאַפּאַנישער פּרינצעסין און מיטן ליד פון אַ „גננת" אין עמק. און נאָך די רעדעס דערהערן מיר די טיפע ברוסט־טענער פון דער איין־און־איינציקער קינסטלערין רחל האָלצער, וועלכע לעבט

אויף אין ווייטן אויסטראַליע די טראַדיציעס פון אסתר רחל קאַמינסקיס „מי־רעלע אפרת" און — אפשר נאָך העכער...

און בונים וואַרשאַווסקי לייענט פאַר אַ סאַטירע אין גראַמען אויף צוויי וועלט־רייזנדע, אויף דר. סוראַוויטשן און טאַקע אויף מיר אַליין, — ווער פון אונדז האָט „קוגל" געגעסן ביים נעגוס פון אַביסיניע און ווער האָט דער ערש־טער אַרויפגעקלעטערט אויפן „הוריזאנקאר" אָדער אויף דער „יונגפרוי".

מילא, לאַכט מען, זינגט מען, דערמאָנט מען זיך דורך טרערן אָט אַלע יענע, וואָס וועלן שוין מער צו אַזעלכע יום־טובדיקע טישן נישט קומען...

און דער לעצטער „קידוש" אין הויז פון פריינט לעאָ פינק, ווען ביים פינ־קעלדיקן ווײַן און מיט פינקעלדיקע אויגן האָב איך זיך מיט מעלבורן געזעגנט. דער פראַנצויז זאָגט טרעפלעך: „פּאַרטיר סעט ען פּעה מוריר" (זיך זעגענען איז אַביסל אָפּשטאַרבן...) און אַזוי איז דאָס טאַקע: איר לאָזט איבער אַ שטיק פון זיך אַליין צווישן די ווייטע ברידער, וועלכע מען באַזוכט, מען וואַרימט זיך אָן מיט זיי, מען שטראַלט אויס פון זיך אַ שטיקל נשמה — און שוין — מען זעגנט זיך. ווען, ווען וועל איך אייך ווידער זען? „קיינמאָל נישט?" אַזאַ וואָרט איז נישטאָ אין מיין אָפּטימיסטישן לעקסיקאָן. ווי פרישע רויזן נאָך אַ יוגנט פרי־לינג־באַל, וועל איך אייך אַלע באַהאַלטן צווישן די בלעטער פון מיינע ביכער...

## XV

# מיינע לעצטע באַזוכן

מיין רייזע צוריק הויבט זיך אָן אין סידנעי מיט אַ ענגלישער פּלי־שיף. אָבער איך מוז נאָך מאַכן אַ רייע נענוג קאָמפּליצירטע פּאָרבאַרייטונגען, איידער איך זעץ זיך אַריין אין דעם פיר־מאָטאָרדיקן „פויגל". איר מוזט, צום ביישפּיל, באַשטעלן טעלעגראַפיש אומעטום האָטעלן, — אַז ניט קענט איר בלייבן אויפן גאַס ערגעץ ווו אין פּאַקיסטאַן אָדער האָנג־קאָנג.

קומען אָן לאַנגזאַם די תשובות: אַ צימער פאַר מיר אין דעם „רייפל" אין סינגאַפּור; אין דעם „טיימהאל" אין באָמבעי; אין „בריסטאָל" — קאַראַטשי; אין „גראַנד" — קאַלקוטאַ, א. אז. וו. אויסער דעם קומען אָן יעדן טאָג די טע־לעגראַמעס מיט באַשטעלונגען, אַז איך האָב פּלאַץ אויף יעדער פון די אַכט

לופט־ליניעס, וועלכע איך מוז בייטן אין וועג. איך נעם נישט דעם דירעקטן פאַן־אַמעריקאַנער אעראָפּלאַן, ווייל איך מוז מאַכן פיל זייטיקע „שפּרונגען" אין געגנטן, וועלכע ליגן אויסערהאַלב דער גלייכער ליניע אַרום דער וועלט. אַזוי אַרום וועל איך אין דער איצטיקער רייזע דעקן הונדערט־האַלבן מאָל אַזוי פיל מייל, ווי דער גלייכער וועג אַרום דעם ערד־קוגל, וועלכער פירט פון ניו־יאָרק דורך סאַן־פראַנציסקאָ אין דער ריכטונג און קומט צוריק קיין ניו־יאָרק דורך לאָנדאָן.

אַזעלכע „וועלט־רייזעס" שליסן נישט געוויינלעך איין אויסטראַליע, — און דער דאָזיקער קאָנטינענט איז דאָך געווען מיין הויפּט־ציל.

איצטער הויבט זיך אָן אַ סדרה וויזעס. איך האָב מיין אַמעריקאַנער פּאַס אַרויסגענומען אין וואַשינגטאָן אינגאַנצן מיט פערצן חדשים צוריק, אָבער שוין אין אויסטראַליע האָט מען אַלע זיינע זייטן געפונען פאַרשטעמפּלט מיט וויזעס פון דער גאַנצער וועלט (אפילו סודאַן און פידזשי האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק פאַרנעמען אַ גאַנצע זייטל)... מוז דער אַמעריקאַנער קאָנסול אין סידני ליינגן „אַ לאַטע" אויפן גרינעם פּאַספּאָרט־ביכל, מען נייט אַריין אין אים אַ פּאָר פּרישע בויגנס פּאַפּיר, כדי עס זאָל ווידער זיין וווּ צו שטעמפּלען. דער האָלענדישער קאָנסול דערלויבט מיר זיך אָפּשטעלן אין סוראבאיאַ; דער ענגלישער קאָמישאָנער — אין די מאַלאיעס; צום קאָמישאָנער פאַר אינדיע אין קאַנבערא מוז מען שיקן נאָך אַ וויזע דורך פּאָסט; ליינ איך ביי אַלם מתנה מיינעם אַ בוך אין ענגליש און באַקום צוריק דעם פּאַס מיט אַ פערזענלעכן דאַנק־בריוו פון דעם הויך־קאָמיסאַר. און איצט די סאַמע קיצלדיקע וויזעס, פון די מאַכמעדאַנישע לענדער ווו מען וויל איצט קיין יידן נישט אַריינלאָזן: פּאַקיסטאַן, איראַק, סיריע און מצרים. נישט אין אַלע פון זיי רעכן איך זיך פאַרהאַלטן: אין מצרים — צום ביישפּיל, ווייס איך, אַז מען האָט מיך דאָרט אויף דער „שוואַרצער ליסטע"... אָבער איך מוז דאָך דורכפאָרן דורך זייערע לופט־פּאָרטן. איז וואָס טוט מען?

איך פאַרטרוי זיך מיט מיינע זאָרגן צו אַ גאָר הויכן רעגירונגס־באַאַמטן אין מעלבורן און ער גיט מיר אַ פּשוטע עצה: אַזוי ווי אין מעלבורן זענען דאָך נישטאָ קיין קאָנסולן פון די מאַכמעדאַנישע מלוכות, איז דער אימיגראַציע־מיניסטער באַפולמעכטיקט דורך זיי געבן די טראַנזיט־וויזעס. נו, און ער וועט מיר דאָס געבן אפילו נישט פרעגנדיק מיין רעליגיע? (מען מוז זי דעקלארירן אין די אויבנדערמאָנטע לענדער). און כך הוה, אין צען מינוטן זענען שוין אויף מיין פּאַספּאָרט געשטעמפּלט געוואָרן פיר מאַכמעדאַנישע וויזעס, אונטערגעשריבן דורך אַ קאַטוילישן מיניסטער אין אויסטראַליע.

נאָר איין ווײַזע האָב איך „מורא״ געהאַט צו בעטן: דאָס איז די רײַזע קיין ארץ ישראל... איך מוז דאָך אַריבערפליען אָט דעם ליכטיקן ווינקל פון מײַנע האָפענונגען, אָט דעם צענטראַלן פּאַר מיר פּונקט אויפן ערד־קוגל. אָבער קיין ישראל קאָנסול איז נאָך דאַן אין אויסטראַליע נישט געווען, און בײַ קיין שום אַנדערן וועל איך די ווײַזע נישט בעטן, כאָטש לויטן געזעץ קען דאָס מיר דער־ווײַל געבן דער זעלבער מיניסטער וואָס האָט מיר געגעבן די פּריערדיקע.

ניין! אויב גאָט וועט מיר העלפן און די סירישע מאַכט (ווי אויך די לבנון רעגירונג) וועט מיך דורכלאָזן דורכן פּראָנט אויפן וועג קיין חיפה וועלן שוין די ישראל גרעניץ־וועכטער מיך דורכלאָזן. מײַן ווײַזע אין אײַגענעם לאַנד האָב איך כשר פאַרדינט דורך יאָרן פון לײַדן, פון טרערן און ליבשאַפט... איצטער, ווען איך שרײַב די דאָזיקע שורות אונטער די הימלען ערגעץ־ווו צווישן באַר־נעאַ און אינדזל טימאָר, האָב איך אפילו קיין אַנונג נישט, צי וועל איך פאַר־ווירקלעכן מײַן חלום כאָטש אויף אַ ווײַל צופאַלן צום ישראל באָדן און קושן די ערד דורכגעווייקט מיטן פרישן בלוט פון די בעסטע און נאָענטסטע. פּאַקטיש זעט דאָס מיר אויס צו זײַן אוממעגלעך. וועלן דען די סיריער מיך דורכלאָזן דורך זייער פראָנט, — מיך — אַ יידישן רײַזנדן וואָס מען קען פּאָטענציעל פאַררעכענען פאַר אַ שפּיאָן? אָבער לאָמיך דערווײַל פאַרווינגן זיך מיטן זיסן געדאַנק אַז אַזאַ נס וועט דאָך געשען.

אין סידנעי באַזוך איך דעם לעצטן טאָג דעם וועלט־באַרימטן זאָאָלאָגישן גאָרטן, איך בין זײַ מוחל די לייבן און עלעפאַנטן, וועלכע איך האָב דאָך די געלעגנהייט געהאַט צו זען אויף דער פרייהייט אין זייער היימלאַנד — קעניאַ אין מזרח־אַפריקע. אָבער די קענגערוס מיט זייערע קינדערלעך און די זעקעלעך אויפן בויך, די קליינע ווילדע בערן, וואָס עסן גראָז און קוקן אויס ווי שפּיל־צייג, — כאָטש זײַ געהערן צו דער זעלבער משפּחה וואָס זייער בלוטדורשטי־קער פעטער אין די וועלדער, — דאָס קען מען שוין אין ערגעץ ווו (אויף דער פרייהייט) נישט זען. און די איינציקע אויף דער וועלט חיה — פּלאַטיפּוס — וואָס לייגט אייער ווי אַ פויגל, און איז באַדעקט מיט פעל ווי אַ הונט — אַז אירע קינדערלעך פּיקן זיך אויס פון די אייער, — זויגט זײַ די מאַמע מיט מילך פון איר ברוסט. דאָס איז שוין אַ זעלטנהייט, וועלכע איר זעט נאָר דאָ, — אַן איבערבלײַבעניש פון יענע אוראַלטע צײַטן ווען דער בורא עולם האָט סאָרטירט באַזונדער די מעכאַניזמען פאַר חיות און פייגל און איבערגעלאָזט עפּעס אַ שרײַפעלע ביים פּלאַטיפּוס.

איך באַזוך אויך אין אַ זונטיק פרי די בלויע בערג אַרום קאַטומבאַ, — זעכציק מייל פון סידנעי, ווו רײַכע יידן (און אויך גויים) פאָרן אויף „דאַטשע״.

מען קען דאָ פאַרשיכורט ווערן פון די עאוקאַליפּטוס ריחות און ווילדע בלומען. פאַנטאַסטישע פעלזן פון ששת ימי בראשית בילדן פיגורן וועלכע מען רופט דאָ די „דריי שוועסטער". אינמיטן פון די בערג זענען באַהאַלטן די וועלט־באַרימטע דזשענאַלאַן היילן, וועלכע באַזיצן קרישטאָל גירלאַנדן געבילדעטע דורך מיליאָנען יאָרן און באַלויכטן ווי פון געהיימע עלעקטרישע לאָמפּן.

פון דער געהיימנישפולקייט פון די היילן גיי איך אַרויס אין דער בלויקייט פון די בערג ווו פאַרביקע פּאָפּוגאַיען און סאַטינענע פייגל מיט רויטע לאַנגע עקן זעגענען זיך מיט מיר אין נאָמען פון אויסטראַליע...

## XVI

# איבערן אינדישן אָקעאַן

מיין אָפּפלי פון אויסטראַליע קומט פאַר כמעט סודותפול; מיר פאָרן צו מיט אַ מאָטאָר־שיפל פונקט האַלב־נאַכט צו דער פליענדיקער שיף וואָס שאָקלט זיך מיט אירע פונאַנדערגעשפּרייטע פליגל פון אַן אַלבאַטראָס. ביז איצט בין איך אַלץ געפאָרן מיט עראָפּלאַנען אויף רעדער, וואָס הויבן זיך אויף און לאָזן זיך אַראָפּ אויף דער ערד. איצט וועט מיר אויסקומען פליען ביז סינגאַפּור כמעט גאַנצע צוויי טעג מיט אַ הידראָפּלאַן, וואָס לאַנדט נאָר אויפן וואַסער. אַ ביסל בין איך צופרידן מיט דער ענדערונג, ווייל די פליענדיקע שיפן יאָגן זיך מיט אַזאַ שנעלקייט און אַזוי הויך, ווי די מאָדערנע „קאָנסטעליישאָנס". אַגב איז אין זיי פאַראַן מער פּלאַץ — צו פיר מענטשן אין קאַבינע; נעבן יעדן — אַ טישל צום עסן און שרייבן; אַ שפּאַציר־דעק גאָר אויבן צווישן די פיר מאָטאָרן און דעם קאַפּיטאַנס קאַבינע, אַ באַר אַפילו פאַר די וואָס האָבן ליב טרינקען שטייענדיק.

זיץ איך מיט מיינע דריי ענגלישע באַגלייטער, באַאַמטע פאַר אינדיע פון קאָלאָניאַל־אָפּיס, און — שוויג. זיי צווישן זיך רעדן אויך נישט קיין וואָרט, סיידן מען דערלאַנגט אונדז דעם צעטל מיט די מאַפּע־אָנצייכענונגען ווו מיר געפינען זיך. דאַן מורמלען זיי עפּעס איינער צום אַנדערן אין ווייכן אָקספאָרד ענגליש, און שוויינן ווייטער. פאַר מיר איז איצט די רייזע מיט אַזעלכע שטומע פּאַסאַזשירן פּשוט אַ רפואה. זיך אָנגערעדט ווי אַ פּויק גאַנצע וואָכן, לאָמיר טאַקע שווייגן אַביסל.

שוין אויפן צווייטן טאָג, ווען מיין שרייבן מיט „מאָדנע״ אותיות ווערט אַזוי אויפפאַלנד פאַר מיינע שכנים, גיט מיך איינער אַ פרעג:

— וואָס פאַר אַ בוכשטאַבן באַנוצט איר?

ענטפער איך:

— העברעאישע...

ווידער אַ גלייכגילטיקער מורמל און — מען שווייגט ווייטער.

מיר פליען די נאַכט איבערן קאָראַלן־ים און איך שלאָף געשמאַק ווען מיר שניידן דורך דעם גאַנצן אויסטראַליער קאָנטינענט פון דרום ביזן סאַמע צפון. רעכטס איז דער ים, לינקס אַן אומענדלעכער מדבר, וואָס ציט זיך כמעט דריי טויזנט מייל. נישטאָ דאָרט קיין וואַסער — ווױנען נישט קיין מענטשן, פּאַשען זיך דאָ נישט די וואָלענע קורצפיסיקע שעפּסן — די רייכקייט פון אויסטראַליע. און אַז עס ווערט טאָג זעען מיר ווידער אומענדלעכן מדבר ווו קיין קוימען רוי־כערט נישט און קיין בוים גרינט נישט.

נאָכהער קומען מיר אין דער איינציקער שטאָט — אין צפון־עק פון אויס־טראַליע — אין דאַרווין. עס זאָגט זיך אַזוי שטאָט: ליאַכאָוויטש, אין מינסקער גובערניע, איז געווען שענער און געהאַט גרעסערע לומדים אויך... אַזוי זעען אויס די פאַרוואָרפענע ישובים אין סיבירער טייגע... אַרום דריי טויזנט איירעפּעער ווױנען דאָ, לעבן פון כאַפּן פּערל און פון קליינער קרעמעריי. דאָ זע איך אויך צום ערשטן מאָל אין אויסטראַליע די אַבאָריגינער, די שוואַרצע בערדיקע פּאַ־פּואַסן, וועלכע זענען געווען אַמאָל די באַלעבאַטים פון לאַנד. זיי גייען נאָך איצט האַלב־נאַקעט און טוען געהאָרכזאַם און מיט אומעטיקע בליקן די שוואַר־צע אַרבעט.

אין דער צייט פון לעצטן קריג האָבן די יאַפּאַנעזער פאַרוואָרפן מיט באָמ־בעס דאָס אַזוי אויך אָרימע שטעטל דאַרווין און איצט בויט מען עס ווידער אויף פון די רואינען. איך שמייכל אליין, ווען איך דערמאָן זיך, אַז דער גרוי־סער אַנטראָפּאָלאָג טשאַרלס דאַרווין האָט קיין מזל נישט געהאַט מיט דער דאָ־זיקער שטאָט וואָס טראָגט זיין נאָמען. דער מחבר פון דער טעאָריע, אַז אַלץ אַנטוויקלט זיך אין נייע פאָרמען, אַז פון אַ „מאַלפּע״ האָט זיך אַנטוויקלט דער מענטש, האָט נישט געפונען קיין באַשטעטיקונג מיט דער שטאָט דאַרווין, וועל־כע איז איצט קלענער און ווייניקער וויכטיק ווי זי איז געווען מיט פופציק יאָר צוריק.

ווי נאָר מיר קומען אָן אין ספּעציעלן לופטיקן, הילצערנעם האָטעל פאַר דורכרייזנדע, מוזן מיר זיך לייגן שלאָפן, ווייל צוויי אַזייגער אין מיטן נאַכט וועט מען אונדז ווידער אויפוועקן צו דער ווייטערער רייזע.

און ווען אין מיין צימער שלייכט זיך אריין אין מיטן נאַכט אַ בערדיקער שוואַרצער פּאַפּואַס, כדי מיך אויפוועקן — ווייס איך נישט לכתחילה וואָס ער וויל פון מיר: עפּעס אַזוי מאָדנע קומט מיר אוים דאָס אויפוואַכן אין דער דאָזיקער אומרעאַלער וועלט צווישן אויסטראַליע און דעם אינדישן אָקעאַן.

נאָכהער פליען מיר ווידער אַ גאַנצן טאָג, עס איז שוין שרעקלעך היים, מיר דערנענטערן זיך צום עקוואַטאָר. אינדזלען מיט עקזאָטישע נעמען שפּרייטן זיך אוים ווי פלעקן אויפן גרינעם ים: טימאָר, סומבאַ, לאָמבאָק — אַלץ פּלעצער וועלכע זענען אונדז באַקאַנט פון לעצטן קריג, ווען די ווייסע זענען שנעל אָפּגעטראָטן פאַר די געלע.

און אָט זענען מיר שוין נענטער צו דער גרויסער אימפּעריע פון האָלאַנד, צו די רייכע דימענטן פון איר קרוין — יאַוואַ, באָרנעאָ, צעלעבעס.

די אַנאַמיטן אימפּעריע מיט אירע מער ווי זיבעציק מיליאָן מענטשן מיט אירע נישט אויסגעשעפּטע נאַטירלעכע רייכטימער אין דינסט פון די אַכט מיליאָן האָלענדער אויף זייער קליין פּיצעלע ערד אין אייראָפּע. די האָלענדישע אינדיעס מיט זייער גאָלד, פעפער, צוקער, טיי, קאַווע, רייז און אייזן. אויב מען דאַרף קען מען דאָ באַקומען די גאַנצע נויטיקע גומע אויף דער ערד, כמעט דעם גאַנצן כינין, פופציק פּראָצענט פון טאַבאַק, פינף און צוואַנציק פּראָצענט פון צין און פּעטראָלעאום.

ווען מיר קומען אין פּאָרט סוראַבאַיאַ אויפן אינדזל יאַוואַ (דאָ וווינט די געדיכטסטע באַפעלקערונג אויפן גאַנצן ערד־קויל, אַרום פופציק מיליאָן נפשות), דערזעען מיר גלייך דעם מישמאַש פון ראַסן און קאָלירן, וואָס הערשט דאָ: מור־סולמאַנישע יאַוואַנער און שוואַרצע פּלושענע פּעזן; שאָקאָלאַדנע פאַרחלומטע פּרויען, כינעזער מיט קרומע אויגן און אייראָפּעער מיט געלע געזיכטער. אַ סימן פון אַזיאַטישע מאַמעס. די האָלענדער אין קעגנזאַץ צו די ענגלענדער, האַלטן שטאַרק פון געמישטע הייראַטן און דעריבער שטייען טאַקע איז דער שפּיץ פון דער אַדמיניסטראַציע „מישלינגען", וועלכע שטיצן אָבער די האָלענדישע קרוין.

ווי לאַנג נאָך וועט די אויפוואַכנדע נאַציאָנאַליסטישע אַנאַמיטן אימפּעריע ברענגען אירע רייכטימער צום רעוומאַטישן האַאַג, צום טראָן פון דער קעניגין יוליאַנאַ — ווייסט קיינער נישט. אָבער אַז די קליינע טעכטערלעך פון דער קעניגין וועלן אויפוואַקסן וועלן זיי שוין מוזן האָבן וויזעס, כדי צו פאָרן קיין באַטאַוויאַ אָדער סוראַבאַיאַ, וועגן דעם צווייפלט קיינער נישט.

דערווייל זענען נאָך די מיליאָנען אַנאַמיטן אין אַביסל שלעפּערדיקן צושטאַנד, אָבער זיי האָבן שוין פירער מיט פלאַמענדיקן נאַציאָנאַליזם. גראַד

לעצטנס, נאָך דער קאָמוניסטישער „רעבעליאָן” אין בורמא, האָבן אויך דאָ אָנ־געהויבן בלאָזן שטארקע מאָסקווער ווינטן. די איינציקע זאַך וואָס האַלט־אָפּ די פארשנעלערונג פון אַן איבערקערעניש, איז די זאַטקייט אין רייכן לאַנד. ווי האָט זיך אויסגעדריקט א יאַוואַנער רעוואָלוציאָנער: „דער מאָגן ביי מיינע לאַנדסלייט איז אָנגעשטאָפּט, דער קאָפּ איז אָבער פּוסט: פינף און ניינציק פּראָ־צענט פון דער באַפעלקערונג קענען נישט לייענען און שרייבן”. און דאָס איז א סיסטעם אַזאַ...

שטיי איך אויפן בריקל, נעבן וועלכן עס הוידעט זיך אונדזער פליענדיקע שיף און טראַכט וועגן די באַהאַלטענע דינאַמישע כוחות, און אויך וועגן באַהאַל־טענעם דינאַמיט וועלכע שטעקן אין דער אויפוואַכונג פון די הונדערטער מיליאָ־נען פאַרביקע מענטשן אַרום מיר: די יאַוואַנער, די מאַלאַיער, די הינדוסן... אַמאָל האָבן זיי מורא געהאַט פאַר ענגלאַנד, וועלכע איז אויך געווען דאָ די באַ־שיצערין פון די האָלענדישע אינטערעסן. היינט אָבער? זיי זענען אַלע געווען עדות ווי דער בריטישער לייב האָט אויפגעעפנט זיין קעניגלעך מויל, כדי א ברום צו טון, אָבער אָנשטאָט ציינער האָט מען דאָרט דערזען פאַלשן דענטיס־טישן ערזאַץ פון אַמעריקאַנער אָפּשטאַמונג...

## XVII

# אין סינגאַפּור

סינגאַפּור... דער פעסטונג־אינדזל פון די מאַלאַיען, ווו ענגלאַנד שטייט אויף דער וואַך פון אירע האַנדלס־וועגן קיין אויסטראַליע, פון ציילאָן, פון דער מזרח־אינדישער אימפּעריע, פון די רייכטימער פון וואַקעלדיקן אינדאָ־כינע.

איך בין אויסגעשטיגן פון דער „פליענדיקער שיף” אויף דער הייסער מאַ־לאַיעשער יבשה, וועלכע ליגט אויף דער ליניע פון עקוואַטאָר.

נאָך די ווינטער־וואָכן — כאָטש גענוג מילדע — אין אויסטראַליע, פיל איך מיך ווי אָפּגעטונקען אין זודיק וואַסער. דער קאָנטראַסט איז אַזוי גרויס, אַז עס פעלט אוים אָטעם, דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק און אומרואיק און די שלייפן הויבן אָן ווי צו טון — א סימן אַז דער בלוט־דרוק האָט זיך א הויב געטון.

וואָס ווילט איר? מען איז דאָך מער נישט ווי אַ מענטש, און אפילו אַ געזונטער קערפּער פּראָטעסטירט ווען מען וואַרפט אים פון די הימלען אין די טיפענישן, און פון ווינטערדיקע ווינטן צו די היצן פון עקוואַטאָר, און דאָס אַלץ אין איין־צוויי טעג.

כמעט יעדע צוויי וואָכן לאָז איך מיך אונטערזוכן פון אַ דאָקטער. ער מעסט דעם בלוט־דרוק, הערט אויס דאָס האַרץ, הייסט אָבער שלאָפן אַ סך, זיך נישט איבערעסן, זיך נישט נעמען צום האַרצן... פאָלג איך אויס, ווי ווייט מעגלעך, די עצות ביז מען ווערט ווידער מיד און — מען מעסט ווייטער.

סינגאַפּור איז פאַרבונדן ביי אונדז אַלעמען מיט באַגריפן פון אָפּיום־הענדלער, אינטערנאַציאָנאַלע פאַרברעכער, שפּיאָנען יאָגענישן... אַזוי האָט מען אונדז דערציילט אין ביכער און געוויזן אויף פילמען, און אַז מען קומט פערזענלעך אויפן פּלאַץ און מען פאָרט דורך דעם באַלעבטן ים־ברעג, וועלכער ראַיעט זיך מיט „ריקשעס" (האַנט־וועגעלעך פאַר פּאַסאַזשירן) געטריבן דורך פאַרברוינטע כינעזער און מאַלאַיער, און מען דערזעט צום ערשטן מאָל געוויקסיקע סיקען־הינדוסן מיט געקרייזלטע בערד, מיט ברענענדיקע אויגן אריינגעקוקט אין אַ „יענער וועלט". אַ געמיש פון שפּיציק־שטרויענע כינעזישע היט, שוואַרצע און ווייסע מאַלאַיע־פעזען, אָנגעבלאָזענע אינדישע טורבאַנען, געוויקלט אַרום די קעפּ ווי קרוינען, ענגלישע דאַרע פרויען אין שוועבנדע טואַלעטן, אין דער באַגלייטונג פון קאָלירטע דינסטן... און נאָכהער — דער לופטיקער „ראַפּעלס"־האָטעל מיט די אָפענע צימערן, מיט די בעטן אונטער טולענע מאָסקיטאָ־נעצן, מיט די שאָקאָלאַדענע דינער אין ווייסע לאַנגע קליידער, וועלכע ברענגען אייך טיי מיט מילך, ווי נאָר איר קומט אָן אין צימער, זיי שטייען און וואַרטן ביז איר טרינקט אויס אייער גלאָז און גיסן הכנעהדיק אָן אַ צווייטע — פאָכענדיק אויף אייך מיט אַ פעכער, כדי איר זאָלט חלילה נישט צעגאַנגען ווערן פון היץ — אָט דאָס אַלץ וואַרפט אייך באמת אריין אין אַ שטימונג צווישן ווירקלעכקייט און חלום.

נאָכהער לייגט מען זיך אויף דעם „חופּה"־בעט, און מען קלייבט צוזאַמען די רעיונות און מען נעמט זיך אַליין אין די הענט. אינגאַנצן קען איך דאָ פאַרברענגען אַ צוויי טעג — וועל איך דען זיי איבערשלאָפן אָט דאָ אין האָטעל־צימער אונטערן זשומען פון די ווענטילאַטאָרס? פאַרמאָג איך דאָך צוויי אַדרעסן אין סינגאַפּור, דורך וועלכע איך וועל אפשר זיך פאַרבינדן מיט דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט אנשטאָט זיך איבערגעבן די שווינדלערישע טוריסטן־פירער, וועלכע ווייזן אייך דאָס וואָס לוינט זיי און איר פאַרלאָזט שפּעטער דעם פּלאַץ מיט אַ געפיל פון אַן „אָפּגעפּרייערטן יאָלד"...

טעלעפאניר איך צו דער ענגלישער פארנעמער לידי נאאידא גראהאם. מיט איר שוועסטער האב איך זיך באגעגנט פאראיארן אין פאריז צוזאמען מיט אונדזער קאלעגע, רעדאקטאר ד. ל. מעקלער. דוכט זיך אפילו, אז ער האט ערגעץ באשריבן די קארלסבאדער ברונעטין, וועלכע האט געוואנדערט פון פארטוגאל צוריק אהיים. זי האט מיך דאן געבעטן, אז אויב איך וועל אמאל זיין אין סינגאפור, זאל איך זיך זען מיט איר שוועסטער — די פרוי פון א רייכן גומי־פלאנטאטאר, און אפגעבן איר א גרוס. אגב, אפשר איז מעגלעך אז די שוועסטער זאל זי אריבערנעמען אהין פון איראפע.

איך ווייס, אז די דאזיקע שוועסטער זענען יידישע טעכטער, אבער דער ענגלענדער איז א קריסט און געהערט צו דער הויכער אריסטאקראטיע. טעלעפאניר איך איצט צו זיי אין סינגאפור... פון יענער זייט ענטפערט אן אנגענעמע דאמען־שטימע. זי איז דאנקבאר פארן גרוס. אט קומט זי באלד אין האטעל זיך פערזענלעך זען. מיר באגעגענען זיך אין פאדער־הויז, — זי — אין באגלייטונג פון א דינער, וועלכער שטייט די גאנצע צייט פון ווייטן, ווי א בראנדזענע סטאטוע.

נאאידא רעדט שטיל און אן טעמפעראמענט, ווי עס פאסט פאר א ווירקלעך אריסטאקראטישער לידי. זי קלאגט זיך אויף די שווערע צייטן, וועלכע ענגלישע אינדוסטריאליסטן לעבן איצט איבער. „עס איז נישט אויסצוהאלטן פון די ארבעטער־פאדערונגען; די „יוניאנס״ האב אויפגעשרויפט די פרייזן פינף־פאכיק אין פארגלייך פאר דער מלחמה. עס ווערט שווער צו פירן א שטוב. דער קוכער, די צוויי שאפערן, די דריי דינסטן און די געהילפס־יינגלעך ווייסן שוין פשוט נישט וואס צו פאדערן פאר זייער ארבעט. עס איז רעכט, אז אויסהאלטן דאס הויז קאסט איצט טויזנט פונט א חודש, אנשטאט די צוויי הונדערט פארן קריג... און אויסער דעם געהערן זיי צו פיר קלובן, וואס קאסט אויך אפ אן אוצר מיט געלט. צום „קעניגלעכן קריקעט קלוב״, צו די אוויאטארן (מיין מאן באנוצט יעדן זונטיק זיין פריוואטן עראפלאן), צום טענים קלוב און צום הויז פון די טאָרים... איר פארשטייט דאך, אז אונטער אזעלכע אומשטענדן וואלט געוועזן א משוגעת, מיר זאלן עדיטן (איר שוועסטער אין קארלסבאד) ברענגען קיין סינגאפור... די הוצאות שטייגן פון טאג צו טאג. מער ווי צוויי באד־צימערן פארמאגט דאך נישט דאס הויז, און איבערהויפט: מיין מאן האט ליב זיין קאמפארט. זיין שוין יארן־לאנג איינגעשטעלטער שטייגער פון לעבן. עדיט וואלט אריינגעבראכט א צעטומלעניש אין שטוב. זי איז דאך אזוי טעמפעראמענטפול און עקסצענטריש. ניין, מיין מאן קען נישט מסכים זיין זי ארי־

בערצוברענגען אַהער. פּעקלעך קענען מיר שיקן און מיר טוען עס. איר ווילט דאָך נישט, אַז איך זאָל זיך צוליב מיין שוועסטער גטן מיט מיין מאַן?

— ניין! געוויס וויל איך נישט, זי זאָל זיך גטן. איבעריקנס, האָט זי דאָך מיך קיינמאָל נישט געפרעגט, צי זי דאַרף מיט אים חתונה האָבן.

אָרימע נאַאידאַ! די צייטן ווערן שווער פאַר אייראָפּעער — די אַרבעטער ווילן בעסערע באַדינגונגען, מען מוז זיך באַנוגענען מיט זיבן באַדינער אַנשטאָט די פופצן, וואָס מען האָט אַמאָל געהאַט.

— אָ, ניין! מיין מאַן איז אַ פּערפעקטער דזשענטלמאַן, אָבער ער וויל לעבן באַקוועם, איר פאַרשטייט? פאַרענטפערט זיך שטיל נאַאידאַ.

— צי קענט איר מיר געבן עפּעס אַן אַדרעס פון אַ יידישער פאַמיליע, מיט וועלכער איך קען זיך דאָ קאָמוניקירן?

נאַאידאַ קוקט אויס אַביסל פאַרשעמט!

— איך האָב די גאַנצע צען יאָר וואָס איך וווין דאָ, מיט קיין יידן נישט פאַרקערט. ווייזט אויס, עס זענען דאָ אַזעלכע, אָבער איר פאַרשטייט, מיר גע־הערן צו עקסקלוסיווע קלובן, וווּ קיין יידן זענען נישטאָ. אָ, יאָ — איך קען אייך רעקאָמענדירן מיין דאָקטאָר, האַנס ענגעל. ער איז אַ פּליכטלינג פון דייטש־לאַנד.

איך דאַנק פאַר דער רעקאָמענדאַציע. מיין ליידי זעגנט זיך מיט אַ פאַר־באָרגענער טרער אין די אויגן:

ווען איר וועט אפשר, אין אייראָפּע, זען מיין שוועסטער, זאָלט איר איר דערקלערן, אַז מיר וועלן זי ווייטער שטיצן, אָבער קומען דאָ קען זי נישט, די צייטן זענען שלעכטע. זאָגט איר, אַז מיין מאַן איז זייער גוט צו מיר, ער איז אַ דזשענטלמאַן אין פולן זין פון וואָרט.

איך קוש די האַנט פון דער יונגער ליידי. איך האָב רחמנות אויף איר. דאָס געפאַנגענע פייגעלע אין גאָלדענעם סינגאַפור שטייגעלע. זי לאַדט מיך נישט איין צו איר אין דער „עקסקלוסיווער שטוב". איך ווייס פאַרוואָס...

אָבער צום דאָקטאָר ענגעל גיי איך יאָ. ער קאָנטראָלירט דעם צושטאַנד פון מיין „מאַשינעריע". ער גיט מיר די ברכה צו פאָרן ווייטער, אָבער אויך ער קען מיר נישט געבן קיין יידישן אַדרעס: מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָט ער זיך געשמדט...

איבערגעשלאָפן די נאַכט אין הייסן סינגאַפור — און כאָטש מיין בעט איז געווען צוגעדעקט מיט אַ נעץ, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אַ צעביסענער פון מאָסקיטן. די רויטע פינטעלעך אויף די הענט און געזיכט שרעקן לכתחילה, דער־נאָך געוווינט מען זיך צו.

איך טעלעפאניר צו א מענטש, וועמענס אדרעס עס האט מיר נאך אין מעלבורן געגעבן א סינגאפורער ייד, וואס איז דארט געקומען זיך באזעצן.

עס ענטפערט די פריינטלעכע שטימע פון אליהו שאבאנע: אט קומט ער באלד אין האטעל מיך נעמען צו זיך אין געשעפט. ער איז צופרידן זיך באלד צו באגעגענען מיטן אורח פון מרחקים.

און אז שאבאנע איז געקומען צו מיר אין צימער און איך האב דערזען דעם פריינטלעכן יונגנמאן מיטן טונקעלן כאראקטעריסטישן פנים פון א באגדא־דער ייד — האב איך גלייך דערפילט די אינערלעכע נאענטקייט, וואס פאר־בינדט זיך צווישן צוויי ברידער — כאטש מיר האבן זיך דאך נישט געזען א קימא־לן פון ארום צוויי טויזנט יאר! זיינע עלטערן זענען אוועק דאן אין גלות בבל און מיינע — זענען געטריבן געווארן דורך די וועגן פון רוים איבער איי־ראפע...

אליהו שאבאנע אימפארטירט פרוכט פון אויסטראליע און קאנאדע, — אבער היינט וויל ער נישט וויסן פון קיין געשעפט: ער דארף מיר אזוי פיל דער־ציילן און אויך פון מיר זיך דערוויסן. ער איז פול מיט צארן אויף די סינגא־פורער יידן, — זיי באגייען נאציאנאלן זעלבסטמארד, לויט זיינע ווערטער:

„מיר זענען דא ארום 1.500 נפשות צווישן א מיליאניקער באפעלקערונג. כמעט אלע קומען מיר דא פון באגדאד, באסרא און פון שטעט אין פערסיע. מען מאכט נישט קיין שלעכט לעבן. פאראן אויך גאר רייכע יידן, — אבער יידישקייט גייט אונטער. נישטא קיין רב, נישטא קיין חזן, און איבערהויפט איז שלעכט, וואס קיין תלמוד תורה איז נישטא... וואס דארף איך די צוויי שיינע סינאגאגעס, אז די קינדער וויסן נישט פון קיין יידישקייט און די על־טערן זייערע קומען דאווענען נאר איין מאל אין יאר — יום־כיפור! געווען דא א קורצע צייט דער רעווערענד בלאך פון ענגלאנד, — האט ער געגרינדעט א יוגנט־ארגאניזאציע „הבונים". כל־זמן בלאך איז געווען האט מען געזונגען ציון־לידער, זיך אינטערעסירט מיט ארץ־ישראל און איצט איז זיך די ארגאניזאציע צעפאלן, אן א תלמוד־תורה, אן א לערער, וועט פון אונדז בלייבן נאר שטאף פאר א מוזיי. איך אליין לערן מיינעביידע קינדערלעך דאווענען, דערצייל זיי מעשיות פון תנ"ך, — אבער, איך בין דאך א פאריאטער מענטש — קען איך דאס נישט טון סיסטעמאטיש. איך בין דא דער איינציקער אבאנענט אויף א יידי־שער צייטשריפט, דר. ראזמארינס „דזשואיש ספעקטייטאר" פון ניו־יארק. ווייס איך אביסל, וואס ס'טוט זיך אויף דער יידישער וועלט, אבער די אנדערע ווייסן דאך גארנישט, איז דען נישטא עפעס א יידישע ארגאניזאציע, וואס זאל זארגן,

אַז די וווייטע יידישע קהילות זאָלן נישט אונטערגיין, ווייל עס פעלט דאָס ביסל רעליגיעזע און נאַציאָנאַלער ברען־שטאָף?".

צוזאַמען מיט שאַבאַנע פאָרן מיר שפּעטער צו צום בית הכנסת „מגן־אָבות". עטלעכע באַגדאַדער יידן, — ווייזט־אויס אָרימע און פאַרלאָזענע — זאַמלען זיך אויף מנחה. דער שמש — אַ ייד מיט אַ גרויער באָרד און אין אַ פעז (אַזאַ מין היטעלע), פירט אונדז אַריין אין היכל, וווּ עס זענען צעשטעלט שטרויענע שטולן אַרום דער בימה. פאַראַן פּלאַץ אין געררוימיקן בית־הכנסת פאַר הונדערטער, אָבער עס קומען דאַווענען טעגלעך קוים אַ מנין עלטערע יידן. די ייגנערע קומען שוין אַפילו נישט צום קדיש.

אין דער צייט פון דער יאַפּאַנישער אָקופּאַציע האָט מען אַלע יידן (600 זענען זיי דאַן געווען) אינטערנירט אין אַ לאַגער אַלס סימפּאַטיקער פון ענג־לאַנד און די סינאַגאָגע פאַרוואַנדלט אין אַ שפּייכלער פאַר אויפרייסנדע שטאָפן. אָבער די יאַפּאַנעזער האָבן פאַרחתמעט דעם אָרון־קודש מיט די ספרי־תורהס און נישט דערלאָזט, אַז מען זאָל זיי שענדן.

ווען דער שמש עפנט דעם געררוימען אָרון־קודש, אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר אַ בילד, וועלכעס איך וועל לאַנג נישט פאַרגעסן: אַרום זעכציק ספרים אין גאָל־דענע און זילבערנע מעטאַלענע שיידן, מיט ווערטפולע אינקרוסטאַציעס און קרוינען זענען אויסגעשטעלט אין דריי האַלב־קרייזן און שיינען און פינקלען מיט זייער אומגעווענלעך־שיינעם דעקאָראַטיוון אויסזען. די ספרי־תורהס פון די יידן אין בבל און פערסיע פאַרמאָגן נישט קיין „מענטעלעך", נאָר זענען אַריינ־געשטעלט אין שיידן און ווערן אַוועקגעשטעלט בעת דער קריאה אויף דעם שולחן פון דער בימה. אויף יעדער קרוין איז אויסגעקריצט דער נאָמען פונעם מנדב, — מערסטנטיילס פון רייכע קינדער, וועלכע האָבן געשענקט דאָס גאָלד מיטן זילבער און אַליין קומען זיי שוין מער נישט דאַווענען.

יאָ, שאַבאַנע איז גערעכט! איך זע איצט פאַר זיך אַ מוזיי פון שיין באַ־צירטע זעלטענע ספרי־תורהס, אָבער די תורה אַליין ווערט דאָך דאָ פאַרגעסן...

מיר דאַווענען שפּעטער מנחה אין מאָדערנעם טעמפּל „חסד־אל", געבויט פון די יורשים פון סינגאַפּורער מיליאָנער מנשה מאיר, כדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זייער פאָטער. זיי האָבן אויך געדונגען צען יידן, עשרה בטלנים, כדי יענע זאָלן דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג.

די יורשים פון מנשה מאיר זענען נאָך אַלץ מיליאָנערן, אָבער מיט יידיש־קייט האָבן זיי שוין ווייניק־וואָס צו טון. מיט איינעם פון זיי בין איך געפלויגן פון סינגאַפּור אין אַן עראָפּלאַן. זיין ענגליש ווייב טראָגט אויפן האַלדז אַ צלם, אויסגעזעצט מיט טייערע סאַפּירן...

אויפן גרינעם פלאץ ארום דעם מאנומענטאלן ווייסן טעמפל „חסד־אל״ שפילן זיך כינעזישע און מאלאיער קינדער.

אינעווייניק שפרינגען די „עשרה בטלנים״ די מנחהדיקע קדושה, — אבער איין טריט אין דרויסן שרעקט מיט אן אומעט פון אונטערגאנג.

מיין נייער פריינט, דער באגדאדער ייד אליהו שאבאנע, לאדט מיך אויך אויף נאכטמאל צו אים אין שטוב.

עס באגעגנט אונדז די שווארץ־חנעוודיקע פרוי זיינע, — שוין אין די „הויכע״ מאנאטן, — און אנטשולדיקט זיך, וואס זי וועט פאר מיר נישט האבן קיין פלייש, נאר שטיקלעך געבראטן עוף.

— מיר עסן קיינמאל נישט קיין פלייש פון בהמות, ווייל דער ייד, וואס טוט א טובה און ווערט איין מאל אין דער וואך א שוחט, קען נאר שעכטן עופות. און אויך דאס זענען מיר נישט זיכער, צי ער מאכט אלץ לויטן דין; נאר מען קען דאך שוין נישט אינגאנצן אריבער אויף גרינס — קלאגט זיך די פרוי.

מען אינפארמירט מיך שפעטער, אז פון די 1.500 יידישע נפשות האלטן אויף כשרע הייזער ארום צען פראצענט — מערסטנס אזעלכע, וואס זענען אין די לעצטע צוויי צענדליק יאר געקומען אהער פון איראק און פערסיע.

עס קומען פון שולע די צוויי ליכטיקע קינדערלעך פון די שאבאנעס: אסתר, 13 יאר אלט און דוד — א יינגל פון 8 יאר. עס איז געווען א פארגעניגן צו קוקן אויף די געוויקסיקע, געזונטע, שווארצאויגיקע אליוור־הויטיקע קינדערשע טיפן פון בבלישער אפשטאמונג. איך האב מיט א יאר צען צוריק געזען די זיידעס זייערע, — אין באגדאד, הילא, קאנאקין; יענע פאטריארכאלע הדרת־פנימדיקע טיפן פון אלטן יחוס, וועלכע זענען אזוי ווי ארוים פון די בילדער־ראמען אין מוזייען, — און איצט זע איך זייערע בילד־שיינע אייניקלעך.

בעתן עסן ווייזן זיי מיר די אילוסטרירטע העברעאישע לערן־ביכלעך, וואס דער טאטע האט פאר זיי אויסגעשריבן פון ארץ־ישראל. דודל קען אפילו זינגען לידער פון עמק. אז ער וועט ווערן גרויס, — וועט ער ווערן א ישראל־סאלדאט, — וואס דען, ער וועט דערלאזן, אז די „בלאדי אראבער״ זאלן ווידער זיין אונדזערע באלעבאטים, ווי דאס איז אין איראק״?

דערציילט מיר שפעטער זיין שוועסטער אסתר וועגן איר שולע: אין קלאס זענען פאראן כינעזער, מאלאיער, הינדוסן, אייראפעער און יידן.

מיר יידן שטאמען דאך פון אזיע, — האלטן מיר זיך דעריבער נישט פאר אייראפעער.

אמבעסטן לעבט מען גוט מיט די כינעזער. די אייראפעער האלטן פארריסן די נעזער; אפילו אויב דאס איז א קינד פון א דייטש־יידישן פליכטלינג,

האַלט ער זיך אויך עטוואָס בעסער און העכער. די הינדוסן חברן זיך נאָר צווישן זיך און זענען תמיד ווי אָפּגעזונדערט אין אַנדערע וועלטן. מיט די מאַלאַיער זענען מיר שטענדיק געווען אין גוטע באַציאונגען, — אָבער זינט דער מלחמה אין א"י, זענען זיי אַלס מוסולמענער צעקריגט מיט אונדז.

נאָך מיטאָג קומען געסט: צוויי יונגע יידן, — סופר און עובדיה, וואָס זע־נען אינגאַנצן מיט אַ פּאָר חדשים צוריק אַנטלאָפן פון באַגדאַד.

מיטן נאָרמאַלן וועג קען אַ ייד איצטער פון איראַק נישט אַרויספאָרן. די קרוב הונדערט און פופציק טויזנט יידן ווערן דאָרט געהאַלטן אַלס אַ מין משכון. עס העלפט נישט, וואָס זיי קלויבן, אונטער דראָאונגען, געלט פאַר דער אַראַ־בישער מלחמה אין פּאַלעסטינע; עס העלפט נישט, וואָס זיי האָבן זיך דער־קלערט פאַר אַראַבער פון משהס גלויבן. מען האָט נישט קיין צוטרוי צו זיי. מען פאַרשרייט זיי אַלס שונאים פון לאַנד און פון דער מאַכטמעדאַנישער וועלט. — באַטש די רעגירונג באַנוצט זיך גערן מיט זייער בילדונג און קענטעניש. יידן אַרבעטן אין אַלע מיניסטעריומס, — זענען אויך די איינציקע, וואָס אַנטוויקלען די אָפּגעשטאַנענע אינטערנאַציאָנאַלע האַנדלס־באַציאונגען. אָבער עס העלפט נישט. די איראַקער ציטערן פאַר אַ רעוואָלוציע פון די שטענדיק צעבונטעוועטע קורדישע שבטים און פון די אומצופרידענע, הונגעריקע פאָלקס־מאַסן, וועמענס אָנפירער מען פאַרשרייט אַלס קאָמוניסטן. האָט מען מורא, אַז די יידן וועלן זיך אין אַ קריזיס באַהעפטן מיט די אַלע אָפּאָזיציע־עלעמענטן, אַ כאַפּ־טון פאַרן גאָרגל די כאַפּטע גנבים און נאַצי־פאַשיסטן, וואָס שטייען איצט ביים רודער, — און זיי פאַרטרייבן פון לאַנד. יענע אַלטע טענה, וואָס איז פאָרמולירט גע־וואָרן נאָך פון פּרעה מלך מצרים. האַלט מען דעריבער די יידן אויפן שטריקל...

ארץ־ישראל... אָט דאָרט וואָלטן זיי אַלע אַפּילו צופוס געגאַנגען, מיט דעם זעלבן וועג, וואָס עס האָט זייערע עלטערן אַמאָל געפירט זרובבל, עזרא און נחמיה... „וואָס מיין איך וועגן דעם? וואָס קומט דאָרט ווירקלעך פאָר?"

זאַמלען זיך אַרום מיר אין דער הייסקייט פון דער נאַכט אין מאַלאַיע אַ גרופּע פאַרבענקטע יידישע קינדער און הערן דורשטיק די ווערטער פון מוט און בטחון, וועלכע איך וויל דאָ פאַרזייען בעת דער קורצער נאַכט.

נישט ווייט פון הויז, וווּ איך זיץ איצט, קומט־פאָר אַ פּאַראַד לכבוד דעם סולטאַן פון דזשאַהאָר, ביי וועלכן עס איז געבוירן געוואָרן דער ערשטער פּרינץ (מען זאָגט, אַז אויך ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין שוועסטער, ווי דאָס האָט געטון זיין באַרימטער פאָטער...). פייערווערק מיט האַלבע לבנות און קאָלירטע שטערן רייסן־אויף פון צייט צו צייט אין די הימלען. מאָדנע, פרעמדע פאַר מיין אויער מוזיק־קלאַנגען פון פייפעלעך דערטראָגן זיך פון דער גאַס. אָבער

צונויפגעפרעסט ארום נידעריקן טישל, און ארומגעוויקלט אין דער טיי־פארע, ווערן מיר אריבערגעטראָגן ווייט־ווייט פון דאנען ווו עס ווערט איצט אויסגע־שמידט דער גורל פון אונדזערע קינדער.

עס איז אומרואיק אין מאַלאיא, פון וועלכער סינגאפור איז די הויפטשטאָט, מיט א הינטערלאנד פון א פינף מיליאָן מענטשן; עס שאָקלט זיך פּאָליטיש די ערד אין בורמא, ווו — מען זאָגט דאָ — די רעגירונג איז אוועק אויף קאָ־מוניסטישע דרכים; עס איז גאָרנישט פריילעך אין געדיכטן ארכיפּעלאַג פון יאַ־וואַ־באָרנעאָ־צעלעבעס, ווו ערשט נישט לאנג האָט מען אויפגעהערט שיסן, אָבער אָנגעהויבן שטרייקן; עס זאמלען זיך וואָלקנס פון אינערלעכע קאמפן איבער דעם זעלבסטשטענדיק־פּאַשיסטישן סיאַם, וועלכע ווערט איצט אָנגערופן אַזוי ווי איראָניש טיי־לאנד (דאָס לאנד פון די פרייע). וואָלט איך געווען נאָר א טור־ריסט אין סינגאפּור, וואָלט איך זיך געוויס באַנוגנט און באַפרידיקט מיטן שטענ־דיק יום־טובדיקן ים־ברעג, מיט דער דיסקרעטער מזרח־מוזיק אין די רעסטאָ־ראַנען פון „ראפעלס" און „פרינצעס", מיט דעם נאַכט־קלוב „גליקלעכע וועלט", ווו צוזאמען מיטן אָוונט־מאַלצייט באַקומט איר אַלס פּאַרטנערין א כינעזישע טענצערין, אויב, — פאַרשטייט זיך — איר האלט פון אַזעלכע צוויפּלהאפטע דאַמען. אָבער, — איך בין דאָך נישט קיין טוריסט, — וויל איך וויסן, פאַר־וואָס עפּעס זענען באוואָפנט מיט אויטאָמאטישן געווער און באַשיצט מיט העל־מען אַזוי פיל ענגלישע אָפיצירן און פּאָליציאַנטן פון דער איינגעבוירענער באַ־פעלקערונג?

ענטפערט מען מיר, אַז דווקא היינט אויף דער נאַכט האָט מען אַרעסטירט אין סינגאפּור אַליין איבער 200 כינעזישע און מאַלאַאישע קאָמוניסטן... אַז איבער דער גרעניץ דורך בורמא שמוגלען זיך געפערלעכע אַגיטאַטאָרן, אַז אין די צין־גרובן קומט־פאָר א שטרייק, אַז אין די פאַרמס אין די אינערלעכע גע־גנטן פון לאנד שיסט מען די ענגלישע און אַנדערע באַלעבאַטים.

— און וואָס ווילן זיי, אָט־די אַלע שטרייקערס און אַגיטאַטאָרס? איבער־נעמען דאָס לאנד פון ענגלאַנד, איינפירן א קאָמוניסטישן רעזשים?

— ניין, דערווייל שטעלן זיי נישט אַזעלכע פאָדערונגען. זיי ווילן העכע־רע שכירות... מען זאָגט, אַז מען קאָן שוין פשוט נישט אויסהאַלטן פון די „סינ־דיקאַטן", אַז א כינעזישער אָדער מאַלאַיער ארבעטער וויל שוין כמעט אַזוי פיל, ווי אַן איירָאָפּעער... איר פאַרשטייט? מען קאָן דאָך דאָ שוין נישט מאַכן קיין געלט, נישט לעבן באַקוועם, ווי אַמאָל פאַר דער מלחמה".

הם... הם... עפּעס גלויבט זיך מיר נישט, אַז אַזש הונדערט „קאָמוניסטן אָנגעפירט פון מאָסקווע" ווערן גלאַט זיך אַזוי אַרעסטירט אין איין נאַכט אין

סינגאַפּור אַליין. איבעריקנס שרייבן דאָך אַפילו אייניקע אָרנטלעכע ענגלישע זשורנאַליסטן אין די אָרטיקע צייטונגען, אַז נישט יעדער סינדיקאַלער פירער, וואָס פירט־אָן אַ שטרייק, כדי זיינע מיטגלידער זאָלן האָבן וואָס צו עסן, איז אומבאַדינגט אַ קאָמוניסט...

אָט האָט איר אַ שטיקל באַגריף וועגן דעם, וואָס עס קאָכט זיך אין די אַזוי ווייטע לענדער. אַ מעכטיקע כוואַליע פון פּראָטעסט קעגן די קאָלאָניאַלע רעזשימען, וואָס האָבן הונדערטער יאָרן פאַרשקלאַפט די אַרבעטער און דעם קאָלירטן מענטש, האָט זיך צעשפּילט און לאָזט זיך נישט באַרואיקן. זי איז אַ קאָנסעקווענץ פון טעמפּער איירָאָפּעאישער פּאָליטיק, פון דער יאַפּאַנישער אָקופּאַציע, וועלכע האָט אַנטדעקט די צעקראָכנקייט פון די גוברנאַטאָרן אין ווייסע סמאָקינגס מיטן שטעקעלע אונטערן אָרים, פון נישט וועלן נאָכאַמאָל אָנטון דעם צוים, וועלכער איז אַביסל לויזער געוואָרן נאָכדעם ווי מען האָט פאַרטריבן די יאַפּאַנעזער.

היינט צום ביישפּיל האָב איך אין דער סינגאַפּורער צייטונג געלייענט, אַז מען האָט געכאַפּט צוויי כינעזישע מעסער־שטעכער אין געגנט פון דזשאָהאָרער סולטאַנאַט, — געכאַפּט, ווען זיי האָבן געבונדן דעם פאַרוואַלטער פון אַ צינמינע, און דאָס זענען גראַד געווען קוּאָמינטאַנגישע קאָמוניסטן־פרעסער...

בקיצור — עס איז גאָרנישט פרייַלעך אין דאָזיקן ווינקל פון דער וועלט, ווו עס וווינען איבער אַ ביליאָן פאַרשידנפאַרביקע מענטשן: אויפגעוואַכטער נאַציאָנאַליזם, אַ חשק צו לעבן בעסער, זיך שענער אָנטון, זיין די באַלעבאַטים פון זייערע אייגענע לענדער, — דאָס זענען די סטימולאַנטן פאַר די נייע אויפטרייסלונגען, וואָס זענען דאָ אומפאַרמיידלעך...

אין פראָנט פון אַ מאַרמאָרענער רעגירונגס־געבייַדע אין סינגאַפּור שטייט אַ מאָנומענט מיט אַ פּראַכטפולן עלעפאַנט אויף אים. דאָס איז געשטעלט געוואָרן, כדי צו ערן דעם אומבאַקאַנטן עלעפאַנט, — אַזוי צו זאָגן, — וואָס האָט געהאָלפן די איירָאָפּעער דעראָבערן די רייכע שטיקער לאַנד. ווען איך בין דורכגעפאָרן פאַרביי דעם דאָזיקן אָריגינעלן מאָנומענט, האָב איך אַ טראַכט געטון: „צי וועט מען דאָ אַמאָל נישט אַוועקשטעלן אַ מאָנומענט דעם באַקאַנטן אייזל אין לאָנדאָן, וועלכער האָט אַזוי טאַלאַנטפול אָנגעפירט מיט דער ליקווידירונג פון דער ענגלישער אימפּעריע און בריטישן איינפלוס?...

ווי לעבערלעך עס זעען מיר אויס אין ליכט פון אָט־דער לאַגע די אויפשריפטן, וואָס איך האָב געפונען אין דינסט־טייל פון פלי־פּאָרט, ווו דער קאָמאַנדאַנט איז מתרה אַלע סאָלדאַטן און אָפיצירן, אַז מען זאָל זיך נישט דערוועגן אַרויסגיין שפּאַצירן מיט די קאָלירטע באַאַמטינס אין די ביוראָס פון

פּאַרט, ווייל דאָס איז עלול צו אונטערגראָבן דעם ענגלישן פּרעסטיזש... אַזאַ פּנים האָט ער, דער „פּרעסטיזש״, אַז עס איז שוין נישטאָ ווער עס זאָל לאָבן פון אים.

איינגאַנצן מיט 120 יאָר צוריק האָט זיך אַ פּיפּיקן ענגלישן רייזנדער, — סטאַמפאָרד ראַפּעלס, — איינגעגעבן צו באַקומען אַ קאָנצעסיע פון סולטאַן אין דזשאָהאר אויף אַ סוחרישער אונטערנעמונג. מיט פינף יאָר שפּעטער זענען געקומען בריטישע סאָלדאַטן און פון דער קאָנצעסיע געמאַכט אַ חזקה און פון סולטאַן אַן ערן־געפאַנגענעם מיט אַ גרויסן האַרעם און אַ באַדייטנדער הכנסה.

און אַזוי אומעטום, ווו איר וואַרפט נאָר אַ בליק אויף דער וועלט־מאַפּע. אויסגענאַרט פאַר אַ שיבוש סועץ פון אַ צעקראָכענעם עגיפּטישן כעדיוו (אַ דאַנק דיזראַעלין און ראָטשילדן...), „אויסגעציגיינערט״ גיבראַלטאַר פון די שפּאַניער און דעם אַפריקאַנישן „גאָלדענעם ברעג״ פון די האָלענדער; געירשנט ציפּערן פון די טערקן און באַקומען באָמביי אַ מתנה פון אַ לעקישעוואַטן מאַהאַראַדזשאַ...

איך וואָלט געקענט אַזוי פאָרזעצן די רשימה, ווי אַזוי די ענגלישע אימפּעריע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן ביזן סאַמע סוף, — האָב איך אָבער מורא, אַז היסטאָריקער וועלן פּלוצלינג דערזען אין מיר אַ קאָנקורענט, וועלכער נעמט זיך אונטער אין אַ פּאָר צענדליק שורות צו טון אַן אַרבעט, אויף וועלכער זיי פּטרן יאָרן.

XVIII

# אין דער פאַנטאַסטישער מלוכה פון סיאַם

האָב איך דען אַמאָל געחלומט צו זיין אין סיאַם? האָב איך דען אַמאָל געקלערט פּערזענלעך צו באַזוכן איר לעגענדאַרע הויפּטשטאָט באַנגקאָק, ווו עס וויגן זיך דורכן ווינט גאָלדענע גלעקלעך אַרום העכער דריי הונדערט טעמפּלען, וואָס שיסן צו די הימלען זייערע צוקער־קעפּ שפּיצן? נאָר איצטער קלינגען מיר צאַרט אין די אויערן די טענער פון יענעם בודאַ־טעמפּל, ווי אַ פאַרחלומטע מוזיק פון באַהאַלטענע האַרפן...

סיאַם איז דאָס איינציקע לאַנד אויפן אומגעהויערן שטח צווישן די דרום־

אַזיאַטישע ימים, די אינדיעס און אַראַביע, װאָס איז געבליבן אַ זעלבסטשטענ־דיקע מלוכה דורך איר גאַנצער געשיכטע. אפשר איז דאָס געװען צוליב דעם, װאָס עס איז שװער צוצוקומען צו אירע גרעניצן דורך די בורמאַ־דזשאָנגעלס, דורך די הימאַלאַיען־בערג, אָדער דורך די זומפּן פון כינעס זײַט?

אָבער הײַנט ליגט באַנגקאָק, די פֿאַנטאַסטישע הויפּטשטאָט פון סיאַם, אויפן פלי־װעג אַרום דער װעלט און אויף איר פריש־געפּלאַסטערטן לופט־פּאָרט לאָז איך זיך אַראָפּ אין אַ ליכטיקן זומער־פרימאָרגן.

נאָך נעכטן האָט סינגאַפּור געגלאַנצט אין זײַן אויסערלעכער יום־טובדי־קייט, אויסגעפּוצט אין משך פון הונדערט יאָר דורכן ענגלישן אָקופּאַנט. אָבער אינגאַנצן אייניקע מײַל װײַט פון דער הויפּטשטאָט האָט זיך בלוט געגאָסן אין די מאַלאַיִשע שטעט און דערפער: אַן אויפשטאַנד קאָכט און זידט און װיל גאָרנישט זיך אײַנשטילן.

אין סיאַם האָט מען מורא, אַז די אויפשטענדלער פון די מאַלאַיען װעלן זיך אַריבערכאַפּן דאָ, דעריבער װערן שטאַרקער געהיט די גרעניצן, דעריבער װערן די קאָלירטע פּאַסאַזשירן פון אונדזער אעראָפּלאַן אונטערגעװאָרפן צו אַ זײער לאַנגער אויספאָרשונגס־אינקװיזיציע. אָבער װײַסע מיטן אַמעריקאַנער פּאַס־פּאָרטן װערן נאָך אַרײַנגעלאָזן אין סיאַם אפילו אָן אַ װיזע.

און מיט שפּאַנענדן אינטערעס מאַך איך מײַנע ערשטע באַקאַנטשאַפטן מיטן נײַעם לאַנד. אויפן לאַנגן, לאַנגן װעג צװישן פלי־פּאָרט און מײַן האָטעל אין צענטער פון שטאָט, פאָר איך פאַרבײַ קאַנאַלן, אויף װעלכע עס װױנען אין קלײנע שיפלעך, טויזנטער פאַמיליעס. זײ װערן דאָ געבוירן אין די שיפלעך, לעבן אָפּ זײערע יאָרן אין די אָרימע שװימענדע „הײַזלעך"; פאָרן אַרום אויף די גרויסע קאַנאַלן אײַנקויפן גרינס אין אַ מאַרק טאָג, און שװימען צוריק צו דער שטײענ־דער בלאָטע, װוּ זײ װױנען. נאַקעטע קינדערלעך, אַ סך שמוציקע קערפּערלעך — זאָגן עדות, אַז די באַפעלקערונג פאַרמערט זיך דאָ אָן אַ געבורט־קאָנטראָל. שוין פאַראַן איצט פופצן מיליאָן אײַנװױנער אין סיאַם, באָטש מער װי אַ העלפט קינדער שטאַרבן אין ערשטן יאָר פון זײער געבורט.

די רײַז־פעלדער זענען אונטערן װאַסער: ריזיקע אָקסן מיט משונהדיק פאַר־דרײטע הערנער שלעפּן װעגענער מיט סקריפּנדע רעדער. אָפּגעריסענע סיאַמער פויערים אין שפּיציקע שטרויענע הייט אַרבעטן האַלב־נאַקעט אין די רײַז־פעל־דער.

אָבער אָט פאָר איך אַרײַן אין באַנגקאָק און אַ קאָנטראַסט פון פאַרבן פאַר־בײַט דאָס אומעטיקע בילד פון דאָרף: פריער פאַר אַלץ װאַרפט זיך אין די אויגן די אומגעװײנלעכע אַרכיטעקטור פון די טעמפּלען און פון די קעניגלעכע פּאַ־לאַצן.

זייערע פֿאַרמען איז נישט לײַכט צו באַשרײַבן: אַט זעען זיי אויס ווי צוקער־היטלעך, באַלייגטע מיט טייערע שטיינער און אַט דרייען זיך זייערע דעכער, ווי שלאַנגען מיט אָפֿענע מײַלער, אײַנגאַנצן מיט ריינעם גאָלד באַדעקט.

די גאַסן זענען זייער באַלעבאַט און באַוועגלעך, נאָר אַמערסטן וואַרפֿן זיך אין די אויגן די בונט־געלע קליידער, וואָס זענען ווי ליילעכער אַרומגעוויקלט אַרום די גלחים מיט רויטע שירעמס אין די הענט.

גלחים! טויזנטער פֿון זיי — פֿון די יינגסטע ביז אַלט־אײַנגעהויקערטע — דרייען זיי זיך איבער די גאַסן אין זייער שאַרפֿער אָראַנזש־געלער קליידונג, מיט די געגאָלטע קעפּ און מיט זילבערנע פּושקעס, אין וועלכע עס קלינגען מטבעות־נדבות.

צוואַנציק טויזנט אַזעלכע נזירים פֿילן אָן די גאַסן, די טעמפּלען, און עס שווינדלט אַזש אין די אויגן פֿון דער פֿײַערדיקער געלקייט. יעדער ייִנגל פֿון פֿופֿצן יאָר און עלטער, וואָס פֿאַרזינדיקט זיך מיט עפּעס גייט אַוועק אין טעמפּל און ווערט אַ גלח — כאָטש אויף איין יאָר. יעדער יונגערמאַן, וואָס וויל נישט דינען אין מיליטער, פֿאַרדינגט זיך פּאָר אַ גלח, און קלאַפּט אין גאַס מיט די פּושקעס. נאָר אין אַלטן צאַרישן מאָסקווע האָט מען געקאָנט זען אַזוי פֿיל צערקוועס און אַזוי פֿיל פּאָפּן ווי אין הײַנטיקן באַנגקאָק. עס האָבן, פֿאַרשטייט זיך, דאָרט געפֿעלט די קאָלירן, ווי זיי רײַסן די אויגן אין סיאַם. אגב איז דאָ, ווי אין מאָסקווע, פֿאַראַן אַן אָפּגעצאַמטער ראיאָן פֿון אייניקע קוואַדראַט מײַל אינמיטן שטאָט — אַ מין קרעמל — וווּ עס געפֿינען זיך די הויפּט פּאַלאַצן פֿון קעניג און די וועלט־באַרימטע בודדאַ־טעמפּלען. דער דאָזיקער באַנגקאָקער „קרעמל״ איז אַרומגערינגלט מיט אַ שטיינערנער וואַנט, וואָס איז אויספֿאַלנד ענלעך צו דער אַרכיטעקטור פֿון זײַן מאָסקווער קאָלעגע. כראָנאָלאָגיש זענען זיי געבויט אין דער זעלבער צײַט.

מײַן האָטעל געפֿינט זיך בײַם ברעג פֿון גרויסן קאַנאַל און כאָטש מען האָט מיר צוגעזאָגט, אַז איך וועל דאָרטן געפֿינען אַלע באַקוועמלעכקייטן — ווער איך אָבער ביטער אַנטוישט, ווען דער דינער פֿירט מיך אַרײַן אין מײַן צימער. מילא — די דיקע חופּה־נעץ איבערן בעט איז אַ נויטווענדיקייט צוליב די מאָסקיטן: פֿאַראַן אַפֿילו אַ ספּעציעלער זאַק, וואָס איך דאַרף אָנטון בעתן שלאָף אויף די פֿיס, אויב די בייזע פֿליגעלעך ווערן שוין צופֿיל פּרעך... אָבער אַנשטאָט וואַסער זאָל רינען פֿון וואַנט דורך אַ קראַן — מוז איך גיין צוריק צו יענע צײַטן, ווען אַ גרויסע פֿאַס איז געשטאַנען אין ווינקל פֿון שטוב.

בײַ מיר אין צימער שטייט אַ ליימענע „קאַטקע״ מיט אַן עמער, אַ ספּע־

ציעלער סיאַמער דינער העלפט מיר אַנגיסן אַ פולע וואַנע, כדי איך זאָל קענען זיך אָפּוואַשן פון וועג.

נישט באַקוועם? די איינגנטימערין פון האָטעל, וועלכע איך בין חושד, אַז זי איז אַמאָל אַרויסגעשמוגלט געוואָרן פון פּוילן דורך אַ ריטערלעכן „חתן" און שפּעטער אַליין געוואָרן אַ מייסטערין אין „פאַך" — פאַרענטפערט זיך אין פראַנצויזיש, אַז סיאַם איז נאָך נישט דערוואַקסן צו ציוויליזאַציע.

אַביסל אָן אָפּגעפרישטער דורכן „באָד" וויל איך שוין וואָס שנעלער אַרויסגיין אין גאַס כדי זיך באַקענען מיטן לאַנד און מענטשן.

איך באַזיץ אָן אַדרעס פון אַ יידישן דאָקטאָר אין באַנגקאָק און דער האָ־טעל באַשטעלט פאַר מיר אַ „ריקשאַ" מיט וועלכער איך דערפאָר שנעל צו דער אויגן־קליניק פון דר. פראַנץ דזשייקאָבסאָן.

עס באַגריסט מיך פון באַלקאָן אין דייטש דער דאָקטאָר אַליין, וועלכן איך האָב שוין טעלעפאָניש געמאָלדן וועגן מיין אָנקומען. מען נעמט מיך אַרויף אין אַ דירה, וועלכע איז שוין אָן־און־פאַר־זיך אַ שטיקל וואונדער: שטעלט אייך פאָר אַ צימער גרויס ווי אַ טעאַטער־זאַל אין אַ פּראָווינצער שטאָט. דאָס איז דער אויפנאַמס־זאַל פון דר. דזשייקאָבסאָן. דער דאָזיקער אויפנאַמס־צימער איז באַצירט אין זיין גאַנצער לענג און ברייט מיט ריזיקע בודדאַ־פיגורן פון מאַרמאָר און בראָנז, פון זילבער און פון עלפאַנט ביין. אַ מוזיי, אָדער אַ טעמפּל? אינ־מיטן צימער שטייט, ווי אַ וואַנט אַ גלעזערנער אַקוואַריום פול מיט טראָפּישע געוויקסן, צווישן וועלכע עס שווימען גאָלדענע פישלעך.

אויף די ווענט הענגען טעפּיכער מיט בילדער פון מלאכים און טייוואָלים און ווידער — בודדאַ, בודדאַ, בודדאַ...

דער דאָקטאָר שמייכלט, ווען ער זעט, ווי מיינע אויגן לויפן אַרום זיין „טעאַטער זאַל". ווייזט אויס, ער איז שוין געוווינט צו איבעררעאַשן באַזוכער מיט דער אומגעוועגלעכקייט פון זיין מוזעאַלער דירה.

אָן עלטערע פרוי קומט אונדז אַנטקעגן: זי איז די פרוי פון דאָקטאָר. אַן אַריש־קאַטוילישע דייטשקע. אויף אַ ליג־שטול רוט די קראַנקע טאָכטער זייערע ליליאַנאַ, איר געזיכט גלאַנצט ווי פון פּאָרצעלאַן, די אויגן זענען פאַרקוקט ער־גען וווייט: אַ טראָפּישע נירן־קראַנקהייט האָט זי דערפירט צו אַ האָפענונגס־לאָזן־צושטאַנד און זי גייט אוים ווי אַ ליכט.

ביים טיי־טרינקען דערוויס איך זיך אַביסל „יידישע" איינצלהייטן: דער דאָקטער איז דאָ דער פּרעזידענט פון אַ „קהילה", וואָס באַשטייט פון פינף רע־ליגיעס: יידן, קאַטאָליקן, פּרעסביטעריאַנער, עוואַנגעליקן און מאַכמעדאַנער...

אָבער אַלע זענען זיי אייראָפּעאישע פּליטים־פליכטלינגע פון היטלערן און אַלע זענען זיי דורכגעפלאָכטן דורך חתונה מיט יידן...

אינגאַנצן זענען זיי אַ 50 נפשות און בילדן די פאַרקריפּלטסטע יידישע געמיינדע אין דער גאַנצער וועלט.

דער דאָקטאָר אַליין זאָגט, אַז ער איז אַמאָל אויך געווען געשמדט, אָבער היינט האַלט ער זיך ווידער פאַר אַ פולן יידן; זיינע פאַמיליען־מיטגלידער זענען אָבער קאַטאָליקן.

צו דער דאָזיקער „קהילה" געהערן אויך די איינציקע באַגדאַדער יידן, וואָס גרופּירן זיך אַרום דער רייכער פירמע פון עזרא אזיא. אָבער צוזאַמען איז אין דער „קהילה" פאַראַן נאָר צען ריין־יידישע מאַנסבילן. די איבעריקע זענען אָדער אַרישע מענער פון יידישע פרויען, אָדער — צוויי פריש געשמדטע (צוליב קאַריערע) אויף מאַכמעדאַניש יידישע דאָקטוירים.

— און צי דאַוונט איר אַמאָל צוזאַמען?

— נאָר יום־כפור, טאַקע אין אָט דעם צימער, ווו מיר זיצן איצט. דעמאָלט קומען אַלע מיטגלידער פון דער פאַמיליע — אָן אונטערשיד פון רעליגיע — און האַללי — דער שותף פון אזיא, זאָגט די תפילות. קיין ספר־תורה האָבן מיר נישט, ווייל מיר האָבן מורא, אַז דאָס וועט שוין צופיל אונטערשטרייכן די אויבערהאַנט פון דער יידישער רעליגיע אין אַ קהילה, ווו אמתע יידן זענען נאָר אַ פערטל...

איך קוק זיך אַרום אַלץ מער און מער פאַרוואונדערט אויף די בייכיקע, שווייגנדיקע בודדאַס, וואָס רינגלען מיך אַרום אין דאָזיקן מאָדנעם „מוזעאום": אפשר וועלן זיי מיר אויפקלערן די געהיימניש פון די יידן אין סיאַם, אין לאַנד פון אייביקע געהיימנישן?

***

ביים דר. פראַנץ דזשייקאָבסאָן אין „צימער" האָבן זיך ערגעץ־ווו אָנגעצונדן באַהאַלטענע עלעקטרישע פייערן און אַלע בודאַס אַרום האָבן פלוצלינג אָנגעהויבן לייכטן מיט שמייכלען פון אומענדלעכן נירוואַנאַ־גליק.

אויך דער אַקוואַריום מיט די טראָפּישע געוויקסן און גאָלדענע פיש איז געוואָרן זילבער־גרין און נאָך מער אומהיימלעכקייט צוגעגעבן מיין ערשטן אָוונט אין באַנגקאָק. עס באַווייזט זיך ביים אַריינגאַנג אַ ברייט־ביינערדיקע ריזיקע פיגור פון אַן אייראָפּעער, וואָס איר דאַרפט גאַרנישט פרעגן זיין נאַציאָנאַליטעט: מען זעט גלייך אין אים דעם פּרייסישן אָפיציר! יאָ, מען שטעלט מיר פאָר דעם אָבערסט פריץ פאָן קעמפּע, אַ „מיטגליד פון דער קהילה". ער איז אַנטלאָפן

פון היטלערן אייניקע חדשים פאַרן קריג, נישט וועלנדיק זיך שיידן מיט זיין יידישער ווייב...

„אָ, זי איז נישט נאָר אַ יידין, נאָר אַ הייסע ציוניסטין; זי האַלט, אַז איך דאַרף גלייך פאָרן קיין „פּאַלעסטינע" קעמפן פאַר ישראל. און אפשר וועל איך דאָס טאַקע טון — גיט צו פאָן קעמפּע מיט אַ שמייכל.

דר. דזשייקאָבסאָן דערקלערט מיר שפּעטער, אַז אָט דער דייטשער יונקער איז געווען אַ גרעסערער שונא פון היטלערן, ווי אייניקע געשמדטע „מאַכמעדאַ־נער" פון זיין איצטיקער קהלה... אַז ער איז אַן אָרנטלעכער מענטש, דינט אַלס אינסטרוקטאָר אין דער סיאַמער פּאָליציי און איבערהויפּט קאָן מען זיך אויף אים פאַרלאָזן.

זיי לייגן מיר פאָר, מיר זאָלן צוזאַמען מאַכן אַ שפּאַציר איבער די גאַסן פון באַנגקאָק, וועל איך זען אינטערעסאַנטע זאַכן, אויף וואָס איך שטים איין מיט פאַרגעניגן. אַזוי ווי אין ראַיאָן וואָס מיר דאַרפן איצט באַזוכן, קאָנען זיך קיין אויטאָמאָבילן נישט באַוועגן; דינגען מיר צוויי „ריקשעס" און לאָזן זיך אַרויס אויף דער סיאַמער נאַכט־עסקאַפּאַדע.

ביים אַרויסגיין פון הויז פרעג איך מיינע גאַסט־געבער, פאַרוואָס איז דער אַריינגאַנג צו זייער הויז ווי אויך צו מיין האָטעל פאַרשטעלט מיט אַ שטייענ־דיק ווענטל, ווי אַ פאַראַוואַן. דערקלערט מען מיר, אַז דאָ פירט מען זיך אַזוי אין אַלע סיאַמישע שטובן: מען פאַרמאַכט אויף אַזאַ אופן דעם צוטריט פאַרן טייוול...

— וואָס הייסט?

— אַזוי ווי אַלע ווייסן, קאָן דער טייוול אַריינגיין אין אַ הויז נאָר דירעקט, פאַרשטעלט מען אים דעריבער דעם וועג מיט אַ ווענטל, ער זאָל דאַרפן מאַכן אַן אומוועג, און טייוואָלים האָבן נישט די פעאיקייט דערצו...

ווייס איך שוין, הייסט דאָס, פאַרוואָס דער אַריינגאַנג אין אַלע הייזער איז דאָ פאַרשטעלט מיט אַ „פאַראַוואַן", אַפילו אין נייעם האָטעל, ווו עס האָט זיך נאָר־וואָס אַריינגעצויגן די סאָוועטישע מיסיע: אויך דאָרט האָב איך אַליין געזען אַ שיין באַצירט שפּאַניש ווענטל ביים אַריינגאַנג — אַ סגולה פאַר טיי־וואָלים.

די „ריקשאַס" געצויגן פאַר 20 סענט אַ שעה דורך קרעפּטיק־מוסקולאַטורע יונגע סיאַמער, פירן אונדז אַריין פריער אין בינעזישן טייל שטאָט, ווו אַלץ בליצט מיט עלעקטרישע פייערן פון די רייכע געשעפטן, רעסטאָראַנען, טעאַ־טערס און נאָכהער אין די געהיימנישפולע גאַסן פון דער סיאַמער באַפעלקערונג ווו די שפּיצן פון די טעמפּלען ווערן פאַרלאָרן ערגעץ־ווו אין טונקל־בלויע הימ־

לען און פון דאָרט הערט זיך נאָר דאָס גאָלדענע קלינגען פון אומזעבאַרע גלעק־לעך־גירלאַנדן, געשאָקלט דורך שוואַכעווינטן.

אויף די גאַסן קאָכט מען און מען פּרעגלט שאַרף־געווירצטע מאכלים, וועלכע רעגן דעם אַפּעטיט. האַלב־נאַקעטע קינדערלעך פון פינף־זעקס יאָר האַנד־לען מיט זיסע בייגעלעך און מיט שמעקעדיקע בשמים. אַ מוזיק, וואָס גרילצט און איך פאַרשטיי זי נישט, פאַרהילכט די לופט.

אין דער טיפקייט פון עטלעכע הויפן שפּילן כינעזער טעאַטער און פון דאָרט דערטראָגט זיך אַזאַ „ריטשעריי", אַזעלכע ווילדע קולות, ווי פון אַ שלאַכט־הויז אין אַן ערב יום־טוב.

מיר גייען אַראָפּ פון די „ריקשאָס" און גליטשן זיך אַריין אין אַ שמאָל, פינצטער געסל, ווו עס הערשט אַ טויטע שטילקייט, דאָ פירט מען מיך אין אַ לוקסוס־אַנשטאַלט פון אָפּיום־רויכערער.

— איז דאָס דאָ אין לאַנד נישט פאַרבאָטן?

— פאַרוואָס זאָל דאָס די רעגירונג טון? זי האָט דאָך פון אָפּיום אַ ריינעם איינקונפט פון 120 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר, ד. ה. עס דעקט דרייסיק פּראָצענט פון איר מלוכה־בודזשעט. אי, עס רואינירט דאָס געזונט און צוקונפט פון פאָלק, ווער האָט דאָס צייט איצט צו טראַכטן פון אַזעלכע זאַכן...

גיי איך אַריין מיטן דאָקטאָר אין אָפּיום הויז. זיין פרוי און פאָן קעמפּע בלייבן וואַרטן. דאָרט מוזן מיר גלייך אויסקויפן, צי מיר ווילן רויכערן אָדער נישט, אַ בלעכענעם זעקעלע, ענלעך אויף אונדזער „אַלקאַ־סעלצער"־פּראָשעק. דאָס איז דער זיסער סם אָפּיום, מיט וועלכן מענטשן און פעלקער פאַרשיכורן זיך.

מען גיט אונדז אַרויס אַ מעטער־לאַנגע רויכער־ליולקע, ווו אונטן געפינט זיך דאָס מיילכל פאַרן אָפּיום. נאָכהער גייען מיר דורך סאַלאָנען, ווו אויף ווייכע טעפּיכער ליגן אויסגעצויגן מענטשן מיט די לאַנגע לולקעס אין מויל פאַר־שטעקט.

מענטשן, זאָג איך, כאָטש אָט קוק איך אין זייערע געזיכטער, וועלכע זע־נען פאַרגאָסן מיט אַ הימלישן לאַכן, וועלכע מען זעט נאָר ביי משוגעים אָדער ביי פריש־פאַרליבטע. זיי זעען אַלע אויס ווי אָפּגעריסן פון אונדזער וועלט און מיט ברייט געעפנטע פיבערישע אויגן פאַרקוקט ערגעץ אין אַ גן־עדן. אָט קרעכצן אַנדערע מיט אַ זיסקייט פון אַן איבערנאַטירלעכער באַפרידיקונג. מיר גייען ווייטער אין די אומצאָליקע צימערן פון דער דאָזיקער מלוכהשער זעלבסטמאָרד פאַבריק.

נאָר שאַ! דאָ זענען שוין צימערן, ווו די פאַרשיכורטע, נאָך פילע שעהען,

הייבן זיך אָן אויסטשוכען. דינער רייבן זייער לייב מיט נאַסע האַנטיכער: מען ברענגט זיי צוריק צו דער ווירקלעכקייט.

וואָס פאַר אַ טרויעריק בילד פון ברעכן, זיך שאָקלען אויף די פיס; די אויגן בלאָנדזשען. אַ נאַרישעוואַטער שמייכל איז צעגאָסן אויפן געל־פאַרמעט פנים, ווען מען זעצט אַריין דעם פאַרשווין אין דער „ריקשאַ" נאָך זיין לאַנגן וויזיט אין „פאַרלאָרענעם גן עדן".

עס הייבט זיך מיר אָן דרייען דער קאָפּ פון די איינגעאָטעמטע ריחות. וואָס שנעלער כאַפּן מיר זיך אַרויס אויף דער פרישער לופט, ווו מיינע שמייכלענדע מיטגייער מאַכן אַביסל חוזק פון מיין ערשטער פּראָבע אין אַן אָפּיום־לאָקאַל.

— נו, און איצט וועל איך אייך, ווי אַמאָל האָט דאָס שוין געטון ווירגילי מיט דאַנטען, אַוועקפירן פון טעמפּל פון אַלדאָס בייז צום טעמפּל פון הייליקייט, כאָטש ווער ווייס, וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס אין די דאָזיקע מיס־טיש־פאַרשלייערטע לענדער? — אַזוי זאָגט צו מיר מיין עטוואָס צינישער דר. דזשייקאָבסאָן, דער פּרעזידענט פון דער „ניט־אַרישער" קהילה אין באַנגקאָק.

די צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין סיאַם איז גראַד אויסגעפאַלן אין דרייטאָגיקן נאַציאָנאַלן יום־טוב, ווען די טעמפּלען זענען אָפן, די געל־אָראַנזשענדיקע גלחים לויפן אַרום פאַרשמייעט איבערן שטאָט מיט די פּושקעס און רויטע שירעמס און די באַפעלקערונג לאָזט זיך וווילגיין אויף פאַרשידענע אופנים.

דער פּלאַץ פאַר די פּאַלאַץ־ווענט, איז געפּאַקט פון סיאַמעזער, וואָס הערן זיך צו צו דער הייליקער מוזיק פון די פייפלען און נעמען אויף ענטוזיאַסטיש דאָס קנאַקנדיקע פייערווערק.

אָבער מיינע פירער זענען פּריווילעגירטע פּערזענלעכקייטן: קעניגלעכער אויגן־דאָקטאָר, קעניגלעכער פּאָליציי־קאָמיסאַר, לאָזט מען אונדז דעריבער דורך די שטרענג־באַוואַכטע טויערן און מיר פאַרנעמען זיך אויף לינקס צום וועלט־באַרימטן טעמפּל פון עמעראַלד־בודאַ. אויף רעכטס טאָר קיינער ניט גיין: דאָרט איז דער פּריוואַט־פּאַלאַץ פון קעניג; דאָרט ליגט אין אַ גאָלדענער טרונע דער יונגער, פאַר־צוויי־יאָרן דערמאָרדעטער מלך אַראַנאַ. מיר זעען פון ווייטן דעם בלויען גלי פון אייביקן פייער, וואָס ברענט איבערן טויטן. דאָרט וווינט אויך דער מלך־רעגענט, דער פּרינץ פון זשאַנאַד... אָ! ווי איך וואָלט געוואָלט כאַפּן אַ קוק אויף דער רעכטער זייט הינטער די ווייסע עלעפאַנטן, וואָס היטן דעם אַריינגאַנג. אָבער דאָס איז שוין אַן ענין פאַר אַ פּרימאָרגן... איצטער גייען מיר צו דער נאַכט גאָטעס־דינסט צום הייליקסטן פון די הייליקסטע, צום עמעראַלד

בודא, וועלכער בליצט מיט טויזנטער איידעלע שטיינער פון זיין ליכטזעליקייט אונטער די שלאַנגען־ענלעכע דעכער, וואָס די זשענים פון ארכיטעקטור האָבן געשאַפן.

מיר הייבן זיך אויף אויף די מאָנומענטאַלע טרעפּ פון טעמפּל. די סלופּעס ארום זענען צוזאַמענגעשטעלט פון אַ מאָזאַאיק פון טויזנטער־טויזנטער פאַרביקע שטיינדלעך, וועלכע ברעכן איבער אין זיך אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן.

מיר טוען אויס אונדזערע שיך און אַט זיצן מיר אויף אַ ווינקל פון טעפּיך און זעען אַנטקעגן אונדז גאַנץ הויך דאָס רעטזעלהאַפטע געזיכט פון עמעראַלד־בודא. מען דערקלערט מיר, אַז די עמעראַלדן און סאַפּירן, וועלכע זענען אויס־געזעצט אין זיינע אויגן און ברוסט וואָלטן לייכט געקאָנט דעקן דעם יערלעכן בודזשעט פון אַפּיום־איינקונפט, נאָר איז דען ניט אַן עבירה אַזוי ציניש צו־טראַכטן אין דאָזיקן „קדשי־קדשים״?

אַ מחנה פון אראנזשענע גלחים טראָגן זיך אריין ווי אַ שטורעם־ווינט און פאָכען מיט די פאַלעס: דאָס פאַריאָגן זיי די בייזע רוחות, וואָס האָבן אַ טבע זיך פּלאָנטערן דווקא דאָרטן, וווּ מען דערוואַרט זיי אַם ווייניקסטן.

נאָכהער זעצן זיך אויס אויבן אויף דער טריבונע אונטערן בודאַ אַ צענד־ליק מוזיקאַנטן, די פיס אונטער זיך, מיט בייכיקע מאַנדאַלינעס אין די הענט און שפּילן מאָנאָטאָן און אומעטיק תפילות, וועלכע פאַרמאָגן אין זיך אַ פרעמדע זאַפטיקייט פון קלאַנגען, צו וועלכע מען געוווינט זיך לאַנגזאַם צו און זיי פאַר־שלעפערן אפילו.

אָבער: אַ באַוועגונג אין טעמפּל! אַלע אויגן ווענדן זיך צו ביידע זייטן פון בודאַס קאָפּ: עס באַווייזן זיך אינגאַנצן מיט פאַרביקע פאַטשערקעס באַהאָנגען, מיט הענט, וואָס באַוועגן זיך ווי שלאַנגען; מיט קעפּ, אויף וועלכע עס שיינען מיט טויזנטער שטיינער היט, וואָס זעען אויס ווי טעמפּלען, — די נאַקעטע טענצערינס...

זיי באַוועגן זיך צום טאַקט פון דער מוזיק, פריער לאַנגזאַם־שלעפעריק, נאָכהער מיט דינאַמיק און פייער.

יעדע פאָר הענט, ווי לעבעדיקע שלאַנגען אין אומאויפהערלעכער באַווע־גונג. זיי וויקלען זיך ארום די סטאַטוען פון די דרייקעפּיקע העלפאַנטן, זיי באַ־ווייזן זיך נעבן דעם גאָלדענעם „גאָט״ אישנו, וואָס רייט אויפן האַלב־פויגל, האַלב־מענטש...

זייער נאַקעטקייט ווערט רעגולירט מיט די פאַרביקע פאַטשערקעס, וואָס הענגען ווי שמאַלע בענדלעך ארום דעם פּערפעקטן העלפאַנט־ביין פון זייערע קערפּערס.

דער עולם אויף די טעפּיכער ווערט אַנגעצונדן מיט אַ שטילן עקסטאַז, איך וואָלט געזאָגט, איך זע אין זייערע אויגן דעם בלאַנדזשענדיקן ווייטן בליק פון די פאַרשיכורטע אָפּיום־רויכערער.

ניין! דאָס איז נישט די תאווה, געשאַפן דורך דער נאַקעטקייט, דאָס איז די דערהויבעניש איינגעזאַפּט דורך דער מוזיק, דורך די שלאַנגען־באַוועגונגען און דורכן מיסטישן בליק, וועלכער שפּריצט פון בודאַס עמעראַלדן און סאַפירן.

אָט איז זי, די עבודה־זרה, ווי איך האָב זיך זי פאָרגעשטעלט, ווען איך האָב געלערנט חומש אין מיינע קינדער־יאָרן.

***

מיר יידן זענען בטבע נישט קיין מיסיאָנערן און מיר האַלטן זיך אָפּ פון וועלן פאַרוואַנדלען אַ פרעמד־גלויביקע נשמה אין אַ יידישן גר. דערפאַר אָבער דרימלט אין יעדן פון אונדז אַ פאַרטיקע קאָמפּסלוסטיקייט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אומקערן צוריק אַ פאַרבלאָנדזשעטן יידישן נפש צום כלל ישראלדיקן אורשפּרונג. עס איז גאָרנישט קיין פראַגע פון זיין פרום אָדער פריי, עס איז גענוג ווען איר זעט אַז אייער ברודער טרינקט זיך, צוליב אומוויסנהייט אָדער אומגליקן, אין אַ ים פון פרעמדער טומאה, עס זאָל אין אייך זיך אָנצינדן דער ניצוץ פון יהדות און איר שטרעקט אויס ביידע הענט כדי אים רעטן פון אָפּגרונט.

איך האָב, בעת מיין זיין אין באַנגקאָק, געהאַט די געלעגנהייט פעסטצושטעלן אַז די אייניקע צענדליק ניט־געשמדטע יידן, די מיטגלידער פון דער „ניט אַרישער" געמיינדע פון פינף רעליגיעס מאַטערן זיך אין דעם „משוגעים העמד" וואָס זיי האָבן אויף זיך אַרויפגעצויגן מיט אַ צען יאָר צוריק, ווען זיי זענען דאָ אָלע אָנגעקומען מיט זייערע „אַרישע" דייטשע מענער אָדער פרויען, כדי אָנהויבן אַ נייעם לעבן ווייט פון היטלער־לאַנד. ביים אָנקומען האָבן זיי שוין דאָ געטראָפן אייניקע באַגדאַדער יידן וועלכע האָבן זייער יידישקייט באַהאַלטן אויס מורא, אַז די סיאַמער, וועלכע האָבן זיך בעתן קריג פאַרבונדן מיט די יאַפּאַנעזער, זאָלן זיך פלוצלינג ניט פאַרקוקן אויף היטלערס „יודען פּאָליטיק". האָט מען דעריבער געבילדעט אַ „פליכטלינגס־קאָמיטעט פון ניט אַריער", וועלכער האָט פּאַקטיש פאַראייניקט אַרום אַכציק נפשות פון וועלכע אַ פערטל זענען געווען אמתע יידן און די איבריקע משומדים, אָדער אַזעלכע אַריער וואָס האָבן געהייראַט מיט יידן און געוואָלט בלייבן צוזאַמען אין דער געמיינשאַפט מיט יידן אָדער משומדים.

אין סיאַם גופא, וועלכע איז אַזוי גרויס ווי פראַנקרייך און פאַרמאָגט מער

ווי פופצן מיליאָן איינוווינער, איז קיינמאָל דורך איר טויזנט־יאָריקער געשרי־בענער געשיכטע, — קיין יידישע קהלה נישט געווען. קיינמאָל איז דאָ נישט געווען קיין ספר־תורה. דער ערשטער דאַוונען בציבור איז פאָרגעקומען אין די לעצטע ימים נוראים, אין דעם הויז פון דר. פראַנץ דזשייקאָבסאָן, וועמענס פרוי און קינדער זענען טרייע דייטשע קאַטויליקן, אָבער ביי אים אַליין קומט פאָר עפּעס אַ טיפער ברוויזענדער פּראָצעס פון דערוואַכונג פון „פּינטעלע ייד". ער זאָגט צו מיר: „מען וועט אייך דערציילן, אַז איך בין אַ משומד, איך זאָג נישט יאָ און איך זאָג נישט ניין... פאַר וועמען דאַרף איך זיך פאַרענטפערן? אָבער איינס איז געוויס: איך בין אַ גוטער ייד! איך וואָלט זיך געלאָזט פאַר־ברענען פאַר יידישקייט! איז דען אַ שלעכטער ייד געווען יעזוס קריסטוס, — ביז זיינע „שלוחים" האָבן פאַרשאַכערט זיין „תורה" צו די געצנדינער?"...

פאַרשטייט איר דאָך שוין, אַז דיסקוטירן מיט אַזעלכע טענות, איז שוין נישט פאַר מיר; נישט אומזיסט האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט, אַז אַן „עם הארץ איז ערגער פון אַ רשע".

וואָס איך האָב יאָ געזאָגט, איז: „מיין ליבער דאָקטאָר! איר דאַרפט ביי זיך אַליין קלאָר באַשטימען, צי ווילט איר פון צווישן אייער נישט־אָרישער קהלה אויסטיילן דאָס ביסל יידן וואָס ווילן זיך רעליגיעז אויסלעבן אין דער יידישער אמונה: מל זיין קינדער, דאַוונען מיט אַ ספר תורה, שטאַרבן און באַ־גראָבן ווערן ווי יידן... איר קענט זיך איבערלאָזן אייער „נישט אָרישן קלוב" אַזוי ווי ער איז איצטער, אָבער אַ מחיצה־ווענטל מוז דאָך אין רעליגיעזע זאַכן אָוועקגעשטעלט ווערן צווישן אייערע קאַטוילישע פּראָטעסטאַנטישע, מאַכמע־דאַנישע און יידישע מיטגלידער".

דר. דזשייקאָבסאָן עצהט מיר איך זאָל זיך פאַרשטענדיקן מיט דער קליי־נער גרופּע באַגדאַדער יידן וואָס גרופּירן זיך אַרום דעם יונגן בבלער סוחר און מיליאָנער עזרא אסיא.

„אָבער זייט וויסן, אַז איך האָב איינגעלאַדן אַלע מיטגלידער פון דער „ניט־אָרישער" געמיינדע צו מיר אין שטוב, איר זאָלט זיי שבת־צו־נאַכטס דערציילן וועגן יידישן לעבן אין גאָר דער וועלט און ספּעציעל אין ארץ־ישראל.

„קיינער קומט דאָך נישט צו אונדז, מיר זענען דאָך אָפּגעריסן פון דער וועלט, איר וועט אונדז געוויס נישט אָפּזאָגן?"

„ניין, געוויס נישט, — עס וועט זיין אַפילו אַ ספּעציעלער פאַרגעניגן פאַר מיר צו זיין דער ערשטער רעדנער אויף אַ פאַרזאַמלונג פון יידן אין דער טויזנט יעריקער געשיכטע פון סיאַם".

אָבער איידער איך פאַרלאָז זיין הויז, מוז איך אויספירן נאָך אַ גאַנץ ספּע־

ציעלע פונקציע. דר. דזשייקאָבסאָן וויל אומבאַדינגט, אַז אונדזער פאַרזאַמלונג זאָל געעפנט ווערן מיט די קלאַנגען פון דער „התקוה". אַזוי ווי אָבער קיינער קען דאָ נישט די מעלאָדיע, בעט ער מיך, איך זאָל אויסלערנען די טענער צו זיין מאַכטער ליליאַנאַ, — אָט צו יענער בלאָסער קאַטויליִשער מיידל, וואָס ליגט גאַנצע טעג אויף אַ שטול און שיינט מאָדנע „יענער־וועלטיק" מיט איר פאַרצע־לאָן פּנים... מען פירט ליליאַנען צו צום קלאַוויר און אין אַ פּאָר מינוט כאַפּט זי גוט אויף דעם ניגון פון דער „התקוה". אירע פאַרלאָשענע אויגן ווערן אפילו לעבעדיק און אויך ביי מיר דערוואַכט זיך די נשמה יתירה, אַ שפּאָס עפּעס — די מוזיק פון „האָפענונג" ווערט געבוירן אויפן פרעמדן באָדן פון סיאַם.

דר. דזשייקאָבסאָן ברענגט מיך מיט זיין אויטאָמאָביל צו די אַסיאַס, וועמענס געשעפט מיט אַלערליי טעקסטיל סחורות און מעטאַלן געפינט זיך אין הארץ פון האַנדלס־צענטער. זיצן מיר ביי אַ גלאָז קאַווע מיטן שלאַנקען, עלעגאַנטן עזרא אַסיא, וועלכער איז דאָ מיט אַ יאָר צען צוריק געקומען פון באַגדאַד; זיצן מיט אונדז זיין אייגענער ברודער אליהו, זיין געשעפטס־פירער דוד האַללי, און עס ווערט באַשלאָסן, אַז מען בעט מיך איך זאָל אַרויסשיקן פאַר זיי אַ ספר תורה פון ניו־יאָרק. זאָל זיין מיט מזל!... אַסיא לייגט פאַר מ'זאָל אויפבויען דעם ערשטן יידישן בית־הכנסת און ער דעקט די הוצאות פון בנין, — די נויטיקע צוויי הונדערט טויזנט טיקעלס (אַרום צוועלף טויזנט דאָלאַר).

עפּעס גלויבט זיך מיר אַליין גאָר נישט, אַז גאַנץ אומדערוואַרט האָב איך מיטגעהאָלפן צו דער גרינדונג פון דער קהלה קדושה אין באַנגקאָק. איך גיב אַ זאָג צו מיר: „אַזוי פיל יידישע קהלות זענען אומגעקומען פאַר מיינע אויגן, איז דאָך אַ באַזונדער זכות צו זיין אַ מיטבויער פון אַ נייער עדה, אַ נייער סטאַנציע פון יידישקייט"...

און בעת מיר זענען געזעסן ביי די אַסיאַס, האָט זיך די טיר פון ביוראָ געעפנט מיט אימפּעט און עס האָט זיך באַוויזן אין איינגאַנג אַ פּאַרשוין, וועלכער איז אַזוי ווי אַראָפּגעגאַנגען פון אַ לייוונט פון איינעם פון יענע אַנטי־נאַצי בילדער, וועלכע מען האָט אַזוי אָפט געוויזן בעתן קריג: אַ געזונטער, רויט־אָפּגעברענטער גוי, מיט אַ געגאָלטן קאָפּ און חזיריש־פּרעכע אויגן, אָנגעטאָן אין אַ מיליטערישע בלוזע און קורצע הויזן אויף נאַקעטע פעטע פיס.

סיי אַסיא, סיי דר. דזשייקאָבסאָן ווייזן אַרויס אַ געוויסע באַאומרואיקונג ווען דער גוי באַווייזט זיך און באַגריסט אונדז אין פראַנצויזיש „באָן זשור" (גוט מאָרגן) אָבער אין אַ ווייל אַרום זאָגט עזרא אַסיא אין פראַנצויזיש: „אַ, ה' שמידט! עס איז גוט וואָס איר זייט דווקא איצט געקומען נאָך אַ תשובה. גראַד האָבן מיר דאָ אַ גאַסט פון אַמעריקע, וואָס וועט אונדז העלפן באַלויכטן

אייער פּראָבלעם. נאָר פריער ווילן מיר בעטן דעם גאַסט איבערלייענען דעם בריוו, וועלכן מיר האָבן אוועקגעשיקט אין ניו־יאָרק וועגן אייער פּאָרשלאָג"...

ה' אסיא נעמט אַרויס אַ קאָפּיע פון אַ בריוו, וועלכער איז דעם 17טן יוני 1948 אַדרעסירט געוואָרן צום יידישן וועלט־קאָנגרעס אין ניו יאָרק. דער בריוו איז אַ גענוג לאַנגער און זיין אינהאַלט איז מער־ווייניקער פאָלגענדער:

„אַזוי ווי מיר האָבן נישט דעם אַדרעס פון דער יידישער אַגענץ אין פּאַלעסטינע, בעטן מיר אייך, איר זאָלט די דאָזיקע ווענדונג אונדזערע איבערשיקן צו דער אַגענץ אָדער צו דער רעגירונג פון ישראל. צו אונדז האָט זיך געווענדט אַ פּאַרטרעטער פון אַ גרופּע סאָלדאַטן אין פראַנצויזישן „פרעמדן לעגיאָן", וועלכע קעמפן מיט די אויפשטענדער „וויעטנאַמס" אין אינדאָכינע. זיי זענען אַרום צוויי הונדערט מאַן — טאַנקיסטן, קאָמאַנדאָס, אַוויאַטאָרן. זיי זענען אַלע געוועזענע דייטשע ס. ס. און ס. אַ. זעלנער, וועלכע מען האָט בשעתו איינגעגלידערט אין יאַפּאַנישן מיליטער און נאָכן קריג האָבן זיי זיך פאַרדונגען צום פראַנצויזישן „פרעמדן לעגיאָן", — פון וואַנען זיי האָבן איצט דעזערטירט. זיי ליינען פאָר זייער דינסט דער אַרמיי פון ישראל. זיי זאָגן צו צו זיין געטריי און זיך גוט שלאָגן. מיר אָבער האַלטן, אַז מען קען זיך אויף די מענטשן נישט פאַרלאָזן, ווייל זיי זענען אַלע געוועזענע נאַצים. אָבער פון דער אַנדער זייט ווייסן מיר אויך, אַז זיי פירן אונטערהאַנדלונגען מיט מוסולמאַנישע פאַרשטייער, — האָבן מיר דעריבער מורא אַז מען וועט אויסנוצן זייערע מיליטערישע פעאיקייטן אין שונאס לאַגער. בעטן מיר דעריבער דעם קאָנגרעס אָדער די אַגענץ מען זאָל אונדז געבן אַן עצה וואָס צו טון?"

איך בין געבליבן זיצן אַביסל געפּלעפט. אָט זיצט, הייסט דאָס, פאַר מיר אַ מיאוסער נאַצי וואָס נאָכדעם ווי ער און זיינע חברים האָבן דעזערטירט פון די פראַנצויזן לייגט ער פאָר זיין „מיאוסן דינסט" אַלס „מערסענערים" לויט די „גוטע מיטל־אַלטערלעכע טראַדיציעס" צו דער יידישער אַרמיי.

מיר רעדן ווייטער פראַנצויזיש, ווייל אסיא פאַרשטייט נישט קיין דייטש און דער נאַצי פאַרשטייט נישט קיין ענגליש.

איך קלער פריער פאַר אַלץ אויף דעם חברה־מאַן, אַז איך בין נישט קיין פאָרשטייער פון מלכות ישראל, נאָר אַ פּשוטער וואַנדערער אויף די וועלט־וועגן, אָבער איין זאַך פאַרשטיי איך און ווייס געוויס: „די יידישע אַרמיי דינגט נישט קיין סאָלדאַטן, ווי דאָס טוט דער „פרעמדער לעגיאָן"; אַז די יידישע סאָלדאַטן קעמפן מיט אידעאַליזם און מיט זייערע נצחונות דערוווּנדערן זיי די וועלט, אַז נישט ברוטאַלע קראַפט און גרויסע צאָלן זיגן, נאָר די גבורה פון גייסט... אָט דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב צו זאָגן אין דעם ענין"...

איך באַמערק ווי אַסיא און דר. דזשייקאָבסאָן זענען צופרידן מיט מיין תשובה. דער דייטש אָבער ווערט נאָך רויטער און זיין פעטער קארק באַגיסט זיך מיט שווייס.

„איר זייט פריי צו טון וואָס איר ווילט, — ה' שמידט, — זאָגט אַסיא. איך גלויב נישט אַז איר קענט דערוואַרטן אַן אַנדער תשובה".

ה' שמידט הויבט זיך אויף שטייף און אַנגעבלאָזן, — גיט אַ קלאַפּ מיליטעריש מיט די אָבצאַסן און פאַרלאָזט שווייגנדיק דעם צימער.

עס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר מיינע אויגן נאָך אַן אַבסורד פון אונדזערע צייטן, וועלכער וואָלט זיך אויסגעוויזן אומוואַרשיינלעך צו אונדזערע פירנדע אינסטאַנצן, (און אפשר אויך לעזער) ווען נישט דער פאַקט וואָס ער איז דאָקומענטירט געוואָרן דורך אַן אָפיציעלער ווענדונג צום יידישן וועלט־קאָנגרעס, וועלכע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן נאָך איידער איך האָב באַזוכט באַנגקאָק.

***

מען האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל נישט פאַרלאָזן סיאַם איידער איך מאַך אַ באַזוך אויפן שווימענדן מאַרק, ווו די סיאַמעזער קויפן איין זייערע פּראָדוקטן אויף אַ גאַנצער וואָך. דער מאַרק קומט געוועגלעך פאַר פאַרטאָג אויפן ברייטן קאַנאַל, וואָס ציט זיך דורך דער גאַנצער לענג פון באַנגקאָק און באַהעפט זיך ערגעץ־ווו מיט די טייכן, וואָס פליסן אַרום פון די אינערלעכע געגנטן פון סיאַם.

איך רעד אָפּ מיטן האָטעל־פּאָרטער ער זאָל פאַר מיר דינגען אַ „ריקשאַ" און אָנזאָגן דעם חברה־מאַן, וואָס וועט מיך „שלעפּן" צום טייך, ער זאָל דינגען פאַר מיר אַ שיפל אויף צוויי שעה און נאָכהער זאָל דער זעלבער ריקשאַ־יונג מיך ברענגען צוריק אין האָטעל. איך מוז לכתחילה באַשטימען אַלץ גענוי, די פּרייז, די צייט, דעם מאַרשרוט, ווייל ווי נאָר איך פאָר אַרויס פון האָטעל, בלייב איך אויג־אויף־אויג מיט אַ מיליאָניקער שטאָט, וועמענס שפּראַכן, סיאַמעזיש און כינעזיש, איך קאָן נישט און ווו דער לאַבירינט פון אומבאַקאַנטע גאַסן וואַרפט אָן אַן אימה מיט זייער אַנדערשקייט און פרעמדקייט.

און אין גרונט גענומען איז דאָס געווען אַ נאַרישקייט זיך אַרויסצולאָזן איינער אַליין, אָן אַ פירער, מיט וועלכן איך זאָל זיך קאָנען פאַרשטענדיקן, נאָר איך האָב פון שטענדיק אָן אַן אינערלעכע קעגנערשאַפט צו די אַפּעריסטישע פאַרשווינען, וואָס פירן אייך אַרום שעהן לאַנג איבער די פרעמדע מקומות אַן לסוף ווייזן זיי אייך אַ פּערפום־קראָם אָדער אַ געשעפט פון „זעלטנהייטן", וואָס ווערן פאַבריצירט אין פּאַריז אָדער לאָנדאָן... לאָז איך זיך אין מיין וועג אַליין.

עס איז פינף אזייגער פארטאָג און די גאַסן, ווו איך פאָר דורך מיט מיין „ריקשא״ הויבן זיך אָן אָנצופילן מיטן פארביקן המון, וואָס קומט פון דזשאַנגל אין שטאָט אריין. ווידער אמאָל דאָמינירט דער אָראַנזש־געלער קאָליר פון די ליילעכער, אין וועלכן עס זענען איינגעוויקלט די טויזנטער גלחים, וועלכע גייען מיט אָפענע רויטע שירעמס, כאָטש עס רעגנט נישט און קלאַפּן מיט די פושקעס. און נאָכהער סקריפּען די צוויי רעדערדיקע וועגענער, געשלעפּט דורך שווארצע אָקסן מיט מאָדנע פארצווייגטע הערנער: אויף די וועגענער ליגן פישן־גיגאַנטן, די אזוי גערופענע פלא־בוק, וואָס וועגן פון הונדערט ביז פינף הונדערט פונט א שטיק. מען זאָגט, אז זיי זענען געשמאַק און צוזאַמען מיטן רייז, וואָס וואַקסט אין סיאַם לרוב, האָט די באַפעלקערונג גענוג צום עסן. און דאָ טראָגן צוויי אָפּ־געריסענע סיאַמער פויערים אויף א לאַנגן שטעקן אייניקע פארבלוטיקטע פעלן פון טיגערס, ווייזט אויס פריש געכאַפּט. איר ווייסט מסתם, אז איצט איז א מאָדע אויף פעל פון געפלעקטע חיות, און ווו נישט אויב דאָ אין סיאַם, אין גאַנצן צוויי שעה רייזע פון דער הויפּטשטאָט, קאָן מען געפינען דעם גרעסטן אויסוואַל פון טיגערס, לעאָפּאַרדן און אַלע אַנדערע מינים פון געל־געפלעקטע קעץ? איך ווייס, אז פון דער גאַס אין באַנגקאָק ווו איך זע איצט דעם געשאָסע־נעם טיגער ביז פיפט עוועניו אין ניו־יאָרק, ווו אונדזערע דאַמען וועלן קויפן דעם אויסגעפּוצטן מאַנטל, איז א לאַנגע שטרעקע אין מיילן און אין דאָלאַרן. איך באַטראַכט די שילדן ארום מיר: די כינעזער, וועלכע בילדן אין סיאַם דעם ריי־כערן קלאַס, באַנוצן נאָר כינעזישע בוכשטאַבן אויף זייערע קראָמען, די סיאַמער אָבער באַנוצן ביידע שפּראַכן, אזוי פארשידן גראַפיש: סיאַמער אותיות פאר־מאָגן אייניקע בוכשטאַבן, וועלכע זענען געמיינזאַם מיט העברעאיש: דעם ר, ד, ח, ת,, ס, צום ביישפּיל. מען האָט מיר אפילו געזאָגט, אז זיי האָבן אין סיאַ־מיש די זעלבע באַדייטונג, וואָס ביי אונדז. אגב, זייער אלף־בית באַשטייט פון דרייסיק אותיות, בעת דער כינעזישער ציילט מער ווי דרייסיק טויזנט צייכנס.

מיר דערפאָרן ענדלעך צום טייך און מיין ריקשא־יונג קלייבט אויס א היל־צערנע דזשאָנקע (שיפל) פאר מיר און באַדינגט זיך פאר א סומע פון צען טי־קעלס (ארום פערציק סענט, ער ווייזט מיר דעם סכום אויף די פינגער) מיט א כמעט נאַקעטן, טונקל־הויטיקן סיאַמעזער, ער זאָל מיך פירן איבער די קאַנאַלן פון וואַסער־מאַרק. דער „ריקשא״ וועט וואַרטן ביז מען וועט מיר ברענגען צוריק אויף דעם זעלבן פּלאַץ.

שווים איך שוין מיט עפּעס א פרעמדן, האַלב־ווילדן פארשווין איבערן ברייטן קאַנאַל, וואָס קוקט איצט אויס ווי אן אומרעאַל פילם־בילד. שטעלט זיך פאָר, אז צוזאַמען מיט מיר שווימען שיפלעך־הייזער אָנגעלאָדן מיט גרינס און מיט

קינדער, שיפֿלעך, אין וועלכע עס וווינט מער ווי אַ העלפֿט פֿון דער באַנגקאָקער באַפֿעלקערונג. זיי פֿאָרן אַנטקעגן די שיפֿלעך־הייזער פֿון די פּויערים, וואָס ברענגען איין מאָל אין וואָך זייערע פּראָדוקטן פֿון די ווייטע דערפֿער, וואָס ליגן ביי די טייך־אויסגוסן. אַזוי מסתּמא איז מיט טויזנטער יאָרן צוריק פֿאָרגעקומען דער אויסטויש־האַנדל צווישן אַלע מענטשן פֿון ערד־קוגל, אַזוי האָבן מיר געלערנט האָט אויסגעזען די מענטשלעכע קולטור ערבֿ דעם פּרימאָרגן פֿון איר דערוואַכונג. מען בייט שטיקלעך פֿון געוועבטן שטאָף, פֿון שפּיגעלעך און פֿאַטשערקעס, פֿון פֿלעשלעך מיט רפֿואות אויף פּרוכטן, פֿיש און רייז. און וואָס פֿאַר אַ מאָדנע פּרוכטן איך זע דאָ: קאָקאָס־ניס גרויס ווי די קעפּ, וועלכע מען האַקט שנעל איבער מיט אַ ברייטן שווערד און עס שפּריצט מילך; באַנאַנעס, וואָס זענען קיילעכדיק ווי אייער: שניי־ווייסע מאַנגאַסטאַס, וואָס זעען אויס ווי קוילן פֿון אייז־קרעם; און דער טייערסטער פּרוכט — אַ עסן פֿאַר גבֿירים, דער שטעכיק־רויטער דוריאַן, פֿאַר וועלכן אַ סיאַמער וואָלט זיך „געשמדט", אַזוי גערן האָט מען דאָס דאָ. אָבער איך בעט מיין שיפֿל זאָל שנעלער אַנטלויפֿן, ווייל אַ ריח פֿון מתים טראָגט זיך פֿון דוריאַן.

און מיר שווימען ווייטער און דערנענטערן זיך צו דער ליניע פֿון די אימפּאָזאַנטע טעמפּלען, די איינציקע אין דער וועלט לויט די פֿאָרמען פֿון זייער קאַנאָן־אַרטיקע אַרכיטעקטור, באַצירט מיט אַ ים פֿון גאַנצע און האַלבע איידלשטיינער, וועלכע ברענען מיט אַלע פֿאַרבן אַנטקעגן דער אויפֿגייענדיקער פֿרימאָרגן־זון. מיין שיפֿל־טרייבער מאַכט צו מיר אַ צייכן, אַז ער וויל מיך אַראָפּלאָזן נעבן איינעם פֿון די טעמפּלען, דערביי באַלעקט ער זיך מיטן צונג און „ציקעט" מיט די ליפּן, כּדי צו דערקלערן וואָס פֿאַר אַ גענוס עס דערוואַרט מיך.

און כאָטש דער האָטעל־פּאָרטיער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל פֿון שיפֿל נישט אַראָפּגיין, ביז מען וועט מיך איבערגעבן גאַנצערהייט אין די הענט פֿון מיין ריקשאַ־טרייבער, וועלכן דער פּאָרטיער קען פּערזענלעך, קען איך נישט ביישטיין דעם נסיון און לאָז זיך צופֿירן צום ברעג, ווו עס שטייט דער כּשוף־טעמפּל. פֿון ביכעלע אויף ענגליש מיטן פּלאַן פֿון באַנגקאָק, וואָס איך האַלט איצט אין מיין האַנט, דערקען איך די געביידע: דאָס איז דער פּראַ־בודאַ טעמפּל, ווו ביים אַריינגאַנג איז אָפּגעהיט דער פֿאַרגליווערטער אין שטיין אָפּדרוק פֿון בודאַס טריט.

ווען איך שטייג אַרויס פֿון מיין שיפֿל, ווייזט מיר דער סיאַמער מיט די הענט און מיטן קאָפּ, אַז איך זאָל שנעל צוריקקומען; ער וועט וואַרטן אָט דאָ, צופֿוסנס פֿון טעמפּל. איך מאַך מיינע סימנים: דאָרט, ווו איך פֿאַרלאָז די „דזשאָנקע" שטייט אַ בוים מיט וווּנדער־בלומען; זיי זענען אַלע רויט און דער

גאנצער בוים ברענט, ווי אין פלאמען פון דער זון. איך וועל געווים טרעפן צו־ריק. אויסער דעם וואקסן דא הייליקע לאטאסן, בלומען מיט לאנגע העלדזער און ליידנשאפטלעך־אפענע מיילער; זיי זענען פון פאנס־קאליר, כאטש אין אונדזערע מקומות זענען לאטאס־בלומען געוועגלעך ווייס.

איצט לאז איך זיך אליין קלעטערן אויפן משופעדיקן ברעג; אומדערוואר־טעט באמערק איך צווישן די צונטער־רויטעביימער און וואסערן א שיף; זי איז אין גאנצן פון גאלדענעם מעטאל; פון ביידע אירע עקן קוקן ארוים פאנטאס־טיש פארדרייטע אפענע קעפ פון שלאנגען און אין מיטן בלאנקט א גאלדענער באלקאן, אויף וועלכן אייניקע צענדליקער גלחים באוועגן זיך צום טאקט, ווי א באלעט און פאכען מיט זייערע אראנזש־געלע ליילעכער; פון נעכטן ווייס איך שוין, אז דאס פאריאגן זיי אין דער פרימארגן תפילה די בייזע רוחות, וואס שטופן זיך דווקא דארטן, וווּ בודאס טעמפלען ליגן.

שפעטער האט מען מיך אינפארמירט, אז דאס שיפל איז דעם קעניגס יאכט, מיט וועלכן ער פארט אין זיין „מקוה״ אין די טעג פון נאציאנאלן יום־טוב. דאס מאל, ווייל דער קעניג איז דערמארדעט, איז אין זיין שיפל געפארן דער קעניג־רעגענט פון סיאם, דער פרינץ דע־זשאינאד. דאס וואסער פון מקוה ווערט שפע־טער פארקויפט פאר גוט־געלט אין אלע טעמפלען, און עס הייסט: „וואסער פון טרייהייט״.

***

די שיינקייט פון טעמפל ציט מיך אלץ העכער. איך בין פשוט נישט אימ־שטאנד צו באשרייבן די בונטקייט פון די מאלערייען, וועלכע דערציילן אין ביל־דער און פיגורן די געשיכטע פון דער ראמאיאנא, ד״ה פון די פינף הונדערט טראנספארמאציעס (אייגנטלעך אינקארנאציעס), וועלכע בודא האט דורכגע־מאכט איידער ער איז געווארן דער גרויסער לערער און פארשווונדן געווארן אין די טיפענישן פון נירוואנא.

די ראמאיאנא איז פאר אלע בודיסטן דאס וואס האמערס איליאדא איז פאר דער גריכישער קולטור. איך פאלג נאך מיט א פארכאפטן אטעם די סצענעס אין די הימלען, אין גיהנום, די ליידן און פריידן פון בודא און זיינע תלמידים; בודא אליין אין מיסטעריעזן האלב־ליכט פון זיין טעמפל, ווי ער שיינט ארוים מיט זיינע לעבעדיקע דיאמאנטן־אויגן; די קאלאסאלע סטאטוע פון בודא, וואס שאקלט זיך דורך א ספעציעלן איינשטעלן פון דער וואג פון מארמארנעם סער־פער, עס שרעקן פשוט די באוועגונגען אייביקע און לעבעדיקע אין האלב־ליכט פון טעמפל...

און נאָכהער פאַרקוק איך זיך אויף צוויי ווייסע עלפאַנטן, וואָס בלאָנדזשען אַרום די גאַלערייען און קיינער רירט זיי נישט אָן, ווייל הייליק זענען זיי, דעם בודא געווידמעט.

און פּלוצלינג גיב איך אַ קוק אויפן זייגער: „גוואַלד, איך בין דאָך שוין דאָ כמעט צוויי שעה; וווּ איז מיין שיפל?" איך לויף אין אַ ריכטונג צום טייך, וווּ עס דוכט זיך מיר, איך האָב געלאָזן מיין „דזשאָנקע" מיטן סיאַמער. איך לויף לויט די פלאַמענדע ביימער, לאַטאַסען בלומען, אָבער אַז איך קום אונטן, דערזע איך פּלוצלינג, אַז דאָס איז גאָרניט דאָ. פון אַלע זייטן קוקן אַרויס די זעלבע בלומען, די זעלבע וואַסערן און קאַנאַלן. אָבער מיין שיפל איז נישטאָ. איך בין מסתם אַרויסגעשפּרונגען פון אַן אַנדער זייט פון פּאַלאַץ. אַלזאָ פאַרבלאָנדזשעט!... איך פּרוביר זיך אַרומקוקן, אפשר וועל איך זען אַ ווייסן מענטש, אָדער אַ גוט-געקליידעטן כינעזער, מיט וועלכן מיר וועלן געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך. ניין, נישטאָ אַזאַ אַרום מיר!

איך ווייס דעם נאָמען פון מיין האָטעל, דזשיא-פּאַרא, אָבער אַז איך רעד אים אַרויס, פאַרשטייט קיינער ניט, וואָס איך וויל: מסתם איז מיין סיאַמישע אויסשפּראַך נישט אַזוי גלענצנד.

איך קלעטער אַרויף צוריק צום טעמפּל און באַמערק איצט צו מיין גרויס פרייד, אַז דאָרטן, וווּ עס זענען פאַרטריקנט געוואָרן בודאס טריט, שטייט אַ ווייסער מענטש אומבאַוועגלעך און באַטראַכט זיי.

איך זאָג „גוט מאָרגן" אין ענגליש; ער ענטפערט אין דייטש, אָבער אין אַ מינוט אַרום רעדן מיר שוין ביידע פּויליש; עס ווייזט זיך אַרויס, אַז איך האָב זיך געטראָפן מיט ראָמאַן לינדאָווסקי, אַ קונסט-פּראָפעסאָר אַמאָל אין קראָקע, היינט איז ער באַשעפטיקט דורך דער סיאַמער רעגירונג אַלס עקספּערט ביים רעסטאַווירן אַלטערטימלעכקייטן. פאַרשטייט זיך, ווייס ער וווּ מיין האָטעל איז; זיין „מאָטאָציקל" שטייט נעבן פּאַלאַץ; ער זעצט מיך אַוועק הינטער זיך, הייסט מיר זיך שטאַרק אָנהאַלטן און אין משך פון אַ שעה „האָצקען" מיר זיך איבערן ברוק פון באַנגקאָק ביז ער ברענגט מיך צו מיין האָטעל.

דאָרט שטייען מיין ריקשאַ-טרייבער און מיין שיפל-פירער און צוזאַמען מיטן פאָרטיער באַקלאָגט מען דעם פאַרפאַלענעם אַמעריקאַנער מיט זייערע אָרימע ניט-באַצאָלטע „טיקעלס".

# XIX

# מיטן קעניג פון סיאם

פארוואס איך האב זיך דווקא איינגעשפארט, אז איך זאל באזוכן דעם פאלאץ און זען דעם קעניג פון סיאם, ווייס איך אליין נישט...

אפשר זענען אין מיין אונטערבאוווסטזיין געבליבן די עקזאטישע סצענעס פון דעם נישט לאנג פאפולערן פילם־בילד: „אננא און דער קעניג פון סיאם", וועלכער האט געהאט אזא גרויסן דערפאלג אין דער גאנצער וועלט. איר וועט זיך דערמאנען, אז דאס איז א בילד איבערגעמאכט פון א בוך, אין וועלכן אננא, די ענגלישע לערערין פון קרוינפרינץ ראמא, דערציילט די בילדלעכע געשיכטע, ווי אזוי זי האט געלעבט אין באנגקאקער הויף. זי איז דארט געבראכט געווארן פון לאנדאן דורכן גרויסן קעניג טשולא־לאנג־קארן און יארן לאנג דערצויגן און געלערנט דעם פרינץ, ביז ער אליין איז געווארן קעניג. די בילדער פון הויף־לעבן, די ווילדע סצענעס פון אייפערזוכט און נקמה, דער הארעם מיט די הונ־דערטער ווייבער זענען סיי אין בוך און נאך מער אין פילם געמאלן מיט אומ־געווענלעכער פארבן־רייכער עקזאטיק.

האב איך זיך געטראכט: „א ייד איז אין דער סיאמער הויפטשטאט, לאמיר טאקע פרובירן כאפן א קוק אויף די לעגענדארע פאלאצן, פרינצן און, איך ווייס, אפשר טאקע אויפן הארעם אליין אויך?..."

מיינע באקאנטע אין באנגקאק לאכן זיך אויס פון מיין „קעניגלעכן" אפעטיט: „כדי צו זען דעם קעניג־רעגענט דארפט איר אנגעבן א ביטע דורכן אמע־ריקאנער אמבאסאדאר און די תשובה וועט איר באקומען מיט א פאר חדשים שפעטער, ווען איר וועט שוין זיין ווייט און — אויך דער קעניג וועט זיין אן אנדערער"...

מיט א יאר צוריק האבן איינפלוסרייכע חברה־לייט דערהרגעט דעם יונגן מלך אנאנדא, ווי נאר יענער האט געענדיקט זיין שטודיום אין ציריך און זיך געלאזט אראפברענגען קיין סיאם. די פאליטיקער דא (א כאפטע פרא־יאפאני־שע פאשיסטן) האבן אים אויפגענומען גאנץ פיין: מען האט אים ארומגעפירט איבער די קאנאלן אין דער גאלדענער יאכט, מען האט אים בפרהסיה געבאדן אין הייליקן וואסער און ממש פארצוקערט די געבליבענע פליסיקייט אין „מקוה"; נישט ווייניקער ווי צוואנציק טויזנט אראנזש־געלע גלחים האבן געפאכעט מיט

די פּאַלעס בעת דער פייערלעכער קרוינונגס־צערעמאָניע, ווען אַ מיליאָן מענטשן האָבן געיובלט אין די גאַסן און אין די טעמפּלען. די גאָלדענע גלעקלעך אויף די טורעמס האָבן זיך מוזיקאַליש געשאָקלט פון ווינט און אויך דער גיגאַנטיש־מאַיעסטעטישער בודא האָט זיך פייערלעך געשאָקלט אויף זיין מאַסיווער שטיינערנער אַקס... אָבער נאָכהער האָט מען דעם יונגן, בילד־שיינעם קעניג דערשטיקט... יאָ! דערמאָרדעט האָט מען דעם מלך אנאנדאַ, דעם זון פון מאהידאָל, דעם אייניקל פון מעכטיקן דיקטאַטאָר און באַניייער פון סיאַם, דעם קעניג טשולאַ־לאָנג־קאָרן.

דאָס איז געווען אין גאַנצן מיט אַ יאָר צוריק. מען האָט געכאַפּט פיר מערדער, אָבער זיי זענען אַנטלאָפן ערגעץ־ווו אין די מאַלאַאישע טיפענישן: גיי זוך דעם ווינט אין דזשאָנגל!... דעם לעצטן טאָג, ווען איך בין געווען אין סיאַם, האָבן די צייטונגען געבראַכט אַ ידיעה, אַז מען האָט אַרעסטירט נאָך איינעם פון די מערדער און שמועלט זיך פאַר, אַז דאָס איז נישט קיין אַנדערער, ווי דער איצטיקער פּרעזידענט פון סענאַט... וואָס מיט אים איז געוואָרן, ווייס איך נישט דערווייל.

אָבער דער דערשטיקטער מלך אנאנדאַ איז נאָך נישט באַערדיקט געוואָרן. ער ליגט אין אַ גאָלדענער טרומנע אין קעניגלעכן פּאַלאַץ און וואַרט אויף דער פּרעכטיקער צערעמאָניע, ווען מען וועט זיין קערפּער פאַרברענען. דאָס וועט פאָרקומען נאָך היינטיקס יאָר. אין סיאַם קומען פאַר די שענסטע און פּאָמפּעזע פאָלקס־פייערונגען דאַן, ווען אַ קעניג ווערט געקרוינט אָדער פאַרברענט... אַ מאָנאַרכיסטיש פאָלק האָט ליב זיך טומלען אַרום זיינע באַליבטע הערשער.

וויל איך וויסן עפּעס מער וועגן דער קעניגלעכער דינאַסטיע, ווער איך געוויר, אַז דער אמתער קעניג איז גאָר אַ יונגער יינגל און לערנט זיך אין אַ שולע אין דער שווייץ.

זיצט איצט אין פּאַלאַץ דער פעטער פון אנאנדאַ, דער קעניגלעכער פּריגזירענט, דער פּרינץ פון דזשאַיאַוד. ער איז דער קעניג־רעגענט ביז דער יונגער יינגל, וואָס לערנט זיך אין דער שווייץ, וועט קומען קיין באַנגקאָק, און מען וועט אים דאָ טון איינס פון די ביידע: קרוינען אָדער דערשטיקן.

אָט צו דעם מלך־רעגענט וויל איך דווקא היינט גיין און אגב כאַפּן אַ קוק אויפן פּאַלאַץ אַליין, וועלכער איז פאַרמאַכט פאַר באַזוכער.

דער ליבער באַגדאַדער ייד עזרא אזיא טוט מיר פונדעסטוועגן אַ טובה: כאָטש ער גלויבט נישט, אַז מען וועט מיך אויפנעמען אין פּאַלאַץ אָן דער רעקאָמענדאַציע פון אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, גיט ער מיר זיין נייאינקן אויטאָמאָביל און זיין יום־טובדיקן שאָפער און זאָגט אים אָן, ער זאָל אַריינפאָרן די־

רעקט אין הויף פון פאלאץ: פאר א גלאנציקן אויטאמאביל וועט די וואך האבן דרך ארץ. און דערביי גיט ער מיר אן עצה, אז ווען מען וועט מיך פארהאלטן, זאל איך זאגן און ווידערהאלן נאר איין ווארט: פרינץ דעוואקולא. דאס איז דער הויף־מיניסטער. אז איך וועל שוין זיין מיט אים, וועט מען שוין קענען רעדן.

— שא! — גיט זיך פלוצלינג א כאפ אזיא — אפשר קאנט איר רעדן רו־סיש?

איך בלי זיך אזש פונאנדער:

— וואס הייסט? ווי א וואסער!

— דאן זאלט איר דאס זאגן דעם פרינץ דעוואקולא; ער האט זיך דער־צויגן אין הויף פון צאר ניקאלאי אין פעטערבורג.

— נו, אויב רוסיש רעדן איז דא א סחורה, וועלן מיר פרובירן האנדלען...

פאר איך און האלט אין איין חזרן דעם נאמען פון פרינץ דעוואקולא. און אז מיר קומען צום טויער פון געשלאסענעם „באנגקאקער קרעמל", לאזן אונדז דורך די שומרים, עפענענדיק די טויערן מיט פאראד. אזיאס שפאגל נייער פא־קארד און דער מאגישער נאמען פון הויף־מיניסטער טוען דאס זייעריקע: מיר פארן ווייטער. ענדלעך שטויסן מיר זיך אן אן א וואך, וואס גלויבט נישט אויפן ווארט, אבער איר אפיציר רעדט ענגליש. דא דערקלער איך, אז איך מוז זען דעם הויף־מיניסטער דעוואקולא.

הייסט מען מיר ארויסגיין פון אויטאמאביל און מען פירט מיך אין די אי־נערלעכע טיילן פון פאלאץ. ווידער אמאל פארבלענדט די שיינקייט פון דער ארכיטעקטור פון די געביידעס, פון זייערע מיט גאלד באדעקטע קופאלן, פון די אומצאליקע פארביקע שטיינער, וואס צינדן זיך אן מיט נייע ליכטן אונטער דער ברענענדער זון. אנטקעגן מיר שטייט א ווייסע קאלאנאדע, ארום וועלכער עס דרייען זיך עלעפאנטן; צווישן די סלופעס שטייען גיגאנטישע וואזעס, פון וועל־כע עס ציען זיך צונגען מיט בלויען פייער, און פון זייער דעליקאטן ליכט און רויך שיינט ארוים א מעטאלענער קאטאפאלק. איך פארשטיי, אז דא האט זיין צייטוויייליקע רו געפונען דער דערשטיקטער יונגער מלך אנאנדא.

באמצע פון מיניסטערס ביורא פירן מיך אריין אין א זאל, וו עס הויבט זיך אויף אנטקעגן מיר א טונקל־הויטיקער אייראפעאיש געקליידעטער הער פון א יאר פופציק. דאס איז דער פרינץ דעוואקולא. מיר רעדן ענגליש: איך דער־קלער אים, אז איך באשרייב איצט מיין רייזע ארום דער וועלט און וואלט זייער געוואלט האבן א קורצן געשפרעך מיט דעם קעניג־רעגענט. דער פרינץ קווענקלט זיך, זאגט, אז ער ווייסט נישט צי דער קעניג וועט היינט קומען אין פאלאץ;



דער קעניג פון סיאַם מיט ד״ר ח. שאָשקעס אויפן באַלקאָן פון זיין פּאַלאַץ

בעט מיך זיצן; אַ דינער טראָגט אַריין קאַווע מיט זיסוואַרג. און נאכהער זאָג איך:

— אייער האָכהייט, אין 1915 בין איך געווען אין פּעטערבורג, ווען עס זענען דאָרט אָנגעקומען שטודירן אייניקע פּרינצן פון סיאַם, איך האָב געהערט, אַז אויך איר זענט געווען צווישן זיי...

מיין פּרינץ ווערט פלוצלינג גאָר לעבעדיק:

— אָ, איך זייט דאָן געווען אין פּעטערבורג? מען האָט מיך און מיין ברו־דער געבראַכט אין פּאַזשען־קאָרפּוס און דאָן האָבן מיר געוווינט אין קייזער־לעכן זומער־פּאַלאַץ. דער צאַר איז געווען אויפן פראָנט... וווּנדערלעכע צייטן געווען... נעמט נאָך אַ גלעזל קאַווע. איר רעדט אוודאי רוסיש?

— יאָ, יאָ — גיי איך אַריבער אויפן לשון, וועלכן דער פּרינץ באַהערשט גאָר נישט שלעכט. מיר רעדן וועגן זיינע איבערלעבענישן בעתן קריג און נאָכ־הער בעת דער רעוואָלוציע. דער פּרינץ איז גראָד געווען אין צאַרסקאָ־סעלסקען פּאַלאַץ, ווען קערענסקי איז דאָרט געקומען מיט זיין ערשטן וויזיט צו דער ארעסטירטער קייזערין.

ער קען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס מען האָט דאַן נישט אַרעסטירט לעני־נען און אַלע פּאַסאַזשירן פון פלאָמבירטן וואַגאָן, וועלכן די דייטשן האָבן דורכ־געלאָזן דורך זייער טעריטאָריע.

— מיר אין סיאַם וואָלטן נישט געווען אַזוי נאַאיוו — זאָגט דער פּרינץ מיט אַ שמייכל.

יאָ, איך ווייס, והא ראיה: דער קעניגלעכער קאַטאַפאַלק אונטער די פייערן, וועלכן איך זע דורכן פענצטער רעכטס...

אָבער דאָס זאָג איך נישט, נאָר איך פרעג, צי האָב איך אַ שאַנס צו זען דעם קעניג.

דער פּרינץ דעוואַקולאַ זאָגט מיר:

— איינגנטלעך האָב איך נישט קיין שום רעכט אַריינצופירן אייך צום קע־ניג אויף אַן אוידיענץ, וועלכע איז פריער נישט געמאָלדן געוואָרן און אָפיציעל באַשטעטיקט... אָבער איך וויל נאָך מיט אייך אביסל רעדן וועגן וועלט־פּאָלי־טיק, וואָלט איך אייך געבעטן, זיצט נאָך אביסל. דער קעניג וועט שוין ממילא אַריינקומען אין דעם צימער, וועל איך אייך פאָרשטעלן.

פאַרשטייט איך שוין זיין „טריק" און אַז ער וויל מיר העלפן. זיצן מיר אפשר אַ גאַנצע שעה, במשך פון וועלכער איך דערצייל אים, וואָס איך האָב געזען אויף דער וועלט און ער דערציילט מיר וועגן סיאַם און וועגן זיין גרויסן זיידן, דעם קעניג טשולאַ־לאָנג־קאָרן (דער פּרינץ־מיניסטער איז אַ קוזין פון קעניג).

— מיין זיידע האָט געקיניגט 42 יאָר און ער האָט געעפנט סיאַם פאַר ציר וויליזאַציע; ער איז געווען אַ שטרענגער און שטאַרקער מאַן. ער האָט געהאַט פיר און אַכציק ווייבער און דריי הונדערט און זעכציק קינדער... אָבער נאָר איין ווייב איז געווען די קעניגין; דאָס איז מיין באָבע, און נאָר צען קינדער רעכענען זיך פאַר פרינצן... איינער פון די טיטולן פון אונדזערע מלכים איז: דער שטיף־ברודער (האַלב־ברודער) פון דער זון און דער היטער פון די הימליש־גאָלדענע שירעמס...

דערווייל דערהערן מיר עפּעס אַ באַוועגונג פון שטולן אין שכנותדיקן צי־מער, ווו די ביוראָ איז; מיין פרינץ גיט שנעל אַ זאָג:

— דער קעניג איז שוין געקומען — און גליטשט זיך אַרויס פון צימער.

ער וויל, ווייזט אויס, זאָגן דעם מלך אַ פּאָר ווערטער, איידער ער דערזעט אַן אומדערוואַרטן גאַסט אין אויפנאַם־צימער. און נאָכהער קומען זיי ביידע אַריין. דער קעניג־רעגענט, אַן עלטערער הער, מיט גרויע וואָנצעס און מידן שמייכל ענטפערט זייער איינפאַך אויף מיין צערעמאָניאַלן גרוס, דריקט וואַרים מיין האַנט, הייסט זיך זעצן, גיסט זיך אַליין אָן אַ טעפל קאַווע. ער רעדט פלי־סיק ענגליש. פרעגט זיך נאָך, וואָס איך האָב געזען אין זיין לאַנד און ווי עס געפעלט מיר אַלץ? נאָכדעם צעלאַכט ער זיך און גיט אַ זאָג:

— איר האָט מן הסתם דערוואַרט, אַז איך וועל אייך אויפנעמען, זיצנדיק אויפן פּאָל מיט די פיס אונטער זיך און מיט אַ טורבאַן אויפן קאָפּ. אַט אַזוי, ווי עס ווייזט אייער פילם־בילד „אַננאַ און דער קעניג פון סיאַם"... איך מוז אייך זאָגן, אַז מיר אַלע דאָ האָבן גאָרנישט דערוואַרט, אַז אונדזער שאַרמאַנטע לערערין אַננאַ זאָל זיך לאָזן אַריינציען אין די האָליוווּדער נעצן און דערציילן אויסגעטראַכטע מעשיות. אין בילד ווייזט מען, ווי אַננאַ לערנט מיין פעטער דעם קעניג עסן נישט מיט די הענט, נאָר מיט אַ גאָפּל־מעסער... אפילו אונדזער גרויסער זיידע האָט שוין אויך נישט געגעסן מיט די הענט מערער... אָבער אַמ־מערסטן האָבן מיר דאָ געלאַכט, ווען מיר האָבן דערזען די סאַנדאַלן, וואָס אונ־דזערע קעניגן האָבן געטראָגן: דאָס זענען דאָך כינעזישע שיך! און יעדערער פון אונדזערע מלכים וואָלט זיך בעסער געלאָזט די פיס אָפּשניידן, איידער אָנטון כינעזישע סאַנדאַלן!

מיין מלך ווערט אַביסל אויפגערעגט, גיסט זיך און מיר אָן נאָך אַ טעפעלע קאַווע און הייסט שטעלן פראַגן.

פרעג איך אים, צי האַלט ער, אַז די אומרוען אין די שכנותדיקע לענדער, מאַלאַיא און אינדיע, באַדראָען אויך זיין פאָטערלאַנד?

— ניין, בשום אופן נישט — ענטפערט ער — עס איז נאָר פאַראַן אַ גע־

פּאָר פון די כינעזישע קאָמוניסטן, וועלכע גנבענען זיך אַריבער די גרענעצן, אָבער מיר כאַפּן זיי זייער שנעל. פּאָר רוסישע קאָמוניסטן האָבן מיר קיין מורא נישט. אין גאַנץ סיאַם זענען פאַראַן נאָר צען סאָוועטישע בירגער און אַלע זע־נען רייכע סוחרים. מיר האָבן מער מורא פאַר טשאַנג־קאַי־שעקס נאַציאָנאַליסטן, וועלכע זענען דאָ אין די הונדערטער טויזנטער, ווילן נישט גיין אין אונדזערע שולעס, נישט לערנען אונדזער שפּראַך; צו זיי געהערט דער גאַנצער אינערלע־כער און אויסערלעכער האַנדל... איר ווייסט מסתם, אַז מיר פירן איצט אַ קאַמף מיט אַט דעם פרעמדן פאַר אונדז נאַציאָנאַליזם. יאָ! און גלויבט נישט אונ־דזערע אייגענע „פּאָליטיקער"; דאָס האָבן זיי דאָך אונדז אַריינגעשלעפּט אין דער מלחמה אויף דער זייט פון יאַפּאַן... און זיי פירן נאָך אַלץ אַ מלחמה מיט אונדזערע הייליקע טראַדיציעס...

אינסטינקטיוו וואַרפן מיר אַלע אַ קוק דורכן פענצטער אויף די פייערן, וואָס ברענען אַרום דעם דערשטיקטן קעניג אַנאַנדאָס קאַטאַפאַלק...

עס איז אַביסל אומהיימלעך פירן אַ געשפּרעך מיט אַ קעניג אין שאָטן פון זיין נאָך נישט באַגראָבענעם פאָרגענגער. איך האָב געהאַט דעם זעלבן געפיל מיט אַ יאָר צוריק, ווען איך האָב גערעדט מיטן פרעזידענט פון באָליוויע אין זיין פּאַלאַץ אין לאַ־פּאַז און דורכן פענצטער האָט מען געקאָנט זען דעם לאַמפּן־סלופּ אויף וועלכן מען האָט אויפגעהאָנגען זיין פאָרגענגער...

נאָך לאַנג־לאַנג דויערט דער נישט פאָרמעלער געשפּרעך צווישן קעניג, זיין הויף־מיניסטער און מיין וואַנדערנדע ווייניקייט. איך ענטפער אויף פראַגן וועגן אויסטראַליע, וועגן זיד־אַפריקע, וועגן אַמעריקאַנער פּאָליטיק און ענדלעך דערהער איך אַ מיינונג, וועלכע האָט מיך אַממערסטן אינטערעסירט:

— סיאַם, וועלכע האָט קיינמאָל נישט טאָלערירט קיין פרעמדע אינוואַזיע, איז גאַנץ צופרידן, וואָס סיי די אַראַבער, סיי די יידן זענען פּטור געוואָרן פון אָקופּאַנט און ווילן זיך קאָנען פריי אויסלעבן אַלס זעלבסטשטענדיקע מלוכות.

נאָכהער פאָטאָגראַפירט אונדז דער הויף־מיניסטער און איך זעגן זיך וואַ־רים מיט זיין סיאַמישער מאַיעסטעט.

ד״ר ה. שאשקעס

XX

# די יידישע אסיפה אין סיאַם

איך פּאָר צוריק פון שאקרי־האלל, דעם רייך באצירטן קעניגלעכן פּאַלאַץ, וואָס ווערט אָפּגעהיט פון הייליקע ווייסע עלעפאנטן און אָראַנזש־געקליידעטע בודא־גלחים, וועלכע פּאַכען מיט זייערע פּאָלעס, כדי אָפּצוטרייבן די בייזע גייסטער. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך אפילו אַ חשד, אַז זיי פּאַכען מיט דער בלענדנדער גלעקייט טאַקע אויף מיר אליין: וואָס דרייט זיך באמת אַ ווייסער מענטש מיט אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט אויפן דאָזיקן באָדן, ווו יעדער שפּאַן איז הייליק?

איידער איך האָב פארלאָזן דעם פּאַלאַץ, האָט מיר דער הויף־מיניסטער, דער פּרינץ דעוואַקולא, געוויזן אַ קאָלעקציע פון סיאַמישע פּאָעזיע, וועלכע איז שוין אַלט כמעט טויזנט יאָר און איז געשריבן אויף געטריקנטע פּאַלמען־בלעטער. דאָס זענען געזאַנגען פון ליבע. איך שטעל מיר פאָר, ווי צאַרט אַזעלכע געזאַנגען קלינגען, ווען זיי ווערן געלייענט פון אַזאַ איידעלן פּאַלמען־בלאַט?

איך האָב נאָך היינט אַ דעליקאַטע אויפגאַבע צו דערפילן: זיין דער גאַסט־רעדנער ביי דר. דזשייקאָבסאָן אין סאַלאָן, ווו זיין „נישט־אַרישע געמיינדע" פון אַריער און יידן וועט זיך צונויפזאַמלען, כדי אויסצוהערן מיין באַריכט וועגן דער לאַגע פון די יידן אין דער וועלט.

— איבערהויפּט זאָלט איר רעדן אַ סך און מיט איינצלהייטן וועגן ארץ־ישראל — בעט זיך דער דאָקטאָר — פארגעסט נישט, אַז דאָס איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון סיאַם, ווען מיר קומען זיך צונויף אויף אַ יידישער פארזאַמלונג.

איך ווייס וואָס דר. דזשייקאָבסאָן וויל פון מיר: עס האָט זיך אין אים אויפגעכאַפּט דאָס „פּינטעלע ייד", וויל ער היינט, אַז זיין אייגענע אַרישע ווייב, זיינע קאַטוילישע קינדער, דאָס ביסל אמתע יידן און זייערע קריסטלעכע מע־נער אָדער ווייבער, די פריש געשמדטע „מאַכמעדאַנער" און די קליינע גרופּע באַגדאַדער יידן, אַלע, אַלע זאָלן היינט שטאַלץ זיין מיטן יידישן קאַמף אין ארץ ישראל...

אויך איך פּיל זיך עפּעס מאָדנע און אַפילו אַביסל נישט זיכער מיטן טאָן, וואָס איך דאַרף אָנשלאָגן אין היינטיקער רעדע: נישט אָפּט קומט אויס צו רעדן

פּאָר אַן ערב־רב פון פּינף רעליגיעס, וואָס סך הכל טוליען זיי זיך אַלע אין שאָטן פון יידישן גאָט, פון וועלכן זיי האָבן זיך דערווייטערט, אָבער מיט שטאַר־קע שטריק זענען זיי דאָך צוגעבונדן צו זיין מזבח: זענען זיי דען נישט צוליב „יידישקייט" אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע באַקוועמע פאַמיליען־נעסטן אין דייטשלאַנד אָדער עסטרייך, ווו זיי האָבן זיך מיט אַ שפּריץ פון „הייליק" וואַסער געוואָלט אָפּטיילן פון כלל ישראל און — דורכגעפאַלן.

אין האָטעל דערוואַרט מיך אַ שטיקל סענסאַציע: די אייגנטימערין אַליין, אַט די עלטערע דאַמע מיטן גרויסן שוואַרצן צלם אויפן האַלדז, וואָס רעדט נאָר פראַנצויזיש, אָבער דאָך שמעקט פון איר מיט געווירצטער געהיימעניש פון די אָרימע יידישע געסלעך פון וואַרשע, גיט מיר איבער אַן אָפענעם קאָנווערט מיט אַ קעניגלעכער קרוין.

— דאָס האָט מען געבראַכט פון קעניגלעכן פּאַלאַץ — זאָגט זי מיט אַ נישט פאַרבאָרגענעם רעספּעקט צו מיר.

איך געפין אין קאָנווערט צוויי וויזיט־קאַרטן: איינע פון קעניג־רעגענט מיטן אויפשריפט: „ראַנגסיד פון סיאַם, פּרינץ פון דזשאַינאַד". די צווייטע פון הויף־מיניסטער: „פּרינץ ניקאָר דעוואַן דעוואַקולאַ".

לויטן דיפּלאָמאַטישן פּראָטאָקאָל הייסט דאָס: „אויב דו האָסט זיך מטריח געווען און באַזוכט אונדזער פּאַלאַץ — שיקן מיר אונדזערע וויזיט־קאַרטן, כדי יוצא זיין מיט אַ וויזיט ביי דיר אין האָטעל".

מילא, גאַנץ פיין! אָבער שטעלט זיך פאָר, ווען די קעניגלעכע געסט באַזוכן טאַקע מיין צימער און זעען די ליימענע „קאַטקע" מיטן וואַסער אין דער קו־פערנער שעפל ביים זייט, וואָס דערמאָנט מיין ערשטע דירה אַלס שילער אין סלאָנים? ניין, דער האָטעל אין באַנגקאָק איז בפירוש נישט צוגעפּאַסט פאַר אַ קעניגלעכער אויפנאַמע.

אָבער דער קעניגלעכער גרוס האָט אויך געהאַט אַן אַנדער עפעקט: ווען איך האָב זיך געזעצט אָביסל אָפּרוען אין גערטל אונטער די פּאַלמעס, האָט זיך צו מיר נישט דרייסט דערנענטערט דאָס מיידל, וואָס פאַרקויפט די פיגורקעס פון סיאַמישע טענצערינס אין האָל פון מיין האָטעל. זי אַליין זעט אויס, ווי איינע פון אירע ליאַלקעס אין זייערע בונטע קליידלעך פון רויט, זילבער און גאָלד. זי איז אָנגעטון ווי איינע פון זיי און אויך אירע אויגן זעען אויס, ווי צוויי גלע־זערנע פּאַטשערקעס, אַריינגעשטעקט אין אַ וואַקסענער קעפּל.

זי וויל פון מיר אַן עצה: היות זי זעט, אַז צו מיר קומען קלוגע ווייסע מענטשן און אויך פון פּאַלאַץ איז געקומען אַ בריוו, וויל זי, איך זאָל העלפן אויך איר, דער אָרימער האָ־קאָ־נאַ.

זי איז איינע פון אכט קינדער. דער טאטע שלאָגט זיי אַלעמען גלייך מיט זיין באמבוס-שטעקן. זי פאַרדינט אין האָטעל גאַנץ גוט, אָבער מוז אַלץ אוועקגעבן דעם בייזן טאטן. געבוירן געוואָרן איז זי אין סינגאַפּור און דאָרט האָט מען זי אַלס קינד געשמדט און דערצויגן אין אַ קאַטוילישן קלויסטער. נאָכהער איז די פאַמיליע אַריבערגעפאָרן קיין באַנגקאָק, אָבער זי וויל אוועקגיין פון שטוב. אַ סיאַמער סוחר, שוין נישט קיין יונגער, וויל זי פאַר אַ ווייב נעמען. איז וואָס זאָל זי טון?

— פאַרוואָס זאָלסטו טאַקע נישט חתונה האָבן, האַ-קאַ-נאַ? — הויב איך אָן צו געבן קלוגע עצות.

— אָבער דער סיאַמער האָט שוין אין שטוב צוויי ווייבער מיט קינדער פון פריער און אויסער דעם דאַרף איך בייטן מיין קריסטלעכע רעליגיע אויף בודיסטיש...

האַ-קאַ-נאַ באַמערקט די פאַרלעגנהייט פון איר עצה-געבער, און אין די אויגן ווי גלעזערנע פּאַטשערקעס באַווייזן זיך פינקלענדיקע טראָפּנס.

— ניין, האַ-קאַ-נאַ, וואָלסטו געוועזן מיין שוועסטער, וואָלט איך דיר נישט געראַטן גיין פאַר אַ דריט ווייב. מילא, בודא איז אַ גאַנץ פיינער גאָט — גיב איך צו שוין ווי אַ שטיקל מבין — אָבער פון וואַנען ווייסטו, אַז אויך דיין קינפטיקער מאַן שלאָגט נישט זיינע ווייבער מיט אַ באַמבוס שטעקן? איז נישט בעסער זיין געשלאָגן פון אַ טאַטן אַלס זיין אכטע קינד, ווי פון אַ מאַן אַלס זיין דריט ווייב? דאָס איז אַלץ וואָס איך קאָן דיך ראַטן, שיינע האַ-קאַ-נאַ!

איך ווייס נישט, צי דאָס מיידל איז געבליבן צופרידן פון מיין עצה, אָבער איך האָב געפילט, אַז איך מוז זיך שנעל אָפּטראָגן פון האָטעל, ווייל ווער ווייס, אויב דער סיאַמזער וועט נישט וועלן זיין באַמבוס-שטעקן אויספּרובירן טאַקע אויף מיר אַליין, וואָס איז אַראָפּגעקומען אַזש קיין סיאַם, כדי צו שטערן זיין גליק מיט דעם ליאַלקע-מיידל האַ-קאַ-נאַ?

***

דר. דזשייקאָבסאָן איז געקומען מיך נעמען אויף דער פאַרזאַמלונג. נישט קוקנדיק אויף דער שטיקנדיקער היץ איז ער אָנגעטון יום-טובדיק לכבוד דער פאַרזאַמלונג אין זיין שטוב. אויך מיר ראָט ער אָנטון אַ שניפּס, כאָטש איך ווייס גאָרנישט, ווי וועל איך דאָס אויסהאַלטן פון דער זון, וואָס כאָטש עס איז שוין פאַרנאַכט, ציט זי אַרויס דעם „קליאַק" פון די ביינער. אַ, די היץ אין סיאַם, אָדער אין אינדיע! ווי לעבערלעך קומען מיר אויס די אַמעריקאַנער, וואָס קלאָגן

זיך אויף זייערע „נײַנציקער", ווען דער פאַרענהייט האָט אַ שאָס געטון די טראָפּישע הונדערט און צוואַנציק...

אין „טעאַטער־זאַל", וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער אומגעווענלעך גרויסער אויפנאַמס־צימער פון דאָקטאָר, וואַרט אויף מיר אַן אַנגענעמע איבעראַשונג: אַ טריבונע שטייט דאָרט פאַרן רעדנער, אַרומגעוויקלט מיט אַ בלוי־ווייסער פאָן און מיט אַ מגן־דוד. דאָס האָבן די „אַרישע" הענט פון דער באַלעבאָסטע און איר קראַנקער טאָכטער אויפגעגנייט און באַצירט, און אַן אַטמאָספער געשאַפן אַרום דער ערשטער יידישער פאַרזאַמלונג אין אַלטן סיאַם.

עס דוכט זיך מיר, אַז די צאַלרייכע סטאַטועס פון די בודאַס אַרום לאַכן קלוג אין זייערע דיקע בייכער, ווען זיי דערזעען דאָס בלוי־ווייס און דעם מגן־דוד.

עס זאַמלען זיך שנעל די געסט. אַמשפּעטסטנס קומט די קליינע גרופּע באַגדאַדער יידן מיט עזרא אזיא אין דער שפּיץ. עס בלייבט, איך זאָל רעדן ענגליש, ווייל דייטש פאַרשטייען נישט די באַגדאַדער און ענגליש פאַרשטייען דאָ כמעט אַלע.

די נירן־קראַנקע טאָכטער פון דאָקטאָר מיט איר געזיכט פון דורכזיכטיקן פּאָרצעליי, ווערט צוגעפירט צום קלאַוויר. עפּעס שיינען גאָר לעבעדיק אירע אויגן, ווען זי רירט זיך צו מיט די בלאַסע פינגער צו די קלאַווישן און זיי ענטפערן מיטן שוימענד־ברויזנדן, נערוון־צופּעגדן ניגון פון „התקוה"...

אַלע שטעלן זיך אויף ווי צו אַ הייליקן געבעט. דורך אַ דינעם פּרוכתל פון טרערן כאַפּ איך אויף מיט מיין אויג די דאָזיקע אומגעווענלעכע אווידיטאָריע. אָט איז דער פּרייסישער דייטש מיטן געגאָלטן קאָפּ, דער געוועזענער אָבערסט מיט זיין חנעוודיקער ווייב, די יידישע יחסנטע פון פראַנקפורט. צוליב איר איז ער דאָ פאַרוואָגלט געוואָרן, אָבער אויך אַ תיקון באַקומען...

אָט איז די אַלמנה פּרוי שטיין. זי שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און אירע אַקסלען הויבן זיך. אָט איז אַ דאָקטאָר וואָס האָט זיך געשמדט אויף מאַכמעדאַניש. זיין פּרעכער דיקער פּנים דריקט גאָרנישט אויס, וואָס טוט זיך הינטער די אשעס פון זיין פאַרברענט האַרץ; זענען נאָך דאָ דאָרט פונקן, אָדער נאָר מטבעות?..

און די באַגדאַדער יידן, זיי, די יונגע אָפּשטאַמיקע פון אַלטן גלות־בבל, אויך זיי דאַרף מען דאָ אַ היפּש ביסל אָפּשאָבן פון גויאישקייט, ביז עס וועט אַ גלאַנץ טון דער אָריגינעלער העלפאַנט־ביין פון ישראל סבא...

און נאָכהער רעד איך, אימפּראָוויזיר איך, זאָג אייגנטלעך אַ תפילה, אַ

השתפכות הנפש איבער אונדזערע ברידער בכל אתר ואתר, איבערן יונגן פֿאָלק, וואָס ווערט ווידער געבוירן צווישן די בערג פֿון יהודה און ים.

איך פֿיל, אַז היינט מוז איך אַ סך, אַ סך דערציילן, ווייל ווען וועט זיין ווידער אַ „מאָרגן" פֿאַר זיי, צו וועלכע קיינער קומט נישט, קיינער וועקט נישט און זיי ווייסן אַזוי ווייניק. איך וויל, אַז די האַלב־יידישע קינדער דאָ אין זאַל, וועלכע יידישע מאַמעס אָדער טאַטעס האָבן געבראַכט צום הערן, זאָלן אַוועקגיין שטאָלצע פֿון דאַנען מיט זייער יידישן יחוס אין פֿאַרגלייך מיט די „אַרישע" באַבע־מעשיות... אָט דער קליינער עולם, אַזוי פֿאַרשידן, אַזוי אַנדערש, ווי אומעטום, ווו איך רעד, ווירקט אויף מיר ווי אַ כעמישער „קאַטאַליזער" (אָנרעגער) און רופֿט אַרויס אַן אַמביציע צו זיין דער „סנדק" פֿון אַ נייעם יידישן ישוב... אָ, איך פֿיל, אַז די זוימען פֿאַלן אויף אַ גוטן באָדן, שוין פֿון פֿריער דורכגעזאַפּט מיט בלוט און טרערן און דורכגעאַקערט מיטן גרויזאַמען היטלער־מעסער... עס וועלן נאָך דאָ בלומען וואַקסן!

נאָכהער פֿאַלן פֿראַגן. אַלע וועגן קאַמף אין ארץ־ישראל, איר קאָנט ממש מיט די הענט אָנטאַפּן, אַז אָט דער עפּישער לעצטער קאַפּיטל פֿון אונדזער מלחמה האָט זיי אומגעקערט צוריק צו דעם גלויבן פֿון די אַלטע זיידעס און דעם רעספּעקט פֿון די נאָענטסטע פֿאַמיליען־מענטשן.

— צי איז טאַקע אמת, אַז מיידלעך פֿון דער קאָלאָניע „נהריה", פֿון דייטשער אָפּשטאַמונג, האָבן מיט באָמבעס פֿאַרטריבן די לבנון־אַרמיי?

— יאָ, עס איז אמת... און די סיריער אויך...

און עס ציט זיך אומענדלעך דער אָוונט, שוין שפּעטער, ווען מיר טרינקען טיי ביי די געדעקטע טישן פֿון גאַסטפֿריינטלעכן דר. דזשייקאָבסאָן.

עס גייען אַוועק אין טונקל פֿון דער סיאַמישער נאַכט די פֿרעמדע געטער אויף די ווענט, די באַגילדעטע מלאכים און טייוואָלים. דאַקעגן קוק איך זיך איין, ווי עס וואָלט זיך צעגאָסן די גלעזערנע וואַנט מיטן אַקוואַריום, אין וועלכן עס שווימען צווישן גרינע משונהדיקע גראָזן די גאָלדענע פֿישלעך. דער קליינער אַקוואַריום צעגיסט זיך אין מיין פֿאַנטאַזיע, ווי דער ים כנרת, און זיינע געוויקסן פֿאַרוואַנדלען זיך אין פֿאַרביקן טעפּיך פֿון גליל און עמק.

און ווידער נעם איך אויף אַ שפּאַציר דאָס איינזאַמע שיפֿל מיטן פֿאַרבלאָנדזשעטן גלות סיאַם און צוזאַמען וויגן מיר זיך אין דער אומרעאַלער וועלט צווישן די הימאַלאַיען בערג און די מאַלאַאישע ימים.



פֿאַרטאָג פֿאַרלאָז איך דעם פֿאַנטאַסטישן סיאַם, ווו איך האָב געחלומט אַ

חלום און זיך אויפגעכאַפּט און דערזען, אַז עס איז טאַקע געווען — אונדזער ווירקלעכקייט.

## XXI

# אין האָנג־קאָנג

עס איז געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן סיאַם מיט זיינע טעמפּלען, מיט די קעניגלעכע געהיימנישן און צעיאַכמערטע אָראַנזש־געקליידעטע גלחים. — נו, — און עס איז מיר באמת געווען אַ שאָד צו זעגענען זיך מיט די פּאָר יידן, וועלכע טרינקען זיך אין אַ ים פון פרעמדקייט און עבודה זרה און איך האָב געהאַט די אַמביציע פאַרוואַנדלען זיי זי אין אַ יידישער קהילה...

אָבער איך מוז פאָרן, ווייל דער „האיאס"־פאָרשטייער אין שאַנכאַי האָט שוועריקייטן מיט דעם ביסל איבערגעבליבענע יידן וואָס דאַרפן עמיגרירן קיין אויסטראַליע: ער מיינט, אַז נאָך מיינע געשפּרעכן מיט דעם קאָנסול דאָרטן, וועט מען באַזייטיקן די מיספאַרשטענדענישן. מען מוז זיך איילן. איך קאָן אפילו נישט וואַרטן אויפן אַמעריקאַנער אַעראָפּלאַן, וועלכער פליט דאָ דורך איין מאָל אַ וואָך און איך מוז דעריבער פאָרן מיט אַ כינעזישער לופט־שיף... אמת, דער פּילאָט איז אַן אַמעריקאַנער אָבער די פּערספּעקטיוו צו פליען מיט אַ כינעזער־ליניע שמייכלט מיר נישט... כאָטש אין דער אמתן וואָס קאָן מען וויסן אין ענינים פון פלי־זיכערקייט: דער בעסטער מיטל נישט אַראָפּצופאַלן פון אַן אַעראָפּלאַן איז זיצן אויפן באַלקאָן פון מיין האָטעל אין ניו־יאָרק...

אויפן באַנגקאָקער פלי־פּלאַץ פאַרקויפט מען קעפּ פון טיגערס איינגעפאַסט אין זילבער. איר קענט אויך קויפן דעם „הייליקן באַלזאַם" וואָס העלפט קעגן אַ סך קראַנקהייטן און איבערהויפּט קעגן שדים און בייזע גייסטער...

דער חסרון פון כינעזישן אַעראָפּלאַן איז, וואָס ער פליט לאַנגזאַם און פאַרהאַלט זיך אין אייניקע פלעצער אַביסל צו לאַנג. כאָטש פון דער אַנדער זייט בין איך גאָר דווקא צופרידן וואָס מיר רוען אָפּ אַ פּאָר שעה אין דער אינדאָ־כינעזישער שטאָט האַנאָי וואָס געהערט נאָך פאָרמעל צו פראַנקרייך, אָבער פאַקטיש הערשן שוין דאָ די באַלעבאַטים פון לאַנד, — די אַנאַמיטן. דאָס זענען זייערע אָפּיצירן און זייערע באַאַמטע, וועלכע האָבן דאָ די מאַכט. איך וויים נישט, צי זאָל איך זיך פרייען, צי זאָל איך וויינען אויף דעם וואָס פראַנקרייך

פארלירט פון יאָר צו יאָר די טייערסטע דימענטן פון איר אינדאָ־כינעזישער אימפעריע, אָדער דעם „פראַנצויזישן באַלקאָן אין אזיע״, ווי מען רופט דעם געגנט אין פאַריז.

זיי זענען דאָ אַלע יורדים! די ענגלענדער, די האָלענדער, די פראַנצויזן... אָט דוכט זיך גאָרנישט לאַנג איז דאָס דאָזיקע לאַנד מיט אירע צוואַנציק מיליאָן איינוווינער, מיט אירע נאַטירלעכע רייכטימער פון סאַיגאָן ביז האַנאָי, מיט אירע סולטאַנען, קעניגן און וויצע־קעניגן, רעגירט געווען מיט אַן אייזערנער האַנט דורכן פראַנצויזישן „רעזידענט־גענעראַל״. און איצט נאָך די בלוטיקע אויפשטאַנדן, נאָך דעם, ווי די וויעטנאַמס האָבן אַרויסגעגעבן יונגע פּאָליטיקער און גענעראַלן — דערצויגן טאַקע אין די אוניווערסיטעטן און מיליטערישע אַקאַדעמיעס אין פראַנקרייך, — גליטשט זיך אַרויס די מאַכט פון פראַנצויזישע הענט.

און דאָ נישט לאַנג האָבן די אויפשטענדלער אַראָפּגעשליידערט פון טראָן אַ פּופּן־קעניג פון קאַמבאָדזשיא, — עפּעס אַ לאָקש, אַ שוואַכלינג מיטן שיינעם אָבער נישט־וואָרשיינלעכן נאָמען סיסאַ־וואַטמאַניבאָנג.

און רעדנדיק וועגן דער נידערלאַגע פון די אייראָפּעאישע אימפּעריאַליס־טישע מלוכות אין אַזיע — טאָר מען נישט אויף אַ מינוט פאַרגעסן, אַז דאָס האָט דער שנעלער זיג פון יאַפּאַן אין די יאָרן פון איר אָקופּאַציע אַזוי אַראָפּ־געריסן אייראָפּעס אויטאָריטעט. די מיליאָנען געל־הויטיקע האָבן פּלוצלינג דער־זען, אַז דער מעכטיקער אייראָפּעער הערשער האָט גאָר אַ „פּוסטע שרגא״... עס ברענט דער באָדן אין האַנאָי, די פלאַמען אין די ענגלישע מאַלאַיען און אין די האָלענדישע שטיין־רייכע אינדזלען זעען מיר דאָך שוין אפילו פון ניו־יאָרק. אַלנפאַלס וועט מען נאָך האָבן „צו זינגען און צו זאָגן״ מיט דעם אויפוואַכנדן אַזיאַט.

דערווייל דרייען מיר זיך שוין איבער האָנג־קאָנג. איך ווייס נישט פאַר־וואָס, נאָר שוין דער קלאַנג פון אָט דעם נאָמען האָט שטענדיק גערייצט מיין פאַנטאַזיע און איך האָב נאָך אַלס קינד געחלומט אַמאָל באַטרעטן דעם באָדן פון דער דאָזיקער ענגלישער קרוין־קאָלאָניע. אפשר איז דאָס געווען אויך דער־ריבער, וואָס אַלס קינד האָב איך זיך אָנגעלייענט גענוג קרימינעלע ראָמאַנען איבער די סודות פון האָנג־קאָנג, איבער די אינטערנאַציאָנאַלע אָפּיום־שמוגלער און אַפעריסטן, וואָס פלעגן דאָ אַ גוטן באָדן געפינען פאַר זייערע פאַרוויקלטע עסקים.

קוקנדיק פון אויבן אויף דער פּרעכטיקער פּאַנאָראַמע פון די גרינע בערג, וועלכע באַהאַלטן אין זייערע טיפענישן רואיקע ים־בוכטעס, אויף וועלכע עס

רוען אין זיכערקייט אַזוי פיל שיפן, — האָב איך בעסער פאַרשטאַנען, פאַר־וואָס האָט ענגלאַנד מיט הונדערט יאָר צוריק דווקא אָט דעם דימענט האָנג־קאָנג צוגעראַבעוועט פון דער שוואַכער כינע... עס שאַדט גאָרנישט צו באַקענען זיך מיטן אמתן קרימינעלן העלד פון האָנג־קאָנג.

געווען איז דאָס אין יאָר 1839 און ענגלאַנד איז דאַן רייך געוואָרן פון אַריינפירן אָפּיום קיין כינע און אַרויספירן פון דאָרטן די שווערע זילבערנע טאַ־לערם פאַרן דאָזיקן סם. אָבער אין אַ געווּיסן מאָמענט האָט זיך עפּעס אַן אָרנט־לעכע רעגירונג אין פעקין צעבונטעוועט וואָס מען פאַרסמט אירע בירגער און אַן ענגלישער סקלאַד מיט אָפּיום איז אונטערגעצונדן געוואָרן. און דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די „אָפּיום־מלחמה" וועלכע, ווי מען האָט געקאָנט פאָראויס־זען, כינע האָט פאַרשפּילט... צווישן אַלע מעגלעכע קאָנצעסיעס, וואָס ענגלאַנד האָט דאַן באַקומען, — איז אויך געווען דער סטראַטעגיש וויכטיקער פּאָרט האָנג־קאָנג מיט זיינע אייניקע האַפנס, וואָס ליגן ווי שפּיגלען רואיק־באַהאַלטן אין שאָטן פון די מיליטערישע גרינע בערג, אויף וועלכע עס רוען איצט מיינע אויגן.

ענגלישע מיליטערישע פּאָליציי קאָנטראָלירט די פּעסער. זיי זענען שטרענג און אומאַנגענעם. אַן אַמעריקאַנער דאַרף נישט האָבן קיין וויזע ביים אַריינפאָר אין האָנג־קאָנג, אָבער זיין פּאַס ווערט צוגענומען און נאָר ווען ער פאָרט אַרויס, באַקומט ער אים צוריק.

איך האָב זייער פיינט, ווען מען וויל צונעמען מיין פּאַס: איך געטרוי אים קיינעם נישט. אַ שפּאַס עפּעס אַ דאָקומענט מיט אייניקע צענדליק וויזעס, — פון וועלכע אייניקע האָט מען באַקומען מיט דער גרינער גאַל, זאָל איך פּלוצלינג אַרויסגעבן פון מיינע הענט און איבערלאָזן דער פּאָליציי אויף אַ גאַנצן מעת־לעת! און טאָמער ווערט ער פאַרברענט, אָדער פאַרלוירן, אַזעלכע זאַכן טרעפן זיך! ווי וועל איך צוריק אויפבויען דעם קאָמפּליצירטן דאָקומענט, וואָס גיט מיר די מעגלעכקייט אַרומרייזן די גאַנצע וועלט? איך פּרוביר איינטענהן מיטן ענגלישן אָפיציר, אַז אייגנטלעך זעט ער דאָך פון מיין בילעט, אַז איך וועל דאָ נישט בלייבן מער ווי 24 שעה, — אַז מאָרגן פלי איך ווייטער קיין שאַנכאַי, — אָבער עס העלפט נישט! דער פּאַס ווערט צוגענומען, אָדער כ'האָב די ברירה אי־בערנעכטיקן גאַנץ באַקוועם אין דער תפיסהלע וואָס איז איינגעאָרדנט אויפן פלי־פּאָרט.

איך וויל שוין אַרויסגיין צו דעם אויטאָ, וואָס וועט מיך פירן צום האָטעל. אָבער פּלוצלינג דערהער איך ווי מען רופט אויס מיין נאָמען.

„וואָס עפּעס, שוין ווידער אַן אָנשיקעניש מיט דער פּאָליציי"? אָבער דאָס

מאָל וויל מיך גאָר איינער זען: מען דערוואַרט מיך... דאָס זעט איר, איז שוין אַן אנגענעמע איבערראַשונג! איך קען דאָך קיינעם נישט אין האָנג־קאָנג.

אָבער עס איז גוט צו זיין אַ ייד! ווייזט זיך אַרויס, אַז די אסיאַס, די נייע פריינט מיינע אין סיאַם, האָבן טעלעגראַפירט זייער שותף אין האָנג־קאָנג ער זאָל מיך דערוואַרטן און נעמען אונטער זיין שוץ בעת מיין זיין אין דער שטאָט.

אַ קרעפּטיקער יונגערמאַן, אין ווייסן געקליידט, דערנענטערט זיך צו מיר מיט אַ שמייכל און שטעלט זיך פאָר: „יצחק דזשעמאַל, אַ ייד און אַ פריינט״. איך בין באמת גליקלעך, וואָס איך וועל דאָ נישט בלייבן איינזאַם. דזשעמאַל, אַ טערקישער ייד, וואָס וווינט שוין דאָ אַ סך יאָרן, נעמט מיך אין זיין אויטאָ און פירט מיך צום באַרימטן האָטעל פּענינסולאַ, וואָס זעט אויס ווי אַ גרויער ריי־טערלעכער שלאָס ערגעץ אין סקאָטלאַנד. אָבער אינעווייניק איז אַ לוקסוס, וואָס מען קאָן זען אין ווייניק האָטעלן אפילו אין ניו־יאָרק. די בעטן פאַלן אַרויס פון וואַנט. די צימערן האָבן קאָנדיציאָנירטע לופט וואָס איז אַ גליק אין דאָזיקן טראָפּישן קלימאַט; די כינעזישע דינערשאַפט, צאָלרייך און דיסציפּלינירט שלייכט זיך ווי שאָטנס און פירט אויס פאָראויס אייערע פאַרלאַנגען.

שנעל זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן וואַשן, גייען מיר אַרויס מיט דזשעמאַלן באַזען די שטאָט. זי איז צעטיילט אין צוויי טיילן: די כינעזישע און די איי־ראָפּעאישע. די לעצטע האָט זיך צעלייגט מיט ריזיקע הייזער, מיט רייכע קאַ־פּעען, מיט געשעפטן אָנגעשטאָפּט מיט אַלערליי סחורות אַרום דעם ים־ברעג. עס פילט זיך פשוט אין דער לופט פון אָט דעם שטאָט־טייל אַ ריזיק־אָנגעזאַמל־טע רייכקייט. דזשעמאַל באַשטעטיקט טאָקע אַז פון האָנג־קאָנג ווערט נאָך אפילו איצטער קאָנטראָלירט די וואַלוטע פון אָרימען און צעטרייסלטן כינע. אין האָנג־קאָנג איז די וואַלוטע פעסט, אין דער צייט וואָס אין לאַנד פון יענער זייט אויס־גוס ליגט די גאַנצע געלט־סיסטעם אין שאַרבנס. פון דעם פּראָפּיטירט נאָר די ענגלישע קרוין־קאָלאָניע. איין אומגליק, נעבעך, האָט דאָ געטראָפן! אַזוי ווי כינע איז דאָך אַ פאַרבינדעטע און דעריבער זיגרייך אַרויס פון קריג, האָט מען געמוזט עפענען האָנג־קאָנג פאַר כינעזער בירגער.

הונדערט יאָר נאָכאַנאַנד האָט אַ נייער כינעזער געקאָנט דאָ אַריינקומען נאָר אַלס אַ „קולי״ (שוואַרץ־אַרבעטער), אימפּאָרטירט דורך ענגלאַנד, אָדער גאָר אַלס גרויסער גביר. איצט אָבער מעגן כינעזער דאָ קומען. האָבן זיי זיך טאָקע אַריינגעלאָזן אין די מאַסן, און האָנג־קאָנג, וועלכע האָט פאַרן קריג געהאַט נאָר אַ האַלבן מיליאָן איינוווינער, איז איצט געשוואָלן געוואָרן מיט אַ באַפעלקערונג פון איבער צוויי מיליאָן כינעזער.

פאָרן מיר דורך די איבערפעלקערטע כינעזישע קוואַרטאַלן, ווו אָרימקייט

און שמוץ ליגט אויף די גאַסן אַלס קאָנטראַסט צו דער קאָנדענסירטער עשירות, װאָס דערדריקט אַזש אין קלײנעם אײראָפּעאישן קװאַרטאַל. עס זענען דאָ פּאַראַן אויך פֿיל רײַכע כינעזער, װױנען זײ אָבער אין די אױבערשטע טײלן פֿון שטאָט אין לוקסוס־װילעס און פּאַראַדירן מיט זײערע פֿאַמיליעס אין נײַאינקע אויטאָמאָבילן. איך מוז זאָגן, אַז זײ קוקן מיר אויס צו זײַן פֿײַן און סימפּאַטיש, אַט די ערשטע כינעזער קולטורעלע פֿאַמיליען־גרופּעס, װעלכע איך באַגעגן אין די רעסטאָראַנען, װו צוזאַמען מיט דזשעמאַלן כאַפּן מיר זיך אַרײַן אויף אַ װײַל, כּדי צו זען „מענטשן".

אין אַ געװיסן מאָמענט באַמערק איך װי דזשעמאַל קוקט אומגעדולדיק אויפֿן זײגער. איך פֿרעג אים:

„דאַרפֿט איר ערגעץ װו גײן אָדער מיט עמיצן זיך טרעפֿן, — מיסטער דזשעמאַל?" ער קװענקלט זיך אַביסל און ענטפֿערט:

„יאָ, יאָ! מיט אײנער אַ דאַמע, מיט װעלכער איך בין געװען אָפּגערעדט נאָך אײדער איך האָב באַקומען די טעלעגראַמע פֿון באַנגקאָק, אַז איר קומט צו פֿאָרן. איצט װאַרט זי אויף מיר בײַם אויסגאַנג פֿון די דאַמפּער, װאָס קומען פֿון יענער זײַט... אויב איר האָט נישט דאַקעגן װעלן מיר דאָרט צופֿאָרן צוזאַמען און איך װעל זיך אַנטשולדיקן, אַז איך האָב אַ גאַסט און מוז זיך דעריבער באַפֿרײַען. מײַן דאַמע איז אַ יונגע באַלעט טענצערין און באַרימט דאָ אין שטאָט. מיר זענען פֿרײַנט, — איר פֿאַרשטײט דאָך, — איך בין דאָך אַ בחור, אָן אַ פֿאַמיליע... אגב װעט אײַך זײַן אינטערעסאַנט צו װיסן, אַז די דאָזיקע באַרימטע טענצערין איז דאָ אַלס קינד געבראַכט געװאָרן אַלס „מואַי־טסאַאי"...

„מואַי טסאַאי? עפּעס האָב איך שױן אַמאָל געהערט אַזאַ אױסדרוק, אָבער גראַד איצט האָב איך פֿאַרגעסן װאָס דאָס באַדײַט"?

„נו, דאָס װעל איך אײַך שױן דערקלערן שפּעטער, פֿריער באַקענט זיך מיט מײַן דאַמע"...

אין אײניקע מינוטן זענען מיר שױן בײַם האַפֿן, װו די פֿול געפּאַקטע „פֿעריס" ברענגען אויפֿן אינדזל האָנג־קאָנג טױזנטער כינעזער פֿון יענער זײַט. װאָס קומען זיך דאָ פֿאַרװײַלן. בײַם אײַנגאַנג פֿון דער קאַסע שטײט שױן און װאַרט אַ קלײנע, װי פֿון עלפֿאַנט געשניצטע מײדל, אײַנגאַנצן װי אַ שפּילצײַג פֿון עכטן פּאָרצעלאַן. זי קוקט זיך אַרום אומגעדולדיק און דריקט אויס פֿרײד און פֿאַרװוּנדערונג װען זי באַמערקט אונדז צוזאַמען.

„דאָס איז סאַנג, — שטעלט פֿאָר מיר פֿאָר דזשעמאַל זײַן מײדל, — און אַזױ װי איר נאָמען זאָגט איז זי אײַנגאַנצן אַ געזאַנג".

ער דערקלערט איר, װער איך בין און אַנטשולדיקט זיך זײער שטאַרק,

וואָס צוליב דעם וואָס ער דאַרף מיך פירן אין אייניקע פּלעצער, וועט ער זיין פאַרנומען אַ פּאָר שעה. ער וועט שוין קומען שפּעטער דירעקט אין טעאַטער, וווּ זי טאַנצט. אָבער איצט מוזן זיי זיך שיידן, ווייל ער פאָרט מיט מיר צום רב און צו דער „הייליקער סינאַגאָגע" און דאָרט, — ווי זי אַליין וועט פאַרשטיין, קאָן ער דאָך זי נישט מיטנעמען".

סאַנגס קינדערשער פּנים ווערט טונקל ווי די נאַכט: אויך בינעזער־מיידלעך האָבן פיינט, אַז מען פאַרפוּשערט זיי אַ „צייט"... אָבער זי פאַרשטייט זייער גוט, אַז אויבן אויפן באַרג, וווּ דזשעמאַלס געבעט הויז שטייט, נעמט מען זי קיינמאָל נישט מיט, וועט זי גיין זען אַ פילם אין קינאָ און מיר פאָרן ווייטער.

„איז וואָס איז „מואי־טסאַאי"?

„דאָס איז געווען אַ גרויסע פּראָבלעם נאָך מיט אייניקע יאָרן צוריק און איר האָט געווים געלייענט וועגן דעם. בינעזישע אָרימע עלטערן מיט אַ סך קינדער פלעגן פאַרקויפן זייערע קליינע מיידעלעך צו אַגענטן, וואָס זענען אַרומגעפאָרן איבער שטעטלעך און דערפער. די אַגענטן האָבן בלומרשט געזוכט סינדער פאַר קינדערלאָזע פאַמיליעס אין סינגאַפּור אָדער האָנג־קאָנג. די אָרימע בינעזער, וואָס האָבן אַליין אויך נישט געהאַט וואָס צו עסן האָבן זייערע „איבריקע" טעכטער איבערגעגעבן די אַגענטן פאַר קלינגענדיקע זילבערנע דאָלאַרן. אין סינגאַפּור אָדער האָנג־קאָנג האָט מען די קינדער פאַרקויפט פאַר שקלאַפן־דינסטן אָדער פּראָסטיטוטקעס. אַזאַ קינד האָט זיך גערופן „מואי־טסאַאי" ווען טויזנטער אַזעלכע קינדער האָבן פאַרפלייצט דעם „מאַרק", — האָט זיך שוין די רעגירונג נישט געקאָנט מאַכן נישט־וויסנדיק און מען האָט באַשטימט אַן „אויספאָרשונג־קאָמיסיע"... אָבער ביז וואָס וועט דויערט נאָך די „פּעסט".

אָט פון אַזאַ פאַרקויפטער אָרימער מיידעלע איז אויסגעוואַקסן די הויך־טאַלאַנטירטע טענצערין, דער „געזאַנג" פון דזשעמאַל.

דער אויטאָמאָביל קלאַמערט זיך אַרויף אויף די הויכע בערג אין דער ריכטונג צו דער סינאַגאָגע „אוהל לאה", געבויט דורכן אַלטן ששון אויפן נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענער ווייב.

⁂

איך ווייס נישט וואָס עס טוען איבערצייגטע „פּראָגרעסיווע" פריידענקער, ווען זיי ווערן פאַרוואָגלט אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל ווי אַזוי זיי געפינען דאָרט דעם סימן פון יידישקייט? איך האָב אַן אויסגעפּרובירטן מיטל:

באַמיען זיך געפינען דעם רב, אָדער דעם אַדרעס פון דער סינאַגאָגע אָדער בית־מדרש. און ווי נאָר איך דערטאַפּ דעם דאָזיקן יידישן פּאָדים — דערגיי

איך שוין ביזן קנויל און האָב קיינמאָל קיין חרטה נישט. אפילו פּריוואַט בלייב איך שוין נישט איינזאַם: יידן קלעפּן זיך צו יידן, ווי קיין פאָלק נישט אין דער וועלט...

אַזוי איז געווען אין האָנאָלולו, אָדער אין „עק־וועלט" אויפן אינדזל טאַס־מאַניאַ; אַזוי האָב איך געטון אין אינדיע אָדער פּאַקיסטאַן, אין פּערסיע אָדער ניקאַראַגואַ.

איך האָף, אַז אַזאַ מין אדרעס האָב איך געהאָלפן שאַפן אין סיאַם און יידן, וואָס וועלן דאָרט קומען נאָך מיר, וועלן מיך צוליב דעם צום גוטן דער־מאָנען...

איצט פאָר איך אַרויף אויף די גרינע בערג פון האָנג־קאָנג, ווו גאָר אויבן אויפן סאַמע שפּיץ האָבן די ששונס מיט די כאַדורים, אַ סינאַגאָגע געבויט מיט קנאַפּע פופציק יאָר צוריק.

מיין פריינט, — דער טערקישער ייד יצחק דזשעמאָל, דערציילט מיר דער־וויל, אַז אין האָנג־קאָנג זענען פאַראַן ארום צוויי הונדערט יידישע נפשות, — אַ טייל פון זיי יידן פון באַגדאַדער אָדער אינדישער אָפּשטאַמונג און אַ קלענע־רער טייל די אָנגעקומענע פון רוסלאַנד אָדער ענגלאַנד אין די לעצטע פאָר צענד־ליק יאָר. מיט פרנסה ברוך השם זענען זיי אַלע באַזאָרגט: גרויסע אימפּאָרט געשעפטן, ווילעס, נייאינקע אויטאָמאָבילן, שטאָבן גאַנצע באַדינער... און וואָס רייכער מען איז געוואָרן אַלץ מער דערווייטערט מען זיך פון יידן און יידיש־קייט; מען ווערט דערטרונקען אין די מ"ט שערי — פאַרגעניגנס און עגאָאיזם.

מיט אַ דור פריער פלעגט מען נאָך דאַווענען יעדן טאָג אין שול מיט אַ מנין — היינט קלייבט זיך קוים צונויף אַ מנין שבת. ימים נוראים קומען דאַווענען ווייניקער ווי אַ העלפט פון די האָנג־קאָנגער יידן. אָבער געלט מיט וואָס אויס־צוהאַלטן דעם רב און די שול פעלט נישט.

מיר פאָרן צו צום הויז, ווו דער רב וווינט: רבי רחמים אליעזר פון הילאַ אין בבל. עס עפנט אונדז די טיר זיין איידעם, אַ יונגערמאַן אין אַ יאַרמולקע און פירט אונדז אַריין צום שווער.

דער רב, — אַ הדרת פּנים אין די מיטעלע יאָרן, איז גראַד נישט געזונט און ליגט אין בעט. ער באַגריסט אונדז אין העברעאיש און גייט דערנאָך אַריבער אין אַ פּערפעקטן ענגליש. ער ווייזט אונדז דורכן פענצטער די רואינען פון דעם יידישן קלוב, וועלכן די יאַפּאַנעזער האָבן פאַרברענט, אָבער די ווייסע שול — די געביידע אין גאָטישן סטיל — וואָס קעניגט מיט אירע טורעמס איבער דער אומפאַרגלייכלעכער פּאַנאָראַמע פון האָנג־קאָנגער ים־אויסגוס — האָבן די יאַ־פּאַנעזער נישט גערירט. זיי האָבן פאַרחתמעט די ספרי תורהס און ארון־קודש,

און פארוואנדלט די שול אין א מיליטערישן סקלאד. דאס איז געווען א פאָלי־טיק אזא אין גאנצן אָקופּירטן דורך די יאפּאנעזער געביט: די יידישע הייליקייטן זענען זאָרגפעלטיק אָפּגעהיט געוואָרן ביזן סוף פון קריג. אויך די יידישע בית־עולמס. עס בעט זיך מאכן א פּאראלעל צווישן דער באציאונג פון די יאַפּאנעזער, וועלכע האָבן דאָך גאָרנישט צו טון מיט ביבל און נביאים — און צווישן יענע בארבארן, וואס וואגן נאָך איצט צו רעדן וועגן דער „קריסטלעכער ציוויליזאציע"...

מיר הויבן זיך אויף העכער אויפן בארג, ווו די שול שטייט. כאָטש אויסערלעך דערמאָנט זי א קריסטלעכן טעמפּל ערגעץ־ווו אין ענגלאנד, איז זי אָבער אינעווייניק אויסגעשטאט ווי יעדער מזרח־סינאגאָגע: שטרויענע שטולן ביי די זייטן, א מאַרמאָרנע בימה באַהעפט מיטן מאָנומענטאַלן אָרון־קודש. אַן אויפשריפט אין גאָלד ביים אריינגאנג דערציילט, אז דער בית הכנסת „אוהל לאה" איז געבויט דורך סער דוד ששון לזכרון פון זיין געליבט ווייב לאה. איבערן אָרון קודש געפינט זיך א צווייטע אויפשריפט: „א נדבה פון סער אליהו כדורי". ביידע אויפשריפטן זענען שוין איצט שטיקער יידישע פארגאנגענהייט: די קינדער פון די מנדבים זענען מיט דער צייט אוועק קיין ענגלאנד און אינדיע און דאָרט אויסגעוואקסן אלס מאגנאטן אין ענגלישן מלוכה־דינסט.

איך וואַרף א בליק פון בארג, ווו איך שטיי איצט, אויף די געפּאלדעוועטע גרינע בערג, וואָס היטן אָפּ ווי שלאָפנדיקע גיגאנטן די ענגלישע קריגס־שיפן, וואָס טוליען זיך ווי פארשלאָפענע קליינע קינדער צום רואיקן וואסער־שפּיגל פון די זיכערע פּאָרטן; די צאָלרייכע האנדלס־שיפן פון אלערליי פעלקער, וועלכע געפינען דאָ אזא מעכטיקן שוץ פון די שטורעמדיקע ימים צווישן די ריזיקע פעלזן.

אויף יענער זייט וואסער הייבט זיך אָן די אומענדלעכע טעריטאָריע פון כינע, וועלכע צאפּלט זיך אזוי לאנג אין ווייטיק און קראמפּן פון ברודער־קריג. מען זאָגט, אז די כוואליע פון די „רויטע" צעגיסט זיך אמאָל אזוי נאָענט צו די דאָזיקע ברעגעס, אז מען קאָן זיי זען פון אָט דער הויך מיט שטארקע לאָרנעטן... וואס ווייסן מיר וועגן דעם עפּישן קאמף וואס שפּילט זיך אָפּ צווישן די שטחים פון מיסטעריעזן סינקיאנג און טיבעט ביז די הויכן פון האָנג־קאָנג, אויף וועלכע איך שטיי איצט א פארקוקטער אין פארנעפּלטער ווייטקייט.



דזשעמאל איילט זיך צו זיין טענצערין, דער געוועזענער פאר גראַשנס פארקויפטער מואי טסאאי פון כינעזישן דאָרף, וואס איז דאָ א באַרימטע טענצערין

געוואָרן. איך בין שוין מיד און וואָלט וועלן זיך אַביסל אויסשלאָפן ביז פאַר־טאָג, ווען דער כינעזישער אעראָפּלאַן וועט מיך ווידער טראָגן קיין שאַנכאַי.

אויפן וועג צו מיין האָטעל דערציילט מיר דזשעמאַל אַ פּיקאַנטע איינצל־הייט: אויפן גאַנצן געביט פון אַזיע, ווו די ענגלענדער האָבן די מאַכט, האָבן זיי שטרענג פאַרבאָטן די ענגלישע פרויען אַרויסטרעטן אין קאַבאַרעטן אַלס טענצערינס אָדער זינגערינס: „דאָס מאַכט ביליק די ענגלישע ראַסע אין די אויגן פון די „נייטיוום", דאָס רייסט אַרונטער דעם ענגלישן פּרעסטיזש..."

**
*

פאַרטאָג בין איך אויפן פלי־פּלאַץ, ווו נישט אָן אינערלעכער מורא דאַרף איך זיך באַלד זעצן אין אַ כינעזישן אעראָפּלאַן. איך אָבסערוויר, ווי שטרענג מען רעווידירט דעם „באַגאַזש" פון די כינעזער. איך זע, ווי די באַאַמטע שטעכן דורך מיט לאַנגע שפּיזן די גרויסע קיילעכדיקע האָנג־קאָנגער קעזן, וואָס די כינעזער פירן מיט זיך אַלס מתנות: דאָס זוכט מען געווער. אָבער איך באַמערק דערביי, ווי נאָכדעם ווי דער באַאַמטער ציט אַרויס דעם שפּיז פון קעז, גיט ער אים יעדעס מאָל אַ שמעק. פרעג איך דעם ענגלישן אָפיציר, וואָס גיט מיר ענד־לעך צוריק אָפּ מיין פּאַספּאָרט: „איך פאַרשטיי, פאַרוואָס מען שטעכט דעם קעז, אָבער פאַרוואָס שמעקט מען שפּעטער דעם שפּיז?

ענטפערט מיר דער אָפיציר: „די כינעזער באַהאַלטן אָפטמאָל פּולווער אין קעז, מוז מען דאָס קאָנטראָלירן דורכן ריח".

„און איך פיל דעם ריח פון פּולווער אין גאַנצן געגנט אַרום"...

דער ענגלענדער קוקט מיך אָן מיט חשד: דאָס איז געווען מיין נקמה פאַר צונעמען מיין אַמעריקאַנער פּאַס...

## XXII

# פּאָרמאָסאַ

איך האָב אויסגערעכנט, אַז אין פינף שעה אַרום וועל איך שוין זיין אין שאַנכאַי און טעלעגראַפיר צו אונדזער ביוראָ מען זאָל אויף מיר דאָרט וואַרטן. אָבער די כינעזישע אעראָפּלאַנען האָבן זייערע אייגענע אויסרעכענונגען.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך אָנגעקוקט צו זאַט, ווי מײַנע מיט־פּאַסאַזשירן, די כינעזער, עסן אַזוי פֿלינק דעם רייז און די גרינסן מיט די שטעקעלעך, וועל־כע דינען אַלס גאָפּל־מעסער, האָב איך אָנגעהויבן צו ווערן אומגעדולדיק. איך פֿרעג דער קאַמער־מיידל, אַן עלעגאַנט קרום־אויגיקע פֿיליגראַן־ליאַלקע, ווען וועלן מיר שוין אָנקומען קיין שאַנכאַי, לאַכט זי שעלמיש און ענטפֿערט אין אַ גע־בראָכענעם ענגליש:

„ווי נאָ שאַנכאַי, ווי פֿאָרמאָזאַ", מיר זענען הייסט דאָס, נישט שאַנכאַי, נאָר פֿאָרמאָזאַ"!

עס איז מיר גלייך געוואָרן קיל אונטערן האַרצן: איך האָב לכתחילה גע־מיינט, אַז צוליב מײַן גרויסער בקיאות אין דער כינעזישער שפּראַך, האָט מען מיך אַרײַנגעשליידערט אין אַעראָפּלאַן, וואָס גייט קיין פֿאָרמאָסאַ אַנשטאָט שאַנכאַי; בין איך נישט קיין שעמעוודיקער, גיי אַרײַן אין דער פּילאָטן אָפּטיי־לונג און פֿרעג דעם קאַפּיטאַן, אַן אַמעריקאַנער, פֿאַרוואָס עפּעס זענען מיר פּלוצלינג פֿאַרפֿאָרן קיין פֿאָרמאָסאַ, ווען מײַן בילעט און דער אַעראָפּלאַן־נו־מער רעדן בפירוש וועגן שאַנכאַי.

טרייסט מיך דער קאַפּיטאַן: „מיר וועלן אויך קיין שאַנכאַי קומען, עס איז אַ פֿראַגע נאָר פֿון איניקע איבעריקע שעהען. אָבער מען פֿאָרט קיין פֿאָרמאָסאַ, ווייל מען האָט אין וועג באַקומען אַ ראַדיאָ־טעלעגראַמע, אַז דער כינעזישער קריגס־מיניסטער גענעראַל יאַ־אינג־טשעני איז אין פֿאָרמאָסאַ און איילט זיך קיין שאַנכאַי, מוז מען אים פֿון דאָרטן אָפּנעמען.

מילא, וועל איך כאַפּן אַ קוק אויפֿן באַרימטן אינדזל פֿאָרמאָסאַ, וואָס האָט פּונקט פּופֿציק יאָר געהערט צו יאַפּאַן און נאָכן לעצטן קריג זיך ווידער אומגעקערט צו כינע.

איך דערמאָן זיך, מײַן פֿאָטער פֿלעגט מיר דערציילן די איינצלהייטן פֿון יענער כינעזיש־יאַפּאַנישער מלחמה, ווען יאַפּאַן האָט צום ערשטן מאָל געוויזן אירע שאַרפֿע נעגל, און כינע נעבעך איז געפֿאַלן ווי אַ פֿאַרפֿוילטער בוים. זי האָט נישט געהאַט קיין האַרמאַטן, האָט מען אויסגעשניצט הילצערנע „דאָממיס" און באַהאַלטן זיי צווישן די בערגלעך ביים ברעג, כדי די יאַפּאַנעזער זאָלן מורא האָבן... דאָס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן און פֿאָרמאָסאַ איז געפֿאַלן, עפּענענדיק דעם וועג מיט צען יאָר שפּעטער פֿאַר דער רוסיש־יאַפּאַנישער מל־חמה און פֿאַר דער גרויסער יאַפּאַנישער עקספּאַנסיע, וועלכע האָט זיך געענדיקט מיטן לעצטן קראַך.

ווען מיר לאַנדן אויפֿן אינדזל, זע איך די מאָדערנע שווימענדיקע „ראַקעז", וועלכע יאַפּאַן האָט אויסגעבויט פֿאַר אירע קריגס־שיפֿן און די אימפּאָנירנדע

טעכנישע אינסטאַלאַציעס פאַר גרויסע עראָפּלאַנען. פאָרמאָסאַ האָט געזאָלט זיין אַ קאָנקורענץ צום ענגלישן סינגאַפּור... איצט אָבער איז דער לופט־פּאָרט פאַרפלייצט מיט כינעזישע סאָלדאַטן, וועלכע זעען אויס עפּעס אַזוי נעבעכדיק, כאָטש זיי שלעפּן לאַנגע ביקסן מיט גלאַנציקע מעסערס אויף די שפּיצן. די שיך אָבער זענען צעקראָכן. די אַרבל פון די מונדירן מיט לאַטעס אָדער לעכער, און כאָטש איך בין נישט קיין מיליטערישער עקספּערט, דוכט זיך מיר, אַז אויב זעל־נער זעען אויס אַזוי שפּלדיק בעת אַ פּאַראַד מיט דעם קריגס־מיניסטער אַליין קאָנען זיי קיין גרויסע העלדישקייטן נישט באַווייזן בעתן קריג.

אָבער אָט דערהערט זיך די קאָמאַנדע; די סאָלדאַטן שטעלן זיך אויס אין רייען: דער אָרקעסטער פייפט עפּעס אויס אַן אומעטיקן ניגון, וואָס זאָל זיין דער מיליטערישער הימן און אַ געוויקסיקער גענעראַל, דער קריגס־מיניסטער יאַ־אינג־טשעני, נעמט אויף דעם פּאַראַד צוזאַמען מיט זיין סוויטע. ער זעגנט זיך, ווייזט אויס מיט די סאָלדאַטן, אויסשרייענדיק עפּעס אין כינעזיש און זיי ענטפערן מיט אַ געשריי, וואָס הערט שוין נישט אויף ביז דער מיניסטער שטייגט איין אין אונדזער עראָפּלאַן און עס ווערן געשלאָסן די טירן.

נעבן מיר זעצט זיך איינער פון זיינע אַדיוטאַנטן. ער רעדט אַביסל ענג־ליש און בעתן פלי שמועסט מען, ווי אַזוי עס גייט צו דאָס איבערנעמען פון פאָרמאָסאַ. ער מאַכט אויספירן אַז כאָטש יאַפּאַן איז געווען ענג אויף די אייגע־נע אינדזלען האָט זי פונדעסטוועגן אין משך פון 50 יאָר זייער ווייניק אייגענע אימיגראַנטן געשיקט קיין פאָרמאָסאַ: עס זענען געפאָרן נאָר סוחרים עקספּלוא־טירן און באַאַמטע צו רעגירן.

אַרבעטער האָט מען נאָך אַלץ אימפּאָרטירט פון כינע.

„יאָ, יאָ — זאָגט דער אָפיציר — אפשר וועט איר נאָך אַמאָל עפּענען פאַר דער יאַפּאַנישער אימיגראַציע אייער ליכטיקע קאַליפאָרניע, וועלן זיי זיך דאָרט אַ לאָז טון אין מיליאָנען, דאָרט איז געווים בעסער ווי אין ענגן יאַפּאַן. אָבער זאָל אפילו בראַזיל נאָך אַמאָל דערלויבן די יאַפּאַנעזער אימיגרירן אין סאַן־פּאַאָ־לאָ־פּראָווינץ, וועלן זיי זי שנעל פאַרפלייצן און פאַרקנעכטן די שלאָפיקע קאַ־ריאָקאָס און פּאַאוליסטאַס (געבוירענע בראַזיליענער), אָבער דאָ אויף די רייז־פעלדער פון פאָרמאָסאַ האָבן זיי קיין גרויסן אינטערעס צום בויען נישט אַרויס־געוויזן".

אַזוי זאָגט דער אַדיוטאַנט פון כינעזישן קריגס־מיניסטער.

מיר פליען איבערן פּאַציפיק, וועלכער טראָגט זיין פּאַציפיסטישן נאָמען קאָכט און זידט מיט בלוטיקע ליידנשאַפטן.

פון דער ווייטנס צינדן זיך אָן מיט פייערן שאַנכאַי און נאַנקינג, אָבער

גלייך הינטער זיי ליגט אין רעטזעלהאפטן נעפל דארטן פארט־ארטור און מאנ־
דזשוריע, אויך קארעא ווארפט זיך אין קרעמפן...
צי ווערן דא צעשמעטערט אלטע געטער און ווער זענען די נייע, וואס קו־
מען אויף זייער ארט?

## XXIII

# שאנכאי

עס איז שוין שפעט אוונט, ווען מיין עראפלאן לאנדעט אין שאנכאי.
גראד איז דאס געווען אין די טעג, ווען דער כינעזישער דאלאר האט זיך איינ־
געבראכן און פון דריי מיליאן איז ער ארויפגעשפרונגען ביז צען מיליאן כינעזי־
שע פאר איין אמעריקאנער דאלאר. דאס האט ארויסגערופן א מהומה אויפן
סחורה־מארק; געשעפטן האבן זיך געשלאסן, די רעגירונג האט ארעסטירט סוח־
רים פאר שפעקולאציע, די קאמוניסטישע פראפאגאנדע קעגן טשאנג־קאי־שעקס
רעגירונג האט זיך פארשטארקט.
די אלע דראענדע סימנים האבן זיך גלייך געלאזט מערקן, ווען די פאליציי
און צאל־באאמטע האבן בודק געווען אונזערע פאספארטן און דאס געפעק. נאכ־
דעם, ווי מען האט גוט געזוכט אין מיינע וואליזעס און פארשטייט זיך, נישט
געפונען קיין קאנטראבאנדע אדער געווער, האט מען ביי מיר גענומען א פאר־
זיכערונג, אז מיינע אמעריקאנער דאלארן וועל איך טוישן לויטן אפיציעלן קורס,
וועלכער איז דאן געווען ארום פיר הונדערט טויזנט כינעזישע מטבעות. מיט אנ־
דערע ווערטער: איך זאל זיין אזוי גרויסמוטיק און אוועקגעבן מיינע שווער פאר־
הארעוועטע דאלארן פאר פינף סענט א שטיק...
ווען אבער איך בין געקומען אין פארק־האטעל און איך האב דערהערט אז
דער פרייז פון מיין צימער איז 20 מיליאן כינעזישע דאלאר פאר א טאג, האב
איך פארשטאנען, אז צו ערנסט דארף איך מיין צוזאג נישט נעמען.
אבער די גרעסטע מטבע איז געווען א פאפירל פון פערציק טויזנט כינעזי־
שע דאלארס. האב איך געדארפט הייסט דאס באצאלן מיט פינף הונדערט אסיג־
נאציעס נאר פאר איין טאג אין האטעל. און פארן עסן? פאר „שאר ירקות״,
וואס א מענטש מוז דורכן טאג אויסגעבן?
דער סך־הכל איז געווען, אז ווען מען האט מיר געגעבן מיין חשבון אין

פּאַרק האָטעל פֿאַר 8 טעג, האָט דאָס געלט געוווּיגן אַרום פֿערציק פֿונט און אָנגעפּילט אַ זאַק פֿון קאַרטאָפֿל...

ווען נישט מיין ליבער פֿריינט, דער היאַס־דירעקטאָר מ. בירמאַן, וועלכער האָט געזאָרגט פֿאַר דעם, איך זאָל האָבן מיט וואָס צום צאָלן, וואָלט מען מיך מסתּם איינגעזעצט אין אַ כינעזישער תּפיסה אַלס אַנזעצער. אָבער פֿריינט בירמאַן מיט נאָך אַ יונגן פֿריינט האָבן די אַסיגנאַציעס געזאַמלט, סאָרטירט (נישט אַלע זענען געווען פֿון העכסטן טיפּ), אָנגעשטאָפּט דעם גרויסן זאַק, געדונגען אַ „ריקשאַ" (אַ וועגעלע וואָס ווערט געשלעפּט דורך אַ כינעזער) און נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך פֿאָטאָגראַפֿירט ביים אָנגעשטאָפּטן געלט־זאַק, האָבן מיר אים מיט פֿאַראייניקטע כּחות אַריינגעטראָגן אין האָטעל און באַצאָלט דעם רעכענונג...

פֿון אָט דעם קליינעם בילדל קאָנט איר שוין באַקומען אַ באַגריף, ווי אַזוי עס זעט אויס כינעס עקאָנאָמיע אין אונדזערע טעג. און ווען מיר לייענען איצט וועגן די דראַקאָנישע מיטלען, וואָס ווערן אָנגעווענדט דורכן גענעראַל טשאַנג־קאַי־שעק, כּדי צו נויטן די באַפֿעלקערונג אָנערקענען דעם נייעם „גאָלדענעם" דאָלאַר פֿון כינע, גלייב איך ווייטער פּעסימיסטיש און גלויב נישט, אַז ער וועט עפּעס דערגרייכן. די רעזערוון פֿון גאָלד אָדער זילבער זענען שוין לאַנג אויפֿגעפֿרעסן אין מלוכה־אוצר; דער ברודער־קריג פֿאָדערט אַלץ מער און מער הוצאות, די אַדמיניסטראַציע איז קאָרומפּירט פֿון קליין ביז גרויס, און דאָס פֿאָלק הונגערט... און עס איז מיר באמת געווען אַ שאָד, וואָס די כינעזער, וואָס זענען מיר געוואָרן אַזוי סימפּאַטיש אין דער קורצער צייט, וואָס איך בין ביי זיי געווען, זאָלן דאַרפֿן מיט אַזוי פֿיל יסורים באַצאָלן פֿאַר די עטלעכע לעפֿל רייז, וואָס דער דורכשניטלעכער פֿון זיי באַנוצט אין די אַלע טעג פֿון זיין לעבן. אָט פֿון דאָס ביסל רייז הענגט אָפּ דער רעזשים פֿון טשאַנג־קיי־שעק אָדער פֿון זיינע קאָמוניסטישע קעגנער. ווער פֿון זיי וועט באַווייזן אָנזעטיקן דעם מאָגן פֿון די פֿיר אָדער פֿינף הונדערט מיליאָן (קיין גענויע סטאַטיסטיק איז אין כינע נאָך אַלץ נישטאָ) אַרבעטסזאַמע, געל־הויטיקע אין דער מערהייט ליידנדע כינעזער, דער וועט באַהערשן די גיגאַנטישע מלוכה צווישן פּאַציפֿיק און סיביר.

אָבער דערווייל איז כינע דאָס אָרימסטע לאַנד אין דער וועלט און אַפֿילו אין אַזאַ מאָדערנער שטאָט, ווי שאַנכאַי, האָט מען אין פֿאַריקן יאָר אויפֿגעקליבן איבער דרייסיק טויזנט טויטע מענטשלעכע קערפּערס, וועלכע זענען געשטאָרבן פֿון הונגער.

איבערן גאַנצן לאַנד ציילט מען אַזעלכע אַרויסגעוואָרפֿענע עלנדע מתים אין מיליאָנען און צווישן זיי פֿאַרנעמען אַ באַדייטנדיק אָרט נאָר וואָס געבוירענע מיידלעך: פֿיל פֿאַמיליעס האַלטן נאָך אַלץ די געבורט פֿון אַ מיידל פֿאַר אַ שטראָף פֿון די געטער.

איך ווין אויפן זעכצנטן שטאָק פון באַקוועמען און רייך־אויסגעשטאַטן פּאַרק־האָטעל. פון מיין פענצטער עפנט זיך אַן עקזאָטישע פּאַנאָראַמע לענגאויס דער באַרימטער הויפּט גאַס נאַנקין־ראָוד, איבער וועלכער ביכער און פּאַפּיר זענען שוין געשריבן געוואָרן.

זי ברענט אינגאַנצן מיט עלעקטריש־געפּלאַקטענע כינעזישע אותיות־רעקלאַמעס. זייער זעלטן באַמערקט מען לאַטייניש בוכשטאַבן. אָבער נישט אַלע עלעקטרישע צייכנס באַדייטן געשעפט־אונטערנעמונגען. אויף איניקע געביידעס צינדט מען אָן שפּרוכן קעגן שדים, טייוואָלים, שלעכטע גייסטער. רייכע כינעזער לאָזן זיך קאָסטן, אַבי אָפּשרעקן ביין כישוף פון זייערע היימען... און טויזנטער, טויזנטער „ריקשאַס״ געצויגן פון מוסקולירטע, אָפּגעריסענע „קוליס״ (אַרבעטער) באַדעקן ווי אַ היישעריק דעם נאַנקין־ראָוד און אַלע גרעסערע און קלענערע גאַסן, אַלע בריקן און דורכגאַנגען. זיי שלעפּן זייערע פּאַסאַזשירן מיט אַ לייכטקייט פון ראַסן־פערד, זיי זענען אייגנטלעך דער איינציקער קאָמוניקאַציע־מיטל פון גיגאַנטישן שאַנכאַי. לעבערלעך קליין איז די צאָל אויטאָמאָבילן אָדער אויטאָבוסן אין דיקן „פּראָנט״ וואָס עס בילדן די „ריקשאַס״. אונדזערער אַ מענטש האַלט זיך דעם ערשטן טאָג אינסטינקטיוו צוריק. ווען עס באַפאַלן אים די ריקשאַ־טרייבער מיט אַ פאָרשלאָג זיך דורכפאָרן. אָבער שפּעטער, ווען מען באַטראַכט זיך, אַז פאַר אייער „ניקל״ וועט די גאַנצע פאַמיליע פון „קולי״ דורכלעבן אַ טאָג פאַרנעמט איר אַ פּלאַץ אין וועגעלע און געוווינט זיך צו שנעל צו דעם דאָזיקן באַקוועמען טראַנספּאָרט מיטל.

אין דער צייט פון היטלערן און פון וועלט־קריג זענען דורך שאַנכאַי דורכגעגאַנגען צענדליקער טויזנטער יידן. די געשיכטע פון „גלות שאַנכאַי״ פאַרנעמט שוין אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין אונדזער ליטעראַטור און שאַנכאַי וועט שוין בלייבן איינגעפאַסט אין בילד פון אונדזער מאַרטירערטום אַלס טומלדיקער, כאַאָטישער, אָבער דאָך אייגנאַרטיקער „וואָקזאַל״, פון וואַנען עס זענען זיך צעגאַנגען דעם וואַנדערערס וועגן קיין ארץ ישראל, קיין נאָרד־ און זיד־אַמעריקע, קיין אויסטראַליע און צוריק קיין אייראָפּע. ווען איך בין דאָ איצט געקומען, האָב איך שוין געטראָפן נאָר אַרום פיר טויזנט יידישע פּליכטלינגע פון מזרח און מערב אייראָפּע, אַלץ אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט די מעגלעכקייט צו באַקומען לייכטע קוואָטע־וויזעס (אפילו די דייטשע יידן זענען געבוירן געוואָרן אין פּוילן אָדער גאַליציע) און אַרום דריי טויזנט יידן, וואָס האָבן נאָך בעת דער רוסישער רעוואָלוציע אויסגעוואַנדערט קיין מאַנדזשוריע און זיך פּאַמעלעך פון דאָרטן איבערגעטראָגן קיין שאַנכאַי. יאָ, און מער ווי צוויי טויזנט פרישע קברים האָב איך אין שאַנכאַי געטראָפן: דאָס ליגן אויף די שטילע בית־עולמס

אַ בונטער קראַנץ פון תלמידי־חכמים, שרייבער, כלל טוער און גלאַט פשוטע יידן, וואָס זייער וואַנדער־וועג האָט זיך איבערגעריסן אויף דער כינעזישער ערד און דאָ זענען זיי צו קבורה געבראַכט געוואָרן.

אַ סך פון זיי האָבן מיר אַלע געקאָנט און געאַכט און די בענקשאַפט נאָך זיי נאָגט אייער האַרץ אין שאַנכאַי, ווי זי האָט אייך געמאַטערט אין די רואי־נען פון וואַרשע אָדער ביאַליסטאָק. ווען איר הערט, ווי אַזוי אין דעם געטאָ־שאַנכאַי האָבן פון הונגער־געשוואָלענע, אין שמוץ־פאַרמויערטע יידישע פּליכט־לינגע, תורה־געלערנט, ביכער געשריבן, אַן אייגנאַרטיקן לעבן אָנגעהאַלטן און זיך נישט געלאָזט אַלס אַ פאָלק צעקוועטשן, ווערט אייער האַרץ פול מיט שטאָלץ און באַוווּנדערונג אויף אונדזערע אינערלעכע כחות וועלכע קומען צום אויס־דרוק דווקא אין מאָמענטן פון פיינלעכסטן דרוק...

דערווייל וויל איך זען די שטאָט, שפּאַצירן איבער די גאַסן, באַקענען זיך מיט כינע. מאָרגן און אין די נעקסטע טעג וועל איך זיין דער גאַסט סיי פון די „דייטשע" יידן אין זייער קלוב אין פאָרשטאָט האָנג־קיו, ווו די געטאָ איז געווען, סיי פון די רוסישע יידן אין זייער רייכן קלוב אין אַריסטאָקראַטישן טייל פון שאַנכאַי.

אָבער איך ווייס שוין פון מיינע ערשטע באַגעגענישן מיט פריינט, אַז אַלע, סיי די רייכע, סיי די אָרימע, ווילן אַנטלויפן פון דאַנען, אַז דער אויפ־געבלאָזענער דורך רעוואָלוציעס און מלחמות אין די לעצטע דרייסיק יאָר שאַנ־כאַיער ישוב האַלט זיך ביים צעפאַלן... סך־הכל איז דאָס געווען אַ שאָקעלדיקע סוכה, אויפגעבויט אַרום דריי פרעמדע ווענט מיט אַ לאָקשן־ברעט אַלס צוגאָב. עס צעפאַלט זיך יידיש־שאַנכאַי נישט נאָר ווייל עס איז קיין פּרנסה־מעגלעכ־קייטן נישטאָ: אַ סך יידן פון די פריערדיקע לעבן דאָ נאָך איצט אין וווּל־טאָג און רייכטום. נאָר מען האָט מורא: פון צפון און פון מערב רוקט זיך אַ קאָ־מוניסטישע אַרמיי. מען ווייסט דאָ קיינמאָל נישט, ווען זי וועט אויך שאַנכאַי באַזעצן; עס טראָגן זיך קלאַנגען, אַז פּאַרטיזאַנער זענען שוין געווען נישט ווייט פון נאַנקין, אַז אין די טאָלן אַרום שאַנכאַי באַווייזן זיך רייטער אין וואָ־טענע רוסישע „קוצעפאַיקעס". פון כאַרבין קומען אָן שרעקנדיקע ידיעות, אַז די אַמאָל אַזוי רייכע יידישע קהלה איז ליקווידירט און אירע פירער זענען פאַר־שיקט אין ווייטן סיביר. און די מערסטנס שאַנכאַיער יידן פון דער רוסישער קאָלאָניע זענען דאָך דאָ פון כאַרבין געלאָפן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך רייכע געשעפטן, גרויסע הייזער, אַ לעבן אַ גאַנצן מיט שולן, אוניווערזיטעטן, קלובן...

איצט איז די רייע צו לויפן פון שאַנכאַי.

נאָך אַביסל צייט און די איצטיקע יידישע תקופה אין כינע וועט פאַר־

שוואונדן ווערן אין דער טויזנט־יאריקער געשיכטע, ווי דאס איז געשען מיט די פריערדיקע „יידישע עפיזאדן", פון וועלכע נאר שוואכע שפורן זענען פארבליבן.

שוין דער נביא ישעיהו (קאפיטל מ"ט) אין זיין פריידיקן צוזאג, אז יידן וועלן אויסגעלייזט ווערן פון גלות, דערמאנט אז פון „אומעטום וועלן זיי צוריק־קומען: „אלו מצפון ומים ואלו מארץ סינים", און כדי צוריקברענגען פון לאנד פון די סינים (כינעזער), האבן זיי דאך דארטן שוין געמוזט זיין נאך פארן גלות בבל. א שטיין מיט אויפשריפטן אין דער געגנט פון קאי־פונק־פו דערמאנט וועגן יידן און ברענגט אפילו א דאטע מיט 2520 יאר צוריק, ד"ה הארט פארן חורבן פון ערשטן בית־המקדש. מיט אייניקע הונדערט יאר שפעטער זענען שוין געווען יידישע קהילות, וועלכע זענען באזוכט און באשריבן געווארן פון אראבישע רייזנדע און שפעטער פון מארקא פאלא, נאכהער זענען סינאגאגעס געבויט גע־ווארן לויטן פלאן פון בית־המקדש, אבער אין כינעזישן סטיל. און שפעטער איז געקומען די אסימילאציע: געמישטע חתונות, קינדער מיט געלע הויט, לאנגע צעפ...

מיט 150 יאר צוריק זענען געבליבן נאר א פאר מנינים יידן, וואס האבן עפעס געדענקט וועגן מילה און פלייש־טרייבערן, אבער דאן איז געשטארבן דער לעצטער רב אין קא־פונג־פו און די כינעזיש־יידישע „סוכה" איז איינגעפאלן. די געבליבענע ספרי תורה און מאנוסקריפטן זענען דורך פלינקע קריסטלעכע מיסיאנערן פארקויפט געווארן צו יידן אין פארשידענע לענדער פאר גרוים געלט אלס מוזעאלע זעלטנהייטן.

און נאכהער האבן זיך יידן ווידער גענומען זאמלען: מיט הונדערט יאר צוריק זענען געקומען די ערשטע ששונס פון אינדיע, די ערשטע כדורים פון באגדאד... שפעטער בעת דעם רוסיש־יאפאנישן קריג זענען אויך געקומען אנט־לאפענע יידישע זעלנער.

אין 1917 און שפעטער זענען דא געלאפן יידן פון די באלשעוויקעס; אנ־הויבנדיק פון די דרייסיקער יארן זענען שוין געקומען די היטלער פליטים.

יא! און איצט דרייט זיך דאס רעדל צוריק: עס איז גוט אמאל זיך אריינ־טראכטן אין דער כינעזישער מעשהלע, וואס איך האב דא אזוי קורץ דערציילט...

*
**

אין מיטן פון דער גאס „מארשאל פעטען", מערקווירדיק ווי זי רופט זיך נאך אלץ אויפן נאמען פון אלטן כלב, וואס פוילט אין א פראנצויזישער תפיסה, ליגן אויסגעלייגט אייניקע אפגעריסענע קינדער צוגעדעקט מיט עפעס א פא־פיר, פון וועלכן עס שרייען אראפ כינעזישע אותיות; נעבן זיי שטייט א פרוי



ד״ר שאָשקעס אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון עסקנים אין האנקאאו,
אַ פֿאָרשטאָט פֿון שאַנכאַי




אין ריקשע ביים „היאס״־ביוראָ אין שאַנכאַי

אין שוואַרצן און קלאַפּט מיט אַ פּושקע: דאָס איז אַ פּראָפּאַגאַנדע טריק פון דער רעגירונג. מען איבערזעצט פאַר מיר דעם אויפשריפט: „איך און מיינע קינדער זענען געשמיסן און פאַרפייניקט געוואָרן פון די קאָמוניסטן: מיר זענען קוים אַנטלאָפן; העלפט אונדז!"

איך שטעל זיך אָפּ אויף אַ לענגערער ווייל און זע, אַז קיינער וואַרפט נישט אין איר פּושקע אפילו דאָס ווערטלאָזע איצטיקע געלט... טוריסטנטער גייען פאַרביי און קוקן אויף די אומבאַוועגלעך ליגנדיקע קינדער און זייער בעטנדע מוטער מיט גלייכגילטיקע געזיכטער. אַ שלעכטער סימן פאַרן איצטיקן רעזשים.

נאָך אַ פּאָר שריט ווייטער שטייט אַן איינגעמויערטע אין וואַנט פיגור פון אַ געפּאַרבטן בודא און צו זיינע פיס, אין אַ קאַסטן פול מיט זאַמד ווערן אַריינ־געשטעקט ברענענדיקע ליכטלעך פון דורכגייער, וואָס ציען אוים בעטנד זייערע הענט צו אים. עס דערמאָנט מיר אַזוי לעבעדיק יענעם „הייליקן" בילד ביים אַריינגאַנג אין מאָסקווער קרעמל, וו נאָך מיט צען יאָר צוריק (איך וויים נישט, ווי איצט) האָב איך געזען, ווי עס פלעגן גלויביקע אַריינשטעלן ליכטלעך אין זאַמד און זיך דערביי פרום צלמען. אָבער גלייך אַנטקעגן אויף דער רויטער גע־ביידע פון מאָסקווער סאָוועט האָב איך מיט גרויסע בוכשטאַבן געלייענט די וואָרנונג: „רעליגיע איז דער אָפּיום פון פאָלק".

ווען איך האָב אָבער זיך פאַרהאַלטן ביים בודא אין שאַנכאַי און געזען, ווי מענטשן מיט ציטערנדיקע הענט און בלאַנדזשענדע אויגן צינדן די ליכטלעך, האָב איך צוזאַמען מיט עדגאַר סנאָאו געוואָלט אַ זאָג טון:

„דאָ איז אָפּיום די רעליגיע פון פאָלק".

*****

אַז מען קומט צופאָרן אין אַזאַ לאַנד ווי כינע נאָר אויף אַ קורצער צייט. מוז מען אָנווענדן אַ גרויסע מאָס פון קאָנצענטראַציע, כדי זיך נישט פאַרלירן אין אַ ים פון קלייניקייטן. אַמאָל חלומט מען אַ גאַנצן לעבן צו פאַרברענגען אַ פּאָר שעה ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן לאַבירינט פון אַ כינעזישער אָדער אינדי־שער שטאָט, וועגן וועלכער מען האָט געוווסט און געלעזן, און דאָ קומען נאָר באַקאַנטע און צערייסן אייך אויף שטיקער איינלאַדנדיק דיך אויף מיטאָג, דער אויף „קוגל" און דער דריטער אויף אַן אומנוויטיקער „פּאַרטי", געגעבן צוליב אייער כבוד וועגן.

און איך וויל גאָר מיינע טעג און נעכט דווקא אויסנוצן אויף טרעפן זיך מיט אומבאַקאַנטע מענטשן און פלעצער, אַריינדרינגען טיפער הינטערן שלייער פון די מנהגים און שפּראַכן פון די אוראַלטע פעלקער־גיגאַנטן. דעריבער באַנוץ

איך זיך געזעגנט מיט יעדער געלעגנהייט און ווער אפט פארשוואונדן אן א באגלייטער אין די טיפענישן פון די קאבעדיקע פרעמדע קעסלען, ווו מען זעט דעם נישט געקינצלטן לעבנס־שטייגער.

אויך אין שאנכאי האב איך פארבראכט א פאר שעה אין אן עכטער כינע־זישער סביבה. איך האב זיך אומגעקערט אהיים נאך א שווערער זיצונג וועגן פליטים־ענינים אין דער פארשטאט האנג־קא, ווו בעת דעם יאפאנישן רעזשים איז געווען די געטא. איך בין דאס מאל געפארן אן מיין געוועגלעכן באגלייטער, ווייל איך האב טאקע געוואלט אז דער פלינקער ריקשא־פירער זאל מיך ברענגען צו א טיי־הויז ערגעץ־ווו אין די ארימע כינעזישע געסלעך, וואס לעבן אויף אין די שפעטערע אוונט־שעהען. עס איז שוין געווען ארום האלבע נאכט. אלע רעסטאראנען און קאפע־הייזער זענען געשלאסן און אז מען וויל א הייסן אדער קאלטן טרונק דארף מען זיך פארהאלטן פאר איינער פון די אומעטיקע, ארימע טיי־הייזער, וואס שטעלן ארויס אויף מיטן גאס א טישל מיט בענקלעך און דארט סערווירט מען פאר אייך וואס איר פארלאנגט, אפילו שארפן רוסישן בראנפן.

דער כינעזער, וואס איז איינגעשפאנט אין מיין וועגעלע (ריקשא) דער־פרייט זיך זייער, ווען איך גיב אים א צייכן זיך פארהאלטן ביי אזא טישל. מען זעט, אז ער איז זייער מיד פון א גאנצן טאג שלעפן זיך, ווי א פערד; ער אטעמט מיט שוועריקייטן, ביים ארויפהויבן זיך אויפן אייזערנעם בריק, וואס טיילט־אפ האנג־קיו פון שאנכאי, שטופן דעם וועגעלע פון הינטן אפגעריסענע „קור־לים", וועלכע נעמען אויף מיט ענטוזיאזם דעם באנקנאט פון פערציק טויזנט דאלאר (כינעזישע...), ד״ה איין פעני, וועלכע איך באצאל זיי פאר דער טרחה.

צוזאמען מיטן ריקשא־שלעפער זעץ איך זיך אוועק ביים טישל, וועלכער איז באלויכטן פון א נאפט־לעמפל און, ווען פון דערבייאיקן שטיבל גייט ארויס דער באלעבאס און פרעגט מיך, וואס איך וויל, בין איך אין א פארלעגנהייט, ווי אזוי אים דאס צו דערקלערן. נאכהער אבער בלאז איך מיט די ליפן, מאך א צייכן, ווי איך וויל זופן, פארשטייט ער, אז דאס מיין איך הייסע טיי. ווען ער דערלאנגט מיר און מיין פארחידושטן „קולי" א טעפעלע מיט הייסן גרינעם וואסער, וואס שמעקט מיט „מיענטע", שמייכלען מיר אלע. מיר טרינקען אויס א סך אזעלכע טעפעלעך, כדי צו שטילן דעם דארשט, וואס מאטערט אין דער דוש־נער טראפישער נאכט.

איך וואונדער זיך אליין, ווי אט זיץ איך דא אין פארדרייטן נעץ פון געס־לעך פון א זעקס מיליאניקער שטאט שוין נאך א האלבער נאכט און האב גאר קיין מורא נישט... צי איז דאס נישט דערפאר, וואס פאר קיין אנטיסעמיטיזם

איז נישטאָ װאָס מורא צו האָבן אין כינע, און אױך נישט צוליב ראַסן־האַס, פּאַרװאָס זאָל מען באַפֿאַלן אַן אומשולדיקן װאַנדערער מער װי באַשײדן געקלײדט, װאָס זיצט צוזאַמען מיט זײַן „אַנטרײַבער" און זופּט גרינעם טײ?

איך גיב אָבער אַ שטיקל ציטער, װען איך דערהער הינטער זיך אַן אויסרוף אין ענגליש: „גוד איװנינג! האו דו יו דו?" איך גיב זיך האַסטיק אַ דרײ אױס און דערזע אַ שמײכלדיקן, אַמעריקאַניש געקלײדטן כינעזער, װעלכער גײט אױך אַראָפּ פֿון אַ „ריקשאַ". ער האָט באַמערקט אַ װײסן מענטשן זיצן אין דאָזיקן פּאַרװאָרפֿענעם װינקל האָט ער געהאַלטן פֿאַר זײַן חוב מיר אָפּגעבן „שלום". עס דױערט נישט לאַנג און איך דערװײס זיך, אַז דער אורח איז טאַקע אַ ניו־יאָרקער און האָט אַ רעסטאָראַן ערגעץ אין געגנט פֿון טײַמס־סקװער. ער איז געקומען אין כינע נאָך אַ דרײַסיק־יאָריקער אָפּװעזנהײט, כדי צו באַזוכן קרובים. ער איז זײער גליקלעך, װאָס מען קאָן זיך אָביסל דורכרעדן אין ענגליש. זיצן מיר שוין װידער אַ לענגערע צײַט צוזאַמען און טרינקען דעם שמעקעדיקן גרינעם געטראַנק.

ער דערצײלט מיר צװישן אַנדערעס, אַז ער איז אַרױסגעקומען פֿון אַ קינאָ־באַזוך צוזאַמען מיט זײַנע פֿרײַנט, אַ יונגע נאָר־װאָס חתונה געהאַטע כינעזיש פּאָרל: ער האָט זײ גענומען, כדי צו װײַזן אַ באַרימטן אַמעריקאַנער פֿילם און װען זײ זענען דאָרט געזעסן האָט דאָס פּאָרל נישט אױפֿגעהערט צו לאַכן, כאָטש דאָס בילד איז געװען אַ טראַגישעס. ער דער ניו־יאָרקער כינעזער, האָט נישט פֿאַרשטאַנען װאָס דאָ קומט פֿאָר ביז מען האָט אים נישט דערקלערט שפּעטער די סיבה:

„דו באַרימטסט זיך אַזױ מיט דײַן אַמעריקאַנער טעכניק און דאָ זעט מען אין בילד, װי מאַן און פֿרױ, װײַזט אױס געגנוג באַמיטלטע מענטשן, — עסן אין אײנעניש זײער פֿרישטיק, װאָס זײ קאָכן אַלײן און טוען זיך אַלײן באַדינען. בײַ אונדז כינעזער עסן נאָר די דינסטן אין קיך. אַ מאַמע שרעקט איר קינד, אַז אויב דאָס װעט זיך נישט האַלטן בײַם טיש װי עס באַדאַרף צו זײַן, װעט מען אים שיקן עסן אין קיך... פֿאַר קינדער צו עסן מיט די דינסטן איז דאָך די גרעסטע שטראָף. בײַ אונדז אין אַ רײַכער פֿאַמיליע, אַז די באַלעבאָסטע קומט אַרײַן אין קיך איז דאָס אַ געשעעניש, און בײַ אײַך אין אַמעריקע, גײט זי גאָר פֿון קיך נישט אַרױס"...

איך פֿרעג מײַן אַמעריקאַנער כינעזער, װעלכער האָט זיך אַרױסגעװיזן פֿאַר אַ גאַנץ אינטעליגענטן מיטשמועסער, װאָס ער טראַכט װעגן די אױפֿטרײסלענדע געשעענישן, — װעגן לאַנגן ברודער־קריג, — װאָס פֿלאַקערט גאָר אַלץ אין כינע. ער זאָגט, אַז לױט זײַן מײנונג קאָן זיך דער רעזשים פֿון טשאַנג־קײַ־שעק

איינברעכן אינגאנצן אין איין שיינעם טאָג און די קאָמוניסטישע כוואַליע וועט אומדערוואַרט פאַרגיסן נאַנקין און שאַנכאַי.

„איר פאַרשטייט דאָך, אַז איך בין נישט קיין קאָמוניסט, אָבער דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז אונדזערע נאַציאָנאַלע גענעראַלן שטאָפּן זיך אָן די קעשענעס מיט די אַמעריקאַנער הלוואות, און פאַרקויפן אויך פאַר אייגענעם נוצן די קליי־דער און וועש, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן דורך דער „אונרא״... דאָס איז דאָך די סיבה, וואָס גענעראַל מאַרשאַל האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן געבן הילף דעם איצטיקן רעזשים. די אַדמיניסטראַציע איז דאָ פאַרקויפט פון אויבן ביז אונטן, — און כדי, צום ביישפּיל — איך זאָל באַקומען אַ געוויסן פּאַפּירל וועגן מיין געבורט, האָב איך געמוזט אונטערקויפן זעקס באַאַמטע. אמת, אַלע צוזאַמען האָבן באַקומען נאָר אַ מיליאָן כינעזישע דאָלאַרן, ד״ה צוואַנציק אַמעריקאַנער סענט, אָבער ווען דאָס געלט איז דאָ געווען טייער פלעגט מען אויך די זעלבע באַאַמטע דאַרפן באַצאָלן...

דאַקעגן אויף די קאָמוניסטישע גענעראַלן זאָגט מען אַז זיי האָבן בעסערע קעפּ און נישט אַזוי גלייכגילטיק. דערפאַר אָבער איז ביי זיי אַ מענטשלעך לעבן גאָרנישט ווערט.

אָט נעמט, צום ביישפּיל, די דאָזיקע פּראָקלאַמאַציע פון קאָמוניסטישן גע־נעראַל טשען־אי, וועלכע מען האָט היינט צעוואָרפן אויף די גאַסן״.

מיין כינעזער נעמט אַרויס אַ גרויסן פּאַפּירל געדיכט געדרוקט מיט כינע־זישע אותיות און דערקלערנדיק, אַז דער גענעראַל טשען־אי האַלט זיך פאַר אַ פּאָעט און שרייבט זיינע אויפרופן אין פערזן — איבערזעצט ער פאַר מיר איי־ניקע פון זיי:

„איך זע מיינע חברים ווידער אויף די פערד;
זיי ברענגען די רויטע פאָנען אויף כינעס ערד״...

און נאָך אַ גראַם:

„ווען מען פרעגט זיך נאָך, ווו בין איך דער אַרבעטער־פריינט?
קוק זיך אַרום און זע דעם חורבן ביי דעם פיינט״.

אָט מיט דעם דערקלערט זיך די מורא, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלע קרייזן, אַז דער וואָלקן פון צפון דערנענטערט זיך און אויך אין שאַנכאַי, פּעקין און נאַנקין וועט זיך איינשטעלן דער רעזשים, וואָס האָט אַראָפּגעבלאָזן דעם פאַרהאַנג איבער מאַנדזשוריע און סינקיאַנג.

ביי דער געלעגנהייט גיב איך אַ פרעג מיין כינעזער פאַרוואָס ער באַזיצט אַזוי פליסיק די כינעזישע שפּראַך, כאָטש ער איז שוין דרייסיק יאָר אין אַמע־ריקע, דערקלערט ער מיר אַז אַ קינד פון צען יאָר אין דער כינעזישער פאָלקס־

שול לערנט זיך אוים צו לייענען און שרייבן ארום צוויי טויזנט צייכנס, און ער האט דאך געענדיקט א מיטל־שול צו פופצן יאר. ער קלערט מיר אויף ווייטער:

„אינגאנצן באזיצט דער כינעזישער אלף־בית ארום פופציק טויזנט באזונדערע צייכנס, יעדער מיט זיין באזונדער אויסזען און געמעל. אין א צייטונג, צום ביישפיל, געפינט זיך יעדן טאג ארום זיבן טויזנט פארשידענע אפצייכענונגען. אין דער זעצעריי פון א כינעזישער צייטונג זענען פאראן פארטיקע ארום דרייסיק טויזנט צייכנס.

„איר זעט דעם צייכן? דאס קוקט אוים ווי א „הארץ מיט א מארך": באַדייט דאס טאקע „טראכטן", (באמערקט ווי קלוג דאס איז!) און דער צייכן: „צוויי הינטלעך בייסן זיך, — באדייט דאס א „געריכט". דאס ווארט „גוט" באזיצט א געמעל פון א „פרוי מיט א קינד", דאס ווארט „ווייב", — „א פרוי מיט א בעזים"...

עס ווערט שוין שפעט. מיין לעקציע אין כינעזיש און ארטיקע זיטן האט אוועקגעשלונגען א שטיק פון דער נאכט. זעגן איך זיך מיט מיין „לאנדסמאן": ער פארט מיט זיין „ריקשא" אין דער ריכטונג פון דער „פראנצויזישער קאנצעסיע"; איך קער זיך אום צום באקוועמען „פארק האטעל", ווו פון דאך־פענצטער אויפן זעכצנטן שטאק קוק איך אראפ אויף דער שלאפנדיקער פול מיט סודות און לײדן כינעזישער מעטראפאליע.

אזויפיל שמוץ, ארעמקייט, פינצטערקייט... ווער וועט זיי רעטן? און אפשר וועלן זיי זיך אלע געבן די הענט, אט די אלע כינעזער, סיאמעזער, מאלאיער, יאוואיער, אינדאנעזער, אינדוער, פאקיסטאנער; אנדערע פון זיי שלאפן נאך, אנדערע „טשוכען" זיך אוים, אנדערע קראצן זיך אין פאר־פרימארגן קעלט און נאך אנדערע שיסן שוין אין די טונקעלע נעכט.

**
*

דעם נעכטן אוונט בין איך דער גאסט־רעדנער אין יידיש־רוסישן קלוב. דאס איז דער זאמל־צענטער פון רוסיש־געבוירענע און קולטורעלע פליטים, וועלכע זענען דא געקומען מיט צען און מיט צוואנציק יאר צוריק פון כארבין, אדער פון אנדערע פלעצער אין מאנדזשוריע און כינע, וועלכע זענען איצט באזעצט מיט די „רויטע".

עס איז צו באוואונדערן, ווי די פאר טויזנט רוסישע יידן זענען צוגעבונדן צו דער רוסישער שפראך, קולטור, ליטעראטור. די יינגערע פון זיי זענען דורכגעגאנגען דורך די רוסישע גימנאזיעס און אינסטיטוטן אין כארבין און וולאדיוואסטאק. כמעט אכציק פראצענט פון זיי באזיצן איצט סאוועטישע פעסער,

וואָס איז בעת דער יאַפּאַנישער אָקופּאַציע געווען אַ גוטער מיטל נישט אַריינ־צופאַלן אין געטאָ אין האַנג־קיו, ווו אַלע אַנדערע פּליטים האָבן געשמאַכט. פאַר־געסט נישט, אַז סאָוועט־רוסלאַנד איז כמעט ביזן סוף נישט געווען אין מלחמה מיט יאַפּאַן און אירע בירגער האָבן דעריבער געמוזט רעספּעקטירט ווערן.

געווען צייטן, ביז גאָר נישט לאַנג, ווען די רוסישע יידן דאָ האָבן גאָר־גאָר פיין פאַרדינט. נאָך איצט לעבט מען מיט די „שיריים" פון יענע זאַטע יאָרן. אין יידיש־רוסישן קלוב עסט מען ווי גאָר אַמאָל אין אַ פּעטערבורג־מאָסקווער רעסטאָראַן: דער אמתער „סמירנאָווקע"־בראָנפן, די מיט קאַוויאַר־באַלייגטע צובייסעכצן, די „בלינעס", וואָס טרינקען זיך אין סמעטענע, די קאָטלעטן „דע־וואָלאַי", וואָס שווימען אין פּוטער... עס איז אַ סברא, אַז נישט אַלץ אין קיך פון דעם קלוב איז „כשר". כאָטש די יידן, ווי איך האָב זיי דאָ געזען האָבן אַ האַרציקן, כשרן צוגאַנג צו דער איצטיקער ווירקלעכקייט; ווי גאָר אַמאָל ווערט געגעבן נדבות מיט דער ברייטער „רוסישער" האַרץ, ספּעציעל פאַר ארץ ישראל.

און אויך פון מיר פאַרלאַנגט מען איך זאָל וואָס מער דערציילן פון ארץ־ישראל און ווי „אונדזערע סאָלדאַטן רייבן אַ מאָרדע די פאַרשאָלטענע טאַ־טאַרן", אַראַבער מיין איך...

פאַר די עטלעכע הונדערט מיטליעריקע און יונגע קלוב־מיטגלידער דערצייל איך די מעשה דווקא אין רוסיש, זייער מוטער־שפּראַך, כדי אַלע זאָלן פאַרשטיין. עס דערמאָנען זיך יענע יונגע, צאַפּלדיקע יאָרן אין כאַרקאָוו און מאָסקווע, ווען אויך איך האָב באַנוצט נאָר רוסיש אין מיינע רעדעס...

נאָכהער ביי די טישן, בעתן „לחיים", פריי איך זיך מיט אַן אַלטן פריינט פון וואַרשע, שאול טוקאַטשינסקי, וועלכער איז דער פּרעזידענט פון קלוב; ביי אונדזער טיש זאַמלען זיך די פּאָר פעאיקע זשורנאַליסטן: דר. אסטי לעווין, דער אומדערמידלעכער רעדאַקטאָר פון „עכאָ" און די סאַמעט־פאַרחלומטע אננא גינזבורג, רעדאַקטאָרין פון „אונדזער לעבן"... עס זעצט זיך צו דער פּרעזידענט פון היגן יידישן ספּאָרט־קלוב ה׳ ח. טוטשינסקי, אַן ענערגישער ייד פון יעליסאַ־וועטגראַד, וועלכער איז שטאָלץ מיט דעם וואָס „זיינע" ספּאָרטלער שלאָגן נישט נאָר די כינעזער, נאָר אויך די ענגלענדער און אַמעריקאַנער.

אַן אָרקעסטער פון יידישע מוזיקער שפּילט דיסקרעט אויף דער עסטראַדע; רוסישע קעלנערינס, וועלכע זאָגן, אַז זיי זענען טעכטער פון אַמאָליקע אַריס־טאָקראַטן און גענעראַלן, — צעטראָגן די מאכלים.

אָבער מען דאַרף זיך נישט לאָזן נאַרן נישט פון די אויטאָמאָבילן, נישט פון די טענץ אין קלוב, נישט אַפילו דורך דעם, וואָס מאָרגן וועלן זייערע טאָ־

לאַנטפּולע קינדער שטעלן אין דעם זעלבן קלוב די פּריילעכע אָפּערעטע „שור־למית", (נישט אין יידיש פון גאָלדפאַדען, נאָר אין רוסיש פון אַלעקסאַנדער קופּרין...). אַ וואָלקן שרעקט זיי, אַ רויטער וואָלקן וואָס טראָגט זיך פון דער־ווייטנס, פון די קאָמוניסטן און פּאַרטיזאַנען.

זיי ווילן לויפן, ווו די אויגן קוקן, אַבי נישט טיילן דעם זעלבן גורל, וואָס די איבערגעבליבענע יידן אין כּארבין. און זיי זענען געניטע לויפער, די דאָזי־קע ברידער אונדזערע. שוין דרייסיק יאָר אַז מען פליט פון מאָסקווע, פון יעקאַ־טערינאָסלאַוו, פון סיביר און פון מאַנדזשוריע, אָ, זיי זענען פלינקע לויפער, און מיט זייערע געניטע פיס שטייען זיי נעבעך נישט אָפּ פון די כינעזישע ריק־שאַ־ציער!

**
*

מיט אַ טאָג שפּעטער באַגעגן איך זיך מיט די הונדערטער אָרימע „דייטשע" יידן אין זייער קלוב אין פאָרשטאָט האָנג־קיו, ווו די יאַפּאַנישע געטאָ איז געווען.

דאָ טרעף איך אויך די דאָרטיקע קהילה־פאָרשטייער, דעם סאָלידן רויט־בערדיקן קאַרל רעדיש, דעם געוועזענעם ראַבינער אין בערלין, דר. געאָרג קאַנ־טאָראָוויסקי, דעם יחסנדיקן יאָלעס פון קאָלאָמיי (אַן אור־אייניקל פון רובעריל סאַמבאָרער) און דעם חברה־קדישא לייטער ה' מאַרקוס פּרעמיטקאַ פון בראָדי.

אַרום פיר טויזנט אַזעלכע פּליטים זענען דאָ געבליבן און ווערן אויסגע־האַלטן פון „דזשאָינט".

אויף די טישלעך אין עס־צימער און „גערטל" זע איך דאָ נישט דעם קאַסט־בארן „קאַוויאַר" און „וואָדקאַ" ווי אין „רוסישן" קלוב אין צוויטן עק שטאָט. אָבער אויך זיי ווילן וואָס שנעלער פון דאַנען אַנטלויפן. פאַרשטייט זיך, אויב מען וואָלט קענען, איז קיין ארץ־ישראל אָדער נאָרד־אַמעריקע. אָבער חלומות וועגן וויזעס קיין סאַן־דאָמינגאָ, אַנטילען אינדזלען, פּאַראַגוויי, בריטישע גווינעאַ, מאַטערן זיי אין די נעכט; דערווייל האַלטן זיי זיך צוזאַמען, אָפּהיטנדיק דעם טראַדיציאָנעל־יידישן לעבנס־שטייגער. מען דאַוונט יעדן טאָג אין צוויי בתי־תפילות, מען לערנט די קינדער יידישקייט, מען לעבט זיך אויס צוזאַמען קול־טורעל, — אָבער די אויגן זענען געווענדט צו די שיפן, וואָס גייען אַוועק. כּל זמן זיי האָפן, אַז אַזאַ שיף וועט אויך זיי אַוועקנעמען פון דאַנען, — זענען זיי גייסטיק שטאַרק. ווען די האָפענונג צעשווומען ווערן — בלייבט האָנג־קיו אַ הויפן מיט שאַרבנס...

**
*

ווידער פאַר איך צוריק איבער די גאַסן פון זעקס מיליאָניקן שאַנכאַי און קוק זיך צו צו די איבערראַשנדע קאָנטראַסטן פון כינעס לעבן: אַ פאָלק אָן אַ מיטלקלאַס. אָט אין די ביוראָען און געשעפטן אויפן נאַנקין־ראָוד פאַרדינט אַ הייפל רייכע כינעזער דורך דער צעווילדעוועטער ספעקולאַציע טויזנטער אַמע־ריקאַנער דאָלאַר אַ טאָג און די אַלע איבעריקע מיליאָנען לויפן, טאַפּטשען, אַטע־מען שווער, פאַלן פון שמוץ און קראַנקהייטן ווי די פליגן און פאַרדינען — אַ ניקל.

מען האַלט דעם כינעזער פאַרן געדולדיקסטן מענטשן אויפן ערד־קוגל, אָבער איך קאָן נישט פאַרגעסן דאָס קלוגע כינעזישע פאָלקס־ווערטל: „אפילו אַ בודאַ ווערט ווערן אין כעס, ווען מען פאַטשט אים צו אָפט אין געזיכט״...

## XXIV

# דאָס נייע אינדיע

ענדלעך פאַר איך קיין אינדיע...

אַ לאַנד גרויס ווי אַ קאָנטינענט מיט הונדערטער מיליאָנען איינוווינער, מיט מאַהאַראַדזשעס (פּרינצן), וואָס פאַרמאָגן דימענטן אויף מיליאָנען — און מיליאָנען, וואָס שטאַרבן פעריאָדיש פון הונגער: אינדיע פול מיט סודות פון אירע „קאַסטעס״ (קלאַסן), פון אירע קולטן, שפּראַכן, טעמפּלען, פאַקירן און בלוטיקע אינערלעכע קאַמפן.

נאָר אַמאָל האָבן איך געחלומט באַטרעטן אָט די ערד פון גאַנדי און ראַ־בינדראַנאַט טאַגאָרע און אפשר טאָקעביידע פון זיי באַזוכן: דעם גרויסן נבי־אישן אַסקעט גאַנדי ביי די ברעגעס פון הייליקן טייך גאַנגעס, און דעם מאַ־יעסטעטישן טאַגאָראַן אין זיין סטודיאָ הינטער קאַלקוטאַ.

איך דערמאָן זיך מיט פּופּצן יאָר צוריק ביז איך געקומען באַגלייטן אַ טראַנספּאָרט חלוצים אויפן וואַרשעווער הויפּט־וואָקזאַל. ווי שטענדיק האָט די אָפּפאָרנדע יוגנט און זייערע באַגלייטער פאַרוואַנדלט די באַן־פּלאַטפאָרמע אין אַ טאַנצנדיקע און זינגענדיקע אַרענע. פּלוצלינג באַמערק איך, ווי אין איי־נעם פון די פענצטערס פון צוג, וואָס איז אָנגעקומען פון מאָסקווע, שטייט אַן אַלטער בראָנזענער אינדיער, וועמענס געזיכט אין אַ ראַם פון אַ לאַנגער ווייַ־סער באָרד איז מיר פאַרגעקומען באַקאַנט און טאַקע באַלד האָב איך אים דער־




ד"ר ח. שאָשקעס מיט יידישע פליטים־קינדער אין „היאס" אין שאַנכיי

קענט: דאָס איז געווען דער גרויסער הינדוסישער שרייבער און פילאָזאָף, ראַ־בינדראַנאַט טאַגאָרע, מיט וועמענס איבערגעזעצטע ווערק מיר האָבן זיך אַלע געקוויקט: ער האָט דאָך אַנטדעקט פאַר אונדז דאָס אינערלעכע לעבן אין פאַנ־טאַסטישן אינדיע. איך בין תיכף אַריין אין וואַגאָן און זיך דערנענטערט צום פענצטער, נעבן וועלכן טאַגאָרע איז געשטאַנען און באַוווּנדערט דעם ענטוּ־זיאַסטישן הוּראַ־טאַנץ. איך האָב דאַן געהאַט מיט אים אַ געשפּרעך, וועלכן איך האָב פּובליקירט אין וואַרשעווער „היינט". עס איז דאָך געווען אַן אויסער־געוויינלעכע געלעגנהייט צו טרעפן טאַגאָרען אין וואַרשע און דערצו נאָך בעתן אָפּפאָרן פון חלוצים קיין ארץ־ישראל.

דער גרויסער טאַגאָרע האָט דאַן געזאָגט צווישן אַנדערס:

— גיט איבער די יידן אין פּוילן, אַז איך בין גליקלעך צו זען זייערע קינ־דער אין דעם עקסטאַז פון מיסטישן אויסלעבן זיך אין אַ טאַנץ, וועלכער וועט זיי ברענגען מיט שנעלע טריט צוריק צו זיך. אַזוי טאַנצט מען ביי אונדז אין אינדיע אויף פייער און אויף שווערדן און מען ווערט נישט פאַרברענט אָדער פאַרווונדעט... קומט, אדרבא, צו מיר אין קאַלקוטאַ, וועט איר זען אונדזער ליידנדע און אויפוואַכנדע יוגנט.

דער אַלטער פּאַטריאַרך האָט דאַן אָנגעשריבן עפּעס אַ פראַזע אין בענ־גאַליש אויף זיין וויזיט־קאַרטע און מיר געגעבן אַלס אַ מין איינלאַדונג. דער „היינט" האָט דאַן פאַרעפנטלעכט דעם „פאַקסימיל" פון דער קאַרטע און ביי מיר איז זי געבליבן אַלס שיינער אָנדענק פון אַ בליץ־באַגעגעניש.

אָבער טאַגאָרע איז שוין טויט און אויך גאַנדי איז טויט, און איך מוז זוכן נייע אַדרעסן אין אינדיע...

אייגנטלעך, אַ דאַנק מיין פריינט מ. קירשנבוים, וואָס איז איצט אין ניו־יאָרק און וואָס האָט אָפּגעריכט מלחמה־גלות אין אינדיע, האָב איך באַקומען אַ רייע יידישע פאַרבינדונגען אין קאַלקוטאַ און באָמביי, וועלכע וועלן מיר פאַר־לייכטערן די באַוועגונגען איבער דעם געהיימניספולן לאַנד. און אויך דער שאַנ־כאַיער הויפּט־רב, ר' מאיר אשכנזי, האָט מיר דערציילט וועגן יענער וווּנדער־לעכער יידי רחל עזרא אין קאַלקוטאַ, וועגן וועלכער איך האָב שוין לעגענדעס געהערט נאָך אין אַפריקע און אויסטראַליע.

ר' מאיר אשכנזי איז מיט אַ יאָר צוריק געפאָרן אויף ימים־נוראים קיין ארץ ישראל. אָבער די „סוווערענע גנבים פון באַגדאַד", די מושלים פון איראַק, האָבן דעם אַלטן רב מיט דער יום־טובדיקער באָרד אַרויסגענומען פון עראָ־פּלאַן, כאָטש ער האָט געדאַרפט בלייבן נאָר אַ פּאָר מינוט אויף דער „הייליקער" ערד און אַוועקגעשיקט אים צוריק קיין אינדיע... און דעמאָלט איז דער רב אויף

זיין וועג צוריק קיין כינע אָפּגעשטיגן אין קאלקוטא, און דאָרט אריינגעפאַלן אין צויבער־פּאַלאַץ פון דער לײדי עזרא, די אײדעלע טאָכטער פון פלאָרא ששון, די „פּרינצעסין פון אינדיע״, ביי וועלכער די ענגלישע וויצע־קעניגין און די פירשטן פון אינדאָסטאַן זענען געווען אָפטע געסט.

דאָרט, אין דעם אָריענטאַלן פּראַכט פון פּאַלאַץ און אין דער פּערפעקטער טראַדיציע פון כשרות, האָט דער הויפּט־רב פון כינע פאַרבראַכט די ימים־נוראים.

איך האָב געהערט זיין דערציילונג (דאָס איז געווען „שבת נאָכן קוגל״, אין זיין הויז אין שאַנכאַי...) און זי האָט זיך מיר ארויסגעוויזן אַלס איינע פון יענע כישופדיקע מעשהלעך, וועלכע איך האָב אין קינדהייט געהערט דערציילן אין די מיסטישע שבתדיקע פאַרנאַכטן אין מיין טאַטנס הויז: פרומע יידישע פּרינצעסינס אין באַגילדעטע פּאַלאַצן הינטער די „הרי־חושך״... דער טייך „סמבטיון״ און די „רויטע יידעלעך״, די איבערלעבענישן פון די „עשׂרת השבטים״, וועלכע זענען דאָרט פאַרוואָגלט געוואָרן... אָבער שאַ! דאָרט איך דאָך אין אינדיע טאַקע אויסזוכן יענע „רויטע יידעלעך״, די „בני ישראל״, וועל־כע וווינען דאָ שוין טויזנטער יאָרן. איך האָב זיך וועגן זיי אָנגעהערט און אָנ־געליינט, אָט וועגן יענע ברידער אונדזערע וועמענס געזיכטער זענען פאַרברענט געוואָרן פון די פרעמדע זונען און שכנים, אָבער די הערצער זענען געבליבן פרים־טאַל־ווייס און יידיש. איך ווייס אַז דער יום־טוב חנוכה איז זיי נישט באַקאַנט, אַז די געשיכטע וועגן ישוע הנוצרי, וועלכער איז כּלומרשט געקרייציקט גע־וואָרן דורכן שולד פון אונדזערע עלטערן, איז זיי אומבאַוווּסט, אַ סימן, אַז זיי זענען שוין דאָ נאָך פון די צייטן מיט איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק. ווער ווייסט, אפשר זענען זיי דאָך די איבערבלייבענישן פון די פאַרזינדיקטע, אָבער אויסגעבענקטע שבטים פון ישראל?

פאַר יעדן רייזנדן איז אינדיע אַ קוואַל פון פאַסצינירנדיקע און שטוינענ־דיקע איבערלעבענישן, און אַז מען איז נאָך אַ ייד דערצו און עס דערוואַרטן אַזעלכע שאַרפע געווירצן, ווי דער פּאַלאַץ פון לײדי עזרא אין קאַלקוטא און די אוראַלטע בני ישראל אין באָמביי און קאַראַטשי?

עס איז געווען געגוג נערוועזער ציטער, איך זאָל די נאַכט פון פלי איבער די שניי־בערג פון כינע און איבער די דזשונגלעס פון בורמאַ נישט קענען שלאָפן. ערגעץ־ווו אויף רעכטס באַהאַלט זיך אונטער רויטע צאָרנדיקע וואָלקנס דאָס לאַנד פון לאַמאַס און לעבעדיקע געטער אין טיבעט. נאָך מיט איניקע יאָרן צוריק, האָט מען יעדן אויסלענדער, וואָס האָט געוואַגט זיך דאָרט באַ־וויזן, אַראָפּגענומען דעם קאָפּ... און ווי וועט זיין, אַז לויפנדיק פון עלעק־

טרישן שטורעם וואָס וואַרפט אונדזער עראָפּלאַן, ווי אַ פּילקע, וועלן מיר גאָר פאַרשליידערט ווערן אין געהיימניספולן לכסאַ, ווו דער לעבעדיקער „גאָט בור־דאַ” וווינט? צי וועט מען אונדז שאַנעווען?

ניין, דער עלעקטרישער שטורעם צווישן כינע און בורמאַ ווירקט אויף מיר נישט גוט. די אייניקע געל־הויטיקע פּאַסאַזשירן אין לופט־שיף פילן זיך אויך נישט אַמבעסטן און קיינער שלאָפט נישט. מען גיט אונדז עפּעס אַ גרינגעם טיי כדי „אָפּחיקן” די נישט גוטקייט וואָס קומט אַרויס פון דעם „קדחת־פּלי”, אָבער עס העלפט נישט. עפּעס פאַרהאַלטן מיר זיך אויף אַ „לופט־פּאָרט”, פון וועלכן עס איז שווער שפּעטער זיך אויפהייבן. איך וויל אַפילו נישט וויסן אין וואָס פאַר אַ לאַנד איך געפין זיך, אַבי ווייטער פון די באַנדיטן־געגנטן אין כינע און בורמאַ. די געשיכטעס פון קיפּלינג, און פון לעצטן קריג זענען מיר פריש אין זכרון.

ענדלעך לאַנדן מיר אין קאַלקוטאַ. איך ווייס, אַז איך געפין זיך איצט אין זעלבסטשטענדיקן אינדיע. אַ לאַנד וואָס איז נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן, און דאָך, ווי שווער און קאָמפּליצירט זענען די פאָרמאַליטעטן וואָס די נייע מאַכט וואַרפט אָן אויפן רייזנדן. אַמאָל — דערציילט מען — איז שוין דער פאַקט אַליין, וואָס מען איז אַ „ווייסער” גענוג געווען צו דערוועקן רעספּעקט, און מען האָט אַריינגעלאָזן אין לאַנד אָן איבעריקע שטערונגען. איצט איז פאַר־קערט: די מאַכט איז אין די הענט פון די „פאַרביקע” און זיי לאָזן אויס ניי־אָנגעקומענעם „ווייסן” דאָס פּעקל „טענות” וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין משך פון הונדערטער יאָרן פון דער ענגלישער הערשאַפט: איר דאַרפט ווייזן אַז איר האָט זיך געשטעלט פרישע פּאָקן, זיך אַריינגעשפּריצט קעגן כאָלערע, טעטאַנוס, טיפוס און קעגן געלן פיבער.

און וויל אויף מיין אינדישער וויזע איז פאַראַן אַ שטעמפּל פון קאַנבע־ראַ, אויסטראַליע, און זי איז געגעבן געוואָרן „מיט די קאָמפּלימענטן פון זיין קייזערלעכן מאַיעסטעטס הויך־קאָמיסאַר”, טויג דאָך דאָס אוודאי נישט: אַ ווייסער יחסן הייסט דאָס, טאָ ווייז טאַקע וואָס האָסטו אין די טשעמאָדאַנעס? און מען זוכט לאַנג, און מען שטעלט נודנע פראַגעס, און אַרום אייך דרייען זיך בראָנ־דזענע פּאָליציאַנטן אין רויטע טורבאַנען וואָס פאַרוואַנדלען זיך פּלוצים אין געטער. ווישנאַ „דער אָפּהיטער” און סיוואַ, „דער צעשטערער”, און ווייבער האָבן זיי אָן אַ שיעור, יעדע פון זיי אַ „געטין”. ווישנאָס ווייב, צום ביישפּיל, לאַקשמי, איז שוין צום ניינטן מאָל געבוירן געוואָרן, און יעדעס מאָל אונטער אַן אַנדערן נאָמען, אָבער געטלעך איז זי שטענדיק. ער אַליין, ווישנאַ, איז אַמאָל געווען אַ פיש, אַמאָל אַ ווילדער בער... און שפּעטער איז ער געוואָרן ראַמאַ,

דער העלד פון דער הינדו פאָעמע, וועלכע האָט מיך פארבלענדעט מיט אירע פארבן אויף די ווענט פון דער קעניגלעכער גאַלעריע אין באַנגקאָקער פּאַלאַץ אין סיאַם.

און אָט די אַלע געטער האָבן פונדעסטוועגן נישט אָפּגעהיט דאָס אָרימע הינדו־פאָלק פון הונגער (מיליאָנען שטאַרבן יערלעך אין די גאַסן) פון בייזע קראַנקהייטן, פון ברודער־קריג... אפילו די קי, וועלכע זענען דאָ „געטלעכע" באַשעפענישן (מען טאָר זיי נישט קוילענען, עסן, אַרבעטן מיט זיי) אפילו צו זיין אַ קו אין אינדיע איז בעסער ווי געבוירן ווערן אַ מענטש...

אַלע זאָרגן זיך וועגן דער קו, מען שפּייזט זי פון דאָס לעצטע... אין אייניקע אַזוי גערופענע „פּרינציפּישע שטאַטן", באַשטראָפט מען מיט טויט פאַר קוילענען אַ קו, אפילו צופעליק, צום ביישפּיל, טרייבנדיק אַן אויטאָ. אין אינדיע זענען פאַראַן אַרום הונדערט מיליאָן קי, ווערט דער מענטש אַ שקלאַף צו זיי.

ווען איך האָב באַזוכט דעם באַרימטן דזשאַנאַ טעמפּל אין קאַלקוטאַ, אַזוי אויסשליסלעך באַצירט מיט מאַרמאָר, גאָלד און טייערע שטיינער, האָט זיך אויפן מיט רייכן מאָזאַאיק באַדעקטן הויף געדרייט אַ האַלב געפּגרטע קו, וואָס האָט דאָ פאַרבלאָנדזשעט. זי האָט זיך דאָ געפּלאָנטערט אונטער די פיס: ווען איך האָב געוואָלט מאַכן אַ פאָטאָגראַפיע, האָב איך זי געוואָלט אָפּיאָגן מיט דער האַנט. מיין באַגלייטער אָבער, באַלעק רעמבוים, פון וואַרשע, וועלכער וווינט שוין לאַנג אין קאַלקוטאַ, איז טויט בלאַס געוואָרן. ער האָט האַסטיק פאַרהאַלטן מיין האַנט, שעפּטשענדיק שטיל:

„וואָס, אַ הייליקע קו וועט איר אָפּטרייבן? מיר וועלן ביידע גאַנץ פון טעמפּל נישט אַרויסגיין"...

האָב איך געמוזט אָפּטרעטן דעם פּלאַץ איר עקסעלענץ, דער האַלב־געפּגר־טער קו...

אָבער איך פאַרלויף פאַראויס די דערציילונג, ווי אַזוי איך בין אַריינגע־פאָרן קיין קאַלקוטאַ.

איך היים דעם שאָפער, ער זאָל פאַרפאָרן אין „גראַנד האָטעל", ווו פאַר מיר איז שוין פון פריער רעזערווירט אַ צימער. אָבער ווי איך רעד נאָר אַרויס די ווערטער „גראַנד האָטעל", רייסט זיך אָפּ פון עולם אַן אָפּגעריסענער הינ־דוס, אין אַ רויטן טורבאַן אויפן קאָפּ, מיט אַ שמוציקן ליילעך אַרומגעוויקלט, און שרייט אויף אַ צעבראָכענעם ענגליש, אַז ער איז דאָס דער פאָרשטייער פון „גראַנד האָטעל", און ער וועט מיך שוין פירן ווו מען באַדאַרף. קיין גרויסן צו־טרוי דערוועקט ער נישט ביי מיר, נעמט ער אַרויס עפּעס אַ פּאַפּירל מיט אַ פאָ־טאָגראַפיע, שטעקט מיר אונטערן נאָז. קאָן איך נישט לייענען די מאָדנע בוכ־

שטאַבן, אָבער ביז וואָס ווען, זיצט שוין מיין אורח נעבן שאָפער מיט א שוואַר־צער באָרד. א מעסער ביים פּאַס, און אויגן פון א וואַלד־גזלן, א סימן, אַז ער געהערט צו די אויסגעדינטע סאָלדאַטן פון שבט „סיק", דערפירט מיך בשלום צום האָטעל, און פאַדערט מען זאָל באַצאָלן אין רופּיס: ער וויל נישט קיין ענג־ליש געלט. האָב איך נישט קיין אינדישע מטבעות, אָבער מיין אומגעבעטע־נער אורח מיטן טורבאַן, באַצאָלט די פּאָר רופּיס, און דערנאָך כאַפּט ער מיין באַגאַזש, טראָגט אַריין אין האָטעל, רייבט זיך ביי מיין זייט, ווען איך באַקום דעם צימער, לאָזט קיינעם נישט טראָגן מיינע וואַליזעס, איך זע, מען קען אים אין האָטעל, ווער איך שוין רואיקער, אָבער אין צימער ביי מיר פאַלט דער הינדוס צו מיינע פיס, קוקט אויף מיר מיט הינטיש־בעטנדע אויגן און שטאַמלט אין ענגליש:

„איך בין לאַל־ראַדזשו; איך האָב זעקס קליינע קינדערלעך (ער ווייזט מיט זיינע הענט ווי קליין יעדער פון זיי איז) איך וועל זיין דיין דינער אין קאַל־קוטאַ: א דזשענטלמאַן מוז האָבן אייגענע דינער: איך בין אין גאַנצן דיינער פאַר דריי רופּיס א טאָג (עפּעס ווייניקער ווי א דאָלאַר) איך וועל וואַשן דיינע וועש, פּוצן דיינע שיך. נעם מיך, נעם מיך, אַז נישט וועל איך און מיינע קינ־דער נישט האָבן וואָס צו עסן"...

ער וויל מיר קושן די הענט, כאַפּ איך זיי צו ווי אַן אָפּגעבריטער. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר עפּעס דערמאָנט ער מיר אין אַן אַמאָליקן מעקלער אין א קליין שטעטל וואָס האָט אויף אַזא אופן געוואָלט פאַרדינען אויף שבת ביי א צופעליקן אורח.

פון רחמנות בין איך שוין מסכים. כאָטש איך זע אַזוי פיל דינערס אין האָטעל, צו וואָס דאַרף איך האָבן א ספּעציעל געדונגענעם? אין צוויי שעה אַרום ברענגט ער מיין וועש שוין אויסגעוואַשן און אויסגעפּרעסט און לייגט זיך אוועק ביים טיר פון מיין צימער, כדי צו וואַרטן אויף וויטערדיקע פאַראָרדענונגען.

איך קאָן נישט צוזען אַזא „הינטישע" איבערגעגעבנקייט, באַצאָל אים שנעל פאַר א טאָג אַרבעט, און ווער פּטור פון א פּערזענלעכן דינער, אוים דזשענטל־מאַן הייסט דאָס...

שוין שפּעטער ווער איך געוווירן, אַז אַן אַנדערער אויסלענדער וואָלט טאַ־קע געמוזט אָנקומען צו א לייבלעכן „קאַמערהער", ווען נישט, קען מען דאָ פאַר־פאַלן ווערן אין די גאַסן, רעסטאָראַנען, טעמפּלען, אָבער איך האָב ברוך השם יידישע אַדרעסן אין שטאָט און האָף, אַז נייע פריינט וועלן מיר בעסער ווייזן די שטאָט, ווי דער הונגעריקער לאַל־ראַדזשו מיט די הינטיש־איבערגעגעבענע אויגן.

אַזוי ווי שטענדיק, האָבן מיך מיינע דערוואַרטונגען נישט אָפּגענאַרט.

ד"ר ה. שאשקעס

XXV

# ליידי עזרא - די יידישע פרינצעסין פון אינדיע

עס גלויבט זיך פשוט נישט, אז איך בין אין קאלקוטא, אין אינדיע... אזוי פיל יארן געחלומט וועגן דאזיקן מיט פאנטאזיעס און לעגענדעם ארומגעוויקלטן לאנד, געקלערט וועגן זיין דא שוין דאן, ווען דער רבי האט מיך געלערנט די מגילת אסתר, ווו עס ווערט דערציילט וועגן דעם מלך אחשורוש, אז ער האט געהערשט איבער הונדערט זיבן און צוואנציק מדינות „מהודו ועד כוש", ד"ה פון אינדיע ביז אביסיניע (עטיאפיע). בין איך שוין מיט א יאר צוריק, ברוך השם, אין מיין אפריקאנישער רייזע געפלויגן איבער כוש; מיט א יאר צען צוריק בין איך אפילו געווען אין דער פערסישער שטאט האמאדאן, וועלכע איז אייגנטלעך די אמאליקע שושן הבירה און ווו איך האב באזוכט דעם לעגענדארן קבר פון מרדכי און אסתר. אבער צום רומל האט מיר געפעלט הודו, אינדיע, הייסט עס. נו, בין איך היינט דא.

ווי דער אמת איז, איז נאך ביי היינטיקן טאג דער שטח צווישן אינדיע און אביסיניע (מהודו ועד כוש) אזא ריזיקער, אז מיטן עראפלאן אפילו דארף עס נעמען א טאג דריי. מיטן שיף דויערט דאס איצט מער ווי א חודש און מיט די אמאליקע טראנספארט-מיטלען פון די צייטן פון דער מגילה האבן מסתמא אחשורושס שנעל-לויפערס (אחשתרנים בני הרמכים), ווען זיי האבן זיך געטראגן איבער דער ענלדאזער אימפעריע פון די פערסן מיט דעם פורים-מאניפעסט צו די דיסטריקט-הערשער (מען האט זיי אויך גערופן מיט דעם שווערן נאמען „האחשדרפנים"), זענען זיי מסתם, אויב גוט, אנגעקומען דארט שבועות-צייט...

אבער וועגן דעם אלעם האב איך באקומען א באגריף, ווען איך האב פערזענלעך באריימט די לענדער פון אונדזערע אמאליקע פריידן און ליידן און זיך איבערצייגט אלץ מער, ווי אמת ס'זענען די פאקטן, וועלכע ווערן געבראכט אין אונדזערע אלטע קוואלן. איך האב געלערנט חומש און גמרא און יידישע געשיכטע נאך אמאל בעתן באזוכן די שטרעקעס פון אברהם אבינוס שטאט אור-כשדים אין איראק ביזן רמב"מס צייטווייליקן הויז אין פעז, אפריקע...

און אז די יידן פון שלמה המלכס מלוכה האבן געהאנדלט מיט דעם ווייטן אינדיע קען מען אויך צווישן אנדערע ארויסדרינגען פון די צוויי ווערטער, וואס

ווערן דערמאָנט אין תנ"ך, אַנרופנדיק אימפּאָרטירטע לוקסוס־סחורה: שנב (העלפאַנט־ביין) און קופים (מאַלפּעס). די זעלבע ווערטער ווערן אויך באַנוצט אין נישט ווייניקער ווי אין אַ צענדליק שפּראַכן פון אינדיע (באַזירט אויף דעם סאַנסקריטישן מוטער־לשון).

און בערג גאַנצע פון העלפאַנט־ביין צוזאַמען מיט הונדערטער מאַלפּעס האָבן מיר באַגעגנט ביים אַריינגאַנג אין פּאַלאַץ פון דער יידישער פּרינצעסין אין קאַלקוטאַ, די באַרימטע אין דער גאַנצער וועלט ליידי רחל עזרא, די אַלמנה פון סער דוד עזרא, וועלכע איז די טאָכטער פון דער יחסנדיקער פּלאַרא ששון.

אָבער נישט אַזוי לייכט איז מיר אָנגעקומען דער וועג פון מיין האָטעל אין עזראס פּאַלאַץ און וועגן דעם וועל איך דערציילן לויט אַ סדר.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָב איך געהאַט אַ פּאָר יידישע אַדרעסן אין קאַלקוטאַ, צווישן זיי פון אַ יונגן פּוילישן יידן, ברוך רעמבוים, וועמענס פּאָטער איז געווען אַן אָרטאָדאָקסישער גביר און קהילה־מיטגליד אין וואַרשע; איך האָב אויך געהערט פון דעם אַריסטאָקראַטישן הויז פון שושנה סופר, וועמענס פּאַמיליע איז דאָ אַהער מיט יאָרן צוריק געקומען פון ענגלאַנד און, פאַרשטייט זיך, פון דער ליידי עזרא.

ווען דער טעלעפאָן האָט מיך פאַרבונדן מיט ליידי עזראס פּאַלאַץ, האָב איך דערהערט אַן אומפאַריינטלעכע שטימע פון אַן ענגליש־רעדנדיקן סעקרעטאַר, וועלכער האָט זיך גענומען אויספרעגן, וואָס פאַרא געשעפטן איך האָב אין קאַל־קוטאַ; פאַרוואָס וויל איך זען די ליידי און נאָך אַזעלכע באַלעסטנדיקע איינ־צלהייטן, וועלכע האָבן מיר אָפּגענומען דעם חשק ווייטער צו רעדן. איך האָב דעריבער באַשלאָסן צו ווערן אין פּאַלאַץ אַ גאַסט מיט אַנדערע וועגן, ווי דורך אַ טעלעפאָן־געשפּרעך. רעמבוימס טעלעפאָן האָב איך נישט. פּרוביר איך דעריבער מיין מזל מיט פרוי סופר. אויך איר ענטפער דורכן טעלעפאָן איז לכתחילה גע־ווען אַביסל קאַלט:

„זי איז גראָד היינט אַזוי פאַרנומען; זי גייט איצט שווימען, נאָכהער שפּילט זי גאָלף. נאָר זאָל איך, פּונדעסטוועגן, באַזוכן זי פאַרנאַכט. יאָ, זי קאָן רעמבוימען און זי וועט אים דורך אַ דינער געבן צו וויסן, ער זאָל אויך קומען".

דאָס איז שוין אַ שריט פאָראויס. אין די פרייע פּאָר שעה וואַנדער איך איבער די גאַסן פון קאַלקוטאַ, באַזוך דעם באַרימטן „באַזאַר", וווּ צענדליקער טויזנטער אין לייַלעכער פאַרוויקלטע הינדוסן מיט פאַרשידנפאַרביקע טורבאַנען אויף די קעפּ זוכן צו מאַכן אַ לעבן פון קויפן און פאַרקויפן ביליקע בונטע שאַלן, מאַנדל־פעלצלעך, געקאָכטע און געבראָטענעם רייז, שאַרף־שמעקנדיקע רפואות, סאַמעטענע און זיידענע סאַנדאַלן, אַלטע בראָנדזענע „געטשעס" פון ווישנו, בר־

דא און אַנדערע צאָלרייכע „הימל־הערשער״. איך זע, אז די ביינער סטארטשען אומגלויבלעך פון די נאַקעטע פּלייצעס; ביי אַנדערע איז די הויט אזוי אַראָפּ־געהאָנגען אין פּאַלדן, אַז אָט־אָט שיילט זי זיך אָפּ. אַנדערע זעען שוין כמעט אויס ווי לעבעדיקע סקעלעטן; ווייזט־אויס נאָך נישט געקומען צו זיך פון די שרעקלעכע הונגער־יאָרן, וואָס האָבן נישט לאַנג אויפגערודערט די וועלט און באַזונדערס שטאַרק געשטראָפט די פּראָווינץ בענגאַל, פון וועלכער קאַלקוטאַ איז די הויפּטשטאָט.

ערגעץ־ווו אין אַ זייט שטייען באַזונדער קופּקעס שמוציקע אָרימעלייט, צו וועלכע מען וואַרפט־צו אַ נדבה פון דער ווייטנס; ווייזט־אויס, אַז דאָס זענען די מיטגלידער פון דער „אומבאַריהרלעכער״ קאַסטע. די לופט דאָ ארום איז פול מיט אַ גרויסן, נישט אויסגעזיפּצטן קרעכץ; אַזעלכע גרויסע, אומעטיקע, אויגן ביי די פרויען, אַזעלכע פאַרזאָרגטע, פאַרצוקטע געזיכטער ביי די מענער...

ווען מיין ריקשאַ שלעפּט מיך צוריק צום האָטעל און מיר פאָרן פאַרביי די גרינע, שיינענדיקע בולווארן פון דעם אייראָפּעאישן שטאָט־טייל, אין וועלכן איך וווין; ווען פון דער ווייטנס באַווייזן זיך די בלענדנד־ווייסע מאַרמאָר־געשניצטע ווענט פון וויקטאָריאַ־דענקמאָל און די שלאַנקע, אין פּורפּור געקליידטע גוואַרדיע סאָלדאַטן מיט די שוואַרצע בערד פון שבט סיק, אַנטדעקט זיך בולט איינער פון די שלאָגנדיקע קאָנטראַסטן פון אינדיע: גרענעצלאָזע נויט פון פּאַטאַליסטישע מיליאָנען און כישופדיקער גלאַנץ פון די ווייניקע, וועלכע געהערן צו דער פּריווילעגירטער הערשער־קאַסטע. און דאָס מאָל דאַרפן מיר נישט פאַרגעסן, אַז איצט זענען נישט ענגלענדער די מושלים פון אינדיע, נאָר די אויסדערוויילטע פון דער בראַהמינען־קאַסטע. מיין איינדרוק איז געבליבן: די אויפגעוואַכטע הערשן, די הונדערטער מיליאָנען דרימלען נאָך אין חלום־געוועב צווישן פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט.

⁂

עס איז שוין פינצטערלעך ווען די „ריקשאַ״ שטעלט זיך אָפּ אין פאַרשטאָט, ווו פרוי זוזאַ (שושנה) סופר וווינט.

ביים אַריינגאַנג, אַ פיין־געשניצטע מזוזה. דאָס זאָגט שוין עפּעס. עס באַגעגנט מיך אַ הויכע בלאָנדע און סימפּאַטיש־אויסזעענדע ענגליזירטע דאַמע, אַן אַלמנה נאָך אַ רייכן לאָנדאָנער סוחר, וועלכער האָט זיך מיט יאָרן צוריק באַזעצט אין אינדיע.

זי לאַדט מיך פריינטלעך איין אויף דעם גרויסן באַלקאָן, ווו אין שאָטן



ד״ר ח. שאַשקעס ביים מאָנומענט פון איינעם פון די „געטער״
אין באַנגקאָק (סיאַם)

פון פּאַלמען באַהאַלט מען זיך בייטאָג פון דער שרעקלעכער היץ און איצט ברע־נען דאָ ערגעץ־ווו דיסקרעטע עלעקטרישע לעמפּלעך.

די טירן צו די צימערן זענען ברייט אָפן און מער ווי אַלץ איבערראַשט מיך דער מאָדנער אויסזען פון די דינער. שמועלט אייך פּאָר, אַז בעת מיר שמועסן אויף דער ווערעאַנדע מיט פרוי סופר, זע איך פון דער ווייטנס אין האַלב־ליכט אַן אויסגעשטעלטע שורה פון פיר דינער. צוויי פון זיי טראָגן לאַנגע ווייסע בערד, ווייסע כאַלאַטן און טורבאַנען; די אַנדערע צוויי מיט פּעך־שוואַרצע אַסי־רישע בערד, וועלכע שטרייכן נאָך שאַרפער אונטער די ווייסקייט פון זייערע קליידער און די בלאַסקייט פון די פּנימער.

זיי זעען אַלע פיר אויס ווי כּוהנים געקליידט צו דער עבודה, און ווען עס איז געוואָרן פינצטערער, האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין מיינע אויגן ווי פיר מתים, אָנגעטון אין תּכריכים, אויסגעשטעלט אין אַ שורה. ס'שרעקט אַפילו אַביסל... אָבער אָט פּאַטשט פּאַטשט פרוי שושנה מיט די הענט, און איינער פון די „מתים" גליטשט זיך אַריין אויף דער ווערעאַנדע אָן אַ שאָרך צו טון און דער־לאַנגט אַ געטראַנק פון ברענדי, מילך און אייער (סינגאַפּורער קאָקטייל). און שוין אין אַ ווייל‍ע אַרום שטייט ווידער די שורה פון פיר אין איר אומהיימלעכן שווייגן. עמיצער פון זיי רירט זיך נאָר דאַן, ווען די פרוי רופט־אויס זייערע נעמען: „אַגאַואַהי"!...

זיצט די ווירטין און דערציילט מיר וועגן איר לעבן, וועגן אירע געניאַלע זין, וועלכע זענען אַדוואָקאַטן און דערפאָלגרייכע געשעפטסלייט. וועגן דעם, אַז זי איז אַן על‍פּמעטערדיקע קאָמפּיאָן אין גאָלף; אַז אירע פערד געווינען פּאַר־מעגנס ביי די פערד־געיעגן. זי ווייזט מיר טאַקע אַ גאַנצע אויסשטעלונג פון זילבערנע „טראָפּייען", וועלכע זי האָט באַקומען פאַר גאָלף און אירע פערד פאַר „לויפן".

און נאָכהער רעדט זי ווי אַ געטרייע יידישע טאָכטער קעגן די געמישטע חתונות, וועלכע האָבן זיך לעצטנס פאַרמערט צווישן די יידן אין קאַלקוטאַ מיט די טעכטער פון די קריסטלעכע ענגלענדער (אין גאַנצן לעבן אין קאַלקוטאַ ביז צוויי טויזנט יידן). זי פּראָטעסטירט מיט אַנטריסטונג קעגן אַזאַ חתונה, וואָס איז לעצטן זונטיק פאָרגעקומען אין דער אַנגליקאַנישער קירך און אויף וועלכער צווישן 65 איינגעלאַדענע זענען געווען אַזש זעכציק יידן...

זי, כאָטש אַן ענגלענדערין, דערציילט מיט כּעס, אַז די מערסטע ענגלישע יידן דאָ זענען געווען אויף ענגלאַנדס צד אין ארץ־ישׂראל קאָנפליקט און לויבט די באַגדאַדער יידן, וועלכע זענען פּאַטריאָטן פון ישׂראל.

דערווייל קומט־אָן דער וואַרשעווער יונגערמאַן ברוך רעמבוים. ער איז אײנ־

גאַנצן אַזוי עלעקטריזירט מיטן באַגעגענען אַ לאַנדסמאַן, אַזוי גליקלעך, וואָס מ׳קען זיך צונויפרעדן אין מאַמע־לשון. אַזוי פיל געמיינזאַמע פריינט און באַ־קאַנטע, וועלכע זענען שוין נישטאָ מער... ער דערציילט, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ דאָ־געבוירענער יידישער טאָכטער פון באַגדאַדער אָפּשטאַמונג, אַז זיי האָבן שוין צוויי קינדערלעך. טאַקע באַלד פאָרן מיר זיך באַקענען מיט זיין פרוי, וועלכע וואַרט אויף אונדז אין האָל פון מיין האָטעל.

איך פאַרלאָז דאָס גאַסטפריינטלעכע הויז פון פרוי סופר. איך וואַרף נאָך אַמאָל אַ קוק אויף דער אויסגעשטעלטער שורה פון די אומבאַוועגלעכע דינער מיט די לאַנגע בערד. כ׳האָב זיי די גאַנצע צייט אָבסערווירט און נישט געקאָנט באַמערקן קיין שום ענדערונג פון אויסדרוק אויף זייערע געזיכטער. אַזוי צערע־מאָניאַל ערנסט, אַזוי פאַרקוקט צוריק אין דער טיפעניש פון די אוועקגעגאַנ־גענע טויזנטער יאָרן. אפשר טראַכטן זיי וועגן זייערע ווייבער און קינדער, וואָס געפינען זיך ערגעץ־ווו אין איינעם פון די הונדערטער טויזנטער ישובים, וועל־כע זענען צעוואָרפן איבער אינדיע. איינמאָל אין חודש שיקן זיי דאָרטן איבער ײ פּאָר פונט רייז און די פּאָר צענדליק רופּים (פיר רופּים — אַ דאָלאַר), וועל־כע זיי באַקומען פאַר זייער דינסט.

אַ לעצטער קוק אויף דעם בערדיקן שורה, וואָס עפנט די טיר, אַ לעצטער בליק אויף דער אינקרוסטירטער מזוזה, וואָס הענגט שווייגנדיק, אָבער דאָך רעדט זי אַזויפיל...

שפּעט אין אָוונט, שוין צוזאַמען מיט רעמבּוים און זיין יידיש־אינדישן ווייב מערסיא (איר יידישער נאָמען איז מסדה), וואַנדערן מיר איבער די מיט „מתים" באַלעבטע גאַסן פון קאַלקוטאַ. מערסיא איז אַזוי שיין מיט איר טונ־קעלן פּנים און ברענענדיקע אויגן; אַזוי חנעוודיק אין איר באַגדאַדיש־העברע־אישן דיאַלעקט. ציוניסטישע פירערינס פון ארץ־ישראל האָבן זי דאָרט מיט־גענומען אויף אַ יאָר און דאָן איז זי געווען די „אינדישע סענסאַציע".

פון גרויסן טומל אַרום איר האָט זי זיך באַהאַלטן אין אַ קיבוץ און איז דורכגעגאַנגען די „הכשרה". איצטער ברענט זי מיט אַ פאַרלאַנג צוריקצוגיין קיין ארץ־ישראל און געבוירן דאָרט נאָך דריי קינדערלעך. צוזאַמען וויל זי פינף. זי איז מער ענטוזיאַסטיש, מער נאַטירלעך יידיש, ווי איר וואַרשעווער מאַן, דער זון פון אַן אָרטאָדאָקסישן מנהיג. און גראָד זיין אינדיש ווייב ברענגט אים צוריק צום אורשפּרינגלעכן התלהבותדיקן חסידות. עס איז אַ תענוג צו זען, ווי נאָך אַן איבעררייס פון כמעט צוויי טויזנט יאָר פאַראייניקן זיך מזרח און מערב און בויען אַ נייע יידישע נעסט...

**
*

אויף מאָרגן פרי פאָרן מיר מיט ב. רעמבוים צום פּאַלאַץ פון לײדי עזרא. דאָס מאָל טעלעפאָניר איך נישט. איך האַלט שטענדיק פון דירעקטן קאָנטאַקט און נישט פון דראָטן־געשפּרעכן מיט פאַרשידענע סעקרעטאַרן, וועמענס תשובה איז כמעט שטענדיק: ניין!

דערפאָרן מיר צום אָפענעם גאָרטן. פאַר די שוועלן פון פּאַלאַץ שטייט אַ מחנה פון אפשר צוואַנציק דינער מיט און אָן בערד. אייניקע פון זײ טונקל־הויטיקע „בני ישראל" אין יאַרמולקעס, גיבן זיך אַ הויב־אויף, ווען זײ באַמערקן אונדזער אויטאָמאָביל (צו לײדי עזרא פאָרפאָרט מען נישט אין אַ „ריקשאַ"...).

אַ דינער, ווײַזטראַוּס דער עלטסטער, מיט גאָלדענע אויערינגלעך, וואָס באַמבלען זיך, פאַרהאַלט אונדז ביים אַרײַנגאַנג. און רעמבוים, אין דער בענגאַלישער שפּראַך, דערקלערט אים, ווער איך בין. דאַן פירט מען אונדז אַרײַן אין וואַרט־צימער, וואָס איז אויך אַנדערש פון די, וואָס איך האָב ערגעץ־ווו געזען: רייען מיט געלן העלפאַנט־ביין „קליקן" זענען אויסגעשטעלט אין מיטן „האָל". איך צייל אָן מער ווי הונדערט אַזעלכע טייערע „ציינער". אוועקגעהרגעט, הייסט דאָס, גאַנצע פופציק העלפאַנטן פאַר דער דאָזיקער באַצירונג. און אַרום די ווענט אויסגעשטאָפּטע הירשן, ווילדע בערג־חיות. אַן אויפשריפט דערקלערט, אַז זײ אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן פון פאַרשטאָרבענעם סער דוד עזרא, וועלכער איז געווען איינער פון די גרעסטע חיות עקספּערטן און יעגער אין דער וועלט.

און פון די ברייטע טירן, וואָס עפענען זיך אין אַ גאָרטן, זע איך פון דער ווייטנס, ווי עס שפּאַצירן דאָרט לעבעדיקע חיות: גרויסע און קליינע העלפאַנטן, הירשן און הינדען, פּאַפּוגייען און מאַלפּעס שפּרינגען אויף די ביימער.

אַ פּאַלאַץ, צי אַ זאָאָלאָגישער גאָרטן? אָבער אויף יעדער פון די גרויסע טירן ביים אַרײַנגאַנג אין פּאַלאַץ און אין גאָרטן שײַנען סטיליזירטע מזוזות מיט אַ „שדי" פון פּערלמוטער. און אויף די ווענט הענגען טעלערס פון טייערן פּאָרצעלאַן, וועלכע האָבן מיט הונדערטער יאָרן צוריק געדינט אַלס „קערות" צום סדר... „יידישקייט איינגעפאַסט אין העלפאַנט־ביין". עכט אָבער אומגעווענ־לעך. פון די טרעפּ אין סאַלאָן לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ אַן עלטערע פרוי פון אַ יאָר זעכציק מיט אַ הינדוסישן שאַל אויף די האָר און מיט אַ שטעקן אין האַנט. דאָס איז די „יידישע פּרינצעסין" רחל עזרא. זי איז די טאָכטער פון די באַרימטע ששונס און איר ערשטער קוזין פיליפּ ששון איז געווען געהילפס־אַוויאַציע מיניסטער.

נאָך איר גייען־נאָך אייניקע עלטערע דאַמען, וואָס וווינען שטענדיק אין פּאַלאַץ, און אַ יונגערמאַן אין אַ יאַרמולקע, איר ברודערס זון.

א דינער דערלאַנגט יאַרמולקעס מיר און רעמבוימען און נעמט־צו אונדזע־רע שווערע קאַפּעלושן.

מיר צערעדן זיך מיט פרוי עזרא וועגן איר פאַמיליע, וואָס איז דאָ אַהער־געקומען מיט הונדערט יאָר צוריק פון באַגדאַד. דער עלטער־זיידע האָט געבויט די ערשטע שול דאָ, „נוה שלום״. דער פאָטער פון איר מאַן, — די צווייטע סי־נאַגאָגע, „מגן דוד״. זי שמייכלט, ווען איך פרעג זי, ווי אַזוי מען היט אָפּ כשרות אין אינדיע. זי ענטפערט: מען האַלט אַ שוחט אין הויז... איך אַליין מאַך גאַנץ פיינעם ווורשט און פּוטער... נישקשה, אפילו די פרומסטע רבנים קענען ביי מיר עסן. איך געטרוי קיינעם נישט דאָס צוגרייטן מיין שפּייז, נאָר זיך אַליין״. פרוי עזרא קאָן דעם שולחן־ערוך אין אָריגינאַל, שוין נישט רעדנדיק וועגן תנ״ך און די אַלטע ווי אויך די נייע העברעאישע ליטעראַטור.

אפילו אַ כשרע מקווה פאַרמאָגט דער פּאַלאַץ, אויסער דעם שווים־באַסיין, וועלכן מיר זעען אין גאָרטן.

וואָס ווייטער מיר זיצן און מיר שמועסן, אַלץ קלאָרער ווערט פאַר מיר, אַז איך האָב דאָ באַגעגנט אַ מערקווירדיקע דערשיינונג אין אונדזער יידיש־וועלט: אַ פּרינצן־הויז פון אונדזער עלטסטן יידישן יחוס, וואָס האָט פּרעזער־ווירט דעם גאַנצן יידישן ריטואַל און לעבנס־שטייגער אויף אַן אומפאַרשטענד־לעך־פּערפעקטן אופן.

אַרום אונדז „סווישטשען״ אין די ביימער פאַרביקע פייגעלעך, פּאַפּוגייען פון דער גרעסטער זעלטנהייט, וועלכע סער דוד עזרא האָט קאָלעקציאָנירט ביים לעבן. זיי פּאָכען מיט זייערע פילפאַרביקע ווײַדלען און שרייען מיט מענטש־לעכע קולות.

אין אַ שכנותדיקן צימער ווערט סערווירט אַ מאָלצייט דורך טונקל־הויטיקע דינסטן מיט גאָלדענע רינגען אין די נעזער. אייניקע פון זיי זענען יידישע טעכ־טער פון שבט „בני ישראל״. פון אַ צווייטער אָפענער טיר זעט זיך אַרויס אַ גאָלד־געשטריקטער פּרוכת אויף אַן אָרון־קודש.

און דאָ זיץ איך אויף אַ באַלקאָן מיט דער מערקווירדיקער ליידי עזרא און פּיל אויס איר טיפן זין פאַר יידישקייט און יידן. אין זעלבן אויפנאַם־צימער פלעגן קומען די וויצע־קעניגין פון ענגלאַנד, די פּרינצן פון די אינדישע מלו־כות, די פירער פון הײַנטיקן פרייען שטאַט.

אָבער עפּעס אַן אומעט פון פאַרוועלקונג פּיל איך אויך אַרום: סער דוד האָט קיין קינדער נישט געלאָזט נאָך זיך... וואָס וועט זיין דער גורל פון דאָזיקן „פּאַלאַץ״ נאָך די „הונדערט און צוואַנציק יאָרן״ פון ליידי עזראַ? נאָך איצט לויפן אירע פערד אויף די געיעגן פון אינדיע און געווינען די פּרייזן. נאָך איצט

ווערן געבויט און געפירט הייזער און געשעפטן מיט די אָנגעזאַמלטע רייכטי־מער. אָבער פּאַרוואָס בויערן אַזוי מיין מאַרך די האַמעטנע פּעסימיסטישע טע־נער פון קהלת (קאַפּ. ב׳):

„איך האָב געמאַכט גרויסע זאַכן אין מיין לעבן: געבויט הייזער, געפלאַנצט וויינגערטנער, איינגעאָרדנט אָראַנזשעריעס און פּרדסים מיט אַלע מעגלעכע ביי־מער און פרוכטן; איך האָב געבויט וואַסער־באַסיינען... געקויפט קנעכט און דינסטן. אויך שטוב־זיצער זענען ביי מיר געווען; אָנגעזאַמלט רינדער און שאָפן מער ווי ביי יעדן איינציקן מענטשן אין ירושלים; איך האָב אָנגעזאַמלט גאָלד און זילבער און די אוצרות פון מלכים און לענדער; איך האָב געהאַט זינגערס און זינגערינס און אַלע מעגלעכע פאַרגעניגנס; קאַרעטעס און רייט־וועגענער... אפילו מיין חכמה איז מיט מיר געבליבן... און פּלוצלינג האָב איך זיך אַרומ־געזען, אַז „הכל הבל ורעות־רוח" און קיין שום פּעולה פון דעם זע איך נישט אונטער דער זון"...

יאָ, אַזוי שיין בליען די בלומען אין גאָרטן פון לײדי עזרא, אַזוי געקרוינט מיט דערפאָלג זענען אירע מעשים און איר חכמה, אָבער פאַרוואָס האָט זיך דער קהלת־מאָטיוו דווקא דאָ אַזוי צעזונגען אין מיין געמיט? אפשר פון צופיל ליכט זענען מיינע אויגן מיד געוואָרן פון קוקן?

***

איך האָב ערב ראש־השנה באַקומען אַ בריוו פון לײדי עזרא אינגאַנצן גע־שריבן מיט איר אייגענער האַנט, און נישט דיקטירט צו אַ סעקרעטאַר.

זי שרייבט צווישן אַנדערן:

„איך געדענק, וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט און נאָך מער וועגן די ליידן פון אונדזער פאָלק, וואָס איר האָט באַשריבן אין אייער בוך... אָ, זאָל זיך־שוין ענדיקן די יאָרן פון קלאָגן... זאָל שוין ישראל אויפלויכטן אין אונדזער אייגע־נעם לאַנד און זאָלן מיר אַלע פאַרשריבן ווערן בספר החיים". אַ גרוס פון פרוי סופר און זאָל אייך די השגחה באַוואַכן אין אייערע שווערע וועגן. — רחל עזרא".

ווידער זענען אויפגעלעבט געוואָרן אין מיין זכרון דער שמראַלענדיקער גאָרטן און די יידישע פּרינצעסין אין אינדיע. פון בריוו האָט אַ בלאָז־געטון מיט די שיכורע ריחות פון דער דיסקרעטער ווייסער בלום, וואָס וואַקסט דאָרט. מען רופט זי: „די פּרינצעסין פון דער לבנה־נאַכט".

XXVI

# אין פּאַלאַץ פון בענגאַלישן פּרעמיער־מיניסטער

אנטקעגן די פענצטער פון מיין האָטעל ציט זיך א מייל־לאַנגער שטח באַ־דעקט מיט גרינעם גראָז און עוקאַליפּטוס־ביימער: דאָס איז דער פאָלקס־פּאַרק פון קאַלקוטאַ. פון ווייטן טורעם אינמיטן דעם פּאַרק רעדן די אינדישע פירער צו זייערע מאַסן אין יענע פייערלעכע מאָמענטן, ווען מען דאַרף זיי אויפרודערן צו מעשים, ארויסרופן אַן ענטוזיאַזם, אָדער ווייזן, אַז די מיליאָנען אין לייל־כער איינגעוויקלטע, מיט פאַנאַטיזם ברענענדע, מערסטנטייל הונגעריקע, הינ־דוסישע מענטשן — שטיצן זייערע הערשער.

אין דעם לינקן ווינקל פון פּאַרק זעען זיך די גאָטישע, פון ווייסן מאַרמאָר בלענדנדע טורעמס און טורעמלעך פון „וויקטאָריאַ־מאָנומענט״ — אַן ארכי־טעקטור־שאַפונג, וואָס איז ווערט דעם אָנדענק פון דער גרויסער קייזערין וויק־טאָריאַ.

און ווייטער אויף לינקס, דערטרונקען אין רעגנבויגן פון בלומען, שטייט דאָס פּאַלאַצל פון פּרעמיער־מיניסטער פון בענגאַליע, דעם דורכגעטריבענעם ביטרען פּאָליטיקער שאַכיט סוראָוואַרדי.

קאַלקוטאַ איז די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ בענגאַליע — די גרעס־טע אין אינדיע, מיט א באַפעלקערונג פון קרוב זעכציק מיליאָן מענטשן. אינ־דיע איז צעטיילט אויף עלף גרעסערע און קלענערע פּראָווינצן, פון וועלכע די וויכטיקסטע זענען, אויסער בענגאַליע: מאַדראַס, מיט 50 מיליאָן איינוווינער; באָמביי מיט צוואַנציק מיליאָן; „פאַראייניקטע געגנט״ מיט 50 מיליאָן; ביהאַר — 30 מיליאָן; א. א. וו.

ווען איך בין צום ערשטן מאָל פאַרבייגעפאָרן דורך דעם הויז פון בענגאַ־לישן הערשער און דערזען די צוויי דעקאָראַטיווע געוויקסיקע וועכטער אין זייערע רויטע מיט גאָלד־באַצירטע מונדירן מיט די קרומע בלאַנקענדע שווערדן אין די הענט, מיט די פעך־שוואַרצע אסירישע בערד, באַלויכטן דורכן הייסן ברען פון אומהיימלעכע שוואַרצאַפּלען, — האָט מיך אָנגעכאַפּט א חשק דורכצו־דרינגען די געהיימנישפולע בראָנדזענע טירן פון דאָזיקן פּאַלאַצל.

איך האָב שוין פֿון פֿריער געוווּסט, אַז דער פּרעמיער־מיניסטער סוראַוואַר־די איז אַ מוסולמענער, וועלכער הערשט מיט אַ שטאַרקער האַנט אין דער דאָ־זיקער טומלדיקער, טעראָריסטישער פּראָווינץ בענגאַליע, ווו די צאָל מוסולמע־נער איז גלייך צו דער צאָל הינדוסן; אַז ער האָט אַרויסגעוויזן נישט קיין שלעכ־טע באַציאונג צו די עטלעכע הונדערט פּוילישע און יידישע פּליטים, וועלכע זענען אין די מלחמה־יאָרן דאָ פֿאַרוואָגלט געוואָרן פֿון היטלערס פֿאַרפֿאָלגונגען.

מען האָט מיר דערציילט, אַז דעם פּרעמיערס ווייב שטאַמט פֿון רוסלאַנד און אַז זי איז דער מיסטעריעזער גוטער גייסט הינטערן הערשערס טראָן...

נאָך אין דעם הויז פֿון ליידי עזרא האָב איך זיך דערוווּסט, אַז פֿון דער בענגאַלער פּראָווינץ האָט מען קיינמאָל קיין אייראָפּעאישן אָדער ספּעציעל־יידישן פּליכטלינג נישט אַרויסגעשיקט, ווי דאָס פּלעגט טרעפֿן אין אַנדערע גע־גנטן פֿון אינדיע — און אַז אין קריטישע מאָמענטן האָט סוראַוואַרדיס פֿרוי שטענדיק אַרויסגעוויזן פֿיל האַרץ און פֿאַרשטענדעניש צו די פֿאַריאָגטע, אַזש קיין קאַלקוטאַ, קרבנות פֿון היטלערן.

און דאָ באַקום איך פּלוצלינג אַ בריוו פֿון ניו יאָרק, ווו אַ נאָענטער פֿריינט בעט מיך, איך זאָל אָנבינדן אַ קאָנטאַקט און באַזוכן זיין קוזינע אין קאַלקוטאַ, וועלכע איז נישט קיין אַנדערע ווי טאַקע די פֿרוי וויערא סוראַוואַרדי, דעם פּרע־מיער־מיניסטערס ווייב...

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ געלעגנהייט, וועלכע האָט מיך פּשוט עלעקטריזירט. איך טעלעפֿאָניר תיכף אין פּאַלאַץ און הער אין אַ ווײַלע אַרום די אַנגענעמע שטים פֿון דער פֿרוי סוראַוואַרדי, וועלכע לאַדט מיך איין זי צו באַזוכן אויף מאָרגן: זי וועט אַרויסשיקן נאָך מיר איר קאַטש אין האָטעל.

און אויף מאָרגן גיי איך דורך, ווי אַן אָנגעלייגטער גאַסט, דורך די וועכ־טער מיט די בלאַנקענדיקע קרומע שווערדן. דינער אין לאַנגע ווייסע „ליווּר־רייען" בייגן זיך טיף, ווען מען פֿירט מיך דורך אַ רייע צימערן באַהאָנגען מיט קאָסטבאַרע פּערסישע טעפּיכער און קרישטאָלענע זשיראַנדאָלן מיט זילבערנע גלאָקן.

אַ קליינע בלאָנדע פֿרוי מיט בלויע אויגן און געקרייזלטע העלע לאָקן גייט מיר אַנטקעגן; זי באַגריסט מיך אין אַן ענגליש — דורך וועלכן עס פֿילט זיך אַ קענטיקער רוסישער אַקצענט. איר קליידונג איז מער אייראָפּעאיש ווי הינ־דוסיש, אָבער אַ בלוילעכער שאַל, — וועלכער איז אַ טייל פֿון דער אינדישער „סאָרי" (פֿרויען־טראַכט) איז אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף אירע אַקסלען.

אַ בראָנדזענער דינער מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד באַדינט אונדז דיס־קרעט מיט טערקישער קאַווע, — און אין האַלב־טונקל פֿון קאַלקוטער פֿאַרנאַכט הער איך געשיכטעס, וועלכע זענען פֿאַנטאַסטיש און שטוינענד.

די פרוי פון בענגאַלער פּרעמיער־מיניסטער שטאַמט פון רוסלאַנד! וועגן דעם האָבן אַפילו די בעסט־אינפאָרמירטע קאַלקוטער אייראָפּעער נישט גע־ווּוּסט, — אויסער איר מאַן — דער מוסולמענישער פירער, ווען ער האָט מיט איר חתונה געהאַט אין שפּאַניע מיט צען יאָר צוריק. זי איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע שוין געטויפט אין קריסטלעך־אָרטאָדאָקסישן גלויבן.

דאַן איז שאַכיט סוראָוואַרדי צוזאַמען מיטן נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם פּאַקיסטאַנער „נביא" דזשינא — געווען איינער פון די אָנפירער פון קאַמף פאַר אינדיעס באַפרייאונג, אָבער כאָטש אַ מוסולמענער — איז ער אויך געווען אָנער־קענט פון די הינדוסן און ענג מיטגעאַרבעט מיט גאַנדי און נערו.

אָ, יאָ! ווען שאַכיט האָט געבראַכט זיין יונג ווייב קיין אינדיע, איז אין פּאַלאַץ טעגלעך געקומען אַ מוסולמענישער מוללא, — געלערנט מיט איר די יסודות פון דער מאַכמעדאַנישער רעליגיע און נאָכהער דורכגעפירט די צערע־מאָניע פון איבערגיין פון דעם קריסטלעכן צום מאַכמעדאַנישן גלויבן.

די אַלטע אַריסטאָקראַטישע קרובים פון איר באַרימטן מאַן האָבן זייער נישט גערן געוואָלט אָנערקענען אַן אייראָפּעאישע פרוי אַלס מיטגליד פון זייער פאַמיליע. פון אַלע זייטן האָט מען אויף סוראָוואַרדין פּרובירט אויסאיבן אַ דרוק, אַז ער זאָל זיך מיט איר צעגיין, — אָבער דאָס האָט נאָך מער פאַר־שטאַרקט זיין ליבע צו דער קליינער בלאָנדער פרוי.

נאָכהער איז געבוירן געוואָרן אַ קינד, אַ יינגעלע, דער ערשטער מענלע־כער יורש פון אַלטן סוראַוואַרדי־נאָמען; די פּאָזיציע פון ווערא אין דער פאַ־מיליע איז דורך דעם געשטיגן זייער הויך. אָבער דאָ איז פאָרגעקומען אַן אומר אנגענעמער עפּיזאָד: פון אייראָפּע איז אָראָפּגעקומען קיין אינדיע אַ ברודער פון שאַכיטן וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן אויסצוגעפינען, אַז שאַכיטס פרוי שטאַמט פון די רוסן. דער ברודער אַליין, אַ פאַרביסענער היטלעריסט, וועלכער האָט זיך דאַן פאַרבונדן מיט דער פון היטלערן באַהערשטער מופטי־גרופּע אין אייראָפּע, האָט אָנגעהויבן אַ שאַרפן קאַמף צווישן די פאַמיליען־קרייזן קעגן דער „רוסין", וואָס „פאַרשוועכט" דעם כבוד פון די סוראָוואַרדיס".

אַ נעץ פון אינטריגעס האָט זיך געשפּונען אַרום איר... זי האָט זיי פּרובירט באַקעמפן דורך העלפן איר מאַן אין זיין שווערער אַרבעט אַלס פירער פון אַ פּראָווינץ, ווו די מאַכמעדאַנער און הינדוסן האָבן געפלאַקערט אין אַ ווילדער שנאה איינע צו די אַנדערע, — אַ שנאה, וואָס האָט נישט איינמאָל מיט בלוט פאַרגאָסן די גאַסן פון קאַלקוטאַ.

מיט פינף יאָר צוריק, ווען דער גרויזאַמער הונגער איז באַפאַלן אינדיע און אַממערסטן געפּלאָגט די קאַלקוטער פּראָווינץ, — האָט ווערא זיך געשטעלט בראש פון אַ קאָמיטעט צו העלפן די הונגעריקע.

— איר זעט? — זאָגט זי, ווייזנדיק מיטן פינגער דורכן פענצטער אויף דעם ליידיק־גרינעם פּלאַץ אַנטקעגן אונדז, — דאָ זענען געלעגן טויזנטער שטאַרבנדע אין שמאַטעס איינגעוויקלטע פרויען, קינדער און אַלטע לייט און געבעטלט אַ הויפן רייז. אַט אַזוי זענען זיי געלעגן מיט אויסגעשטרעקטע הענט און „געוואָיעט" און אַזוי זענען זיי דאָ פון הונגער אויסגעגאַנגען, פאַרגליווערט מיט די סטאַרטשענדע הענט פאַראויס. דריי וואָכן האָט דאָס געדויערט, אין וועלכע צענדליקער טויזנטער זענען שווייגנד אַוועקגעפאַלן פון הונגער און קראַנקהייטן.

איך האָב דאַן געמאַכט אַ שריט, וועלכער האָט מיך געקאָנט קאָסטן טייער: ווען אין איינעם פון אונדזערע זאַלן דאָ איז פאָרגעקומען די זיצונג פון מיניס־טאָרן־קאַבינעט אונטערן פאָרזיץ פון מיין מאַן, — בין איך דאָרט פּלוצלינג אַריין, איבערגעריסן די זיצונג מיט אַ געוויין און שטורמיש געפאָדערט, מען זאָל עפענען די רעזערוו־שפּייכלער מיט רייז, וועלכע זענען געווען געשלאָסן צוליב אומפאַרשטענדלעכע פאַר מיר סיבות.

מיין דערשיינונג און מיין אַריינמישונג אין אַ מלוכה־ענין האָט דאַן אַרויס־גערופן די באַמערקונג פון מיין מאַן:

„פאַרוואָס נעמסטו זיך אַזוי אָן פאַר די הינדוסן? ביסט דאָך אַן אייראָ־פּעערין"!...

אָבער מיין אינטערווענץ האָט דאָך אַביסל געהאָלפן. די נעכסטע עטלעכע וואָכן האָט מען געטיילט יעדן הונגעריקן אַביסל רייז פון די מלוכה־רעזערוון.

אַט־דער פאַקט, וואָס איך, אַן אייראָפּעערין, באַווייז אַ מענטשלעכע באַ־ציאונג צו דער ליידנדער באַפעלקערונג, איז דאָ דורך מיינע קעגנער, אויסגע־טייטשט געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון מיין רוסישער אָפּשטאַמונג. און אַ מאָדנע זאַך: כאָטש דורך מיין דערציאונג און סביבה אין דער יוגנט אַלס קריסטין, האָב איך זייער ווייניק געוווּסט וועגן יידן — האָט זיך אין מיר אויפגעוואַכט אַ פאַר־שטענדעניש פאַר יידישע ליידן דווקא דאַן, ווען איך אַליין האָב אָנגעהויבן פילן די נישט־פאַרדינטע פאָלגן פון ראַסן־האַס. די יידישע פּליטים דאָ וועלן אייך מסתם דערציילן וועגן מיין באַציאונג צו זיי...

און נאָכהער איז ווידער געקומען אַ טאָג, ווען איך האָב זיך פּרובירט אַריינ־מישן, כדי אָפּצוהאַלטן אַ בלוט־פאַרגיסונג, אָבער דאָס מאָל אָן דערפאָלג. דאָס איז געווען אין אויגוסט 1946, ווען מיין מאַן האָט אונטערגעשריבן דעם דעקרעט וועגן „טאָג פון אַקציע" — אָדער פּשוט געזאָגט, ווען עס איז אָפיציעל געגעבן געוואָרן די דערלויבעניש, אַז הינדוסן און מוסולמענער מעגן זיך שטעכן, שלאָגן, קעמפן איינער מיטן אַנדערן אין די שטעט און דערפער פון בענגאַליע, ביז דער צד, וואָס וועט געווינען — וועט אויך באַקומען דאָס רעכט צו רעגירן.

איך זע, אז איר פארשטייט נישט וואס איך רעד צו אייך. איר וואונדערט זיך, ווי אזוי איז דאס מעגלעך, אז א רעגירונג, וואס פארמאגט א לעגאלן סטאַטוס, זאל דורך אן אפיציעלן באפעל הייסן די בירגער פון פארשידענע גלויבנס זיך שטעכן מיט מעסערס אדער שיסן מיט רעוואלווערן איינער אויפן צווייטן? אבער דער באפעל פון „טאג פון אקציע" איז פובליקירט געווארן דעם 15טן אויגוסט אין אלע צייטונגען...

די גאסן פון קאלקוטא זענען פארפלייצט געווארן מיט בלוט און געווען באַדעקט מיט טויזנטער טויטע יעדן טאג... איך האב אויך דאן זיך פרובירט אריינמישן בעת אן אפיציעלער קאבינעט־זיצונג — אבער באקומען אן אייז־קאלטן ענטפער, אז „מזרח און מערב קענען זיך נישט פארשטיין, אויב אפילו זיי לעבן אין איין שלאף־צימער".

זי ווערט אויף א ווייל אנטשוויגן און זופט די קאלטע קאווע.

איך זיץ ווי פארשטיינערט און הער זיך צו צו דער האסטיקער דערציילונג פון דער פארנעמער פרוי, וועלכע זיצט פאר מיר: אייגנטלעך פארשטיי איך גאָרנישט, וואס דא קומט פאר: איז זי נישט די פרוי פונעם פרעמיער־מיניסטער פון בענגאליע, פון א מענטשן, וואס איז פון לכתחילה באשטימט געווען צו פארנעמען דעם פלאץ פון דעם פירער דזשיננא אין פאקיסטאן, ווען נישט דער פאקט, וואס זיין הויכע פאזיציע אין אינדיע האט ארויסגערופן א קעגנערשאפט פון דער מוסולמענישער מלוכה, צו וועלכער ער געהערט לויט זיין אפשטאמונג און רעליגיע? און פארוואס דערציילט מיר די מיסטעריעזע דאמע אזעלכע אינטימע איינצלהייטן, וועלכע ברענגען גארנישט קיין כבוד נישט אינדיע און נישט איר מאן?

און דא קומט די סענסאציע.

די קליינע בלאנדע פרוי הויבט זיך אויף פון דער ווייכער סאפע, גייט ארום אין שכנותדיקן צימער און קומט־צוריק, האלטנדיק ביים האנט א ייִנגעלע פון א יאר אכט, מיט א ליכטיקן פנים פון געמישטע אייראפעאיש־אינדישע געזיכט־שטריכן.

און זי הויבט־אן רעדן רוסיש, נאך דעם ווי איך באגרים זיך מיטן ייִנגעלע.

היינט האט זיך אט דער זונדעלע פון שאכיט סוראווארדי געזעגנט מיט זיין פאטער — ווער ווייס, אפשר צום לעצטן מאל אים געזען...

אין איניקע טעג ארום פארן מיר אפ קיין אמעריקע, ווייל צוליב א ריי סיבות, וועלכע איך קאן אייך נאך איצט נישט דערציילן, פארלאז איך מיין מאן און אינדיע. דאס קינד פיר איך אוועק אין א מיליטערישער שולע קיין אריזאנא. אין דעם קאנפליקט איז אזוי ווייט נישט שולדיק מיין מאן אליין, ווי זיין פאַ־

נאַטישע פאַמיליע, וועלכע האָט נישט געקאָנט פאַרדייען, וואָס דער מוסולמעני־שער פירער האָט אַ רוסיש ווייב.

זיי האַלטן, אַז איך בין נאָך אַלץ אַ קריסטין לויטן גלויבן און אַן איירא־פערירן לויט מיינע סימפּאַטיעס.

ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן קאַלקוטאַ, נאָר מיטן באַדינג, אַז מען זאָל מיר מיטגעבן מיין זון, — האָט לכתחילה מיין מאַן נישט געוואָלט הערן פון שיידן זיך מיטן איינציקן יורש פון זיין נאָמען... אָבער אויך דאָ האָט זיין פאַמיליע אים איבערצייגט, אַז אַ קינד געבוירן פון אַן איי־ראָפּעערין, קאָן נישט ירשענען דעם גרויסן נאָמען פון די סיראָוואַרדים...

און היינט איז פאַרגעקומען די דראַמאַטישע שיידונג פון פאָטער און זון: אַלע טירן און פענצטער אין די טיילן פון פּאַלאַץ, ווו עס לעבן מיין מאַנס על־טערן און ברידער, זענען געווען געשלאָסן, אַ סימן, אַז צו זיי קאָן מיין קינד נישט אַריינגיין זיך געזעגענען...

נאָר די טיר צום מאַנס שלאָפצימער איז געבליבן אָפן און דאָרט האָט דער פאָטער געבענטשט זיין זון מיטן קאָראַן און אָפּגעלאָזן אים אין דער אומבאַוווּס־טער צוקונפט פון דער „מערב־וועלט".

איך וועל די זעלבע צערעמאָניע דורכמאַכן מאָרגן. אַט־דאָ האָט איר מיין ניו־יאָרקער אַדרעס, ווו איך דערוואַרט אייך זען אין סעפּטעמבער...

## XXVII

# צווישן קאַלקוטאַ און באָמביי

ווי נאָר איך בין אָפּגעווען צוויי טעג אין אינדיע, מוז איך זיך גיין רעג־יסטרירן אין דער פּאָליציי. דאָס איז אַ קאָמפּליצירטע און דענערווירנדיקע פּראָצעדור.

אין דעם קאַלקוטער פּאָליציי־באַצירק פון אויסלענדער טרעפט מען זיך מיט ענגלישע גלחים, אַמעריקאַנער טוריסטן, כינעזישע געשעפטס־לייט. זיי אַלע האָבן אייגנטלעך געזעצלעכע וויזעס, אָבער דאָך דאַרף מען שעהען לאַנג שטיין אין דער רייע, ביז נישט וויניקער ווי פינף באַאמטע לאָזן דורך איין מענטש מיט פראַגן, איינשרייבונגען, שטעמפּלען.

איך ווייס נישט ווי עס איז געווען פריער, בעת דער ענגלישער הערשאַפט, אָבער איצטער, אין זעלבסטשטענדיקן אינדיע, איז דאָס לאַנד פאַרוויקלט אין אַ נעץ פון ביוראָקראַטישע פאָרמאַליטעטן, וועלכע זענען אפילו פיל ערגער, ווי די, וואָס האָבן איינגעפירט ביי זיך די קליינע לענדערלעך פון זיד־אַמעריקע.

די הינדוסישע באַאַמטע אַרבעטן לאַנגזאַם און פויל. וואָס האָבן זיי זיך צו איילן? וואָס איז צייט ביי זיי? ביי אונדז, יידן, צום ביישפיל, ציילן מיר איינגאַנצן 5710 יאָר זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן; די צייט־רעכענונג פון קריסטן איז 1950; פאַר די מאַכמעדאַנער ציילט זיך נאָר די צייט זינט מחמד איז אַנטלאָפן פון מעקאַ קיין מעדינאַ — אַ קיימאַ־לן פון אַרום דרייצן הונדערט יאָר — אָבער אין אינדיע גייט איצטער דער פערטער מיליאָן יאָרן... בעסער געזאָגט — מיר לעבן איצט אין דעם ביטערן און פינצטערן צעשטערונגס־פּעריאָד פון דער קאַלי־יוגאַ־עפּאָכע, וואָס דאַרף דויערן גענוי פיר הונדערט און פופציק טויזנט יאָר... נאָך דעם וועט שוין זיין ליכטיק און גוט אויף אונדזער וועלטל.

איז — פרעג איך אייך, וואָס פאַרא ראָלע שפּילט ביים הינדוסישן פּאָליצײ־באַאַמטן, וועלכער גלויבט דאָך, אַז זיין נשמה וועט זיך איבערקוליען אין דעם נישטיקן האַלבן מיליאָן יאָר אין פיל פאַרשידענע אינקאַרנאַציעס — וואָס אַרט אים, וואָס איך וואַרט איבעריקע צוויי שעה?

אויף מאָרגן פאַר איך צום פלי־פּאָרט — כדי צו נעמען דעם עראָפּלאַן קיין באָמביי, אַ מהלך פון דריי טעג רייזע מיטן באַן, אָבער זיבן שעה דורך דעם לופט־וועג.

מיר זענען אָפּגעפאָרן אַ מייל צען אין דער ריכטונג פון פלי־פּאָרט, ווי פּלוצלינג האָבן זיך די „טויערן פון הימל״ געעפנט און עס האָט אָנגעהויבן גיסן אַזאַ ווילדער רעגן, וועלכן איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געזען: אַזוי ווי אַ טייך וואָלט זיך אָפּגעריסן איבער אייער קאָפּ און פאַרטרונקען אייך מיט וואַסער. די גאַסן זענען געוואָרן אויסגעליידיקט. דער אויטאָ, אין וועלכן איך בין געזעסן מיט אַ גרופּע הינדוסישע פּאַסאַזשירן, האָט זיך ווייטער נישט געקאָנט באַוועגן. מיט גרויסע שוועריקייטן פאַרפאָרן מיר אין אַ קליין שטעטעלע מיטן מאָדנעם נאָמען דום־דום, און פאַרהאַלטן זיך ביים אָרטיקן באַשיידענעם טעמפּל, ווו גראַד איצט ווערט אָפּגעריכט די פרימאָרגן־תפילה.

איך האַלט זיך די גאַנצע צייט נאָענט צו אַ הינדוסישן סטודענט, וועלכער רעדט אַ גוטן ענגליש און איז אַליין צופרידן, וואָס ער קאָן זיך דורכשמועסן מיט מיר אין דער דאָזיקער שפּראַך.

ער דערקלערט מיר, אַז גראָד היינט הויבט זיך אָן דער רעגן־פּעריאָד — דער מאָנסון — וועלכער וועט דויערן אַ חודש. דאָס מאָל האָט אָנגעהויבן גיסן

פונקט צו דער מינוט. אַמאָל רעגנט אַזוי אַ טאָג און צוויי נאַכאַנאַנד, אַמאָל נאָר אַ שעה אָדער צוויי און שפּעטער ווידער. ווען מיר האָבן מזל, וועט מען זיך קאָנען אַריינבאַקומען אין אַעראָפּלאַן אין די מינוטן פון איבעררייס. וועט זיין אָבער אַ לאַנגער רעגן, וועלן מיר, דוכט זיך, מוזן פאָרן צוריק קיין קאַל־קוטאַ, אין האָטעל.

— אָבער וואַרט, וואַרט, — זאָגט דער סטודענט, — איר וועט באַלד זיין עדות ביי אַ צערעמאָניע אין טעמפּל, וואָס וועט אייך שטאַרק פאַראינטערעסירן. היינט, אין דעם ערשטן טאָג פון מאָנסון, בעטן יונגע ווייבלעך ביי די געטער זיי זאָלן זיי בענטשן מיט קינדער. זיי שטייען שוין דאָ פון גאַנץ פרי און וואַרטן אויף דער תפילה. קומט אַריין אינעווייניק! מען וועט אונדז אָנזאָגן, אויב אונ־דזער אויטאָמאָביל וועט קאָנען ווייטער אָפּפאָרן...

אין טעמפּל דערזע איך אַ פּאָר צענדליק קליינע מיידלעך, וועלכע שטייען אַרום טרעפּלעך מיט גרינע געוויקסן פון קאַקטוס־טיפּ. אויף אַ קליינער טריבונע שטייט אַ בערדיקער הינדוס מיט רויטע קעסטעלעך אויסגעפאַרבט אויף זיין שטערן — אַ סימן פון אַ בראַהמינער גייסטלעכן. ער איז איינגעוויקלט אין אַ בראָקאַטענעם מאַנטל. אין האַנט האַלט ער אַ לאַנגע שער, מיט וועלכער ער שניידט אָפּ שטיקלעך לאָקן פון די מיידלשע קעפּלעך און וואַרפט זיי אויף די גרינסן. דערביי שעפּטשעט ער גיך און ליידנשאַפטלעך עפּעס אַ תפילה. די מייד־לעך פאַרגיסן זיך מיט טרערן.

— ווער זענען די דאָזיקע קינדער? — פרעג איך מיין סטודענט.

— אָ, דאָס זענען נישט קיין קינדער, דאָס זענען שוין פרויען, וואָס גע־הערן צו מענער. זיי זענען דאָך דאָ געקומען, כדי אויסבעטן קינדער פאַר זיך אין דאָזיקן טאָג, ווען דער רעגן באַפרוכפּערט די מאַמע־ערד. אויך זיי ווילן ווערן מאַמעס. קוקט נישט אויף דעם, וואָס פיל פון זיי זענען נישט עלטער ווי צוועלף יאָר; נאָך היינטיקס יאָר וועלן זיי קינדלען...

איך דערמאָן זיך טאַקע, ווי עס האָבן מיך איבערראַשט אין די גאַסן פון קאַלקוטאַ די קליינע בראָנדזענע מיידלעך, וואָס האָבן אויף זייערע רוקנס גע־טראָגן זעקעלעך מיט מיניאַטורע „בייביס". ווען נישט די געווייינען פון די זע־קעלעך, וואָלט איך געמיינט, אַז דאָס טראָגט מען „ליאַלקעס". און איך פלעג זיך אויך אָפּשטעלן קוקן אויף די מאָדנע „קינדער", וואָס ווייזן שטאָלץ זייער שוואַנגערשאַפט אין די גאַסן...

אינדיע, וועלכע האָט זיך באַפרייט פון ענגלישן יאָך און גייט בויען אַ גיגאַנטן־מלוכה, האָט זיך אָבער נאָך נישט באַפרייט פון בלוטיקן פּלאָג, וואָס הייסט „קינדער־חתונות". צוזאַמען מיט דער מכה פון די „אומבאַרירבאַרע" און

קאסטעס־צעטיילונג פרעסט דער מנהג פון קינדער־מוטערשאפט אויף דאס הינ־
דוסטאנער פאלק.

שטעלט זיך פאר, אז דער מנהג פון פרי חתונה־מאכן א טאכטער נעמט זיך
פון איר טאטנס מורא, טאמער וועט זי פארלירן איר אומשולד פאר דער חתונה.
אמאל, גאר אמאל, האט דער מאן רעכט געהאט אין אזא פאל טויטן זיין ווייב
און א משפט אויף מארגן נאך דער חתונה־נאכט... און עס האט זיך דעריבער
איינגעווארצלט דער מנהג חתונה צו מאכן א מיידעלע צו אירע צען־צוועלף
יאר, כדי צו פארזיכערן זיך, אז זי איז א בתולה. עס איז פאראן א שפריכ־
ווארט: „קיין הינדוסישער טאטע שלאפט נישט רואיק, ווען זיין טאכטער איז
א בוגרת" (פיזיש צייטיק געווארן).

מענער פון פערציק־פופציק יאר אלט האבן חתונה מיט קינדער פון צען
יאר... מען באהאנדלט אזעלכע ווייבלעך ערגער ווי בהמות. אין דער הינדוסי־
שער „תורה" זענען פאראן הונדערטער פארשריפטן, ווי אזוי אזא פרוי דארף
קוקן אויף איר „געטלעכן" מאן: „לאכן, ווען ער לאכט, וויינען, ווען ער וויינט,
קרעכצן, ווען ער קרעכצט"... און אזוי ווי אין דער בראהמאנישער רעליגיע
איז נישטא קיין „חרם דרבינו גרשון", לאכן, וויינען און קרעכצן א סך אזעלכע
ווייבער ארום זייער „האר און הערשער", דעם „געטלעכן" מאן. אבי א מאנסביל
האט נאר געלט, קויפט ער זיך איין די „קינדערשע" סחורה.

און דאס איז נאך נישט אלץ: אזוי ווי פיל אלטע מענער האבן חתונה מיט
יונגע קינדער, שאפט זיך די פלאג פון אלמנות. לויטן הינדוסישן דין טאר אן
אלמנה נאך אמאל נישט חתונה האבן. שלעפן זיך ארום איבער גאנץ אינדיע
בוכשטעבלעך מיליאנען מינדעריעריקע אלמנות איינגעוויקלט אין שווארצן, אן
צירונג. זיי זענען די אמתע שקלאפן אין דער פאמיליע; טוען אלע שווארצע אר־
בעטן; זיי זענען פארמשפט צו טרויערן און וויינען א גאנץ לעבן נאך עפעס אן
אלטן „דזיאד", וועלכן זיי געדענקען אפילו נישט ווי אזוי ער האט אויסגעזען
און ווער איז געווען זייער מאן.

און אזא לאנגע ווערט געהאלטן ווי א פראגרעס אין פארגלייך מיט די אמא־
ליקע צייטן, ווען מען האט די אלמנות פארברענט לעבעדיקערהייט אויפן זעלבן
פייער, אויף וועלכן מען האט געברענט דעם טויטן קערפער פון זייער „געטלעכן"
בר־מינן... כאטש ווער ווייס צי איז ווייניקער גרויזאם פארברענט צו ווערן לכת־
חילה אלס קינד, איידער אפצופינצטערן א גאנץ לעבן אלס פון אלעמען פאר־
האסטע שקלאפן. דער זין פון אמאליקן הינדוסישן מנהג, ברענען די אלמנות
צוזאמען מיטן קערפער פון פארשטארבענעם מאן, נעמט זיך דערפון, וואס
לויט דער אלט־הינדוסישער פילאזאפיע האט נישט די פרוי קיין אייגענעם

לעבן און זי דאַרף דעריבער אויפהערן צו עקזיסטירן, ווען די געטער נעמען אַוועק איר „באַשערטן".

**
*

ענדלעך רופט מען אונדז צו פאָרן ווייטער, ווייל דער רעגן איז פיל שוואַכער געוואָרן.

אויפן לופט־פּאָרט שטייען די עראָפּלאַנען אין אַ טייך פון וואַסער, און עס דויערט אַ היפּש ביסל צייט, ביז דער אַספאַלט ווערט אַביסל אויסגעטריקנט.

איך פאָר מיט אַן אינדישער לופט־ליניע, ווייל די אַמעריקאַנער קורסירט נישט אויף דער שטרעקע ביז באָמביי. אויך דאָס מאָל — ווי דאַן, ווען איך האָב גענומען אַ כינעזישן עראָפּלאַן — בין איך אַביסל נישט רואיק. אָבער שפּעטער איבערצייג איך זיך — און אויך די סטאַטיסטיקער באַווייזן דאָס — אַז די געלע און די בראָנדז־הויטיקע פּילאָטן און אינזשעניערן טוען זייער מלאכה נישט ערגער ווי די ווייסע. אָבער ווי אַנדערש זענען די פּאַסאַזשירן, מיט וועלכע איך דאַרף טיילן מיין רייזע.

איך געפין זיך צווישן שוואַרץ־ און ווייס־בערדיקע סאָלידע הינדוסן, אין ווייסע ליילעכער איינגעוויקלט. אויף איין זייט עראָפּלאַן זיצן די פרויען, אויף דער צווייטער זייט די מענער. ווייסע פּאַסאַזשירן באַקומען אַ פּאַמפלעט געדרוקט אין ענגליש, און נאָך מיט בילדלעך דערצו. אָט דאָס זענען אייניקע פון די עצות, וואָס די הינדוסישע ליניע גיט אייך: „קוש זיך נישט מיט אַ דאַמע בעתן זעגענען זיך, ווייל דאָס וועט אַרויסרופן אַן אומנויטיקן געלאַך פון צוזעער און שטערן די באַוועגונג. (דאָס בילדל ווייזט ווי מען קושט זיך און דעם טומל פון די הינדוסן אַרום דעם ווייסן פּאָרל).

אַ צווייטע אָנווייזונג איז וועגן די וואַש־צימערן אין עראָפּלאַן: אַזוי ווי אַרום ניינציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג אין אינדיע קאָן נישט לייענען און שרייבן, באַנוצט מען זיך מיט בילדלעך: אויב איר זעט אויסגעמאָלט אַ נקבה אין הויזן מיינט דאָס „פאַר פרויען" און אויב אַ זכר מיט אַ באָרד און אין אַ קליידל אַזאַ אַרום די לענדן, מיינט דאָס „פאַר דזשענטלמען"... אַלנפאַלס איז אַזאַ סיסטעם אַ סך פּראַקטישער, ווי ביי די פאַנאַטישע נאַציאָנאַליסטן די טערקן: איך האָב אַליין געזען היינטיקן זומער, ביים אָנקומען קיין סטאַמבול, ווי אויף די טירן, וואָס דאַרפן זיין די וואַש־צימערן פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע פּאַסאַזשירן, געפינען זיך פאָלגענדע אויפשריפטן אויף טערקיש: „ביילאַרא" און „באַינלאַרא". איז זאָגט מיר, אדרבה, פון וואַנען זאָל אַן אויס־

לענדער וויסן, וועלכער וואש־צימער איז פאר אים און וועלכער פאר דער דאמע? טרעפן טאקע אזעלכע קוריאזן, מיט וועלכע איך וואלט קיינעם נישט געוווּנטשן האבן צו טון אין אזא בייז לאנד, ווי טערקיי...

אין הינדוסישן עראפלאן באזארגט מען די „ארטאדאקסישע״ פאסאזשירן מיט „כשרע״ פעקלעך עסן, וועלכע באשטייען פון רייז, גרינסן און פון פרוכטן. די פעקלעך זענען איינגעוויקלט אין צעלאפאן און געשטעמפלט בהכשר פון אן אנטשפרעכנדן בראהאמין. דאס הייסט, אז קיין „אומריינע״ האנט האט זיך צום שפייז נישט צוגערירט. אין דורכגאנג, צווישן דער פילאטן־קאבינע און פאסאזשירן אפטיילונג, געפינט זיך איין פלאץ פאר גאר א פרומען רייזנדן. דאס הייסט פאר אזעלכן, וועלכער וויל נישט זיין אין איין צימער מיט מענטשן, וואס קענען נאך אים מטמא זיין. מיט אונדז פארט עפעס אזא „הייליקער״, וואס האלט די גאנצע צייט פארמאכט די אויגן, עסט גארנישט, האלט אין איין וואשן די הענט פון א מעטאלענעם בעקן אין א שיסעלע און דערביי הערט ער נישט אויף צו מורמלען תפילות.

אט־די אלע אזוי שטרענגע געזעצן פון טומאה און טהרה, פון כשר און טריף, פון אונטערשיד צווישן מענער און פרויען, וועלכע איך אבסערוויר ביי די הינדוסן — באגעגענען זיך ערגעץ־ווו אין דער גרויער פארגאנגענהייט ציזאמען ביי איין קוואל — פון וועלכן אויך מיר יידן האבן א גוטן זופ געטון... ווי אלע געזעצן האבן זיי א יסוד און א לעבנס־שטייגער, וועלכער האט זיינע אויספירער פארהיט פון קראנקהייטן און געשיצט פון אלע פלאגן. ווען אנדע״ש, וואלטן דאך די דינים געבליבן א טויטער בוכשטאב און נישט אריין אין טאג־טעגלעכן געברויך!

***

אויסגעשעפט פון לאנגן פלי און פון נאסן וועטער, דערשלאג איך זיך קוים צו מיין צימער אין האטעל „טאדזש מאהאל״, אין באמביי.

איך קוק מיט האלב־אפענע אויגן אויפן לוקסוס ארום, אויף די לעניאנגען דינער אין פארביקע טורבאנען, וועלכע ווארטן נאר איר זאלט א ווונק־טון, כדי אייך זאפארט צו העלפן.

איך ווארף זיך אן אנגעטוענער אויף מיין בעט און האלט ביים אנטשלאפן ווערן און אזוי ווי דורכן חלום הער איך, ווי די טיר פון מיין צימער עפנט זיך — איך האב, ווייזט אויס, פארגעסן צו פארשליסן — און מענלעכע שטימען באגריסן מיך אין ענגליש און יידיש. אביסל איבערראשט עפן איך ברייט מיינע מידע אויגן און דערזע צוויי טומלדיקע לאכנדיקע פארשוינען: איינער א וויי־

סער, אַן אונדזעריקער, און לויטן „שלום עליכם"־אויסשפּראַך, נאָך אַ ליטוואַק דערצו. דער צווייטער אַ טונקעלער מיט פּעך־שוואַרצע האָר אין קורצע הייזלעך און סאַנדאַלן אויף באָרוועסע פּיס.

זיי שטעלן זיך פאָר: דער „ווייסער" איז מיין לאַנדסמאַן, דער מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און אַמאָליקער יונגער אַדוואָקאַט אין ווילנע, צבי הירש צינאַוויטש. דער טונקלהויטיקער מיט די געשמאַקע מחיהדיקע אויגן און לעבעדיקן פּריינטלעכן בליק איז דער רעדאַקטאָר פון דעם ציוניסטישן וואָכנבלאַט, ד. דזשאַפּעט, אַ יחסנדיקער פּראָדוקט פון אונדזער אַלטן יידישן שבט.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מיינע פריינט אין קאַלקוטאַ האָבן זיי טעלעגראַ־פיש מיטגעטיילט וועגן מיין אָנקומען קיין באָמביי.

די אויגן פון פריינט צינאָוויטש בלישטשען אַזש מיט פרייד און איבערראַשונג. ער שטאַמט פון יעדוואַבנע, לאָמזשער גובערניע. שפּעטער שטודירט אין ווילנע, געווען דער אינדישער דעלעגאַט אויפן לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס. מיר ווייסן אַזויפיל איינער פון אַנדערן, כאָטש זיך קיינמאָל נישט באַגעגנט פּערזענלעך.

אָ! ער וועט מיר ווייזן באָמביי, פירן אומעטום: ער וועט „באַדאַי" אָוועקוואַרפן אַלע זיינע געשעפטן אויף די פּאָר טעג, וואָס איך רעכן דאָ צו פאַרברענגען. אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט ווידעראַמאָל רעדן יידיש און זיך דערמאָנען אַלע יענע, וואָס מיר האָבן צוזאַמען געקאָנט און געאַכטעט אין ווילנע, ביאַליסטאָק און וואַרשע...

און דזשאַפּעט, דער ברוינער ברודער, מיטן וווּנדערבאַרן געזיכט באַלויכטן מיט אַ שמייכל פון גוטסקייט, איז אויך צופרידן צו וויסן, וואָס עס הערט זיך עפּעס מיט יידן אין די לענדער, וואָס איך האָב באַזוכט. ער איז יאָרן־לאַנג געווען גאַנדיס פריינט און תלמיד און געשריבן אַ גרויס ווערק וועגן זיין רבין. ווי קרובים דערפילן מיר זיך פּלוצלינג, ווי שוין לאַנג באַפריינדעטע שותּפים, כאָטש מיר זעען זיך אַלע צום ערשטן מאָל. ווי וועט איר אָנרופן אָט יענע מאַגישע קראַפט, וואָס רופט אַרויס אַזעלכע איבערראַשנדע געפילן ביי אַן ערשטער באַגעגעניש? איז דאָס אוניווערסאַל מענטשלעך, אָדער נאָר אַ יידישע דערשיינונג?

## XXVIII

# ביי די „ברוינע יידן" אין באמביי

וואס טוט א געווענלעכער טוריסט אז ער קומט קיין באמביי? ער לאזט זיך קודם־כל איבער די קראמען, וואס שימערירן מיט פארביקן זייד פון קאש־מיר, מיט גאלד־בראקאטענע שטאפן, מיט א ים גרויסע און קליינע פאנטאס־טישע שפילצייגן, געשניצט פון העלפאנט־ביין. ביי די דאמען ווערן ברייט צע־עפנט די אויגן, ווען מען ווייזט זיי די האנט־געוועבטע טישטעכער, וועלכע זע־נען געשטריקט געווארן ערגעץ־ווו אין א דארף אין די הימאלאיאישע בערג, אפשר פון א גאנצן יאר א שטיק.

און נאך די קראמען גייט דער טוריסט אויף די אלטע באמבייער מארקן, ווו טויזנטער, טויזנטער אין ווייסן געוויקלטע, אין דער ווייטקייט פארקוקטע הינדוס־פרויען און מענער קויפן און זוכן זייער טעגלעכן שטיקל ברויט, וועל־כער באשטייט פון רייז, גרינסן און בעבלעך. איר זעט דא אויך, — אין די ווינק־לען פון די באזארן, — ווי עס זיצן די יאגים, וואס שפארן אן זייערע פלייצעס אויף טשוועקעס, אדער זייערע הענט ליגן זיי אויף ברענענדיקע קוילן, — און נישט נאר קיין ווייטיק דריקן אויס די בערדיקע, אויסגעצערטע פנימער, נאר א הימלישן פארגעניגן, אזוי ווי דאס פייער אדער די טשוועקעס וואלטן געווען א באלזאם צום קערפער. פיל פון זיי זענען שארלאטאנעס, וואס נעמען צו די פאר מטבעות ביים פארזאמלטן עולם ארימעלייט, וועלכן זיי פארשיכורן מיט מע־שיות פון „יענע וועלטן". פאראן אבער „יאגים" — אמתע גרויסע אסקעטן, פאר וועלכע די קערפערלעכע ליידן עקזיסטירן שוין נישט. א סך תלמידים גייען זיי נאך, וואנדערן מיט זיי איבער די דערפער און וועגן און טרינקען דורשטיק די בשורות, וואס גייען ארויס פון זייערע פארטריקנטע ליפן.

און אט שלייכן זיך דורך זייטיק ווי שאטנס צוויי איינגעבויגענע הינדוסן, ביי וועלכע די נאז און דאס מויל זענען פארהאנגען מיט ווייסע טיכלעך. דאס זענען די אנהענגער פון דער דזשאינס־סעקטע, — די עקסטרעמסטע צער־בעל־חיימניקעס אין דער וועלט. זיי פארשטעלן זיך די נאז און דאס מויל אויס מורא טאמער פארשלינגען זיי ביים אטעמען א פליגעלע, און הרגענען עס דורך דעם. אין די פינצטערע נעכט גייען זיי נישט אין די גאסן, ווייל מען קאן דאך צעטרעטן אן אראפגעפאלן פייגעלע אדער א ווערימל... אבער זייט־ביי־זייט מיט

דער דאָזיקער מיסטישער הייליקייט קאָכט און זידט אַ שטענדיקע מלחמה צווישן די הינדוסן און מוסולמענער, מען שטעכט זיך מיט מעסערס צוליב דער קלענסטער קלייניקייט; צענדליקער טויטע פאַלן אין די גאַסן פאַר אַלעמען אין די אויגן; איר טרעפט אויף די זייטיקע געסלעך און אין די פאַרשטעקטע בלוט־קאַלוזשעס וועלכע קיינער ווישט נישט אויס און זיי שרייען צום הימל מיט זייער גרויזאַמקייט. פון איין זייט — אַזאַ צאַרטע באַציאונג צו די „געטלעכע" קי, צו ווערימלעך, און — אַזאַ רציחה צווישן מענטש און מענטש פון איין און דער זעלבער ראַסע, כאָטש פון פאַרשידענע גלויבנס!

און אַז דער טוריסט וויל אַביסל אָפּרוען פון דער קאָנדענסירטער עקזאָטיק, פון וועלכער עס פאַרמישן זיך די רעיונות — נעמט ער אַ טאַקסי און פאָרט איבער די בלענדנדע בולוואַרן מיט זייערע לוקסוס־הייזער, וואָס ליגן ביים וואַסער. דאָס איז דער אייראָפּעאישער טייל פון באָמביי. דאָ טרעפט איר נישט דעם שמוץ און די אָרימקייט, — דאָ ציט זיך מיילנווייז אַ קייט פון פּרעכטיקע בנינים, באַוווינט פון ווייסע סוחרים און פּראָפעסיאָנאַלן, וועלכע לעבן זייער אייגענעם פוילן און באַקוועמען לעבן, ווייט און אָפּגעריסן פון דער טרויעריקער אינדישער ווירקלעכקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אויך געצאָלט מיין חוב דער טוריסטישער נייגיריקייט, — אָבער פריער פאַר אַלץ האָב איך געוואָלט זיך באַגעגענען מיט אונדזערע ברידער, די „בני ישראל", מיט יענער איבערבלייבעניש פון אַ רעטזעלהאַפטן שטאַם פון אונדזער פאָלק, וואָס קומען אַרויס, ווי זיי זאָגן, פון די עשרת־השבטים.

— פירט מיך, חבר צינאָוויטש, — האָב איך געזאָגט — פירט מיך צו די רויטע יידעלעך אויף יענער זייט סמבטיון, מיט וועלכע איך האָב פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט זייט צוויי טויזנט יאָר... איר, אין אייער חדר אין יעדוואַבנע ביי לאָמזשע, און איך אין חדר אויף יאַטקע־גאַס אין ביאַליסטאָק, — האָבן דאָך אַזוי געגאַרט זיך אַמאָל צו טרעפן מיט אונדזערע ברידער, וועלכע זענען אַוועק אין וויטן גלות ערגעץ־ווו הינטער די ברעגעס פון אַ טייך, וואָס שיסט אַ גאַנצע וואָך מיט שטיינער, כדי מען זאָל צו זיי נישט קאָנען צוקומען. יאָ, שבת רוט טאַקע דער סמבטיון, אָבער אַ ייד וועט דאָך נישט מחלל שבת זיין און אַריבערפאָרן דאַן אויפן צווייטן ברעג, און איצט האָב איך דאָך דערלעבט צו געפינען זיך אַזוי נאָענט פון די „רויטע יידעלעך"...

— יאָ, איר ווייסט גאָרנישט, חבר שאָשקעס, וויפיל אמת עס איז אין דער מעשה וועגן סמבטיון. די „בני ישראל" אין באָמביי וווינען מערסטנטיילס אין די טיפענישן פון פאָרשטאָט בייקאַלאַ, ווו הינדוסן און מוסולמענער קוילענען

זיך אָן אויפהער. שוין פון זיבן אזייגער פאַרנאַכט הערשט דאָרטן באַלאַגערונגס־צושטאַנד און די גאַנצע באַוועגונג ווערט אָפּגעשטעלט; איך ווייס נישט אפילו צי מיר וועלן דעריבער קאָנען בייוווינען דעם קבלת־שבת אין דער אָרטיקער שול, ווייל דאָ רוט נישט דער סמבטיון אפילו אום שבת, — און די קעגנזייטיקע מערדערייען גייען־אָן אָן אויפהער. איך וואָלט אייך נישט געראָטן זיך צו שפּילן מיטן „קוירפיו" און אַריינדרינגען דאָרטן נאָך זון־אונטערגאַנג. לאָמיר דערווייל, כל־זמן עס איז נאָך מיטאָג־צייט, באַזוכן די כדורי־שול פון די „בני־ישראל", און וואָס איז שייך דעם קבלת־שבת — וועט מען שוין זען".

— ניין, איך קלער גאָרנישט וועגן דורכלאָזן די זעלטענע געלעגנהייט מקבל־שבת זיין צוזאַמען מיט די מערקווירדיקע ברוינע ברידער, מעג דאָס אפילו אונדז אַריינציען אין אַ געוויסער ריזיקע"...

חבר ציניאָוויטש האָט נישט קיין שטאַרקן חשק זיך טשעפּען מיטן באַלאַגע־רונגס־צושטאַנד און זיך דורכרייסן קיין בייקאַלאַ; אָבער איך „סטראַשע", אַז איך וועל זיין „מורא" באַשרייבן אין די צייטונגען... באַשליסן מיר אָפּלייגן אונ־דזערע באַזוכן צו דער כדורי־שול און צו די באַראַקן ווו די פּליטים פון פּאַקיס־טאַן און אַפגאַניסטאַן וואַלגערן זיך.

פּרייטיק, פאַר בין־השמשות דינגען מיר אַן אויטאָמאָביל און ציניאָוויטש הייסט דעם שאָפער פאָרן צו דער שול „משכן־חסידים" אין פאָרשטאָט באַיקאַלאַ. אויך דער הינדושער שאָפער קווענקלט זיך און האָט מורא, אַז מיר וועלן נישט באַווייזן צוריקצוקומען קיין באָמביי פאַר דער „פּאָליציייאישער־שטונדע", אָבער פאַר נאָך אַ פּאָר רופּים וויל ער שוין ריזיקירן...

יאָגן מיר זיך איבער גאַסן, ווו עס בלאָזט די שרעק פון ברודער־קריג. עס טומלט זיך דאָ און דאָרטן, אָבער אונדזער שאָפער, דער „סיק" מיט דער שוואַר־צער באָרד און גזלנישע אויגן, לאָזט אונדז נישט רעכט אָנקוקן די סביבה. עס איז שפּעט, עס איז שוין באַלד שבת און באַלד וועט קלאַפּן די „פּאָליציייאישע שעה" — און דער סמבטיון וועט אויפהערן שליידערן זיינע שטיינער...

אין מיר ברויזט אַ ים מיט געפילן צווישן פאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט: אָט איז דאָך מאַקע אַ רייזע צו יענע לעגענדאַרע יידעלעך, וועגן וועלכע אַזוי פיל מעשיות זענען געשפּונען געוואָרן אין משך פון דורות. עס פלעגן זיך דער־טראָגן קלאַנגען אין די גלותן, ווו מיר זענען פאַרשפּרייט געווען, אין רוים און אין שפּאַניע, אין מאַראָקאָ און אין דייטשלאַנד, אין דער טערקישער אימפּעריע און אין די סלאַווישע לענדער, — אַז ערגעץ־ווו לעבן נאָך די פאַרטריבענע ברידער אונדזערע פון די שבטים פון ישראל, אַז זיי זענען נישט צעריבן געוואָרן אין שטויב פון די דורות און פון די פייניקונגען...

מיט אַן ערך טױזנט אַכט הונדערט יאָר צוריק, הונדערט יאָר נאָכן צװײטן חורבן, — האָט אַ היסטאָריקער, װאָס איז פאַרפאַרן מיטן רױמישן פלאָט צו אײנעם פון אינדיעס פאָרטן, פאַרצײכנט אין זײנע שריפטן, אַז װען ער איז אַראָפּ אױפן ברעג האָט ער דאָרט געטראָפן אַ קלײנע ייִדישע קהלה, װאָס היט אָפּ שבת און זי האָט דעריבער נישט געװאָלט דעם טאָג פאַרקױפן שפּײַז צו די רױמישע מאַטראָסן. אױך דער רמב״ם דערמאָנט אין אײנעם פון זײנע בריװ צו די רבנים פון לונעל, אַז װי װײט ער װײסט, זענען פאַראַן אין אינדיע ייִדן, װאָס היטן אָפּ שבת און מילה, אָבער האָבן נישט קײן ספרים — אפילו נישט קײן ספר־תורה, און אַלץ װאָס זײ װײסן איז נאָר על־פּי מסורה: עס װערט איבערגעגעבן פון דור צו דור, פון עלטערן צו קינדער.

מיט אַ הונדערט יאָר שפּעטער האָט זײ באַזוכט ר׳ בנימין מטודעלאַ און דער דערצײלט װעגן אױסטערלישע טונקל־הויטיקע ייִדן, װאָס היטן אָפּ יום־כּפּור און מילה, אָבער װײסן נישט װעגן כשר און טריף, װעגן מקוהס און אַ רײע װיכטיקע דינים און היסטאָרישע געשעענישן.

אָט פון די און אַנדערע אָפּגעריסענע מעלדונגען און גרוסן, װעלכע זענען אַרײנגעדרונגען אין אונדזערע גלותן, האָט אונדזער פאָלק אױסגעװעבט װוּנדערלעכע פאַנטאַסטישע מעשהלעך װעגן די פאַרלױרענע שבטים אױף יענער זײט סמבטיון.

און דאָ גיט פאַר מיר פּלוצלינג אַ ברי די װירקלעכקײט: אַ געבײדע פון װײסע שטײנער, מיט ברײטע־געעפנטע טירן, בליצט מיט אָנגעצונדענע שבת־ליכט. די לוחות מיט די עשרת־הדברות לעגיטימירן זיך עכט־ייִדיש אױפן דאַך און אונטער זײ אַן אױפשריפט: „משכן חסידים״.

פון די ברײט־אָפענע טירן טראָגט זיך אַ כאָר פון עלטערע און יונגע קולות, װעלכע זינגען מיט עפּעס אַ פרעמדן, אומבאַקאַנטן ניגון „לכה דודי״...

איך ציטער אַזש פון אינערלעכער אױפרעגונג. אױך פרײנט צינאָװיטש, װאָס איז שױן אַ פּאָר מאָל דאָ געװען אין דער װאָכן, װערט אָנגעשטעקט מיט מײן ענטוזיאַזם, װען איך דערזע די שבת־ליכט און דערהער די קלאַנגען פון „לכה דודי״.

— „איז קום, מײן חבר, אַרײן אינעװײניק אין משכן, װעלכן עס האָבן דאָ, אין װײטן פרעמדן הינדוסטאַנער מדבר, אײנמיטן די גאַסן װו עס שעכטן זיך שכנים, אױפגעשטעלט די איבערבלײבענישן פון ישראל־סבא״.

פון דאַך שרײט אַראָפּ דער „לא תרצח״, און פון צװישן די שבת־ליכט שײנען אַרױס מאָדנע געזיכטער, יאָ, טאַקע רױטע ייִדעלעך... ברױנע און שװאַרצע געזיכטער, אָבער ליכטיקע אױגן און פולע סעמיטישע שטריכן, נאָר באַפאַרבט מיט טױזנט־יאָריקן ברען פון פרעמדע זונען.

אונדזער אָנקומען ווערט גלייך באַמערקט פון די קינדערלעך, וואָס שטייען ביי די אָפענע טירן פון שול. זיי מאַכן א וואָרע, לאָזן אונדז דורך אינעווייניק אין פול געפּאַקטן „משכן".

אינמיטן איז א בימה אויסגעבעט מיט שטרויענע מאַטראַצן; אויף איינעם פון זיי זיצט דער חזן, א ברוין־הויטיקער ייד, אין ווייסן איינגעוויקלט, מיט א געקרייזלטער שוואַרצער באָרד, באָרועס, ווי אַלע אין מקום־קדוש, און זינגט מיט א שיינער באַריטאָן־שטימע: „התעוררי, התעוררי, כי בא אורך"... און גלייך ענטפערט אים די גאַנצע עדה, קאָנצענטרירט און פייערלעך: לכה דודי לקראת כלה!"

העכער ווי אַלע רייסן זייערע שטימעלעך די באָרוויסע יינגלעך, אַרומגע־וויקלט מיט די ווייסע הינדוסישע ליילעכער, — כמעט אַלע מיט אוירינגלעך אין די אויערן, דאַכט זיך, די קליידער און געזיכטס־קאָליר זענען פּרעמדע; איינס אָבער האָבן זיי: אייגעלעך, וואָס שיינען ווי ליכטיקע שטערנדלעך, און די איי־געלעך פון אונדזערע משהלעך און שלמהלעך, וואָס האָבן אָט־אַזוי אין די פּריי־טיק־צו־נאַכטן אין דער אַלטער היים, מיט דעם זעלבן פייער און געזאַנג מקבל־שבת געווען.

יענע קינדערלעך, יענע שטעטעלעך און בתי מדרשים זענען אַוועק מיט די רויכן, און דאָ, אין ווייטן באָיקאַלאַ אויף יענער זייט „סמבטיון" — לעבט מעכטיק דער זעלבער רוף „התעוררי! וואַך אויף, ווייל דיין ליכט איז געקומען".

מיט טרערן, וואָס שטיקן מיר אין האַלדז, פאַראייניק איך זיך שנעל צוזאַ־מען מיטן פריינט ציגאַוויטש צום כאָר פון די זינגענדיקע יידן. וואָס איז, אויב דער ניגון איז אַביסל ווייט און שווער? אָבער די ווערטער, זייער טייטש, דער רוף און דאָס גלויבן זענען די זעלבע... וואָס פאַר א באַדייטונג האָבן באמת די דורות וואָס טיילן אונדז אָפּ, ווען מיינע זיידעס און זייערע האָבן צוזאַמען גע־זונגען צו גאָט אין בית־המקדש?...

* צווישן זיך רעדן זיי אַן אוראַלטע הינדוסישע שפּראַך, די מאַראַטהיטישע, אָבער דאַוונען האָבן זיי זיך אויסגעלערנט פון א ליוואָרנער (איטאַליענישן) סי־דור, פון וועלכן איך דאַוון איצט אויך...

אין משך פון די לעצטע יאָרהונדערטער זענען צו זיי געקומען יידן פון באַג־דאַד און פון פּערסיע און אויסגעלערנט זיי מער ווי די מסורה, וואָס זיי האָבן אַזוי הייליק אָפּגעהיט...

די פרויען, אין הינדוסישע סאַרים איינגעוויקלט, פיל פון זיי מיט גאָלדע־נע נאָז־רינגען, שאָקלען זיך פרום צו די קלאַנגען פון דער תפילה. זיי זענען אָפּ־געטיילט מיט א נידעריק ווענטל פון די מענער, און זייערע טונקל־ברוינע געזיכ־

מער שיינען ארוים מיט יידישן חן פון הינטער די דורכזיכטיקע קאשמיר־שאלן.

און — איך שטיי און פאראייניק זיך אין איין תפילה מיט מיין אלטער יחוסדיקער משפחה...

***

אני ישנה ולבי ער... איך שלאף אבער מיין הארץ איז אויפגעוואכט: נישט אויפן וואר און נישט אין חלום קאן איך פארגעסן די אזוי טיפע איינדרוקן, וואס האבן איבערגעלאזט אין מיין זכרון און פסיכיק די באגעגענישן מיט די „בני ישראל", מיט די ברוינע טונקל־הויטיקע ברידער אונדזערע, וואס האבן פאר־לאזט ארץ־ישראל נאך לאנג פארן חורבן און האבן זיך אפגעפונען ערגעץ־ווו אין ווייטן אינדיע...

זיי זענען טאקע נישט מער ווי 20 טויזנט נפשות, אבער ווי רייך זענען זיי אין קאלירן פון פרעמדע זונען באפארבט, פון אנדערע לעבנסארטן געפור־רעמט! איך ווער גארנישט זאט צו טראכטן וועגן זיי, שטאלצירן מיט זייער איינגעקשנטן ווילן דורכלעבן מיטן יידישן גאט אין הארץ, מיט יידישע מנהגים אין שטוב און אויפן גאס, דורכרייסן זיך אין משך פון מער ווי צוויי טויזנט יאר דורך די בלוטיקע קארידארן פון דער געשיכטע, ווו די פאנאטישע געצנ־דינער, ווילדע מיסטיקער און פארקאכטע איסלאם־חסידים האבן זייערע שווערדן געקרייצט אין אומאויפהערלעכע מלחמות.

עס ליגט פאר מיר אן אלט בילד, א נאאיווע גראוויור, אויף וועלכן מען זעט, ווי א שיף גייט אונטער אין ים און אויפן זאמד פון ברעג הינטער פאלמ־ביימער שטייען און וויינען זיבן יידן מיט בערד און זיבן פארשלייערטע פרויען. פון דער ווייטנס שפילן אויף פלייטן מיסטישע חיות־פיגורן, אזוי ווי זיי וואלטן געוואלט טרייסטן און באגריסן די עלנטע שיף...

אויפן בילד אונטן איז פאראן אן אויפשריפט מיט געציקלטע העברעאישע אותיות, ענלעכע לויט דער פארם צו דער בענגאלישער שפראך:

„שמע ישראל ד' אלהינו, ד' אחד"... אט אין דעם דאזיקן אלטן בילדל איז דערציילט די גאנצע געשיכטע פון די „בני ישראל"...

פון טאטן צום קינד, אין משך פון אומצאליקע דורות איז איבערגעגעבן געווארן די מעשה, ווי אזוי א גאנצע שיף מיט יידן, וועלכע איז אפגעפארן אנגע־לאדן מיט אלדאס גוטס פון די ברעגעס פון ארץ ישראל, ווו זיי זענען פאר־פאלגט געווארן פון עפעס א שונא, האט זיך צעשמעטערט נעבן די קאנארן אינדזלעןביים קאנקאן־ברעג פון צפון אינדיע. פון יענער שיף האבן זיך געראַ־טעוועט נאר זיבן מענער און זיבן פרויען... די נאטור ארום האט זיי גוט אויפ־

גענומען („די חיות שפילן אויף פייפלעך״...) און זיי האָבן זיך דאָ באַזעצט, וואַרצלען געלאָזן, אַ נײַ לעבן געבויט און געוואָרן אַ טייל פון זודיקן פעלקער־קעסל פון אינדישן סוב־קאָנטינענט. אָבער זיי האָבן זיך אין קעסל נישט צו־נויפגעמישט... ווי אַ פֿייערדיקע זײַל האָט זיי באַגלייט דער „שמע ישראל״, דער סימבאָל פון איין און איינציקן גאָט.

די ערשטע נײַ־אָנגעקומענע האָבן זיך פאַרנומען מיט פרעסן בוימל פון אָליוון, אַ פאַך, וואָס זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט פון ארץ־ישראל. אָבער נאָר זעקס טעג אַ וואָך האָבן זיי געקוועטשט דעם בוימל; דעם זיבעטן טאָג האָבן זיי גע־רוט. און די פעלקער אַרום האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן: „שבתדיקע בוימל־מענ־טשן״, אַלס אונטערשיד פון זייערע קאָנקורענטן, וועלכע האָבן געפּרעסט אָליוון זיבן טעג אין דער וואָך.

ווען די שיף איז אונטערגעגאַנגען, איז אין די כוואַליעס פאַרזונקען גע־וואָרן די ספר תורה און די אַנדערע שריפטן, וואָס זיי האָבן געפירט מיט זיך. האָבן די געראַטעוועטע איבערגעגעבן זייערע קינדער און קינדס־קינדער אויסנ־ווייניק נאָר די דינים און מנהגים, וואָס זיי האָבן געדענקט. און שפּעטער, אין תהום פון צייטן און שפּראַכן־מישענישן זענען צווישן די „בני ישראל״ געבליבן נאָר די איינציקע העברעאישע ווערטער פון אייביקן „שמע ישראל״.

ווען איז די דאָזיקע ים־טראַגעדיע פאָרגעקומען? צוליב וועלכן אומבאַ־וווסטן שונא ישראל זענען זיי דאָס געלאָפן פון דער מוטערלאַנד צו פרעמדע און ווייטע ברעגעס?

אַ גאַנצע ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן אַרום דער דאָזיקער פראַגע צווישן געשיכטע־פאָרשער.

ד״ר ווילסאָן, צום ביישפּיל, פון דער „קעניגלעכער אזיאַטישער געזעל־שאַפט״, האָט מיט 110 יאָר צוריק פּובליקירט זײַן ווערק „אין די לענדער פון תנ״ך״, ווו ער ווייזט אויף, אַז די „בני ישראל״ שטאַמען פון די „עשרת השבטים״, וועלכע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון ארץ־ישראל דורך די אשו־רים אין די צײַטן פון לעצטן מלך ישראל הושע.

דער זעלבער ד״ר ווילסאָן האָט שטאַרק געאַרבעט אין דער ריכטונג, אַז מען זאָל די „בני ישראל״ געבן אַ קריסטלעכע דערציאונג. די דאָזיקע טעטי־קייט האָט געקאָסט אַ סך געלט און האָט זיך געענדיקט מיט אַ מיאוסן דורכ־פאַל...

אַז איך וועל איצטער דורכלאָזן אַ גאַנצע רייע אַנדערע פאָרשער ווענ[ן] דעם, ווען האָבן די „בני ישראל״ פאַרלאָזט אונדזער אַלטע היים, וועל איך בלײַבן ביים לעצטן און וואַרשיינלעך ריכטיקסטן נוסח, וועלכער איז איצט אָנ־גענומען סיי ביי די פאָרשער און סיי ביי די געלערנטע „בני ישראל״ אַליין:

זיי זענען אַנטלאָפן פון די צפון־פּראָווינצן פון גליל אין דער צייט פון די בלוטיקע פאַרפאָלגונגען פון אַנטיוכוס עפּיפאַנוס, וואָס האָבן שפּעטער דערפירט צום אויפשטאַנד פון די חשמונאים און צום „נס חנוכה"; אָבער זיי אַליין, די דאָן אַנטלאָפענע, האָבן זיך ביזן אויפשטאַנד נישט דערוואַרט און פון יום־טוב חנוכה ווייסן זיי גאָרנישט.

ווי אַזוי האָט מען געקענט פעסטשטעלן דעם דאָזיקן דאַטום? דורך אָבסער־ווירן און שטודירן דעם אופן ווי אַזוי זיי פייערן זייערע ימים־טובים, ווען זיי פאַסטן, וואָס זענען די מנהגים ביים געבורט, חתונה און טויט און ווי אַזוי זיי ברענגען קרבנות, איז מען געקומען צו דער מסקנה, אַז זיי האָבן פאַרלאָזט ארץ־ישראל אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש מיט אַ פּאָר יאָר פאַרן ערשטן חנוכה.

און אָט זענען אייניקע פון די סימנים:

די „בני ישראל" האָבן זיך וועגן „חנוכה" נישט לאַנג דערוווּסט; זענען נישט געווען באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון חורבן ירושלים דורך טיטוסן; זיי ווייסן גאָרנישט וועגן „ישוע הנוצרי" און וועגן דעם, אַז מיר יידן דאַרפן זיך פּילן שולדיק לדור דורות, וואָס „מיר" האָבן געקרייציקט „דעם זון פון גאָט"...

זיי האַלטן נישט פון די פיר תענתים, וועלכע זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש (מ י ר האַלטן יאָ פון זיי, ווייל נאָכן חורבן זענען זיי ווידער איינגעפירט געוואָרן אין ריטואַל). די „בני יש־ראל" האַלטן זיך שטרענג ביי די כללים, וואָס זענען איינגעפירט געוואָרן דורך עזרא און נחמיה, וועגן מאַכן אַן אונטערשיד צווישן די קינדער, וואָס שטאַמען פון יידישע מאַמעס און צווישן די, וואָס שטאַמען פון ווייבער־ערילות...

אָבער, ווייל זיי זענען געווען אַזוי אָפּגעריסן פון כלל ישראל און דערצו נאָך געלעבט צווישן די אָרימסטע און אומוויסנדע עלעמענטן פון אינדיע, האָבן זיי פיל פאַרגעסן פון דעם, וואָס די טאַטעס האָבן זיי דערציילט: די תפילות, די נעמען פון די חדשים, פון די ימים־טובים, פון די תעניתים. זיי האָבן נאָר גע־וווּסט די טעג און מנהגים, אָבער געגעבן האָבן זיי זיי אינדישע נעמען: ראש חודש אלול, למשל, פאַלט אויס מיטן איסלאַמישן ראַמאַדאַן, ווען אויך זייערע שכנים פאַסטן און דאַוונען; יום־כיפור, צום ביישפּיל, רופן זיי „דער יום־טוב פון די געשלאָסענע טירן", ווייל זיי זיצן אויף דער ערד און פאַסטן פאַרמאַכט אין זייערע הייזער.

אפשר איז דאָס אַ רעזולטאַט פון מורא פאַר שכנים־שונאים, וועלכע האָבן זיי פאַרפאָלגט פאַר פייערן עפנטלעך הייליקע טעג?

די „בני ישראל" אַליין קאָנען אויף דער פראַגע נישט ענטפערן.

ווען איך שרייב די דאָזיקע ווערטער, קומט מיר אויפֿן זכרון פֿאָלגנדע היסטאָרישע אַנאַלאָגיע:

מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך באַזוכט די שטאָט פּאַלמאַ דע מאַיאָר־קאַ, אויף די באַלעאַר־אינדזלען אין שפּאַניע. דאָרט האָב איך זיך געטראָפֿן מיט אור־אור־אייניקלעך פֿון די אינקוויזיציע־אַנוסים, וועלכע זענען היינט כשרע קאַטאָליקן.

אָבער זיי רעדן אַרויס מיט שוועריקייט אויף לשון קודש דעם „שמע ישראל״ (אַ סגולה אויף מרה־שחורה, אַזוי האָבן די מאַמעס אַנגעזאָגט). און איין טאָג אין יאָר פֿאַרמאַכן זיי זיך אין זייערע הייזער און פֿאַסטן, דערביי שטעלן זיי אַרויס אין גאַס פֿאַר די טירן טעפּ מיט זודיקע חזיר־פֿלייש. זיי ווייסן נישט, אַז דאָס שטאַמט נאָך פֿון יענע צייטן, ווען טאַטעס און זיידעס האָבן זיך מיט חזיר־פֿלייש פֿאַרשטעלט, כדי צו דאַוונען יום־כּיפּור אַלס יידן...

די „בני ישראל״ פֿאַרמאָגן אַ יום־טוב, פֿון וועלכן מיר ווייסן גאָרנישט: דאָס איז דער „שמחת כהן״, אויף מאָרגן נאָך יום־כּיפּור, אַ זכר פֿון דער פֿייע־רונג אין ירושלים צוליבן כהן גדול, וואָס איז אַרויס לעבעדיק פֿון „קדשי־קדשים״.

נישטאָ ביי זיי דער תענית „עשרה בטבת״, וועלכער איז, ווי שוין דער־מאָנט, צוזאַמען מיט אַנדערע: „שבעה עשר בתמוז״, „תשעה באב״ און „צום גדליה״ — אין די צייטן פֿון נביא זכריה אָפּגעשאַפֿט געוואָרן. אָבער זיי האָבן אַ יום־טוב פֿון אליהו הנביא. זיי גלויבן, אַז ער קומט דאַן אויפֿן מאַרק פֿון שטעטעלע באַנדאַללאַ (נישט ווייט פֿון פּלאַץ, וווּ די שיף איז צעבראָכן גע־וואָרן) און ברענגט זיי ברכות דירעקט פֿון הימל. קומען זיי דאָרט אין יענעם טאָג (עס פֿאַלט גראַד אויס חמשה עשר בשבט...) מיט „שלח מנות״, וועלכע באַשטייען פֿון רייז־ברויט באַשמירט מיט האָניק און אַרומגעלייגט מיט פּירות. אויף אַ באַזונדער טאַץ ברענט אַ פֿייער פֿון שמעקנדיקע בשמים. זיי זינגען: „שלום עליכם אליהו הנביא״ און זאָגן „ויתן לך״.

די אַכט טעג פּסח רופֿן זיי „אַנאַסי דאַקאַטשאַ סאַן״, ד״ה „דער יום־טוב פֿון זויערן קריגל״. זיי באַגראָבן אַ קריגל מיט זויערן סאָס אין שפּייכלער און דעם גאַנצן יום־טוב עסט מען נישט קיין ברויט. מער ווייסן זיי נישט; אַז דאָס איז דער יום־טוב פֿון „יציאת מצרים״ האָבן זיי פֿאַרגעסן. (איצט, דאָס הייסט אין דעם לעצטן יאָרהונדערט, זענען שוין דורך אָנגעקומענע רייזנדע אַלע יידי־שע ימים טובים צוריקגעשטעלט געוואָרן לויט דער תורה און מסורה).

און וואָס איז מיט קרבנות?

שוין דער פֿאַקט אַליין, וואָס דער קרבנות־קולט, אין אַביסל געענדערטער

פאָרם, האָט זיך הונדערטער יאָרן געהאַלטן צווישן די „בני ישראל", און איז נאָך איצטער אָנגענומען אין געוויסע קהילות, באַווייזט קלאָר, אַז זייערע עלטערן האָבן ווירקלעך פאַרלאָזט ארץ־ישראל, ווען דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען אין ירושלים.

ווי מיר ווייסן, האָבן די יידן, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן נאָכן חורבן, אָפּגעשטעלט דעם קולט פון קרבנות אין די לענדער פון זייערע גלותן. נאָך מער: ווען די ידיעה פון חורבן איז דערגאַנגען צו די ישובים אין בבל און מצרים, וווּ מען האָט געבראַכט קרבנות כל־זמן דער בית המקדש האָט עקזיסטירט, האָבן זיי דאָס גלייך אָפּגעשטעלט. אָבער צו די „בני ישראל" אין אינדיע, איז נאָך די ידיעה פון צווייטן חורבן נישט דערגאַנגען. דעריבער ברענגט מען קרבנות אין געוויסע קהילות עד היום הזה.

אָבער אין אינדיע זענען קי הייליק און אויך מיט געוויסע מינים פון אַנדערע בהמות טאָר מען זיך נישט שפּילן... האָבן די „בני ישראל" געמוזט דעריבער באַדייטנד ענדערן דעם ריטואַל פון קרבנות, ווי ער איז געבראַכט אין חומש „ויקרא": דאָרט, וווּ מען דאַרף פאַרברענען אַ „קרבן עולה", פאַסט מען 24 שעה און אנשטאָט אַ בהמה אָדער אַ שעפּס, קויפט מען אַ הון אָדער טויב.

אָבער אפילו די דאָזיקע פאָרזיכטיקייט האָט זיי נישט געהאָלפן פון דער שרעקלעכסטער אין אינדיע באַשולדיקונג, אַז די „בני ישראל" האָבן געקוילעט אַ קו אַלס קרבן! סטיימש, אַ „געטלעכע" קו איז געממיתט געוואָרן, — אַזאַ באַליידיקונג פון די בעסטע רעליגיעזע געפילן פון די הינדוסן!

די יידן פון דער שטאָט אַליבאַג, וווּ דער „קו־בלבול" איז פאָרגעקומען, זענען שיעור נישט אויסגעראָטן געוואָרן. זיי האָבן זיך אַלע געמוזט צונויפזאַמלען אויפן מאַרק פון שטאָט (דאָס איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1884, ד"ה אין גאַנצן מיט 64 יאָר צוריק...) און געשוווירן פייערלעך אַז קיינמאָל זענען זייערע עלטערן אָדער זיי אַליין נישט באַגאַנגען אַזאַ באַרבאַרישן אַקט, ווי קוילענען אַ קו... אַזאַ דירעקטע באַליידיקונג פון דער הינדו־רעליגיע וואָלט באמת פאַרדינט אַלע שטראָפן, וואָס מען וואָלט אויף זיי אַרויפגעלייגט...

דער „קו־בלבול" אין אַליבאַג איז נישט דער איינציקער, וואָס די „בני ישראל" האָבן געמוזט אויסשטיין צוליב דעם, וואָס זיי זענען דאָך לאַנגע יאָרהונדערטער אָנגעגאַנגען מיט ברענגען קרבנות און אָט ווי מען איז זיך נוהג מיט אייניקע פון זיי:

1) דער קרבן „שבע תודה": מען ברענגט אים, ווען איינער ווערט אויסגעהיילט פון אַ געפערלעכער קראַנקהייט, אָדער ווערט געראַטעוועט פון אַן אומגליק. דאָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון אונדזער „גומל בענטשן". אין דער מאַ־

דאהיטישער שפראך, וועלכע די „בני ישראל״ באנוצן, טראגט דער קרבן דעם נאמען „כונדאקע נאווע טאבאק״ (א שפייז געפעפערט אין גאטס נאמען). מען פילט אן א פולמעס מיט רייז־ברויט, געבאקן מיט בוימל און פוטער. דאס ברויט איז אויסגעשמירט אין „מאלידא״, א זיסקייט אזא, וואס אויך מאכמעדאנער באנוצן פאר קרבנות. דאס ברויט איז ארומגעלייגט מיט שטיקלעך לעבער פון ציגן אדער שעפסן. א גלאז וויין ווערט אריינגעגאסן אין דער שפייז און אביסל שמעקעדיק ווייראך ווערט אריינגעשאטן און אנגעצונדן... דאס ווערט איועק־געשטעלט אין בית־הכנסת אויף דער בימה (אנשטאט אויפן מזבח) און דער עולם זאגט צוועלף מאל „קריאת שמע״.

דער כהן (אדער חזן) נעמט דאן א שטיקל פון קרבן פאר זיך אליין און א שטיקל גיט ער צום עסן דעם ברענגער. דער לעצטער מוז פאסטן פריער א גאנצן מעת לעת.

2) קרבן נזיר: דער דאזיקער קרבן ווערט געבראכט פון א פרוי, וואס האט צען יאר נאך דער חתונה נישט געבוירן קיין זון פאר איר מאן.

פריער קומט זי אין בית־הכנסת און גיט אפ א שבועה דעם כהן, אז אויב זי וועט געבענטשט ווערן מיט א בן זכר, וועט זי אים ווידמען צו גאט, זיבן יאר וועט א שער נישט קומען אויפן קאפ פון קינד און זי וועט אים האדעווען אין הויף פון גאטס הויז.

און אז א יינגל ווערט געבוירן און נאכדעם, ווי עס ענדיקן זיך זיינע זיבן נזיר־יארן, קומט פאר א גרויסע פייערונג: מ׳פירט דעם בן־זכר אין א פראצעסיע פון קרובים און שטאט־מענטשן אין די טירן פון בית הכנסת. דאן גאלט מען אים דעם קאפ און די אראפגענומענע האר ווערן געוווגן מיט גאלד (אדער זילבער, אויב די פאמיליע איז ארים) און דער באטרעף ווערט אוועקגעשענקט אויף צדקה.

די אפגעשווירענע האר ווערן אריינגעווארפן אין ים, דאן ווערט געקוילעט א ציג און אלע אנוועזנדע באטייליקן זיך אין דער סעודה.

עס זענען נאך פאראן קרבנות פון טהרה (נאכן געבוירן א קינד), פון שולד (קרבן אשם), פון נדר און פון שלום. דער לעצטער ווערט געבראכט דאן, ווען א קריג ענדיקט זיך צווישן צוויי פאמיליעס אדער איינער קויפט א ניי הויז, פעלד אדער גארטן.

ערב יום כפור גיט יעדער פון די „בני ישראל״ איין רופי אלס נדבה. דאס איז דער עקוויוואלענט פון „מחצית השקל״. א רייכער מעג געבן מער און אן ארימאן — ווייניקער. דער, וואס באטייליקט זיך נישט אין דער צערעמאניע, וועלן אים נישט די זינד פארגעבן ווערן...

**
*

ווען מיר וועלן זיך דערמאָנען, אַז די זיבן מענער און די זיבן פרויען, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער צעבראָכענער שיף, האָבן מיט זיך נישט געהאַט די ספר תורה, ווי אויך אַנדערע שריפטן, וואָס זענען דערטרונקען געוואָרן, — וועלן מיר דאַן פאַרשטיין די גרויסע מסירת נפש צו דער רעליגיע פון זייערע אבות, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך, אַנטלויפנדיק פון אַנטיוכוס הרשע.

סיי די פרויען, סיי די מענער האָבן מיט אויסערגעוויינלעכער גבורה פאַר־פלאַנצט אין די הערצער פון זייערע קינדער און קינדס־קינדער די מצוות און מנהגים, וואָס זיי האָבן געזען אין בית־המקדש און אין זייערע אייגענע הייזער. אפילו די מצווה פון נעמען „חלה" האָט זיך באַהאַלטן ביי די פרויען דורך די גאַנצע מער ווי הונדערט דורות...

די לעצטע הונדערט יאָר האָבן זיך די יונגע „בני ישראל" ספּעציאַליזירט אין מיליטער דינסט פון דער אינדישער אַרמיי, אָרגאַניזירט דורך ענגלאַנד. זיי האָבן דאָרט פאַרנומען פירנדע פּאָסטנס און לאַנגזאַם זיך פאַרוואַנדלט אין דער „אַריסטאָקראַטיע" פון דער אַרמיי, אין פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטן און אָפי־צירן.

די קינדער זייערע זענען שוין געגאַנגען אין אוניווערזיטעטן און געוואָרן פּעאיקע דאָקטוירים, אינזשיניערן.

אין לעצטן קריג, צום ביישפּיל, האָט אייזיק עזעקעל פאַרנומען דעם פּאָסטן פון שעף־פּראָפּאַגאַנדע אָפיציר פון דער אַרמיי און חיים ישראל איז געווען דער פּרעסע־שעף פון דער רעגירונג.

דר. מאָזעס איז נאָך איצט דער בירגערמייסטער פון באָמביי. ער איז אַן איבערגעגעבענער ציוניסט און מיטאַרבעטער פון „דזשואיש אַדוואָקייט".

דער זיידע פון דער היינטיקער דירעקטאָרין פון דער „כדורי שולע" אין באָמביי, איז געווען הויפּט־אינזשיניער פון דער שטאָט מייסאָרא און איר פאָ־טער, מר. ראובן, איז געווען דער הויפּט ריכטער פון דער אינדיש־מוסולמאַ־נישער מלוכה דזשאַנאַגאַר.

XXIX

# צווישן פליטים און קינדער

דער לעצטער טאג, וואס איך האב פארבראכט אין באמביי איז געווען פול מיט „יידישע וויזיטן״. אבער ווי פארשידן זענען געווען די אנטיילנעמער אין זיי; טויזנטער יארן האבן זיי צעטיילט סיי אין כאראקטער און סיי אין די פערזענלעכקייטן.

איך זיץ אויף א „קאקטייל־פארטי״, וועלכע עס האט איינגעארדנט פאר מיר דער פרעזידענט פון באמבייער פליטים־קאמיטעט סער דוד עליאה. א טיפיש ענגליש הויז פול מיט אינדישע זעלטנהייטן; רייכע טעפיכער אויף די ווענט און אויף דער ערד. זיין מוטער, — א פרעכטיקע אלטע ליידי אונטערהאלט די געסט מיט סאלאן־געשפרעכן; דינער צעטראגן שטיל און דיסקרעט „דזשין״ מיט אייז. מען דערציילט מיר וועגן די מלחמה יארן, ווען איינינקע הונדערטער דייטשע און פוילישע פליטים האבן דא געלאנדעט. פיל זענען געפארן ווייטער; א קלענערע טייל האט זיך איינגעארדנט און אפילו רייך געווארן. וועגן ארץ ישראל רעדט מען מיט אן אקצענט, דורך וועלכן עס הערן זיך די טענער פון לאנדאנער „דאונינג־סטריט״: פארט איינגעזעסענע ענגלישע אריסטאקראטישע יידן.

אבער אט בין איך אויפן גערוימען גרויסן הויף פון סיר יעקב שאשון, א מין דורכפאר סטאנציע פאר אנגעלאפענע, געיאגטע אריענטאלישע יידן. דא איז שוין א געמיש פון א יריד אויף די אמאליקע ווארשעווער ארימע גאסן מיט א פליטים־לאגער ערגעץ־ווו אין היינטיקן דייטשלאנד.

קינדערלעך אפגעריסענע, אפגעשליסענע, וואס רעדן פארשידענע שפראכן, — מאמעס מיט זויגלינגע אויף די הענט; מאמעס מיט פארחושכטע, פארצערטע און פארלאטעטע פארבנלאזע קליידלעך, וואס שילטן און וויינען און קושן...

צווישן זיי דרייט זיך א מאדנער ייד מיט א לאנגער ווייסער באָרד, — מיט צוויי קעפ העכער פון אלע ארומיקע קבצנים; ווען ער דערזעט אז עס זענען געקומען געסט, צעיאגט ער פריער די קינדערלעך, וואס האבן זיך אנגעהויבן זאמלען ארום אונדז, — לייגט צו זיין האנט צום מויל, הארץ און שטערן אין א טיפישער מזרח־באגריסונג און נאכהער דערלאנגט ער „שלום״. איך וואלט געזאגט, אז ער איז עפעס א פאקיר: זיינע אויגן ברענען אומהיימלעך, אויף זיינע

ליפּן שלענגלט זיך אַ דעמאָנישער שמייכל פון אַן אַלץ־ווייסער. ער קוקט אויף אונדז אַזוי ווי ער וואָלט גאַנץ גוט געקאָנט יעדערן פון דער היים און ווייס אַלע אונדזערע מחשבות. אַזעלכע בליקן שטעלן איך אָפּ אין מיטן גאַנג און דיקטירן פאַרזיכטיקייט. אָט דערלאַנגט ער אונדז אַ ווייסן צעטעלע אין דער פאָרם פון אַ דאָקטאָר־רעצעפּט. עס איז געדרוקט אין צוויי שפּראַכן: ענגליש און מאַראַהי־טיש. די לעצטע איז די אור־אַלטע אינדישע שפּראַך, אויף וועלכער עס רעדן אויך אונדזערע „ברוינע" ברידער, די „בני ישראל". די איבערזעצונג פון דער ענגלישער טייל לייענט זיך אַזוי:

„באַדזשי שעכמור, וועלט־באַרימטער האַרטיקולטוריסט און רוסישער כאַ־קים, וועלכער דערקענט די אינערלעכע קראַנקהייטן פון אַ מענטשן דורך באַ־טראַכטן זיינע אויגן און ליפּן".

אַלזאָ, — מיר האָבן פאַר זיך אַ „כאַקים", אַ דאָקטאָר הייסט דאָס, וואָס שרעקט נישט אָפּ די אָריענטאַלישע פּרוּיען דורך דעם, וואָס ער באַרירט זיי מיט די הענט; עס איז גענוג נאָר אַ בליק צו טון אויף זייערע אויגן און די ליפּן.

פאַר אַ פּאָר סענט לאָזט זיך יעדע פּרוּי, וואָס פילט עפּעס אַ מיחוש אָנקוקן דורכן באַדזשי שעכמור און ווערט געגעזן...

ביי מיר האָט זיך באַקומען אַ פאַרקערטע דערשיינונג. ווען איך האָב אָנ־געקוקט די אויגן און די ליפּן פון ווייסבערדיקן כאַקים האָב איך גלייך און אָן כישוף פאַרשטאַנען זיין קראַנקהייט: ער איז געווען טויט־הונגעריק... האָבן מיר גלייך געקויפט פאַר אים און פאַר נאָך קליינע „פּאַסאַזשירן" מיט גליענדע רויאַ־קע אייגעלעך די זיסע, קלעפּיקע רייז־פּלעצלעך — די אמתע „צפּיחית בדבש", — (און פליגן...) וואָס אָרימע פאַרקויפערינס האָבן אונדז געשטופּט פון אַלע זייטן. נאָכהער פרעג איך דעם פאַקיר, וועלכער רופט זיך „רוסישער כאַקים", צי ער רעדט רוסיש? און צו מיין פאַרוואונדערונג דערהער איך אַן ענטפער מיט אַ זאַפּטיקער ברוסט־אויסשפּראַך פון אַ מאָסקווער „פּאָניע". „אַ קאַקזשע? מי וויעד בוכאַרסקיע"... (וואָס דען? מיר זענען דאָך בוכאַרער). האָב איך שוין הייסט דאָס, דעם שליסל, פונוואַנען די דאָזיקע יידישע עלנטקייט איז זיך דאָ צוזאַמענגעלאָפן. מיר רעדן, פאַרשטייען זיך שנעל, און אָנגעפירט דורכן גע־שמאַק־קייענדן „כאַקים", שלעפּן מיר זיך איבערן אומענדלעכן הויף פון די שאַ־שונס און באַקענען זיך מיט זיינע באַוווינער.

עס איז אַ בילד, וועלכן מען קאָן נישט פאַרגעסן!

די באַראַקעס, אויפגעבויט ווי די אַמאָליקע יידישע סוכות — דריי פּרעמ־דע ווענט און אַ לאָקשן־ברעט — זענען אָנגעשטאָפּט מיט יונגע און אַלטע יידן מיט זייער געפּעק, איינגעוויקלט אין „ראָגאָזשעס" און שמאַטעס. דאָס זענען

די אנטלאָפענע פון אפגאַניסטאַן, ווו די גזלנישע מוסולמאַנישע הערשער (אַפּ־גאַניסטאַן איז אַ פּול־בארעכטיקטער מיטגליד פון דער „יו־ען״...) פאַרפּאָלגן דאָס ביסל אַלט־איינגעזעסענע יידן זייערע מיט אַ שרעקלעכער אכזריות. דאָס אַנט־לויפן פון דאָרטן ווערט באַשטראָפט מיט טויט־שטראָף. און דאָך האָבן זיך מיט מסירות־נפש אַרויסגעריסן פון קאַבול (די הויפּטשטאָט) און פון אַ פּאָר קלע־נערע שטעט — די אייניקע הונדערט יידן, וואָס איך זע דאָ. מיט זיי צוזאַמען זענען אויך געלאָפן אַ ביסל יידן פון בוכאַרע און כיווע, וועלכע זענען געקומען קיין אפגאַניסטאַן דאַן, ווען ראַטנפאַרבאַנד האָט באַהערשט יענע געגנט. דאָס האָבן זיך יענע יידן געוואָלט ראַטעווען פון אַ נייעם רעזשים און לכּוף פאַרביטן אים פאַר אַ פאַנאַטישן גיהנום. איינער פון זיי איז טאַקע אונדזער „כאַקים״, וואָס פאַרשטייט זיך אויף אַלע קראַנקהייטן. דאָס מאָל האָבן אים ביטער אָפּ־גענאַרט זיינע אַליץ־זעענדיקע אויגן...

גייען מיר פון באַראַק צו באַראַק. זאַפּן אין זיך איין די ריחות פון פּוילענ־דע אָרימע קליידער, פון פאַרדומפּטן וועש, פון ביליקן בוימאייל, אויף וועלכן זיי פּרעגלען זייערע רייז־פּלעצלעך און מיר פרעגן:

„אויף וואָס וואַרט איר?״

איבערזעצט אונדז די תשובה זייערע דער ווייסבערדיקער „כאַקים״:

„מיר וואַרטן צו גיין קיין ארץ־ישראל״... אַלע ענטפערן זיי אַזוי, אין פאַר־שידענע וואַריאַציעס, אָבער אין זעלבן זין: „מיר וואַרטן אויף אַן אויסלייזונג, אויף משיחן וואָס וועט אונדז פירן קיין ירושלים״. אַזוי ענטפערט אויך די טונקל־הויטיקע, מיט טויזנט קנייטשן אויפן פּנים, מיט אַ טיכל־פאַרבונדענע יידענע, וואָס רויכערט „קאַליאַן״ פון אַ לאַנגן „ציבעק״. זי קוקט אויס, ווי אַ טיפּ פון אַן אַנדער וועלט — אַזוי מאָדנע איינגעשרומפּן אין אירע נײַנציקער הונ־דערט יאָרן און מיטן פאַרקוועטשטן רערל פון „ציבעק״ אין מויל, — שטאַמלט זי אַרויס איר תשובה: „ירושלים״...

עס איז פּשוט שווער זיך פאָרצושטעלן אָט דעם אויסדויער און ליידן פון אָט די אַלע יידן, וועלכע סימבאָליזירן אַזוי קלאָר, אַזוי בולט אונדזער גלות, ווי קיינער נישט: זיך געשלעפּט טויזנטער מיילן איבער ווילדע בערג און מדב־ריות, דורך פיינטלעכע לענדער מיט בייזע מענטשן און בייזע ווילדע חיות. זיך דערקייקלט אָט דאָ קיין באָמביי שוין מיט צוויי יאָר צוריק. נישט אויסגעפּאַקט דאָס געפּעק, נישט איינגעאָרדנט זיך אונטער אַ דאַך. אין „סוכות״ וווינען זיי, זיצן אויף די „קלימקעס״ און — וואַרטן פול מיט בטחון און אמונה — אויפן מלך המשיח. יאָ! זיי גייען אים אַנטקעגן. אַ לאַנגער, לאַנגער וועג ליגט נאָך פאַר זיי: די שונאים אין דער מלוכה פון פּאַקיסטאַן, די אומענדלעכע מדבריות פון



בני־ישראל־קינדער אין כאדורי־שולע ביי באָמביי (אינדיע)
ד"ר ח. שאָשקעס צוזאַמען מיט דער דירעקטאָרין רבקה ראובני און
פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ צבי צענאָוויטש



מיט אַן אפגאניסטישער יידישער פליטים־פרוי, וואָס רויכערט
א ציבעק „קאַליאַן"

רוצחישן איראַק, — די פאַרפּאָליטיקירטע פּחדנימדיקע ליליפּוטן פון סיריע און לבנון... די מלוכות וואַרטן אָט אויף דער צעקנייטשטער יידענע מיט דער פאַררויכערטער „ליולקע" און אויפן הונגעריקן וויסבערדיקן „כאַקים" כדי זיי צערייבן און צעמאָלן... פון אַ צווייטן באַראַק הערן זיך קינדער־שטימעלעך, מיט וועלכע אַן אַפגאַניסטאַנער מלמד אין אַ לאַנגן טלית־קטן מיט ציצית, וואָס שלעפּן זיך נאָך, לערנט „עברי".

אויך זיי „גייען" שוין צוויי יאָר קיין ארץ־ישראל, אָבער דערווייל, ביז וואָס־ווען, דאַרף מען דאָך חומש לערנען. ביים אריינגאַנג אין אימפּראָוויזירטן „חדר" שטייט אַ יידענע מיט אַ טאָפּ, פון וועלכן עס שלאָגט אַ פּאַרע. דאָס פאַרקויפט זי אַרבעס און באָב די קינדערלעך, וואָס קומען אַרויס פון חדר. אָ, זי זעט אויס כמעט, ווי יענע יידענע ביי וועלכער איך האָב אין מיינע חדר־יאָרן אַרבעס און באָב געקויפט... אויך זי שפּרייזט מיט דער „מחנה" צום צוגע־זאָגטן לאַנד. און פאַראַוויס אין שרעקלעכן מדבר גייט פאַר זיי, ווי אַמאָל: דער „עמוד־הענן" ביי טאָג און דער „עמוד־האש" אין די פינצטערע נעכט...

**
*

מיין פריינט צבי צינאָוויטש, וועלכער באַגלייט מיך אין דעם דאָזיקן ווי־זיט צווישן די אַפגאַניסטאַנער פּליטים — דערקלערט מיר, אַז די „יידישע אַגענץ" האָט שוין צוגעשיקט סערטיפיקאַטן פאַר אַ גרויסן טייל פון די וואַנ־דערער, נאָר דערווייל איז דאָך שווער זיי צו טראַנספּאָרטירן קיין ישראל, ווייל די אַראַבישע לענדער וועלן זיי נישט דורכלאָזן. מען מוז דעריבער וואַרטן ביז אַ שלום וועט איינגעשטעלט ווערן אין נאָענטן מזרח — דעמאָלסט וועט אויך דער טראַנזיט קיין ארץ־ישראל דורך איראַן, איראַק און סיריע רעגולירט ווערן.

נאָך דעם וויזיט אויפן טרויעריקן הויף פון די שאשונס פאָרן מיר אין אַן אַנדער געגנט — צום שול־הויף פון די כדורים, אין פאַרשטאָט מאַזאַגאַאָן, אין באָמביי.

דאָרט ציען זיך לאַנגע געביידעס פון דער שולע אויפן נאָמען פון גרויסן נדבן און גביר סיר אליהו כדורי.

דאָרט לערנען די קינדערלעך פון די „ברוינע" „בני ישראל", פאַר וועל־כע די שולע איז געגרינדעט געוואָרן מיט פיל יאָרן צוריק. די אָנפירערין און דירעקטאָרין פון דער שולע, — איז די מערקווירדיקע פרוי רבקה ראובן, די טאָכטער פון הויפּט־ריכטער פון דער מלוכה דזשאַנאַגאַר. דער נאָמען פון אָט דער אויסגעצייכנטער דערציערין איז באַקאַנט נישט נאָר אין אינדיע. זי האָט זיך איבערגעגעבן מיט אַן אידעאַליסטישן ברען דאָס פאַרשפּרייטן ליכט און

בילדונג צווישן דעם פאַרוואָגלטסטן שטאַם פון אונדזער פאָלק, צווישן די „בני ישראל״.

זעקס הונדערט קינדער לערנען איצטער אין דער שולע, צווישן זיי הונדערט און פופציק הינדוסישע (נישט קיין יידן). אָבער ווען איך גיי איבער די קלאַסן, ווען איך קוק אָן די געזיכטער פון „מיינע״ און „זייערע״ שילער, — געפין איך גאָר קיין אונטערשייד נישט: אַלע ברוין־הויטיקע, מיט שוואַרצע שטייפע האָר מיט אַריסטאָקראַטישע געזיכטס־צוגן פון אַן אַלטן יחוס־שטאַם. נאָר ביי אַ געוויסער צאָל הינדוסישע קינדער זענען אויסגעמאָלט פאַרביקע צייכנס אויפן שטערן, — אַ סימן פון בראַהאַמיסטישער אָפּשטאַמונג.

און די ענטוזיאַסטישע דירעקטאָרין רבקה ראובן, — אַליין ברוין־הויטיק, אָנגעטון אין דער סאַרי־קליידונג פון די הינדוסישע פרויען, — איז דאָ אַן אייגענע — און מיט דעם אפשר דערקלערט זיך איר גרויסער איינפלוס אויף קליינע און אויך אויף גרויסע.

מיר רעדן מיט איר ענגליש, אָבער די שפּראַך אין שולע איז מאַראַהיטיש.

צווישן די פינף און צוואַנציק לערערס און לערערינס איז פאַראַן אַ געוויסע צאָל יידישע. אָבער נישט לויט דער שפּראַך, נישט לויטן פאַרב פון געזיכט אונטערשיידן זיי זיך נישט איינע פון די אַנדערע.

מיר קומען אַריין אין קלאַס פון דער ברוין־חנעוודיקער לערערין הדסה שאַפּורקאַר. זי רעדט אויך העברעאיש.

די קינדערלעך שטעלן זיך אויף און זי זינגט מיט זיי „אין כאלהינו״. אויך די הינדוסישע קינדערלעך זינגען מיט די העברעאישע תפילה. און אַלע טוען אָן דערביי די היטעלעך. די מיידעלעך דעקן צו די קעפּלעך מיט זייערע הענטלעך...

נאָכהער זינגט מען אַ מאַראַהיטיש ליד: עס קלינגט מאָדנע, ווייט און פרעמד. איך הער ווי עס ווידערהאָלן זיך די ווערטער: „אַ־נאַ־די״. די קינדער מאַכן דערביי נענועים מיט די הענטלעך אין אַלע פיר זייטן, ווי מיט אַ לולב. און שאָקלען שפּעטער צו אויבן און אונטן. דאָס איז אַ הימן צו דער נאַטור, צום גליק. אָבער ווי ענלעך זענען די באַוועגונגען צו די, וועלכע מיר מאַכן מיטן לולב און אתרוג. ווייזט אויס, אַז אויך דער אורשפּרונג פון דעם איז געמיינזאַם ערגעץ־ווו ווייט צוריק אין דער גרויער פאַרגאַנגענהייט סיי ביי יידן, סיי ביי הינדוסן.

נאָכהער קומען מיר אין אַ קלאַס ווו מען לערנט העברעאיש לויט לער־ביכער פון ארץ־ישראל. פרוי ראובן דערציילט מיר, אַז זי געפינט זיך אין קאָנטאַקט מיט דר. דושקין אין ניו־יאָרק און אַז אין גיכן וועט זי אַהין אַליין קו־

מען, כדי צו מאָביליזירן הילף פאַר דער שולע, וועלכע איז די לעצטע פעסטונג פון יידישער דערציאונג פאַר די „בני ישראל" קינדער פון באָמביי.

און אונטער די קלאַנגען פון „התקוה", געזונגען מיט התלהבות דורך די שילער און לערערינס צוזאַמען מיט זייערע געסט פון ווייטן אַמעריקע, פאַרלאָזן מיר די טונקעלע קינדער מיט די העלע יידישע נשמות.

און פאַראויס גייט דאָך דער עמוד האש... אומעטום, וווּ עס קלאַפּט נאָך דאָס הארץ פון אַ יידן!

## XXX

# אין פּאַקיסטאַן

איך האָב פאַרלאָזן באָמביי, קאַלקוטאַ און די קלענערע אינדישע שטעט, וועלכע איך האָב באַזוכט, מיט אַ געפיל פון אומבאַפרידיקטקייט: אַזוי פיל איז געבליבן נישט פאַרשטאַנען, נישט אויפגעקלערט; נאָר אַ קאַפּיטשקע אויפגע־הויבן דעם פאַרהאַנג איבער אַ וועלט מיט געהיימנישן... אינדיע האָט מיך פאַר־בישופט און ציט צוריק, ווי אַ מאַגנעט, מיט אירע אומצאָליקע ליידנד־ברענענ־דע אויגן. מיר, אין אונדזערע לענדער, נעמען שוין אָן, ווי אַן אַקסיאָמע, דעם פאַקט, אַז דער הונגער פאַרציקט דאָ מיליאָנען נפשות אין אַ געוועלכן יאָר, אַז הינדוסן און מוסולמענער מעגן זיך שטעכן אין די גאַסן, אָט גלאַט אַזוי אין אַ נאָרמאַלן טאָג; אַז קראַנקהייטן און שמוץ און אָרימקייט פאַרקירצן דעם מענטשנס לעבן צו אַ דורכשניט פון דרייסיק יאָר... אָבער דאָך האָב איך אַרויס־געפילט עפּעס אַ מין געטלעכע שיינקייט אין דער אומעטיקייט פון די בליקן, אין מיסטישן פאַטאַליזם פון די הינדוסן, פאַרקוקטע אין אַ פאַרגאַנגענהייט פון מיליאָנען יאָרן צוריק... און איך געדענק גאַנדיס ווערטער: „וואָס מער מען ליידט, אַלץ גרעסער איז דער פּראָגרעס. אויב מיר ווילן לעבן, מוז מען וואָס מער און טיפער ליידן. דער נאַטור־געזעץ פון וואַקסנדיקן ווייץ איז אַזאַ, אַז די פאַרזייטע קערנער ווערן פאַרניכטעט; די מאַמע ליידט, כדי דאָס קינד זאָל לעבן..." עפּעס איז פאַראַן אין דער פּסיכיק פון הינדוס אַ געמיינזאַמע ליניע מיט אונדזער יידישן קרעכץ, מיטן אָרט דענקען פון די חכמים אונדזערע, וואָס האָבן אונדז געלערנט אַסקעטיזם, איינגעהאַלטנקייט, אויסדויער. „און פון וואַ־

נען ביזטו, מענטשעלע, ארויסגעקומען? פון א פארדומפטן טראָפּן!.. און ווו גייסטו צום סוף? צו א גרוב פול מיט ווערים און שלענגלעך... און פאר וועמען דארפסטו דאָס אָפּגעבן א חשבון וועגן דיינע מעשים? פאר דעם גרויסן גאָט, וואָס האָט באשאפן הימל און ערד״... דאָס איז יידיש, אָבער אויך אינדיש!

***

איצט פלי איך אין דער הויפטשטאָט פון דער שפּאָגל נייער מלוכה, קיין קאראטשי, פּאקיסטאַן.

אייגנטלעך איז פּאקיסטאַן מיט אירע הונדערט מיליאָן איינוווינער נאָך אלץ אינדיע. אין גאנצן מיט א יאָר צוויי צוריק זענען איינגעשטעלט געוואָרן גרעג־נעצן צווישן די אמאָל צונויפגעגאָסענע שטחים פון זעלבן הינדאָסטאַן. אָבער כאָטש פון דער זעלבער ראסע, זענען אָבער די ברידער געשפּאָלטן געוואָרן צוליב פארשידנקייטן: ארום דריי הונדערט מיליאָן הינדוסן פון בראהאמינער, בור־דיסטן און אנדערע גלויבנס האָבן געבילדעט דאָס נייע אינדיע, און קרוב הונ־דערט מיליאָן מאכמעדאנער האָבן געגרינדעט די מלוכה פּאקיסטאַן. עס זענען נאָך געבליבן צענדליקער מיליאָנען מענטשן, וואָס מען האָט ארייננעשפּארט אין די גרענעצן פון די מלוכות קעגן זייער ווילן און קעגן זייער גלויבן. עס זענען נאָך ווארעם די טייכן בלוט, וואָס ווערן פארגאָסן אין די מלוכות קאשמיר, היי־דערבאַר און צווישן די קליינע זעלבסטשטענדיקע מאהאראדזשעס (פּרינצן־הערשער), וועלכע צאפּלען זיך און קעמפן קעגן די קייטן, אין וועלכע „פּאָלי־טישענס״ פוןביידע צדדים האָבן זיי געשמידט, אָבער דאָס זענען דערווייל די לעצטע ראנגלענישן פון ליליפּוטן קעגן טיטאנען.

דער מעכטיקער הינדוסישער פירער פּאנדיט נעהרו האָט אויסגעפורעמט זיין אינדיע, און דער פאנאטיש־שטרענגער דזשינא זיין פּאקיסטאַן. צי די דאָזיקע צעטיילונג וועט אויסהאַלטן די פּראָבע פון דער צייט, דאָס איז שוין אַן ענין, וועלכן איך נעם זיך נישט אונטער איצט צו אנאַליזירן. א פילונג אָבער האָב איך, אז די גרויסע אויפטרייסלונגען אין אזיע, וואָס ציען זיך פון די האָלענדישע אינדיעס אויפן פּאציפיק, שניידן דורך כינע און בורמא און האַלטן איצט אין קלעם פון ספּאזמאטישע אויסברוכן מער ווי א ביליאָן מענטשן, וועלן ווידער אמאָל א שאקל טון די ליימענע גרענעצן צווישן אינדיע און פּאקיס־טאַן: איך וואָלט נישט געוווּנטשן מיר און מיינע גוטע פריינט אַנוועזנד זיין דאָרטן בעת דער דאָזיקער קאטאקליזם פון די אויפגעוואַכטע פעלקער וועט פּאָר־קומען...

אָבער דערווייל פאָר איך אריין קיין קאראטשי, פּאקיסטאַנס הויפטשטאָט.

איך בין גראַד אָנגעקומען דאָרטן אין די טעג, ווען דער איינציק-גרויסער פירער זייערער ניזאַם דזשינאַ האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן און די מורא צו פאַרלירן אים האָט אָנגעפילט מיט אַ תפילה־שטימונג די לופט אין די גאַסן. און איצט איז טאַקע דער חודש ראַמאַדאַן, די „ימים נוראים" פון די מוסולמענער, ווען אַלע פאַסטן פון פיר פאַרטאָג ביז זון־אונטערגאַנג און פון די שפּיצן פון די מינאַרעטן זינגען אומעטיק פסוקים פון קאָראַן באַבערדלטע מועדזינען.

מיין אויטאָמאָביל ווערט דערטרונקען אין שטויב פון גאַסן, איבער וועלכע עס ציען זיך קעמלען, איינגעשפּאַנט אין שווערע וועגענער.

אויפן ביישפּיל פון דער שטאָט קאַראַטשי קאָן מען זיך לערנען, וואָס עס קאָן דערגרייכן דער אייזערנער ווילן פון איין און איינציקן מענטשן, אָט טאַקע פון דעם איצט שטאַרבנדיקן אַזוי אינטעליגענטן פאַנאַטיקער דזשינאַ, ווען ער האָט זיך פאַרנומען אויפבויען נאָך ביים לעבן זיין פאָלק און זיין הויפּטשטאָט. קאַראַטשי איז נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק געווען נאָר אַ פישער־דאָרף מיט באַמבוס־הייזלעך ביים ברעג פון אָקעאַן.

מיט פיר יאָר צוריק האָט שוין קאַראַטשי געהאַט כמעט אַ האַלבן מיליאָן איינוווינער; איצט דערגרייכט זי שוין צו אַ מיליאָן. און שטיינערנע הייזער ווערן געבויט, אַספאַלט ווערט אויפן זאַמד געגאָסן, באַקוועמע האָטעלן וואַקסן אויס נעבן די זאַמדן פון ים.

מען פירט מיך טאַקע צום נאָר וואָס געעפנטן האָטעל „לוקשאַרי ביטש", באַטש דער שאָפער פּרובירט אויפן וועג מיך פאַרקירעווען אין אַ זייטיקער גאַס, ווו עס געפינט זיך עפּעס אַ קליינע אכסניא מיט אַן ענלעכן נאָמען, פון וועלכער ער באַקומט מסתם אין „יד אַריין" פון יעדן געבראַכטן פאַרשויון.

איך קוק אָן דאָס הייזל, ווו ער ברענגט מיך און ווייז אים אָן מיט צייכנס, אַז דאָס קאָן דאָך נישט זיין מיין האָטעל: ער הייסט דאָך גאָר „דער זילבערנער קעמל" און נישט „לוקשאַרי ביטש"...

שרייט דער פּאַקיסטאַנער עפּעס אויף מיר מיט אַ באַנומענער שטימע, אין אַ שפּראַך, פון וועלכער איך פאַרשטיי נישט קיין וואָרט...

צעשריי איך זיך נאָך העכער אין אַ שפּראַך, וועלכע ער פאַרשטייט נישט און לייג צונויף מיינע הענט אין אַ פויסט...

מאַכט ער אויך אַ פויסט פון זיינע הענט און דראָעט מיך, אָבער נאָכהער גיט ער אַ פייף, אַ קרעכץ און פירט מיך ווייטער, טאַקע צו דעם האָטעל, וועלכן איך האָב פאַרשריבן אויפן צעטעלע. נישט איינגעגעבן זיך, הייסט דאָס, דער טריק פון פאַרפירן מיך אין אַ „בערדיטשעווער אכסניא" אין סאַמע קאַראַטשי. אין באָמביי האָב איך באַקומען אַ פּאָר אַדרעסן פון יידן, וואָס וווינען דאָ

און עס דויערט נישט לאנג, ווי איך זיץ שוין אין גארטן פון מארסעל לעווי, דעם מעבל־פאבריקאנט, וואס וווינט שוין דא א יאר צען און האט זיך דערא־בעט צו א פיינעם מעבל־געשעפט און צו אן אייגענעם פאלאצל מיט גערטנער, מיט דינער און מיט אריענטאלישע באקוועמלעכקייטן.

אויסער אים לעבן דא נאך אן אכט יידישע פאמיליעס, מערסטנטיילס דאק־טוירים פון דייטשלאנד און עסטרייך. מען דערלויבט זיי פראקטיצירן אויפן גרונט פון זייערע אלטע דיפלאמען, האבן זיי פרנסה, האלטן זיך צוזאמען מיט דער קליינער נישט־יידישער קאלאניע אייראפעער, און מישן זיך ווייניק אין די אינטערעסן פון וואקסנדיקן פאקיסטאנער פאלק.

מיט א פאר וואכן פריער, איידער איך בין דא געקומען, זענען אין קאראַ־טשי פארגעקומען ערנסטע אומרוען קעגן יידן. מען דארף דערמאנען, אז אווי־סער די אייניקע אייראפעאישע יידן לעבן דא שוין פון לאנגע אומבאוווסטע צייטן די ברוינע יידן, די „בני ישראל", פון זעלבן שטאם ווי די, וואס איך האב געטראפן אין אינדיע.

ארום טויזנט פון זיי, מערסטנטייל קליינע בעלי־מלאכות און קרעמער זע־נען דא געווען איינגעווארצלט ביז פאקיסטאן איז געווארן א מלוכה. אבער זיבן הונדערט נפשות זענען געלאפן קיין אינדיע, נישט זייענדיק בכח איבערטראגן די פאנאטישע שנאה פון די הערשנדיקע מוסולמענער. די באמבייער ברידער, די ברוינע „בני ישראל", האבן זיי אויפגענומען מיט אפענע ארעמס; מען האט די פאקיסטאנער פליטים אריינגענומען אין די הייזער, אין די פאמיליעס; קיי־נעם פון זיי האב איך נישט געטראפן אויפן הויף פון די ששונס אין באמביי, דארט, ווו די אפגאניסטאנער פליטים זיצן אויף זייערע ארימע פעקלעך און ווארטן אויף משיחן. און איצט זענען געקומען די אומרוען: אין א שבתדיקן טאג האבן זיך פאנאטישע המונים אריינגעריסן אין אלטן און איינציקן בית הכנסת פון קאראטשי, צעבראכן די בימה און דעם ארון־קודש, צוגענומען צוויי ספרי־תורהס און געדראט מיט טויט פאר דער „ציוניסטישער מלחמה קעגן איסלאם"... לעבן די איבערגעבליבענע דריי הונדערט נפשות (25 משפחות) אין טויט־שרעק.

דערציילט מיר מארסעל לעווי:

„יענער „שווארץ־שבת" מיט צוויי וואכן צוריק האט אויך אונדז ווייסע אנ־געשראקן. אויף מיין געשעפט, וועלכער איז געווען געשלאסן, האט מען אנגע־קלעפט אנטי־יידישע אויפרופן. אבער עס האט זיך נאר אויסגעלאזן צו שרעק; פאר די „ווייסע" האט מען נאך דערווייל דרך ארץ, אבער אונדזערע „ברוינע" ברידער שלאגט מען און זייער פארמעגן און לעבנס זענען נישט זיכער. די רעגי־רונג האט אפילו געשיקט פאליציי און אפגעשטעלט די רויבעריי פון בית־הכנסת,

אָבער די ספרי־תורהס האָט מען שוין נישט געפונען. עס וואָלט געווען גוט, ווען מיר פאָרן דאָרט איצט צו און איר באַקענט זיך אַליין מיט דער לאַגע".

איך ברען אַזש מיטן באַגער ווידער אַמאָל זיך טרעפן מיט מיינע ברוין־הויטיקע ברידער, וועלכע זענען איצט אין אַן עת־צרה. אפשר קאָן איך זיי העלפן?

פאַרפאָרן מיר צום הויף, וווּ עס שטייט דער ווייס־געמויערטער בית־הכנסת, דאָס הויז פון חכם (חזן־רב) און די מקוה־געביידע.

עס גייט אונדז אַנטקעגן אַ נידעריק געוואַקסענער טונקל הויטיקער ייד מיט אַ שיינער ווייסער באָרד. אין לינקן אויער באַמבלט זיך אַן אוירינגל. דאָס איז דער חכם רבנו דוד ניסים. ער איז געקליידעט אין אַ ווייסן קיטל. דער קאָפּ צוגעדעקט מיט אַ הויכער סאַמעט־שוואַרצער יאַרמולקע. ער לייגט צו זיין האַנט צום האַרצן און צו די ליפּן, ווען ער זאָגט „שלום". ער רעדט העברעאיש מיטן „סין", ווי אַלע יידן פון וייטן מזרח.

„יאָ — זאָגט ער — מיר האָבן טאַקע מורא פאַר אונדזערע לעבנס... נעכטן איז געווען אַן אַסיפה פון די איבערגעבליבענע יידן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, מיר זאָלן גיין קיין אינדיע און פון דאָרט קיין ארץ ישראל. מיר ווייסן, אַז עס איז אַ לאַנגער און שווערער וועג, אָבער דער רבונו של עולם, וואָס האָט אונדז אָפּגעהיט אַזוי פיל טויזנטער יאָרן, וועט דאָך נישט דערלאָזן, אַז מיר זאָלן אומקומען גראַד איצט, ווען די גאולה איז געקומען... ווייל מיר זענען אָרימעלייט און האָבן נישט אויף הוצאות, האָבן מיר אויך באַשלאָסן פאַרקויפן אָט דעם בית־הכנסת מיט אַלע איבעריקע קהלשע געביידעס און צעטיילן דעם פאַרמעגן די אויסוואַנדערער..."

מאַרסעל לעווי, וועלכער פאַרשטייט נישט קיין העברעאיש און קאָן אויך נישט מאַראַהיטיש, די מוטער־שפּראַך, וועלכע די „בני ישראל" רעדן צווישן זיך, ווערט אויפגעציטערט, ווען איך איבערזעץ אים די רייד פון דעם „חכם" און זייער באַשלוס אויספאַרקויפן דעם קהילה־פאַרמעגן און זיך אַוועקלאָזן אין ווייטע וועגן...

ער האַלט, אַז מען טאָר נישט דערלאָזן צו אַזאַ נישט אָרגאַניזירטער ליקווידאַציע פון אַ קהילה, וואָס עקזיסטירט שוין טויזנט יאָר און אפשר נאָך לענגער.

אויך איך מיין, אַז אַזאַ אַקט דאַרף אָנגענומען ווערן נאָר מיט דער איינשטימונג פון דער „יידישער אַגענץ" און בשום אופן נישט אונטערן דרוק פון פּאָגראָם־שרעק.

זאָג איך דאָס דעם „חכם", ענטפערט ער, אַז זיי וואָלטן דאָ נאָך געבליבן אַביסל צייט ביז מען וועט דירעקט און אָן סכנות קאָנען פאָרן קיין ישראל,

אָבער זיי ווילן, אַז די רעגירונג דאָ זאָל גאַראַנטירן, אַז דערוויייל וועט זיי גאָר־נישט געשען.

פאַלט מיר פּלוצלינג איין אַ געדאַנק: „פאַרוואָס זאָל איך טאַקע אַליין נישט פּרובירן אַ רעד טאָן מיט די רעגירונגס־פירער. רעפּרעזענטיר איך דאָך אַ וויכטיקע אַמעריקאַנער אינסטיטוציע פאַר פּליטים, און אַמעריקע האָט נאָך אַלץ גרויס אָנזען אין פּאַקיסטאַן?״

אָבער דער גרויסער דזשינאַ איז דאָך טויט־קראַנק. פאָר איך צום פּאַלאַץ פון זיין פאַרטרעטער, צום פּרעמיער־מיניסטער ליאַקוואַט־אַלי־כאַן. אַזוי האָט מיר געעצהט מאַרסעל לעווי, וועלכער גיט מיר אויך זיין אויטאָמאָביל און שאָפער. דער „חכם״ וועט וואַרטן אויף מיין אינפאָרמאַציע. ער זאָגט, אַז ווען איך וועל קומען צוריק, וועט שוין זיין מנחה־צייט, וועלן זיין נאָך אַביסל יידן: זאָלן זיי אַלע הערן די תשובה פון זייער הערשער.

אין פּאַלמען־פּאַרק, אַנטקעגן דעם רעגירונגס־פּאַלאַץ נעמט מען אַראָפּ פון די גראַניט־פּאָסטומענטן די בראָנזענע פיגורן פון אַמאָליקע ענגלישע גענעראַלן און אַדמיראַלן. אינגיכן וועט מען אויף די זעלבע פונדאַמענטן אַוועקשטעלן די דענקמעלער פון די נייע העלדן און הערשער, פריער פאַר אַלץ פון דזשינאַ אין זיין באַראַשקענעם היטל און ביזן קראַגן פאַרשפּילעטן מוסולמאַנישן סורדוט. וועגן אַזעלכע ענדערונגען אין אַמאָליקן אינדיע האָבן נישט געחלומט נישט די קייזערין וויקטאָריאַ און נישט די פּלעיאַדע פון אירע געניאַלע אימפּעריאַליסטן־מיטאַרבעטער...

איך וואַרט אַ גוטע פאַר שעה ביז איך ווער „דורכגעזיפּט״ דורך דריי סעק־רעטאַרן און אַנערקענט אַלס ראוי צו רעדן מיטן פּרעמיער־מיניסטער. ענדלעך גייט ער אַריין אין וואַרט־צימער, אַ קיילעכדיקער, אַ דיקער, אָנגעטאָן אין אַ פאַרביקן כאַלאַט און אין אַ היטעלע פון ווייסן קאַראַקול־פעל. ער אַנטשולדיגט זיך, וואָס צוליב „תענית״ האָב איך געמוזט לאַנג וואַרטן; ער האָט זיך גע־דאַרפט טובל זיין — זאָגט ער — איידער ער האָט געקאָנט צובייסן זיין פאַר־נאַכט־מאָלצייט. ער פאַסט שוין אַזוי, און צוזאַמען מיט אים זיין פאָלק, דעם פערצנטן טאָג, אַזוי פאַרזיכערט ער מיר, כאָטש קוקנדיק אויפן קיילעכדיקן געזיכט און אומגעהויערן בויך, גלויבט זיך גאָרנישט, אַז דער פּרעמיער פאַסט תעניתים...

אין זייער אַ פאַרזיכטיקער שפּראַך דערגיי איך צום ענין, וואָס אַ טראָ־ריזירטע גרופּע פון זיינע בירגער, וועלכע זענען די עלטסטע עטנישע באַזונ־דער טייל פון לאַנד, קלייבט זיך אַנטלויפן און פאַרלאָזן פּאַקיסטאַן נאָך כמעט צוויי טויזנט יאָר פון לעבן דאָרטן. צי קאָן זיין עקסעלענץ פאַרזיכערן אָט די



ד״ר ח. שאָשקעס מיטן רב פון דער קהלה אין קאַראַטש

(פאַקיסטאַן) **רבנו נתן**



אויפן שול־הויף אין קאַראטש אין דער באַגלייטונג פון 2 פאַקיסטאַנער זעלנער, וואָס היטן דעם מקום־קדוש קעגן אָנפאַלער

מוזעאום־זעלטנהייט, דאָס ביסל „בני ישראל" זייער לעבן און פאַרמעגן?
איך באַמערק, ווי דער פּרעמיער הערט אויף צו זיין אָפיציעל העפלעך און הייבט אָן צו רעדן מיט אַ קענטבאַרער עמאָציע:
„יאָ! מען האָט מיך שוין אינפאָרמירט, אַז די „בני ישראל" ווילן אַנטלויפן און מיט דעם מאַכן אַ שלעכטן נאָמען אונדזער יונגער מדינה. איר דער ערשטער וועט דאָך פּראָטעסטירן אין אַמעריקע. איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז זייער שרעק איז איבערגעטריבן. קיין פּאָגראָמען ביי אונדז וועט מען נישט מאַכן. אָט דעם זעלבן טאָג, ווען די אָנגעלאָפענע פון אינדיע מוסולמענער האָבן, זוכנדיק פאַר זיך וווינונגען, פאַרנומען די סינאַגאָגע, האָבן זיי אויך באַזעצט די ווילא פון מיין אייגענעם פינאַנץ־מיניסטער, וועלכער איז גראַד נישט געווען אין שטאָט.
„פאַרשטייט זיך, זענען מיר אין ענין פון פּאַלעסטינע געאייניקט מיט אַלע מוסולמענער אין דער וועלט, אָבער דאָס איז נאָר אַ פּאָליטישע סימפּאַטיע, אָן שום פּראַקטישע פאָלגן. מיר קלייבן זיך נישט דערקלערן מלחמה די ציוניסטן דאָרטן און אונדזערע אייגענע יידן דאָ... איך וועל אַוועקשטעלן אַ מיליטערישע וואַך אַרום סינאַגאָגע־הויף אויף גאַנצע טעג און נעכט און קיינער, אחוץ יידן, וועט דאָרט נישט אַריינגעלאָזן ווערן. איר קאָנט זיי דאָס פאַרזיכערן אין מיין נאָמען. און פאַרגעסט נישט, מיר האָבן נאָך אַזוי פיל אייגענע זאָרגן: הונדערטער טויזנטער מוסולמאַנישע ברידער אונדזערע זענען שוין ביז איצט דערמאָרדעט געוואָרן דורך הינדוסן און, ווער ווייס, וויפיל מיליאָנען וועלן נאָך אָפּגעווישט ווערן אויף די גרענעצן צווישן אונדזערע מלוכות... זענען מיר דען פאַראינטערעסירט אין פאַרגרעסערן אונדזערע צרות?"

***

איך פאָר צוריק צום בית־הכנסת איבערגעבן מיין געשפּרעך דעם חכם. עס איז שוין נאָך מנחה. מיטן „חכם" זענען געבליבן וואַרטן אַ יונגער יידישער רעגירונגס־אינזשעניער מיט אַ טונקעלן פּנים און אַזאַ ליכטיקן שמייכל און אַ ייד מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, וואָס שטאַמט פון בוכאַרע און רעדט רוסיש.
איך שטיי מיט זיי אין דעם קליינעם בית־הכנסת, וווּ די ליכט זענען אָנגעצונדן און וואַרפן אַזעלכע אויסטערלישע שאָטנס אויף די ווייסע ווענט.
די גאַנצע סיטואַציע פון היינטיקן טאָג זעט מיר אויס ווי אַ נישט־וואָרשיינלעכער חלום. אַזוי האַרציק, אַזוי פאַרשטענדלעך מישן זיך צונויף העברעאיש, ענגליש, רוסיש און די שפּראַך, וואָס זיי רעדן צווישן זיך: מאַראַהיטיש. וואָס מיר שפּראַך, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דער אונטערשיד אין אונדזער

געזיכטס־קאליר? יידן זענען מיר, בני אברהם, יצחק ויעקב, פאר עשון האבן מיר דא מורא... קיין מדינת ישראל שטרעבן מיר מיטן פולן בטחון, אז דארט וועט נישט ישמעאל און אויך נישט עשו שרעקן מער...

א טונקל־קופערנע זון פארגייט אין ים און צינדט אן זיינע וואסערן. מיר גייען לאנגזאם אנטקעגן דעם כשוף פון די גרינע שטראלן, וואס פארוואנדלען זיך אין א דורכזיכטיקער נאכט...

א, ברידער מיינע אין וויטן פאקיסטאן: וועלכע זונען באלויכטן אייך איצטער? וועלכע מדבר־שטויבן וויקלען אייערע פיס, אזוי אויסגעמאטערטע אין מארש פון יארטויזנטער?

# דער סוף פון א וואנדערונג

איך הויב אן מיין וועג צוריק אהיים, קיין ניו־יארק... חול המועד פסח בין איך ארויסגעפלויגן פון ניו־יארק קיין סאן פראנציסקא און פון דארטן דורכן פאציפיק קיין אויסטראליע. איצט, נאך פיר חדשים וואנדערן איבער שיינענדע און אומוואַרשיינלעכע לענדער און ימים קער איך זיך אום צוריק מיט אן אנדער וועג און אויף אזא אופן רינגל איך ארום דעם ערד־קוגל.

מיין חשובער פארגעגנער רבי בנימין מ׳טודעלא האט אין צוועלפטן יאר־הונדערט דורכגעמאכט זיין בארימטע רייזע אויף א קלענערער שטרעקע אין דרייצן יאר (1160 — 1173) דערפארן ביז אינדיע, געוועזן דער ערשטער ייד, וואס האט באזוכט די ברוינע „בני ישראל״ דארטן און איבערגעלאזן זיין כראניק „מסעות רבי בנימין״ אלס א זכר און וועגווייזער לדורות. א סך זאכן האבן זיך געענדערט אויף אונדזער וועלט אין משך פון די לעצטע ניין הונדערט יאר... עס זענען, צום ביישפיל, אנטדעקט געווארן נייע וועלט־טיילן: אמעריקע און אויסטראליע. מיר פארן שוין נישט מיט פרימיטיווע קליינע זעגל־שיפן, נאר פליען מיט מעכטיקע עראפלאנען. אבער אין אייניקע ווייטע מזרח־לענדער, אין פערסיע, בבל, אינדיע, למשל, איז די לאגע פון די יידן געבליבן אזוי שפל־דיק, נישט זיכער, ווי זי איז געוועזן בעת דער רייזע פון ר׳ בנימין מ׳טודעלא. אפטמאל, ווען איך האב געהאלטן זיין קליין ביכעלע פאר די אויגן, האב איך

געהאַט אַ פאַרלאַנג פאַרצווזעצן שרייבן די שורות דאָרטן, ווו ער האָט זיי געענ־דיקט מיט ניין הונדערט יאָר צוריק... אָט דאָס איז די קללה פון גלות! און עס איז גוט צו דערמאָנען זיך וועגן דעם אין אַ יאָר, ווען פון מערב באַווייזט זיך פאַר די יידן אין יענע לענדער די גרויסע באַפרייאונגס־ליכט (ארץ־ישראל איז אין מערב זייט פאַר זיי, אין מזרח זייט פאַר אונדז).

אָבער דאַן, אין יענע אַלטע גרויע צייטן האָט ר׳ בנימין מטודעלאַ געקאָנט אריינפאָרן קיין ירושלים, כאָטש עס זענען געווען די גרויזאַמע יאָרן פון די מסעי־הצלב, פון די קרייץ־צוגן, און איצט האָב איך אַזאַ מעגלעכקייט נישט גע־האַט: צווישן די מאַכמעדאַנישע לענדער און ישראל איז בעת מיין איצטיקער רייזע קיין גרענעץ נישט געווען, נאָר אַ מיליטערישער פראָנט און כדי אים אי־בערצושפרייזן, דאַרף מען זיין באַוואָפנט מיט אַ ביקס און נישט מיט קיין פאַס־פאָרט, מעג ער זיין אפילו פון יחסנדיקן אמעריקע...

און כאָטש איך האָב אין משך פון לעצטן יאָר באַזוכט ארץ־ישראל אויף מיין רייזע קיין אפריקע, איז מיין בענקעניש נאָך אַמאָל דאָרט אריינצופאָרן און, ווי שטענדיק, אביסל „חיות” אָנשעפן, געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב פּרובירט אפילו אומלעגאַלע פּלענער אָנווענדן... אָבער זיי האָבן זיך אַלע צע־בראָכן הינטער דער אייזערנער וואַנט פון רעאַליטעט: דורך דער פראָנט־ליניע קאָן קיינער, אויסער די מיליטערישע „יו־ען”־באַאָבאַכטער, זיך נישט דורכ־קריכן...

אמעריקאַנער דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער האָבן מיך בפירוש געוואָרנט, איך זאָל זיך נישט צופיל וואַרפן אין די אויגן, ווען דער אעראָפּלאַן וועט זיך פאַרהאַלטן אין באַגדאַד און דמשק, ווייל עס האָט שוין אייניקע מאָל געטראָפן, אַז מען האָט דאָרט אַרעסטירט יידן מיט אַמעריקאַנער פּעסער, ווייל מען האָט זיי פאַרדעכטיקט אין שפּיאָנאַזש. אַ גוטער פריינט האָט מיך אפילו באַזאָרגט מיט אַ גריכישער פּרעסע־קאַרטע, וועלכע זאָל מיך אין אַזאַ פאַל פון סכנה פאַר־היטן פון אַרעסטירט צו ווערן. גריכנלאַנד איז דאָך אויף זייער זייט... אָבער איינס איז קלאָר געווען: איך האָב קיין ברירה נישט און מוז דורכפאָרן סאַי אי־ראַק, סאַי סיריע, כאָטש עס זענען דאַן געווען די ווירקלעך הייסע טעג פון זייער מלחמה מיט ישראל.

אָט מיט אַזאַ אומרואיקן געפיל פון דערוואַרטונג האָב איך אין אַ בלווילעכן פרימאָרגן פאַרטאָג פאַרלאָזט דעם לופט־פּאָרט אין קאַראַטשי, פּאַקיסטאַן, און געפלויגן איבער פּערסיע אין דער ריכטונג פון באַגדאַד.

מיט אַ יאָר צען צוריק האָב איך דורכגעשפּאַנט סאַי פּערסיע, סאַי איראַק אין דער לענג און אין דער ברייט. געפאָרן דאַן איבער די גרויזאַמע בערג און

געזאלצענע מדבריות מיט א קליינעם אויטאָמאָביל און טאַקע א סך געזען און באשריבן. איצט אָבער זע איך גאָרנישט, אויסער די מיט שניי באדעקטע שפּיצן פון די אייביקע בערג, איבער וועלכע עס האָבן מאַרשירט אלעקסאנדער דער גרויסער און כורש מלך פּרס, און דאָרטן אין די שטיינערנע פאלדן פון די באַר־גיקע װענט האָבן זיי די געשיכטע פון זייגע נצחונות אויסגעקריצט. מיין האַרץ אָבער קלאַפּט מיט בענקשאַפט און א ברכה פאַר די ברידער אונדזערע אין טע־העראַן, האמאדאן (שושן־הבירה), קערמאנשאך און קאנאקין, וועלכע קרעכצן שטום אונטערן בייטש פון אונטערדריקער...

מיר פליען איבערן מדבר, לאָזן זיך אראָפּ נידעריק צווישן די טייכן פּרת און חדקל. דאָ איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון אדם הראשון, פון דער ציוויליזאציע, וועלכע מיר געדענקען, פון רשעותדיקן בבל... און אָט ביי די ברעגעס פון די טייכן אין בבל האָט דאָך יחזקאל זיין כישופדיקע וויזיע געזען, ווי די טרוקענע ביינער, צעוואָרפן אין מדבר, פאַרוואַנדלען זיך אין א מחנה, אין א פאָלק... און פון דאַנען האָבן דאָך עזרא און נחמיה די יידן פון גלות בבל געפירט.

אין באגדאד, אויפן לופט־פלאַץ, מאַכט מען נישט קיין שטערונגען: איך ווייז זיי די וויזע, וועלכע איך האָב נאָך באַקומען מיט א נס אין אויסטראַליע און זיי טשעפּען זיך נישט מער צו מיר. זיי פרעגן נאָר מיין רעליגיע. „איך בין אַן אָרטאָדאָקס" — ענטפער איך גלייכגילטיק און זאָג דערביי קיין ליגן נישט... יידן, דאַרפט איר וויסן, אפילו מיט אַמעריקאַנער פּעסער, באַקומען נישט איצ־טער די איראַקישע וויזע. דאָס מאָל ציט מיך אפילו נישט דער לעגענדאַרער באגדאד, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך זיינע איצטיקע הערשער אין א תליה־זומפּ פאַר מיינע ברידער.

מיר פליען ווייטער איבערן מדבר ארם־נהרים, אויפן וועג קיין דמשק. זעלטן ווען מען זעט א סימן פון לעבן אין משך פון דריי שעהדיקן נידעריקן פלי איבער דעם מאַנאָטאָן־געלן ים פון זאמד. מאַכט איר צו די אויגן אויף א מינוט, זעט איר אין אייער דמיון, ווי נבוכדנצרס סאָלדאַטן שלעפּן אין קייטן גע־שמידטע, אין גלות־בבל אריין, דעם יידישן קעניגלעכן הויף, אונדזערע טויזנ־טער קינסטלער און מייסטערס, די בעסטע זין פון יהודה... און מיט זיבעציק יאָר שפּעטער „טאָפּטשען" די זאמדן צענדליקער טויזנטער יידישע פּאָלקס־מענטשן, צו וועלכע די בשורה פון כורש איז דערגאַנגען און זיי גייען צוריק קיין ירושלים, דעם בית המקדש אויפצושטעלן. און הינטער מיר ליגן אין רואינען די הענגענדע פאלאצן פון בבל און אַנטקעגן מיינע אויגן גייט אויף אין שיי־נענדן ראַם פון שנייען די גאָלדענע זון איבער די שפּיצן פון בארג חרמון. מיר זענען אין דמשק. א חלום פון דריי טויזנט יאָר דורכגעלעבט אין משך פון דריי־שעה...

נאָר וואָס איז דאָס? ווי נאָר דער אעראָפּלאַן לאַנדעט, לויפט אונדז אַנט־קעגן עפּעס אַ מיליטער־מאַן און שרייט אויס אין פראַנצויזיש, מיר זאָלן וואָס שנעלער אַרויסשטייגן פון דער קאַבינע, ווייל עס איז אַ לופט־אַלאַרם: מען דער־וואַרט אַ באָמבאַרדירונג פון ישראל־אעראָפּלאַנען... אונדזער פּילאָט פאַראָרדנט איבערלאָזן דעם באַגאַזש און אים נאָכפאָלגן. איך בין געווען דער איינציקער ייד אין דער קאַבינע און פאַר מיר איז דער אַלאַרם נישט געווען קיין שרעק, נאָר אַ בשורה, אַ נייער קאַפּיטל תהילים, וועלכער הויבט זיך אָן מיט די ווער־טער „למנצח להגנה"...

אזוי פיל פרעמדע אעראָפּלאַנען זענען שוין געפלויגן איבער מיינע קעפּ און מיך געשראָקן אין משך פון ביידע וועלט־מלחמות, זאָלן כאָטש איצטער די מעטאַלענע פליגלען פון ישראל־באָמבערס אַ פייער־גרוס ברענגען... צו אַזעלכע „פייגל" ווילט זיך זינגען צוזאַמען מיט ביאַליקן: „הכניסיני תחת כנפך", נעם מיך אין שוץ פון דיינע פליגלען, זיי פאַר מיר אַ מאַמע און אַ שוועסטער...

אַלנפאַלס בין איך אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ געפיל פון פרייד און שטאָלץ אַנשטאָט דעם געוויינלעכן געפיל פון שרעק, וועלכער כאַפּט אַרום, ווען מען דער־הערט אַ לופט־אַלאַרם.

אין רעסטאָראַן, ווו עס לויפן זיך צונויף אַלע, וואָס האָבן זיך דאַן געפונען אויפן דמשקער לופט־פעלד (קיין שוץ־קעלער איז נישט געווען) טרעפן זיך אַלע מיליטערישע, ציווילע באַאַמטע און פּאַסאַזשירן פון די אָנקומענדיקע אעראָפּלאַ־נען. עס הערשט אַ גרויסע אויפרעגונג. ביי אונדז נעמט מען גלייך צו די פּעסער־און מען טראָגט זיי אוועק אין „זיכערהייטס־אַמט"... פאַר דעם האָב איך טאַקע מורא געהאַט. ווער ווייס, אפשר וועט מען זיך אָנהויבן „טשעפּען"?... דער „אַלאַרם" דויערט כמעט אַ שעה, בעת וועלכן פאַרשידענע קלאַנגען, איינער פאַנטאַסטישער פאַר דעם אַנדערן, טראָגן זיך איבערן גרויסן זאַל. די מזרח־פאַנטאַזיע אַרבעט.

אַרום אונדזער טיש, ווו איך זיץ צוזאַמען מיטן אַמעריקאַנער פּילאָט און נאַוויגאַטאָר, זאַמלען זיך אייניקע סירישע זשורנאַליסטן, וועלכע עס האָט אומ־פאַרזיכטיקערהייט געבראַכט צו אונדז דער אָרטיקער פאָרשטייער פון דער אַמע־ריקאַנער לופט־ליניע.

זיי ווילן וויסן פון אונדז, וואָס טראַכט זיך אַמעריקע? פאַרוואָס דערלויבט זי די „פרעכע ציוניסטן" אַזוי טעראָריזירן „פרידלעכע איסלאַמישע שטעט". דער פּילאָט פון אעראָפּלאַן, אַ יונגערמאַן אַ לץ, וועלכער ווייס זייער גוט, ווער איך בין, דערלויבט זיך אויף אַ ריזיקאַלישן שפּאַס; ער ווייזט אָן אויף מיר און זאָגט: „אָט בעסטן וועט אייך דערקלערן אַמעריקעס שטעלונג אָט דער פּראָמי־

נענטער זשורנאַליסט, דער פאָרשטייער פון דער גריכישער פרעסע אין ניו־יאָרק..."

כאָטש עס איז מיר קאַלט געוואָרן פון דאָזיקן „שפּאַס", האָב איך שוין אָבער געמוזט אַריינקריכן אין דער פעל, וועלכע דער וויציקער פּילאָט האָט אויף מיר אַרויפגעצויגן.

א שפּיציקער יונגערמאַן מיט שוואַרצע וואָנצעס און פרעכע אויגן איז דער „ראש המדברים". עס איז דער דמשקער קאָרעספּאָנדענט פון לאָנדאָנער „דעיר לי־מעיל", מסיע נורי כאַלדי.

ער קאָכט זיך: „די פאַרשאָלטענע אַראָפּלאַנען פון טרומאַניא ווילן אונדז דערשרעקן... נאָר מיר וועלן קעמפן ביזן לעצטן אַראַבישן סאָלדאַט. די ציוניסטן זאָלן פאַרלירן... היינט האָבן מיר גענומען „ראש־פינה" און געפונען דאָרטן מער ווי זעקס הונדערט יידישע טויטע קערפּערס..."

איך פּרוביר פרעגן פּאָרזיכטיק: „וואָס מיינט איר מיטן וואָרט טרומאַניא?"

„אָ, דאָס מיין איך די אַזוי גערופענע ציוניסטן־מלוכה, וועלכע איז דאָך דאָס ווערק פון אייער פּרעזידענט טרומאַן".

איך טראַכט זיך מיר: אַ מכה אויף דיין שאַרלאַטאַנישן צינגל: נישט ראש־פינה האָסטו גענומען! און נישט יידן זענען די זעקס הונדערט געהרגעטע פון היינטיקן טאָג. דו ווילסט קעמפן ביזן לעצטן אַראַבישן סאָלדאַט. אדרבא, וועד דאַרף דען סאָלדאַטן אין די אַראַבישע לענדער?..."

אָבער לפּנים האָב איך אים אויפמערקזאַם אויסגעהערט, אפילו געשמייכלט, אָבער פאַר איין זאַך האָב איך ווירקלעך מורא געהאַט: טאָמער פאַלט איין אײ־מיצן פון די אַנוועזנדע אַ פרעג טון מיך עפּעס אין גריכיש... איך וואָלט דאָך דאַן אַריינגעפאַלן אין אַ צרה.

אַן אַנדער סיריער באַרימט זיך מיט די חכמות פון זייער פאָרשטייער אין דער „יו־ען", על־קורי, וועמען ער האַלט פאַרן בעסטן רעדנער. ער דערציילט על־קורים וויץ וועגן דעם, ווי אַזוי די יידן ווילן איצט „אויסנאַרן" פּאַלעסטינע: „אמאָל איז איינער געקומען צו זיין פריינט און געבעטן אים לייען צען דאָלאַר. דער פריינט האָט געהאַט נאָר פיר דאָלאַר, האָט ער דאָס אים נעגעבן. אָבער יענער בעל־דבר האָט טאַקע צוגענומען די פיר דאָלאַר און דערביי אַ זאָג גע־טון שטרענג: גוט, איצט נעם איך וואָס דו האָסט, די איבעריקע זעקס דאָלאַר קומסטו מיר..."

אַלע לאַכן און איך בתוכם...

דער „אַלאַרם" ענדיקט זיך, מען גיט אונדז אָפּ די פּעסער געשטעמפּלט

דורך דער זיכערקייטס־פּאָליציי. געלויבט השם יתברך! מען קאָן שוין ווייטער פליען.

דורך די פענצטערס פון עראָפּלאַן דערזע איך דעם כרמל; איך דערזע מיין „צוגעזאָגט לאַנד", אָבער אריינקומען אין איר קען איך נישט... אַ פראַנט ליגט צווישן אונדז ביידן...

ווייסט איר דעם טעם פון איבערשפּרינגען איבער ארץ ישראל און נישט האָבן די מעגלעכקייט דאָרט צו שטעלן אַ פוס?

**
*

פליי איך איבערן אינדזל ציפּערן, ווו עס שמאַכטן טויזנטער יידן ביי די טויערן פון ישראל, פאַרצאַמט דורכן אויסגעקראָכענעם „בריטיש ליאָנס"; פאַר־האַלט איך זיך ביים „גאָלדענעם האָרן" אין באָספאָר און עס שפּרייט זיך אויס פאַר אונדז די פּראַכטפולע פּאַנאָראַמע פון סטאַמבול, אַמאָל קאָנסטאַנטינאָפּאָל. יאָרן לאַנג איז די טערקישע אימפּעריע פון די סולטאַנען געווען דער „קראַנקער מענטש" פון אייראָפּע, ביז זי איז זיך ווירקלעך צעפאַלן אויף שפּענדלעך און פאַררוקט געוואָרן אַלס פּראָווינצער מלוכהלע אין אַ ווינקל פון אַזיע. קומט אויפן זינען די אַנאַלאָגיע מיט ענגלאַנד, די איצט קראַנקע וועלט־אימפּעריע, וואָס ווערט צעפאַלן אויף שטיקער און פאַר אונדזערע אויגן...

נאָכהער פליען מיר איבער די באַלקאַנישע לענדער הינטער דעם „אייזער־נעם פאָרהאַנג": יוגאָסלאַוויע, בולגאַריע, רומעניע, אונגאַרן... מיר שטעלן זיך אין ערגעץ נישט אָפּ, ווייל די אַמעריקאַנער לופט־ליניעס האָבן דאָרט קיין „לייסענס" נישט.

אומפאַרגעסלעך איז דער פלי איבער דער שווייץ, וועלכע באָדט זיך יענעם פרימאָרגן אין אַ ים פון זונען־ליכט: עס זעט אַלץ אויס, ווי אויף אַ צעשפּריי־טער געאָגראַפישער קאַרטע, די בערג מיט שניי באַדעקט, די גרינע טאָלן און די מאַלערישע ליליפּוטן־שטעטלעך.

און גלייך בייט זיך די פּאַנאָראַמע איבער דער פלאַכער פאַרשאָלטענער ערד פון דייטשלאַנד.

אָ, פאַרוואָס זענען זיי דאָרט נישט איינגעזונקען געוואָרן, ווי קורח? מיט פרייד וואָלט איך באַגריסט אַ געזאָלצענעם מדבר אַנשטאָט דעם טעוטאָנישן שטח צווישן דער שווייץ און בעלגיע.

אַ טאָג אין בריסל, אַ טאָג אין פּאַריז, אַ טאָג אין לאָנדאָן... מיט 35 יאָר צוריק האָב איך מיט אַ ציטערדיקער פרייד פון יונגער דערוואַרטונג באַגעגנט

יעדן פרימאָרגן דאָרטן, און עס איז אַ שאָד געווען יעדער אָוונט, ווען ער האָט נישט געשווימט מיט ווײַן און מיט געזאַנג. הײַנט ווײס איך שוין, אַז קיין שום בײַעס וועלן פאַר מיר נישט אַנטדעקן די אומעטיקע שטעט פון דער אויסגע־לעבטער זקנה־אייראָפּע; איך בין צופרידן וואָס שנעלער אָפּרוען מיט מײַן בליק בעתן פלי איבערן אַטלאַנטיק צוריק קיין אַמעריקע.

ווידער ניו־יאָרק: געענדיקט מײַן קרײַז אַרום דער וועלט! ווי ווײַט זענען, דוכט זיך, די טעג, ווען איך האָב די רײַזע אָנגעהויבן אין זוניק־גליקלעכן האָ־נאָלולו מיטן בלומען־קראַנץ אויפֿן האַלדז און מיט דער פּאָלינעזישער ברכה „אַלאָהאַ!״

*****

מען דערציילט, אַז ווען אַלעקסאַנדער דער גרויסער האָט פאַרענדיקט זײַן וועלט־דעראָבערונג, האָט ער זיך צעוויינט אין אָנוועזנהייט פון זײַנע גענע־ראַלן.

— פאַרוואָס וויינסטו, מעכטיקער הערשער?

— ווײַל עס זענען נישטאָ שוין מער קיין אַנדערע וועלטן צו דעראָבערן

— האָט געענטפערט אַלעקסאַנדער...

איך בין נישט אָבער קיין תלמיד פון מוקדונישן אַלעקסאַנדער, נאָר פון מײַן לומדישן טאַטן ר׳ אברהם זצ״ל. ער האָט מיך געלערנט נאָך יעדן סיום גלײַך אָנהויבן אַן אַנדער סדר משניות, אָדער ווידער אַמאָל די גמרא־ברכות. נאָכן חזק, ווידער אַמאָל פון בראשית... און אַזוי טו איך טאַקע!

I

# דרום־אַפריקע

ווען מיין שלימזלדיקער צוויי־מאָטאָרדיקער עראָפּלאַן האָט זיך געטראָגן פון נייראָבי, קעניאַ, אין דער ריכטונג פון יאָהאַנעסבורג האָבן מיר געדאַרפט איבערשפּאַנען די קייט פון בערג מיט זייער העכסטן שפּיץ, קילימאַנדזשאַראַ, וועלכער איז קרוב צוואַנציק טויזנט פוס הויך.

מיר זענען געבליבן נאָר פינף פּאַסאַזשירן, נאָכדעם ווי אַלע איבעריקע האָבן געלאַנדעט אין כאַרטום.

ווען מיר זענען געפלויגן איבער די בערג, האָט אָנגעהויבן אַזוי צו שלייערן, אַז מיר זענען אַלע געבליבן צוגעשמידט צו די שטולן און מיט שוואַכע הענט זיך געקלאַמערט צו די אייזערנע זיץ־פּלעצער, אַזוי ווי זיי וואָלטן אונדז געקאָנט ראַטעווען פון אַרונטערפאַלן, חלילה...

אָבער דאָ עפנט זיך די טיר פון דער פּילאָטן־קאַבינע און עס קומט פון דאָרטן דער פּליער, וועלכער האַלט זיך קוים אַליין אויף זיינע פיס. ער ווענדעט זיך צו אונדז בזה הלשון: מיר מוזן זיך אויפהויבן זייער הויך, כדי אויסצומיידן די דאָזיקע אומאָנגענעמע טרייסלונג. מיר פליען איצט איבערן עקוואַטאָר און דאָ טרעפן זיך אומפאָראויסגעזעענע וועטער־דערשיטערונגען. אָבער ביים אויפהויבן זיך וועט ווערן זייער קאַלט. די הייצונגס־סיסטעם אין אונדזער עראָפּלאַן אַרבעט נישט, מוזט איר זיך דעריבער גוט איינדעקן מיט די קאָלדרעס, וואָס ליגן דאָ. וויקלט זיך איין אין צוויי אָדער אפילו דריי קאָלדרעס... לאָזט איבער נאָר אַ שטח אויפן געזיכט, כדי צו קענען אָטעמען. עס וועט זיין זייער קאַלט, אָבער עס וועט מער נישט דויערן ווי אַ שעה. נאָכהער וועלן מיר זיך ווידער אַראָפּלאָזן.״

באַלד ליגן מיר איינגעשרומפּענע און איינגעפּאַקטע אין וואָלענע קאָלדרעס. די פענצטער פון עראָפּלאַן ווערן באַדעקט מיט דיקן אייז. עס הערט טאַקע אויף צו וואַרפן, אָבער דערפאַר ציטערן מיר אין פראָסט. עס איז אויך נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען, ווייל אויף אַזאַ הויך הויבט אָן אויסצופעלן זויער־שטאָף.

אָבער אונטער אונדז אויף דער ערד איז די היץ אומדערטרעגלעך, זי

שטייגט איבער די הונדערט גראד... די מינוטן ציען זיך ווי אן אייביקייט. איר קלערט וועגן דער גרויסער נארישקייט, וואס איר האט אפגעטון, באנוצנדיק א נישט־רעגולערע פלי־ליניע. אבער פון דער אנדערער זייט קאנט איר נאך דער־ווייל נישט באנוצן די נארמאלע מאדערנע ליניעס פון ישראל קיין זיד־אפריקע.

ענדלעך פליען מיר ווידער איבערן מדבר; מיר פאקן זיך אויס פון די קאלדרעס, מיר אטעמען לייכטער און דורך די פענצטער, וואס ווערן שוין דורכ־זיכטיקער, זעען מיר די בארימטע רואינען פון דער אוראלטער בושמענישער קולטור. עס ליגן צעווארפן אין די זאמדן ריזיקע איבערבלייבענישן פון פעס־טונגען, וועלכע דער אמאליקער אפריקאנער מענטש האט געבויט. דאס איז נאך געווען דאן פארן מבול, ווען די איצטיקע ליליפוטן בושמענער, מיט די געשוואָ־לענע בייכער און הונגעריקע אויגן, זענען געווען די בעלי בתים פון קאנטינענט. זיי זענען געווען הויך און שלאנק, געפירט א קאמף אויף לעבן און טויט מיט די גיגאנטישע עלעפאנטן, אדער מיט די נאך מער געוויקסיקע חיות פון רעפטיליען־טיפ; דאס איז אלץ געווען דאן, ווען דער נאקעטער מענטש איז באוואפנט גע־ווע מיט שטיינערנעם געווער, און אויך מיט א מאלער־פענזל; אין די היילן, וו אט דער מענטש האט געוווינט, טאקע דא אונטן, וו מיר פליען איצט, האט מען אנטדעקט יענע געהיימנישפולע צייכענונגען פון חיות און מענטשן, וועלכע זענען פארשוווּנדן געווארן נאכן מבול...

***

ענדלעך אין א שפעטער אוונט־שעה באוויזן זיך די פארביקע פייערן פון יאהאנעסבורג; קיין שום ישוב פארמאגט נישט אזעלכע פיל־פארביקע גאסן־לאמטערנעס, ווי די דאזיקע „גאלדענע" שטאט: בלויע, רויטע, געלע, גרינע, ברענען זיי אונטן, ווי א סימבאל פון לאנד, וו קאלירן שפילן אזא טראגישע ראל. איך מיין: קאלירן פון די מענטשן, וואס באוווינען זיד־אפריקע. א קאליר פון הויט באדייט דאך דא אזוי פיל...

איך בין שוין צום צווייטן מאל אין דעם דאזיקן לאנד, אבער איך ווייס, אז אין משך פון מיין צוויי־יאריקער אפוועזנהייט האט זיך דא געביטן דער רעזשים: עס האט פארשפילט די וואלן דער ליבעראלער פעלד־מארשאל סמוטס און עס הערשט אין לאנד דער נאציאנאליסט דר. דניאל מאלאן.

דער קאמף צווישן די קאלירן איז דעריבער נאך שארפער און בולטער.

אבער אויך איצט, ווי דאן, פרעגט מען מיך ביים אראפשטייגן, צו וועלכער ראסע איך געהער: צו דער אייראפעאישער, קאלירטער אדער העברעאישער. און אויך איצט, אזוי ווי דאן, פיל איך א באגרינדעטע באליידיקונג אין דעם דאזיקן אויסטיילן די „העברעאישע" ראסע אין פראגע־בויגן. און איך ענטפער:

„אײראָפּעאישער העברעער". צוליב אונדזער טובה וועגן זענען אַזעלכע פּראָגעס נישט באַשאַפן געוואָרן, און אַלס אַ צולייג צו די אויפטרייסלונגען פון שווערן פלי, מאַכט עס נאָך שווערער מיין געמיט...

אָבער דאָ קומט דער ערשטער שטראַל פון פרייד אין ווייטן לאַנד: איך דערזע, אַז עס וואַרט אויף מיר אויפן אַעראָדראָם מיין פריינט אבעל שאבאַן. עס ווערט שוין פיל לייכטער אויף דער נשמה: פּאַרט נישט איינזאַם.

איך האָב טאַקע נישט געוווּסט גענוי, ווען דער אַעראָפּלאַן וועט אָנקומען, אָבער אויף יעדן פאַל האָב איך שאבאַנען טעלעגראַפירט מיט וואָס פאַר אַ ליניע איך פלי. האָט ער זיך מי געגעבן, אויסגעפונען, ווו דער אַעראָפּלאַן האָט זיך געפונען די גאַנצע צייט פון פלי, אָפּגעוואַרט אַ פּאָר שעה אויפן פלי-פעלד און זיך דערוואַרט.

נאָך אַזאַ וואַנדערער, ווי איך בין, ווען עס קומט אויס אָפּטמאָל אַריינ־פאָרן אין ווילד-פרעמדע פלעצער, ווייס דעם פולן טעם פון „הכנסת אורחים". איר מעגט זיין באַזאָרגט מיט די בעסטע האָטעלן, איר מעגט האָבן גענוג געלט פאַר באַצאָלן די שענסטע מאָלצייטן אָדער פאַרווייליונגען, אָבער דאָך פילט איר זיך איינזאַם אָן אַ היימישן מענטשן, אָן אַ פריינטלעכן טיש און אַ וואַרעמער סביבה.

און דאָס טאַקע האָט באַוויזן דער פאָלקס-מענטש אבעל שאבאַן, פון וועלכן עס אָטעמט עפּעס אַרום אַזאַ אָפּטימיסטישע שבת-יום-טובדיקייט.

און איידער איך האָב דורכגעמאַכט אַלע אַריינפאָר-פאָרמאַליטעטן אין דאָ־זיקן לאַנד, ווו זיי געדויערן זייער לאַנג, האָב איך פון צווייטן זייט באַריער גע־דאַרפט נאָר אָנקוקן דאָס פריינטלעך-לאַכנדיקע געזיכט פון שאבאַנען, כדי צו פאַרגעסן די נאַטירלעכע מידקייט און וויסן, אַז עס דערוואַרטן מיך אין זיד־אַפריקע וואָכן פון דערפאָלג און חברישער סביבה.

⁂

אַז מען איז אין דרום-אַפריקע אינעם לאַנד פון גאָלד און דימענטן — ווילט זיך זען די „לאַבאָראַטאָריע", ווו דער בורא עולם באַהאַלט זיינע אוצרות און מענטשן זוכן אַלע תחבולות זיי אַרויסצובאַקומען.

נישט קוקנדיק אויף די נייע עקאָנאָמישע טעאָריעס, — טיילווייז פאַר־ווירקלעכטע דורכן ראַטנפאַרבאַנד און, להבדיל, דורך היטלערן — אַז די אמתע רייכקייט ליגט אין דעם מענטשנס אַרבעטס-קראַפט און נישט אין אַ גאָלד־דע־קונג פון פּאַפּירענע באַנקנאָטן — איז נאָך גאָלד אַלץ אַן ענין, אַרום וועלכן מענטשן און פעלקער דרייען זיך אין אַ ווילדן שדים-טאַנץ...

דער נאַרישער קעלבערנער פּרצוף פון „עגל הזהב" שטייט נאָך אַלץ אינ־

מיטן פון די פעלקער־אינטערעסן און ווער עס האט די מטבע, די גאָלדענע, האָט נאָך אַלץ די דעה.

בין איך דאָך איצט אין יאָהאַנעסבורג, ווו אין א ראַדיוס פון אייניקע צענדליק מייל האָבן זיך צעלייגט די רייכסטע גאָלד־גרובן אין דער וועלט, פון וועלכע מען האקט אויס די שטיינער באדעקטע מיטן כשוף־שטויב, מיט די בליש־טשענדיקע אָדערן, וועלכע ווארפן ארויס פינף און דרייסיק פּראָצענט פון דער גאַנצער וועלט־פּראָדוקציע אין גאָלד. נאָך מיט א צוואַנציק יאָר צוריק איז די נאָרמע פון גאָלד דאָ געווען גאַנצע פופציק פּראָצענט פונעם כדור־הארץ, נאָר נאכהער האָבן די רוסן פארשטארקט זייערע גאָלד־מינעס אין אַלטאַי און די אמעריקאַנער האָבן זיך א נעם געטון צו אַלאַסקאַ, אויך אויסטראַליע איז נישט אָפּגעשטאַנען — האָט זיך דעריבער דער פּראָצענט פון דרום־אַפריקע אין דער אַלגעמיינער גאָלד־פּראָדוקציע אביסל פארקלענערט. אָבער דאָך ווערט נאָך אַלץ דאָ אין דרום־אַפריקע, אויסגעאַרבעט אַזוי פיל ריין גאָלד, ווי אין אַמעריקע, קאַנאַדע, רוסלאַנד און אויסטראַליע צוזאַמענגענומען.

אינגאַנצן איז דאָס גאָלד, וואָס מען באַקומט אַרויס יערלעך פון די טיפע־נישן פון אונדזער ערד, עפּעס ווייניקער ווי א ביליאָן דאָלאַר, אָבער ווי איר ווייסט, איז דאָס ווייט נישט געגוג, און די אונטערערדישע ווירטשאַפטלעכע קאַנאַלן האָבן א מאָדנע אייגנשאַפט איבערצוטראַנספּאָרטירן דעם טייערן מע־טאַל נישט צו דער „באַנק אָוו ענגלאַנד״, נאָר אין די טיפענישן פון פאָרט נאַקס, אין צפון־אַמעריקע.

אָט דאָ, דוכט זיך, גראָבט מען דאָס גאָלד טיף־טיף אין די שטיינערנע בעטן פון דער ענגלישער אימפּעריע, און נאָך לאַנגע גלגולים און וואַקלענישן, דרייענישן, מלחמות, מערדערייען און שפּעקולאַציעס, זעט מען זיך אַרום, אַז די אויסגערייניקטע און ראַפינירטע גאָלד־ציגל ליגן פאַרשלאָסן אין די בעטאָ־נירטע קעלערן פון פאָרט נאַקס... אַזוי איז דאָס שוין אין אונדזער וועלטל. און ווען דער „באָס״ בעווין האָט נישט לאַנג צוריק אַרויסגעזאָגט זיין „גועניאַלן״ געדאַנק, אַז עס איז א גרויסער יושר, אַז מען זאָל די גאָלדענע אוצרות פון פאָרט נאַקס צעטיילן צווישן די מלוכות פון אונדזער וואונדערשיינער וועלט, האָט זיך דערהערט אַזאַ מעפּיסטאָפעלשער געלעכטער פון אַרבע פּינות העולם, דאָס איר מעגט זיכער זיין, אַז דער גיגאַנטישער „עגל הזהב״ וועט נאָך לאַנג ליגן באַגראָבן אין די זיכערע טיפענישן פון דער פעסטונג אין קענטאָקי.

*
**

עס האָבן זיך געפּאָדערט א ריי פּערזענלעכע און טעלעפאָן געשפּרעכן ביז די „ראָבינסאָן גאָלד־מיין״ האָט מיר מיטגעטיילט, אַז פּרייטיק פרי איז זי גרייט

מיך מיט אַ גרופּע פּרײַנט אַרײַנצולאָזן אין די גאָלד־גרובן צו קוקן װי די אַרבעט גײט צו.

װען אונדזערע אויטאָמאָבילן פֿאָרן אַרײַן אין הויף פֿון די מינען, װערן מיר גלײַך איבערגעגעבן אין די הענט פֿון אַ גרופּע שװאַרצע דינער, װעלכע העלפֿן אונדז זיך אײַנגאַנצן איבערצוטון — אַפֿילו אונדזערע העמדער לאָזן מיר איבער — אין דער ספּעציעלער קלײדונג, װעלכע דאַרף אונדז באַשיצן פֿון די היצן, װאַסערן, װינטן און שטײנער, װאָס קענען אונדז פֿאַלן אין קאָפּ.

איך האָב געהאַט גלײַך פֿון אָנפֿאַנג דעם אײַנדרוק, אַז מיר גרײטן זיך צו דער אומפֿאַרגעסלעכער רײזע אין בויך פֿון דער ערד, װעלכע דער אַלטער זשול װערן, האָט מיט אַזאַ רעאַליסטישער פֿאַנטאַזיע, אָפּגעדרוקט אין מײַן זכרון.

אָנגעטון אין דיקע װאָלענע העמדער, אין פֿאַרשפּילטע לעדערנע שעפּסן־פּעלצלעך, אין הױכע גומענע שטיװל, אויפֿן קאָפּ אַ מעטאַלענע קאַסקע, אין האַנט אַ קאַרביט־לעמפּל, װאָס װעט באַלײַכטן די פֿינצטערע הײלן, װוּ קײן עלעקטרישע ליכט איז נאָך נישט אײַנגעאָרדנט — הױבן מיר אָן אונדזער װײזיט אין די געהײמנישפֿולע געדערים פֿון דער מאַמע־ערד, דאָרט װוּ אומענדלעכע מינעראַלישע פּראָצעסן האָבן אײַנגעפֿעדעמט דעם פֿאַרשאָלטענעם מעטאַל, פֿאַר װעלכע מענטשן בוקן זיך, פֿירן מלחמות און פֿאַרגיסן בלוט...

מיר װעלן דערגרײכן די טיפֿעניש פֿון צען טױזנט פֿוס! דאָס דוכט זיך אויס כמעט אומרעאַל אין פֿאַרגלײַך מיטן ייִדישן שפּריכװאָרט פֿון „ליגן נײַן אײלן אין דער ערד”... די דערװאַרטונג פֿון ליגן דאָרט אַזש צען טױזנט פֿוס אין דער ערד איז װערט דעם ציטער מיט װעלכן מיר גײען אַרײַן אין דער ערשטער װינדע, װאָס װעט אונדז אַראָפּלאָזן ביז די נאָענטסטע גאַלערײען.

דער הױכער דאַרער אינזשעניר, װעלכן די „קאָמפּאַני” האָט באַשטימט ער זאָל אונדז װי געהעריק דערקלערן דעם גאַנצן פּראָצעס פֿון גאָלד־גראָבונג, נעמט זײַן אױפֿגאַבע זײער ערנסט, אַביסל שױן צו־ערנסט. ער פֿאַרגעסט, אַז מיר זענען אײגנטלעך נאָר נײַגעריקע באַזוכער, װאָס זענען נישט געקומען זיך לערנען באַרג־אינזשינעריע, און אין משך פֿון פֿיר שעה מאַטערט ער אונדז מיט טעכנישע טערמינען און ציפֿערן, פֿון װעלכע דער מוח פּלאַצט. אגב אַז מען פֿאָרט אַלץ טיפֿער און טיפֿער, װערט די לופֿט ענגער, קלאַפּט שטאַרקער דאָס בלוט אין די שלײפֿן, װערט סײַ װי סײַ דער מוח אָפּגעשװאַכט און קען נישט באַגרײַפֿן די מאַטעמאַטישע פֿאָרמולעס, װעלכע דער פֿירער אונדזערער צײכנט מיט קרײַד אויף די שטײנערנע װענט.

שװאַרצע, נאַקעטע קערפּערס בײטן זיך פֿאַר די אױגן; דאָס שטופּן זײ װאַגאָנדלעך מיט שטײנער, דאָס בױערן זײ מיט שאַרפֿע עלעקטרישע שפּיזן אין

די ווענט, דאָס לאָדן זיי אָן די אַרומגעהאַקטע צעשמעטערטע פעלזן אין די ווינ־דעס, וואָס שלעפּן זיי אַרויף צום סאָרטירן.

זיבן טויזנט שוואַרצע פון אַלע שבטים, וועלכע זענען אַמאָל דאָ געווען די הערשער פון דעם קאָנטינענט, אַרבעטן אַכט שעה אַ טאָג און באַקומען פאַר דעם פון צוויי ביז דריי שילינג (דורכשניטלעך פופציק אַמעריקאַנער סענט...) אַ טאָג.

אביסל ווייסע, אפשר אַ צוויי־צענדליק, זענען די מעכאַניקער, — פאַכלייט און ווירטשאַפט־פירער; זיי באַקומען ווייניקסטנס צען מאָל אַזוי פיל אין דורכ־שניט, ווי דאָס שטאָלצע אייניקל פון די זולוסן אָדער האָטענטאָטען.

ביי דער טיפעניש פון פיר טויזנט פוס ווערט שוין זייער הייס, אָבער מעכטיקע ווענטילאַטאָרס יאָגן געפּרעסטע לופט אין די קאָרידאָרן און עס שאַפט זיך אַ זעלטענע געלעגנהייט צו כאַפּן אַ לונגען־אָנטצינדונג: שווייס גיסט זיך פון פּנים טייכנווייז, אָבער אַ שאַרפער „צוג״ טריקנט אויס דעם שווייס אין פּעריאָ־דישע שטראָמען.

מיר זעצן זיך איבער אין אַ מאָדנעם שטייג, וואָס הייסט דאָ, און מיט רעכט, „זשיראַף״. זי איז טאַקע ענלעך צו יענער משונהדיקער חיה מיטן אויס־געצויגענעם האַלדז, וועלכן איך האָב נישט לאַנג צוריק מיט אַזאַ פאַרגעניגן אָנגעקוקט אין פרייען ווילדן פעלד.

דער „זשיראַף״ פירט אונדז אין דער קרום, אונטער אַ ווינקל פון 35 גראַד, ביז די צען טויזנט פוסיקע טיפעניש. דאָרט שטייגן מיר אויס און הייבן אָן אָטעמען, ווי אַ דערשטיקטע גאַנדז. דער צופלוס פון פרישער לופט איז דאָ שוואַך: מיר שלעפּן זיך מיילן דורך בלאָטיקע וואַסערן און פינצטערע קאָרידאָרן. צוליב אונדזער כבוד ווערן האָט מען דעם וועג אויסגעשטעלט מיט שוואַרצע אַר־בעטער, וועלכע האַלטן ברענענדע פאַקעלן פון קאַרביט. די טעמפּעראַטור דער־גרייכט ביז הונדערט פאַרענהייט און מיר זענען פאַרשפּילעט אויף אַלע קנעפּ און אין שווערע גומענע שטיוול...

עטלעכע פון אונדז האַלטן ביים חלשן, גיט מען זיי שמעקן פלעשלעך מיט „האַרץ־טראָפּנס״ (אַמאָניאַק). מען רייבט זיי דאָס פּנים מיט זאַלץ און און מען לאָזט זיי זיצן אויף די אויסגעהאַקטע גאָלד־שטיינער אונטערן שוץ פון אַ שוואַרצן מיט אַ פאַקעל... זאָלן מיר חלילה איינעם פון אונדז דאָ פאַרגעסן און איבערלאָזן, וועט ער שטאַרבן פון הונגער צווישן בערג מיט גאָלד... „נאַ פרעס אונדז, גריזשע אונדז״ — דאַכט זיך רייצן זיך די ווענט מיט די גאָלדענע אָדערן — ווען איינער אַ שוואַכערער פון אונדזער גרופּע מוז זיך אָנשפּאַרן אָן וואַנט און קאָן שוין ווייטער נישט גיין.

ווענד איך זיך צו אונדזער פירער, וועלכער דערציילט מיט אַזאַ הנאה, ווי

אַזוי מען וועט דאָס אַט טאַקע דאָ, האָקן אַלץ טיפער און טיפער — אַ רעקאָרד וועט מען ברעכן, אַבי גאָלד זאָל דאָ זיין! זאָג איך צו אים:

— מיסטער וואַן־זיל! איך בעט אייך לאָמיר שוין אויפהערן צו טיאָפּקען אין דער גאָלדענער בלאָטע! מיר האָבן גענוג געזען! אפשר וועט איר אונדז אַרויספירן אויף דער פרישער לופט?

אַרום זיך דערזע איך דאָס ביסל דאַנקבאַרע געזיכטער פון די איבערגע־בליבענע אין אונדזער גרופּע: זיי אַלע האָבן דאָך געטראַכט דאָס זעלבע, אָבער זיך געשעמט אַרויסצוזאָגן אויפן קול; ספּעציעל ליידן די דריי בעלגישע פליער פון דער ליניע „סאַבענאַ"; זיי קלאָגן זיך, אַז אין דער הויך פון דרייסיק טויזנט פוס פילן זיי זיך בעסער, ווי צען טויזנט פוס אין דער געשטיקטער טיפעניש.

קוקט אונדז אָן מיסטער וואַן־זיל מיט באַדויערן.

— וואָס? — זאָגט ער — איר ווילט אַרויסגיין פון דאַנען איידער נאָך איר האָט אָנגעקוקט אונדזער שולע פאַר גאָלד־גרעבער — די טיפסטע שולע אויפן ערד־קוגל? אגב קאָן מען איבערהויפּט איצט זיך נישט אויפהייבן, ווייל די ווינדע וועט קומען אונדז נעמען אין אַ שעה אַרום. פריער קאָן זי אונדז נישט דערגרייכן...

דערהערט, אַז מיר האָבן סיי־ווי־סיי קיין ברירה נישט, שלעפּן מיר זיך ווייטער אין דער ריכטונג צו דער שולע.

עס עפענען זיך פאַר אונדז שווערע שטאָלענע טירן, ווי אין אַ באַנק־קאַסע. הינטער זיי זעען מיר נאָר שטיינערנע ווענט און רינשטאָקן מיטן שמוציקן וואַסער.

אָבער אָט דאָס וואַסער אַנטהאַלט דאָס געוואָשענע גאָלד־שטויב. פון שמוציקן וואַסער וועט דאָס אַרויסגיין אין דער פאָרם פון ריינעם גאָלד... נישט אַלע אַרבעטער ווערן דאָ צוגעלאָזן, נאָר אַזעלכע, וועלכע מען קאָן גוט געטרויען.

דאָ ווערן געגראָבן נייע אוצרות. שווערע קלעצער שפּאַרן אונטער די סאָ־לידע שטיינערנע סופיטן מיט די כשופדיקע פאַסן. קלינגענדיקע האַמערס זינ־גען דאָ אַ ליד פון נצחון און — גאָלד. מיר ווערן באַדעקט מיט אַ פרישן שטויב; מיר אָטעמען מיט גאָלד!

אָבער דאָך ווערן מיר כמעט ווי דערשטיקט, ביז מען שלעפּט אונדז אַריין אין עפּעס אַ הייל, וווּ עס דערגייט פון ערגעץ אַ שטראָם פרישע לופט.

אַן אומגעוווינלעך בילד אַנטדעקט זיך פאַר אונדז פּלוצלינג אין שוואַרצן חלל! באַלויכטן מיט שאָקלענדיקע פייערן זיצן ביי די ווענט אויף הילצערנע בעטן אייניקע צענדליק גלאַנציק־שוואַרצע נאַקעטע יינגלעך.

אינמיטן שטייט אַ הויכער, מוסקולערער זולוס מיט אַ געקרייזלטן קאָפּ־האָר און הילצערנע אוירינגלעך אין די משונהדיקע אויסגעצויגענע אויערן־לעכער.

דאָס איז די שולע פאַר קוואַליפיצירטע גאָלד־גרעבער — די טיפסטע שולע אין דער וועלט — ווי וואַן־זיל האָט זיך אויסגעדריקט.

דער שוואַרצער „פּראָפעסאָר" (איך וואָלט מיט אים מורא געהאַט צו בלייבן ערגעץ־ווו אויג אויף אויג) שטעלט זיך פאָר אַלס פּאַטריק מאַ־קאַאיזי, אַ פּרינץ פון די נאָבעלע האָטענטאָטן. ער רעדט אַביסל ענגליש, אָבער די שפּראַך פון זיין לעקציע איז פאַנאַקאַלאַ, דאָס איז אַ נייע דערפינדונג, אַ מין „עספּעראַנ־טאָ" פאַר די אַרבעטער אין די גאָלד־מינעס. זיי קומען דאָ פון קרוב פופציק פאַרשידענע שבטים; יעדער מיט זיין שפּראַך, וועלכע דער אַנדערער פאַר־שטייט נישט. האָט מען דעריבער געמוזט שאַפן עפּעס אַ געמיינזאַמע רעדעריי, וועלכע זאָל זיין פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען, און דאָס איז פאַנאַקאַלאַ. די הויפּט־שפּראַכן וועלכע זענען דאָ צונויפגעמישט זענען זולו, סעסוטאָ, מפּאָנדאָ און קסאָזאַ. פאַרשטאַנען? איך — גאָרנישט!

הערן מיר אויס אַ לעקציע פון דעם האָטענטאָטישן „פּראָפעסאָר". איך קוק אויף זיינע דיקע רויטע ליפּן, וואָס קענען נישט פאַרדעקן די ווייסע שאַר־פע ציין און עס עגבערט מיר איין געדאַנק: ווען האָבן זיינע טאַטעס און זיי־דעס צום לעצטן מאָל אָפּגעלעקט אַביינדל פון אַ מענטשלעכער „פולקע"? און וויפל איז אמת אין דעם באַגריף וואָס האָט מיר איינגעפלאַנצט אין שולע און אין ליטעראַטור איבער דער „האָטענטאָטישער מאָראַל", וועלכע דריקט זיך אויס אין דעם באַוווסטן „פּסוק":

„גוט איז, ווען איך עס די ין ווייב — שלעכט אָבער איז, ווען דו קאָכסט אָפּ מיין ווייב?"

אָבער, ווען איך האָב זיך צוגעקוקט נענטער צו די עקסטאַטיש־אָפענע אויגן פונעם רעדנער און זיינע צוהערער, ווען איך האָב באַטראַכט אַלץ מער מיט סימפּאַטיע די געזיכטער פון די יונגע אויפמערקזאַמע שוואַרצע יונגע שילער, בין איך געקומען אַלץ מער צו דער איבערצייגונג, אַז די אַזוי גערופענע „האָ־טענטאָטישע מאָראַל" איז לייכטער צו געפינען ערגעץ־ווו אין מערב־אייראָפּע אָדער אין לאַטיין־אַמעריקע, איידער אָט ביי די דאָזיקע פאַר פופציק סענט אַ טאָג פאַרקנעכטעטע יורשים פון די אַמאָליקע אַפריקאַנער חשובע באַלעבאַטים. דאַכט זיך, אַז אויך איך האָב עפּעס געלערנט אין דער שול, וואָס ליגט צען טויזנט פוס אונטער דער ערד...

***

אויסגעשעפּטע, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, שלעפּן מיר זיך אַרויף אויף דער ערד־פלאַך.

עס ווערט אויף אונדז א הייסע באַד און מיר וואַשן זיך גוט אַרום פון דעם שווייס און שטויב, וואָס עס ווערט געשאַפן דורכן „גאָלד־קדחת".

גראָד איז היינט געווען א קראַך אויף דער בירזשע. די אַקציעס פון א געוויסער גאָלד־געזעלשאַפט, וועלכע געהערט צו א משומד (אָבער די גויים באַטראַכטן אים אַלס יידן) זענען שטאַרק געפאַלן — אָנגעווווירן כמעט צוויי דריטל פון זייער ווערט — און טויזנטער קליינע מענטשעלעך אין דער גאַנצער וועלט זענען בדיל־הדל געוואָרן.

פאַר אונדז יידן איז דער היזק א דאָפּלטער: נישט נאָר האָבן א סך קליינע קאַפּיטאַליסטן פאַרלוירן זייער פאַרמעגן, נאָר אין טויזנטער גויישע הייזער שילט מען יענעם „בלאַדי דזשו", — דעם משומד להכעים — אַז דאָס איז ער און די אַנדערע יידן שולדיק אין די אַלע אומגליקן, וואָס באַפאַלן אונדזער וועלט...

און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די „טעאָריע פון גאָלד" האָב איך געלערנט ביי אַזעלכע גרויסע פּראָפעסאָרן ווי טימיריאַזעוו, סאַבאַלעוו און פאָמין, בין איך אַליין נישט קלוג צו פאַרשטיין, פאַרוואָס איז אַזוי נייטיק פאַר דעם גליק פון דער מענטשהייט, אַז דאָס גאָלד פון יאָהאַנעסבורגער טיפענישן זאָל זיך דערקייקלען צו די טיפענישן פון פאָרט נאָקס אין קענטאַקי, און צוליב אָט דעם שווערן פּראָצעס, וואָס דויערט א סך יאָרן, זאָלן זיך מענטשן הענגען, שיסן, מלחמות פירן און באַנוצן שקלאַפן־אַרבעט!...

יאָ, איך בין איצט אין א לאַנד פון גאָלד און דימענטן: מיט זיי איז דאָ פול די ערד. ווי שטייט ערגעץ אין איוב: „ארץ אבניה ספיר ואפרות זהב לה" (א לאַנד וווּ אירע שטיינער זענען פון דימענטן און גאָלדענעם שטויב פאַרמאָגט זי).

היינט טאַקע בין איך געווען אין דער שטילער, פּראָווינציעלער הויפּט־שטאָט פּרעטאָריאַ.

דאָרט האָב איך געטראָפן די דימענטן, וועגן וועלכע מיר האָבן אַלע געלערנט אין שול — די גרעסטע בריליאַנטן אין דער וועלט. אָט ליגט פאַר מיר דער דימענט קאַלינאַן. ווען מען האָט אים אויסגעגראָבן האָט ער געוווגן איבער דריי טויזנט קאַראַט — דער גרעסטער דימענט וועלכן מען האָט ווען עס איז אַנטדעקט. פאַרשטייט זיך, אַז א בריליאַנט גרעסער ווי אייער פויסט, וועט אַפילו די פּרינצעסין עליזאַבעט נישט אָנטון. האָט מען טאַקע דעם וווּנדערבאַרן דימענט צעבראָכן אויף אייניקע טיילן און דעם שענסטן פון זיי, דעם „שטערן פון אַפריקע", אוועקגעשיקט קיין לאָנדאָן ער זאָל באַשיינען די שמחה בעת דער קעניגלעכער חתונה.

איך האָב אויך געזען אין פּרעטאָריע שווערע שטיקער פון יענעם גינגאָלד, אָבער אַז איך האָב זיי באַטראַכט פון דער נאָענט, האָט מען מיך אינפאָרמירט, אַז דאָס זענען נאָר גוט נאָכגעמאַכטע מאָדעלן, די אָריגינעלע שטיקער גאָלד האָט מען שוין לײדער „פאַרשאַרלאַטאַנעוועט״ אין דער ענגלישער אימפּעריאַ־לער ווירטשאַפט...

אַז איך בין אַרויס פון צווישן די דימענטענע און גאָלדענע אוצרות האָבן מיך פאַרשכורט מיט זייער איידעלן ריח די זשאַקאַראַנדאַ־ביימער, וואָס באַצירן די גאַסן פון דער דרום־אַפריקאַנער הויפּטשטאָט.

זייערע צאַרטע בלוילעכע בלומען פאַרדעקן די ריינע שטילע גאַסן אַזוי ווי מיט אַ שמעקעדיקן טעפּיך.

פונדערוויטנס אין זאָאָלאָגישן גאָרטן ברומען די לייבן, וועלכע לעבן דאָ אין דער פריי.

אינמיטן שטייט דער בראָנדזענער מאָנומענט פונעם טראַגישן לעצטן טראַנסוואַל פּרעזידענט פאָל קרוגער. איך געדענק נאָך אַלס קינד אים אין זיין אַלטמאָדישן זשאַקעט און עקסצענטרישן צילינדער־הוט מיטן אומעטיקן שמייכל אין דער פּאַטריאַרכאַלער באָרד.

ער איז אַרומגעלאָפן מיט קרוב פופציק יאָר צוריק, איבער אַ גלייכגילטיקער וועלט, מאָנען יושר קעגן ענגלאַנד, וואָס האָט דווקא געוואָלט צוגעבן צו איר קרוין דעם „טראַנסוואַלישן דימענט״... קרוגערס געשריי איז דאַן נישט דערהערט געוואָרן.

II

# אין קעניגרייך פון ווילדע חיות

ווען מ׳ווערט מיד מיט מענטשן, מיט אויפנאַמעס, מיט פאַרלעזונגען און טומלדיקע גאַסן; ווען די נייע הויכע געביידעס פון יאָהאַנעסבורג פאַרלירן צו ביסלעך זייער אַטראַקציע און עס דערעסן שטאַרק די קלינגענדיקע טראַמווייען, וועלכע שטרייכן אַזוי פיינלעך־בולט אונטער דעם ראַסע־אונטערשיד צווישן ווייסן און קאָלירטן (אין רויטע טראַמווייען מעגן פאָרן נאָר ווייסע; אין די גרויע — נאָר שוואַרצע), דאַן גיט מיך פלוצלינג אַ צי אין ווילדן וואַלד אַריין.

איך רעד וועגן איינציקן און גרעסטן פּאַרק אין דער וועלט פאַר ווילדע

חיות, וועלכער איז מיט פופציק יאר צוריק רעזערווירט געווארן פאר זיי דורכן בארימטן טראנסוואלער פרעזידענט קרוגער.

דרום־אפריקע האט געווימלט דאן מיט אלערליי חיות, וועלכע מען באַגעגנט געוועהנלעך נאר אין א זאאלאגישן גארטן: לייבן, עלעפאנטן, לעמפערטן און פיל־פיל אנדערע מינים פון דער חיות־וועלט האבן פריי שפאצירט אין די פעלדער, וועלדער און ארום די טייכן צווישן די שטעט און פארמעס. זיי פלעגן דערגייען ביז צו די הייזער, געווען א געפאר פאר קינדער און רינדער.

די בורן, די פיאנערן און בויער פון לאנד, האבן געפירט אן אומברחמנות־דיקע מלחמה מיט די חיות און זיי מאסנווייז אויסגעשאסן. עס איז אנטשטאַנען א סכנה, אז די זעלטענע חיות־מלוכה פון דרום־אפריקע זאל פארניכטעט ווערן, ווי דאס איז, אגב געשען אין אנדערע טיילן פון דער וועלט, ווו דער ווייסער מענטש האט געבראכט מיט זיך זיין ציוויליזאציע און זיין ביקס. אין אויסטראליע, צום ביישפיל, איז די אויסראטונג געווען אזא פערפעקטע, אז מען באגעגנט שוין דארטן נישט קיין חיות און אפילו נישט קיין קאלירטע מענטשן: פאר איין וועג האט מען אויך די שווארצע שבטים ליקווידירט אין משך פון די לעצטע הונדערט יאר.

אין טיילן פון מזרח־אפריקע, ווי אין קעניא און אוגאנדא, זענען נאך די חיות פארהעלטניסמעסיק נישט געצווימט און אויב איר דערווייטערט זיך אביסל פון א מענטשלעכן ישוב, ווי דאס איז מיט מיר אליין געווען דער פאל אין געגנט פון דער שטאט ניירָאבי אין קעניא און נעבן דעם וויקטאריא וואסערפאל אין רהאדעזיא, דאן ווארנען אייך אויפשריפטן אויף ענגליש, צוגעקלאפטע צו דיביימער: „היט זיך פאר ווילדע חיות"... און איר היט זיך טאקע.

אבער דער ווייטזעעדיקער „טאטע פון די בורן", פרעזידענט קרוגער, האט באשלאסן מיט א האלבן יארהונדערט צוריק אפהיטן דאס חיות־קעניגרייך פון אויסראטונג און דעריבער באשאפן פאר זיי א „נאציאנאלע היים", מיט רעכט און פריווילעגיעס, מיט באגרענעצונגען פאר מענטשן, אבער בשום אופן נישט פאר חיות.

עס איז גענוג צו דערמאנען, אז דער שטח פון דער דאזיקער „פיר־פיסי־קער רעפובליק" פארנעמט מער ווי ניין טויזנט קוואדראט־מייל, דאס הייסט, נישט קיין סך וויניקער, ווי די ישראל־מלוכה, להבדיל...

אט אין דעם וואלד, וואס געפינט זיך ארום פיר הונדערט מייל פון יאַהאנעסבורג, האב איך זיך אויסגעקליבן צו פארברענגען א פאר פרייע טעג נאך שווערע אנגעשטרענגטע וואכן פון ארבעט אין דעם קאכיקן קעסל פון א ציוויליזירטער שטאט. פאר איינוועגס האב איך שוין אויך געוואלט באזוכן דאס לאנד, ווו עס וווינען נאר שווארצע, סוואזילאנד, מיט זייער שוין לעגענדארן

קעניג סאָבוזא, ווי אויך די שכנותדיקע פּאָרטוגעזער קאָלאָניע מאָזאמביק.

און אזא רייזע פאָדערט פאָרבאַרייטונגען. ערשטנס, מוזט איר באַזיצן א גאָר גוטן אויטאָמאָביל מיט א געניטן שאָפער. צווייטנס, דאַרפט איר פריער אביסל לייענען איבער די אומגעוויינלעכע פּלעצער, וועלכע איר קלייבט זיך צו באַזוכן, ווייל נישט אין דער חיות־רעפּובליק, ווי אויך נישט אין ווילדן סוואַזילאַנד, וועלן אייך די אָרטיקע „בירגער" קאָנען ענטפערן אויף אַלע פראַגן...

און דריטנס דאַרפט איר אָנגרייטן עסן און טרינקען אויף אייניקע טעג, כדי צו פאַרשפּאָרן מורא האָבן קראַנק צו ווערן פון יעדן ביסן אָדער שלוק וואַסער.

מיר האָט אָפּגעגליקט: איך האָב באַקומען א „הלואה" א נייעם פּאַקאַרד־אויטאָמאָביל, ווי אויך א געניט אינטעליגענטן שאָפער, סטעפּולי, א שוואַרצן ענגליש־רעדענדיקן זולו, וועלכער איז גוט באַקאַנט מיטן וואַלד און מיט די לענדער ארום.

דאָס בעסטע אָבער איז געווען, וואָס מיט מיר איז מיטגעפאָרן מיינער א גוטער פריינט, הילדער, א לערער פון ענגליש אין א יאָהאַנעסבורגער הויך־שול, אַליין א ספּעציאַליסט אין אפריקאַנער ליטעראַטור, קונסט און ראַסן־פּראָבלעמען. האָבנדיק אים אייניקע טעג נאָכאַנאַנד ביים זייט, האָב איך א היבש ביסל געלערנט און פאַרשפּאָרט אפילו אריינקוקן אין די ביכער און ביכלעך, וועלכע האָבן פאַר מיר געדאַרפט באַלויכטן דאָס געזעענע.

און אַזוי האָבן מיר זיך געלאָזן אין וועג אריין.

דורכגעפאָרן איבער די אַספאַלט־וועגן דורך שטעט און שטעטלעך: אירע קוילן־גרובן, און אָט איז דעלמאַס, וווּ עס קומט גראָד פאָר א פאָלקס־יום־טוב. קאַרוסעלן דרייען זיך, קינדער טאַנצן, מוזיק שפּילט, אָבער די ווייסע און שוואַרצע דרייען זיך און טאַנצן אינגאַנצן באַזונדער.

שפּעט אין אָוונט קומען מיר אין נעלספּרוט, א „שטעטל", וואָס באַשטייט נאָר פון א קליינעם האָטעל און א גאַס מיט אָנדענק־קראָמען. דאָ קומען זיך צונויף פון אַלע זייטן לאַנד די טוריסטן, כדי איבערצונעכטיקן און פאָרזעצן פאַרטאָג זייער רייזע צום קרוגער־וואַלד.

עס איז גוט נאָך א שווערן, שטויביקן טאָג רייזע זיך אויסבאָדן און אויסציען די צעטרייסלטע ביינער. אָבער שוין פיר פאַרטאָג וועקט אונדז אונדזער שאָפער סטעפּולי: ער וויל, מיר זאָלן שוין ארויספאָרן און אָנקומען דעריבער אין וואַלד גאַנץ פרי, איידער די טראָפּישע היץ צעיאָגט די חיות אין שאָטנדיקע פּלעצער.

עס איז נאָך פינצטערלעך, ווען מיר דערגרייכן דעם ערשטן טויער פון וואַלד. דער גאַנצער שטח פון וואַלד איז ארומגעצוימט און מען קען דאָרט

אריינקומען נאָר דורך די עטלעכע טויערן, ביי וועלכע מען קאָסירט איין א קליינעם אָפּצאָל פון יעדן באַזוכער און איר מוזט אונטערשרייבן אַ דעקלאַראַציע, אַז איר באַזיצט נישט קיין פייער־געווער. די פאַרמעגס ארום וואַלד האָבן זיך נאָך אַלץ נישט אָפּגעוווינט פון דערשיסן אַ לייב, אָדער אַ זשיראַף, וואָס „פאַרבלאָנדזשעט״ צו זיי דורך אַ צופעליקן דורכברוך אין פאַרקאַן, און אויסער דעם פאַראַן אַזעלכע ליידנשאַפטלעכע יעגער, וואָס קאָנען זיך פשוט נישט איינהאַלטן, ווען אַ פיינער יאַגד־עקזעמפּלאַר באַווייזט זיך פאַרן אויג.

ענדלעך זענען מיר אויף די גוט געפּלאַסטערטע וועגן פון ריזיקן ווילד־וואַלד.

מיר ווייסן, אַז מיר טאָרן חלילה אויף אַ מינוט נישט אַרויסגיין פון אויטאָ. מיר מעגן פאָטאָגראַפירן, זיך אויפרעגן, זיך פרייען, אָבער די נאָז טאָר מען נישט אַרויסשטעקן. די חיות האָבן נישט קיין מורא פאַר די דורכפאָרנדע אויטאָמאָבילן, זיי מאַכן זיך, אַז זיי באַמערקן אונדז גאָרנישט; אָבער אויך מיר מוזן דאָך האַלטן שטאָט: פאַר איבערשרעקן אַ חיה אין איר „אייגענעם לאַנד״ קומט אַ שטראַף, און די ספּעציעלע פּאָליציי, וועלכע פּאַטראָלירט אין פאַרמאַכטע אויטאָס, זעט שוין, אַז די רו זאָל נישט געשטערט ווערן. מיר מעגן זיך באַוועגן מיט אַ שנעלקייט נישט מער ווי 25 מייל, זיך אָפּשטעלן וווּ מיר ווילן, ספּעציעלע אויפשריפטן ווייזן דעם וועג צו די איינציקע אָפּגעצוימטע אכסניות פאַר מענטשן, וווּ מען קאָן איבערנעכטיקן און עפּעס עסן. אָבער די מענטשן אין דער דאָזיקער חיות־מלוכה זענען פאַרשפּאַרט אין זייערע „געטאָס״; נאָר דאָרטן מעגן זיי זיך באַוועגן, פון דרויסן שטייען באַוואָפנטע שומרים און נאָך זעקס אַזייגער אין אָוונט מוזן אַלע מענטשלעכע באַשעפענישן מיט זייערע אויטאָמאָבילן זיך געפינען אין דעם געצוימטן געביט פון די „געטאָס״. מען וועט זיי פון דאָרט אַרויסלאָזן פינף פאַרטאָג. די נאַכט געהערט צו די „באַלעבאַטים״ פון דער דאָזיקער מערקווירדיקער מלוכה, צו די חיות.

גלייך, ביים אַריינפאָר אין וואַלד, קומט אונדז אַנטקעגן אַ מחנה פון באַבונעס, — הויך־געוואַקסענע מאַלפּעס, — וועלכע שפּרייזן אין אָרדענונג. פאָראויס גייט זייער פירער, מער געוויקסיקער און באַוואַקסענער ווי זיינע קאָלעגן.

מען זעט, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ גוט־אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכער גרופּע, וועלכע האָט אירע געזעצן און צילן. דער פירער באַוועגט זיך אין דער ריכטונג צו אַ וואַסער, ער פירט זיין סטאַדע טרינקען. מסתמא זענען אַלע דורשטיק, אָבער קיינער רוקט זיך נישט פאָראויס, שפּרינגט נישט אויפן אַנדערן.

אונדזער אויטאָ פאַרהאַלט זיך. מיר אָבסערווירן מיט גרויס אינטערעס אונדזערע „ליבלעכע קוזינס״ (איך וויל נאָך אַלץ נישט אַנערקענען דעם אַלטן

טשארלי דארווין, וועלכער האלט, אז אט די העסלעך־אויסזעענדיקע „באבונעס" זענען גאר אונדזערע עלטער־זיידעס...)

אָבער לאנג פארהאלטן טאר מען זיך נישט, ווייל פון צווישן די געדיכטע, גרינע און גאלדענע צווייגן טאנצן פריילעך ארויס צענדליקער זעברעס מיט די שווארץ־ווייסע פאסן, מיט זייערע קליינינקע קינדערלעך, וועלכע זעען אויס ווי שפילצייג. אויך זיי גייען טרינקען. און אט יאגן זיך אין גרופן פון „צענדליקער" די ווילדע בופאלא־אקסן, זיי זענען ווייניקער „ציוויליזירט" ווי די מאל־פעס און יעדער איינער וויל פארכאפן א פריערדיקן פלאץ. אָבער אויך זיי האבן א פירער, א ריזיקן אקס מיט פאנטאסטיש געדרייטע הערנער. ער גיט זיך פלוצלינג א שטעל אפ און די גאנצע ווילדע חברה הינטער אים פארהאלט זיך אינמיטן שפרינגען.

עס איז נאך קיינמאל נישט געווען אזא טרוקענער יאר פאר די פיר־פיסיקע, ווי דאס יאר 1949. אויב עס עקזיסטירט ביי חיות דער מנהג פון דערציילן קינדער און קינדס־קינדער, פון באזינגען גרויסע אומגליקן, וועט דאס דאזיקע יאר בלייבן אין די לעגענדעס און קינות צווישן די חיות פון דור צו דור.

אויסגעטריקנט זענען דער גרעסטער טייל פון די טייכן און קינסטלעכע ברונעמס, פון וועלכע די חיות דארפן טרינקען. אנשטאט אביסל וואסער אויף יעדע צוועלף מייל, ווי אין די פאריקע יארן, האט מען אין דער הייגטיקער טריקעניש געקאנט געפינען וואסער נאר איינמאל אין זעכציק מייל. בלאנדזשען דעריבער ארום די דורשטיקע חיות לאנגע שעהען ביז מען קען איינגעצן די פארטריקנטע ליפן.

אין אלע צייטונגען פון דרום־אפריקע קלייבט מען איצט נדבות פון גוט־הארציקע מענטשן, זיי זאלן קומען צו הילף מיט געלט־מיטלען, כדי מען זאל קענען גראבן נייע ברונעמער.

אומעטיק איז איצט אין גרויסן וואלד. כמעט הונדערט טויזנט חיות זע־נען אומגעקומען פון דורשט און עקספערטן זאגן, אז די פארביטערטקייט זייע־רע דריקט זיך אויס אין מאדנע „רעוואלוציעס": זייער אפט יאגט אוועק די סטאדע פון זיך דעם פריער אנערקענטן פירער, און ווען איר זעט, עס בלאנ־דזשעט אליין אפאטיש און אפגעלאזן, א ריזיקער העלעפאנט אדער א ווילדער אקס, אדער אן אמאל שטאלצער „באבון", זאלט איר וויסן, אז דאס איז אן ארויסגעטריבענער פירער. קיינער וועט אים נישט פארטיידיקן. ער איז שול־דיק, ער האט קיין וואסער נישט געקאנט געפינען פאר זיין דורשטיק „פאלק". שטייט ער איינזאם און אליין אנגעשפארט אן א בוים און ווארט אויף זיין גורל, אדער א לייב וועט זיך ארויפכאפן אויף זיין קארק נאך היינט און אים

פאַרצוקן, אָדער ער אַליין וועט פון דורשט און הונגער פאַלן. נישט גוט איז צו זיין אַן אַרויסגעשטויסענער פירער אַפילו ביי חיות.

אָבער מיר פאַרטיפן זיך אין וואַלד. מיר ווילן זען לייבן. דאָס איז דער העכסטער געניס אין דעם דאָזיקן „קעניגרייך". אַמאָל פאָרט מען אָפּ אַ טאָג און צוויי און די לייבן באַווייזן זיך נישט אויף די וועגן, ווו די אויטאָמאָבילן פאָרן.

געוועלנלעך זאָגט מען אייך אָן פון אַנדערע אויטאָס, וועמען יענע האָבן באַגעגנט. אַלע מענטשן פילן זיך דאָ ווי איין משפחה און איינער וויל דעם אַנדערן אויסהעלפן. שרייט מען אַרוים פון אויטאָ: „פאַרנעמט זיך אויף לינקס, דאָרט האָבן מיר לייבן געזען!"

„פאָרט אויף רעכטס, דאָרט וואַנדערן עלעפאַנטן!"

אָבער ווי אָפט זענט איר אַנטוישט, ווען איר פאָרט שוין דאָרטן, ווו מען האָט אייך געזאָגט, געפינט איר נאָר מאַלפּעס אָדער ווילדע אָקסן. די לייבן האָבן זיך פשוט נישט געקאָנט דערוואַרטן אויפן „טייערן" גאַסט פון אַמע־ריקע, פאָרט מען ווייטער און מיט פיבערדיקע אויגן בויערט מען די הויכע גראָזן און געדיכטע פאַרפלאָכטענעביימער, אפשר וועט מען דאָך כאַפּן דעם געווינטשטן קוק.

מיר פאָרן זייער לאַנגזאַם מיט אַ שנעלקייט נישט מער ווי צען מייל אַ שעה. מיין פריינט, הילדער, גיט מיך פּלוצלינג אַ נערוועזן קניפּ אין האַנט און שעפּטשעט אַרוים צווישן די ציין „אָט זענען זיי". אונדזער שאָפער סטעפּולי האָט אויך עפּעס באַמערקט און פאַרהאַלט שאַרף דעם אויטאָ.

מיר האָבן דערזען אינמיטן וועג, אין פולן שיין פון דער זון, ווי עס ליגט אויסגעצויגן אַ מאַסיווער לייב און פרעסט רואיק און פּויל אַ פאַרבלוטיקט זייט מיט פלייש. מיר זענען נישט מער ווי פינף יאַרד פון דער חיה און דורך די אָפענע פענצטער קאָנען מיר הערן דאָס קנאַקן פון די צעבראָכענע ביינער צווישן די קעניגלעכע ציין.

דער לייב קוקט זיך אַפילו אויף אונדז נישט אום, קייעט נאָך אַ מינוט צען די שטיקער פלייש, באַלעקט זיינע פאַרבלוטיקטע ליפּן, הייבט אויף זיין מאַיעסטעטישן קאָפּ און קוקט אונדז אָן שאַרף דורך דער פאָדערשטער גלאָז פון אויטאָ. מיר זעען זיינע ברייט־אויפגעעפנטע טאָפּאַז־געלע אויגן. יעדער פון אונדז האָט דערביי געהאַט דאָס געפיל, אַז קיין גרויס רעספּעקט האָט זיין בליק נישט אויסגעדריקט. ער האָט אונדז אָנגעקוקט אַזוי שטאָלץ און פאַראַכ־טענד, אַז מען האָט אָנגעהויבן פילן אַ געוויסן „אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס".

„נו טאַקע אַזוי, ווער זענען מיר דאָס אַזעלכע צו קומען דאָ און שטערן זיין מאַיעסטעט בעת דער סעודה?"

אויפן וועג איז נאָך געבליבן אַ שפּאָר שטיק פלייש מיט ביינער. אָבער דער לייב, ווייזט אויס, איז שוין געווען זאַט. מיט לאַנגזאַמע קעציִשע שריט איז ער אַראָפּ פון וועג און זיך צונויפגעמישט מיטן גאָלדן־הויכן גראָז, נאָר זיין „גריווע" האָט זיך נאָך אַ צייט געזען, ווי זי וואָלט געשווומען איבער די טרוקענע זאַנגען.

פול מיט עמאָציע און אַ מאָדנער אינערלעכער פרייד האָבן מיר זיך אָנגעהויבן באַוועגן ווייטער. איצט זענען מיר געפאָרן זוכן עלעפאַנטן. מיר ווייסן, אַז מיר קאָנען זיי געפינען אַ סך מיילן ווייטער נעבן דעם עלעפאַנטן־טייכל, וווּ זיי טרעפן זיך צונויף ביי דעם „פּיוור־אַ־קלאָק"־טיי.

דאָס פלייש, וואָס דער לייב האָט איבערגעלאָזן, וועלן באַלד אויפפרעסן די היענעס און שאַקאַלן. זיי ליגן ערגעץ דאָ באַהאַלטן אין געדיכטן גראָז און וואַרטן אויף די „שיריים" פון קעניגלעכן טיש.

אַליין האָבן זיי נישט קיין מוט צו באַפאַלן אַ ווילדן אָקס, מוז מען דעריבער לעבן פון אָפּפאַל.

דערפאַר אָבער, אויב אַ לייב איז זאַט, וועט ער נישט טשעפּען אָט יענע גראַציעזע אַנטילאָפּע, וואָס שפּרינגט אַזוי לייכטזיניק אין פרילינג פון איר לעבן. דער אינסטינקט זאָגט אונטער דער אַנטילאָפּע, אַז דער „מלך" איז זאַט און מען מעג דעריבער „פלירטעווען" נישט ווייט פון אים, דרייענדיק פאַרפירעריש מיט די געטאָקטע היפטן.

מיר יאָגן זיך באַגעגענען די עלעפאַנטן, אָבער זיי אַליין קומען אונדז אַנטקעגן. מיט אַ שטורם, וואָס ברעכט די צווייגן, צעטאָפּטשעט דאָס גראָז און שאַפט עפּעס אַ מורא אָרום, באַווייזט זיך די טונקעלע מאַסע גיגאַנטן. וויפל זענען זיי? און פאַרוואָס אַזוי צערייצט? ווער יאָגט זיי פון הינטן, אָדער נאָך וואָס יאָגן זיי זיך איצט? ווער ווייסט? אפשר אַ תשובה צו דעם קאָנען מיר געפינען, ווען מיר דערנענטערן זיך צום פּלאַץ, וואָס איז אויף אונדזער מאַפּע אָנגעצייכנט, אַלס דער טייך אַלפאַנטען. מיר זעען נישט קיין טייך, נאָר אַ טרוקענע זאַמדיקע קאָרעטע אָן אַ טראָפּן וואַסער.

ווער ווייסט וויפל טעג די אָרעמע עלעפאַנטן זענען שוין אָן אַ טרונק און אפשר דעריבער טאָפּטשען אַזוי זייערע שווערע טריט אין אַ ווילדן געלויף נאָך אַביסל וואַסער. אַ, ביטער איז דאָס יאָר 1949 פאַר דער אַזוי אָריגינעלער „נאַציאָנאַלער היים" פון דער חיהשער וועלט!

מיר טרינקען פון אונדזערע פלעשלעך די קאָקאַ־קאָלאַ, וואָס מיר האָבן מיט זיך. מיר פאַרבייסן זיי מיט געשמאַקע סאַנדוויטשעס.

***

עס ווערט שוין טונקעלער צווישן די צווייגן. די טראָפּישע נאַכט פאַלט צו שנעל. מיר מוזן זיך דעריבער איילן דערגרייכן דאָס „סקוקוזא דערפל", דאָס „געטאָ" פאַרן מענטשלעכן מין אין דאָזיקן אורוואַלד, איידער דער „קורפיו" פאַר אונדז הייבט זיך אָן.

מיר זענען שוין ביי די טויערן פון סקוקוזא, וועלכע עפענען זיך שנעל, כדי אַריינצולאָזן דעם „ברודער־מענטש".

אַ ציכטיק הייזל מיט אַ שטרויענעם דאַך, ריינע בעטן און „וואַסער־שפּריץ", באַגריסן אייך מיט קאָמפאָרט.

הייסן טיי מיט ביסקוויט טראָגן אַריין שוואַרצע דינער. מיר דאַרפן וואָס שנעלער איינשלאָפן, ווייל פאַרטאָג זעצט מען פאָר די רייזע אין דער ריכטונג צו מאָזאַמביק.

אָבער ווי נאָר מיר ווערן אַנטשלאָפן, אַזוי כאַפּן מיר זיך אויף פול מיט שרעק און אַנגסטן פון עפּעס אַ ווילדן טומל, וואָס זיין גלייכן האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהערט. דאָס האָבן די חיות ארום אָנגעהויבן זייער נאַכט־קאָנצערט. איצט הייבן זיך אָן די שווערע „אַרבעטס־שעהען", מען רויבט, מען מאָרדעט, מען גרייט אָן שפּייז פאַרן מאָרגן. עס ברומען שווידערלעך די לייבן, עס קוויטשען טויזנטער מאַלפּעס און אַמשרעקלעכסטן וואָיעט די היענע. אָט לאַכט זי זיך פונאַנדער, ווי אַ משוגענער מענטש, לאַנג און ווי זי פאַרקייכט זיך, און גלייך דערויף צעוויינט זי זיך מיט הונדערטער ניואַנסן און עס ווערט אַנגסטלעך און אומעטיק אויפן האַרצן.

שלאָפן קאָן מען שוין נישט. דורך די פינצטערע בערג פון דער וויטנס רייסן זיך דורך די ערשטע זונען־שטראַלן און שטילן איין דעם וואַלד.

מיר פאָרן ווייטער, ווייטער, אַנטקעגן דער זון.

III

# ביים מלך סאָבוזא און זיינע אונטערטאַנער

ווען איך האָב פאַרלאָזן דעם מערקווירדיקן קרוגער־פּאַרק, וועלכער איז די גרעסטע „נאַציאָנאַלע היים" פאַר חיות אין דער וועלט, האָב איך דעם אויטאָ פאַרקירעוועט אין אַ מלוכה פון שוואַרצע מענטשן, וואָס איז אויך אַן איבער־בלייבעניש פון אַ עפּאָכע, וואָס ווערט שוין אינגאַנצן פאַרשוווּנדן.

איך בין אריינגעפאָרן אין סוואזילאנד, אין אַ קעניגרייך פון בלויז שוואַר־צע מענטשן אונטער דעם ענגלישן פּראָטעקטאָראַט.

עס געפינט זיך צווישן דרום־אפריקע און די פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע מאָ־זאמביק. ענגלאַנד האָט די סוואזי־טעריטאָריע איבערגענומען גלייך נאָכן פאַר־שפּילטן בורישן קריג, ווען די „יוניאָן" פון דרום־אפריקע איז געוואָרן אַ רע־פּובליק.

ענגלאַנד האָט איבערגעלאָזט זייער קעניג, סאָבוזא דעם ערשטן, און זייער לעבנסשטייגער פון דער געצנדינערישער עפּאָכע כמעט אומבארירט. אין דעם הינזיכט פילן זיך די שוואַרצע אונטער ענגלאַנד פיל פרייער און זענען שטאָל־צער ווי די שוואַרצע אין דער דרום־אַפריקאַנער רעפּובליק, וווּ עס פירט זיך אַ ביטערער ראַסן־קאַמף, וועלכער גרענעצט מיט עקסטערמינאַציע.

די מער באַוווסטזיניקע שוואַרצע אין סוואזילאַנד ציטערן אויף, ווען מען דערמאַנט זיי, אַז זיי קענען נאָך ווערן איינגעגלידערט אין דער דרום־אַפרי־קאַנער רעפּובליק. דער ביישפּיל פון דער שלעכטער אַדמיניסטראַציע אין מערב־אַפריקאַנער פּראָטעקטאָראַט אונטער מאַלאַנס רעגירונג (וואָס האָט נישט לאַנג ארויסגערופן אַ שאַרפע רעזאָלוציע פון די פאראייניקטע פעלקער) איז אָפּ־שרעקנד פאַר יעדן קאָלירטן מענטש אויף אַפריקעס שוואַרצן קאָנטינענט.

כדי אריינפאָרן אין סוואזילאַנד מוז מען באַזיצן אַ ספּעציעלע וויזע, גע־געבן אין ענגלישן קאָנסולאַט. זי ווערט קאָנטראָלירט ביים אריינפאָר אין דער טעריטאָריע דורך אַ טונקל־הויטיקן האַלב־נאַקעטן איינגעבוירענעם מיט אַ רע־וואָלווער אויפן פעל־גאַרטל געמאַכט פון אַ לייבן־גריווע.

אונדזער אויטאָ פאָרט אריין אין אַ באַרגיקער געגנט פול מיט ביימער און גרינע לאַנקעס, אויף וועלכע עס פּאַשען זיך צאָלרייכע דאַרע קי און אָקסן.

די אייניקע הונדערט טויזנט קעפּיקע שוואַרצע באַפעלקערונג באַשטייט פון האַלב־וואַנדערנדע (נאָמאַדן), וועלכע ציען זייער חיונה פון האָדעווען בהמות; די גרעסטע טייל אָבער פון דער פיזיש־שטאַרקערער יוגנט ווערט דורך נויט און שטייערן געטריבן אויף אַרבעט אין די גאָלד־ אָדער קוילן־גרובן פון דרום־אַפריקע און מאָזאַמביק.

עס הייבן זיך אָן באַווייזן די שטרויענע האַלב־קיילעכדיקע הייזלעך, אין וועלכע די שוואַרצע וווינען. זיי זעען אויס ווי סטויגן היי, געוויקלט אַרום אַ הילצערנעם פּלאָקן, אריינגעשלאָגן אין דער ערד. אַ פּאַרהאַנגל, וואָס איז אַביסל אויפגעהויבן, דערלויבט מיר צו כאַפּן אַ קוק אינעווייניק פון אַזאַ שטוב: אַ קנויל פון נאַקעטע טונקעלע קינדערלעך; אַ שוואַרץ־הויטיקע שוואַרצע מאַמע און — אַ רויך... צוזאַמען דערמאָנט דאָס אַ פוטוריסטיש־מאָדערניסטיש בילד, וואָס איך וואָלט אַ נאָמען געגעבן: „נויט".

דער טאַטע פון דער שטוב, צוזאַמען מיט פיל טויזנטער אַנדערע טאַטעס, אַרבעט מסתם טיף־טיף אין די גאָלד־גרובן, ווו מען ווערט דערשטיקט פון דאַמפּנדע היצן און פאַרקילט פון שאַרפע ווינטן, וואָס רייסן זיך אַריין פון די ווענטילאַטאָרן, וואָס ברענגען אַביסל לופט אין די גאָלד־פאַרסמטע טיפענישן.

דער טאַטע האָט נישט געוואָלט אַוועקגיין פון זיין היימלאַנד; ער וואָלט בעסער חשק געהאַט צו וואַנדערן איבער די לאַנקעס, פאַשען די בהמות און האָדעווען זיינע ווייבער און קינדער, אָבער די רעגירונג האָט באַשטימט אַ שטייער פון יעדן פּלאַץ, וואָס איז אַרומגעוויקלט מיט שטרוי, זיי רופן דאָס „הייזער", אַ שטייער אין דער הויך פון צוויי פונט אַ יאָר. צוויי פונט!!! ווו וועט דאָס דער שוואַרצער נעמען? אין דורכשניט באַזיצט ער דריי ווייבער און צען קינדער. לויט די הייליקע כּללים פון סוואַזילאַנד מוז יעדעס ווייב באַוווי־נען אַ „הויז" פאַר זיך. ווערט שוין דער שטייער אַזוי הויך ווי זעקס פונט. און דאָס איז דער אָרעמסטער שבאָרעמע... פאַר אַ פיינעם „באַלעבאָס" ווערט גערעכנט אַ סוואַזי־מענטש, וואָס האָט וויניקסטנס פינף ווייבער. און פון דעם דאַרף מען שוין צאָלן אַזאַ גרויסן שטייער, וואָס שווינדלט אַזש אין קאָפּ. אָבער וואָרט: די רפואה קומט פאַר דער מכּה: אין יעדער שטאָט, אין יעדן דערפל פון סוואַזילאַנד געפינען זיך ווערבירונגס־פונקטן פאַר אַרבעטן אין די גרובן. מען זאָגט דאָרט צו אַלערליי גליקן: מען וועט צאָלן פאַר דער אַרבעט ביז דריי פונט אַ חודש און מער. עס גייען אַרום די אַגענטן פון די גאָלד־מינעס איבער די דערפער, קלאַפּן אין פּויקן, גיבן גלייך יעדן שוואַרצן, וואָס וויל גיין אַר־בעטן אַ מעשענע היטל. ער זעט אויס אַזוי שיין מיט זיין שוואַרצן גלאַנצנדיקן קערפּער, ווי פון העבאַן־האָלץ געשניצט און מיט דעם גלאַנצנדיקן היטל אויפן קאָפּ. ער לאָזט זיך איינרעדן, שרייבט אונטער אַן אַרבעטס־קאָנטראַקט אויף אַ יאָר אָדער מער.

איך האָב געטראָפן אויפן גרענעץ־פונקט אין דער ריכטונג צו יאָהאַנעס־בורג אַ טויזנט־קעפּיקן טראַנספּאָרט פון נאָר וואָס ווערבירטע אַרבעטער: זיי זענען געזעסן אויף די קני און געוואַרט דער צוג זאָל קומען, אַן אומפאַרגעסלעך בילד פון אַ פאַרביקן פילם, אין די צייטן, ווען די רוימישע לעגיאָנען האָבן גע־פירט די שוואַרצע שקלאַפן פון דער נובי־וויסטעניש. פיל פון זיי וועלן שוין נישט צוריקקומען, זייערע ווייבער און קינדער וועלן איבערגיין צו פרעמדע... אָבער די מערהייט וועט דאָך ווידער באַטרעטן דעם טייערן באָדן פון היימ־לאַנד, ווו אַ שוואַרצער איז נאָך אַלץ אַ מענטש און זיין קעניג איז — אַ שוואַרצער. זיי וועלן אויפוויקלען די רויטע טיכלעך, אין וועלכע די זילבערנע שילינגס זענען איינגעוויקלט, זיי וועלן באַצאָלן דעם שטייער פאַר די הייזער.

אַט איבער די בערג, טאָלן און דערפער פון דאָזיקן פּרימיטיוון שבט, דורך שלעכטע וועגן און פּרעמדע בליקן גליטשט זיך איצט אונדזער אויטאָ.

צו וועמען פאָרט א ייד, ווען ער קומט אין אזא לאַנד? הײַם איך מיך פירן אין דער ריכטונג צו דער אַזוי גערופענער הויפּטשטאָט, צו מבאבאנע. נישט ווייט פון דאָרטן אויף אַ הויכן באַרג וווינט זיין מאַיעסטעט סאָבוזא דער צווייטער, דער אינגווועניאמא, דאָס הייסט דער „שוואַרצער לייב". ער איז דאָ אין לאַנד דער העכסטער אָנפירער, די סימבאָלישע פיגור פון דער סוואזי־אייניקייט; דער רעליגיעזער און ווירטשאַפטלעכער „באָס". ער באַזיצט דעם כח פון ברענגען רעגן און פון מאַכן פרוכטבאַר די מענטשן, בהמות, ביימער און באָדן. ער בלייבט אפילו אַ מאַראַלישע קראַפט אויך נאָך זיין טויט, ווייל זיין גייסט באַווירקט דאָס לעבן פון זיין שבט. פאַר אַט די אַלע וווּנדערלעכע איבער־מענטשלעכע אייגנשאַפטן באַקומט ער אַ געהאַלט פון דער ענגלישער רעגירונג, וואָס באַטרעפט נישט מער ווי פינף טויזנט דאָלאַר אַ יאָר! נו, איז פאַראַן אַ יושר אויף דער וועלט? אָבער מען מוז אויך גערעכט זיין צום בריטישן קאָלאָניאַל־אַמט: אויסער דעם קעניג סאָבוזא איז לויט דער קאָנסטיטוציע פון לאַנד פאַראַן נאָך אַ מיטהערשער און דאָס איז די קעניגין־מוטער. זי לעבט אין שטעטל פון קעניגס ווייבער און באַקומט פון דער ענגלישער רעגירונג גאַנצע פינף הונדערט פונט אַ יאָר, דאָס הייסט כמעט דרייצן הונדערט דאָלאַר און דאָס איז דאָך שוין עפּעס, אויב איר נעמט אין באַטראַכט, אַז די בריטישע מלוכה־קאַסע דאַרף נאָך איצט אפילו אויסהאַלטן אַ סך אַזעלכע מלכים און זייערע מאַמעס דערצו.

בקיצור, מיר קירעווען זיך אין דער ריכטונג צום הויכן באַרג, וווּ עס שטייט דער פּאַלאַץ פון סאָבוזא דעם צווייטן.

מיר פאָרן אַרויף אויפן שפּיץ פון באַרג, וווּ מיר דערזעען אַ ווייס געמויערט איין שטאָקיק הויז און עס זענען צעוואָרפן נאָך אַ צענדליק שטרויענע כאַטעס, אַרומגעצאַמט מיט אַ הילצערנעם פּאַרקאַן. דאָס ווייסע הויז איז דער „פּאַלאַץ". די „כאַטעס" אַרום זענען באַוווינט דורך די מקורבים למלכות און דורך דעם העכסטן גייסטלעכן, דעם „אינדרונא" פון סוואַזילאַנד.

דאָס ערשטע לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס גייט אַרויס פון „פּאַלאַץ", איז אַ שטרויס־פויגל, וואָס שטעלט זיך אַוועק אין אַ מאַלערישער פּאָזע, הויבט אויף זיין ווײַדל מיט די קאָסטבאַרע ווייסע און גרויע פעדערן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אונדז באַגריסן.

גלייך נאָך אים לויפט אַרויס אַ סימפּאַטישע נעגערישע מיידל מיט אַ „דעקאָלטע", וואָס ציט זיך ביזן פּאַס אויף אירע לענדן. דערזעט זי אָבער אייראָפּעאיש געקליידעטע געסט, לויפט זי צוריק אַריין אין שטוב און קומט אַרויס איינגעוויקלט אין אַ ווייסע טיכל.

אויף אונדזער „גוט מאָרגן״ אין ענגליש ענטפערט זי מיט אַ פולער, זינ־גענדער אויך אין ענגליש: „גאָד בלעס יו״.

מיר פרעגן זיך, ווו איז איצט דער קעניג, זאָגט זי, אַז ער איז פאַרנומען ערגעץ אונטן אין טאָל מיט מלוכה־ענינים, אָבער אָט לויפט זי אויסגעפינען דעם „טשיף״, דעם „פרעמיער־מיניסטער״, גיט זי צו מיט אַ חנעוודיקן שמייכל, ער וועט אונדז שוין אַלץ דערקלערן.

עס דויערט נישט לאַנג און פון דער ווייטנס באַווייזט זיך אַ ריזיקע פיגור מיט געקרייזלטע האָר און מיט אַ שוואַרץ־גרויער באָרד. ער באַמיט זיך צודעקן זיין נאַקעטן קערפער מיט אַ זומערדיקן „אויבערציער״, וועלכער דערגייט אים נאָר ביז די קני און ער קוקט אויס אין אים אַביסל קאָמיש. ער דערנענטערט זיך צו אונדז לאַנגזאַם, שטרעקט אויס זייער איידל זיין האַנט, אָבער מיר פילן נישט קיין דריק, נאָר אַ שוואַכן ריר מיט אַ פייכטער הויט. מיט אים קומען נאָך אייניקע שוואַרצע הערן, זיי זענען שוין כמעט מוטער־נאַקעט, אָבער זיי האַלטן זיך מיט רעספעקט פון קאַבינעט־מיניסטאָרן אויף דער פראַנצויזישער ריוויעראַ.

דאָס יונגע מיידל נעמט זיך אונטער צו איבערזעצן אונדזער געשפרעך, דערביי באַמערקט זי זייער וויציק, אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף אַ קורצן דיקן איינגעבוירענעם, וועלכער רוקט זיך צו נענטער צו אונדז:

„אָ, לאָזט אים צורו, ער איז דער אָפיציעלער איבערזעצער, אָבער מיר רופן אים „דער גרויסער ליגנער״...

דער שוואַרצער דזשענטלמאַן מיטן ליגנער ערן־טיטול רוקט זיך אָפּ אַ פאַר־שעמטער. אָבער גלייך פאַרשטייען מיר פון וואַנען עס נעמט זיך די „חוצפּה״ פון דעם יונגן מיידל אין אָנוועזנהייט פון אַזעלכע בכבודיקע, נאָר אַביסל שוואַרץ־נאַקעטע מלוכה־לייט. זי איז די טאָכטער פון סאַבוזאַ, די פרינצעסין סאַטסימי, זי לערנט זיך אין דער מיסיאָנערישער מאַטאַבאַ־שולע, וועלכע געפינט זיך טאַקע דאָ אונטערן באַרג. זי קאָן שוין לייענען, שרייבן, זינגען תפילות. זי איז אַלט אינגאַנצן צוועלף יאָר, אָבער לויט אונדזערע באַגריפן איז זי אַנטוויקלט פיזיש, ווי אַ מיידל פון אַכצן יאָר.

דער באַבערדלטער דלאַמיני־ראש רעדט לאַנגזאַם, אָבער אויך זיין שטימע קלינגט מיט טיפע טענער, אַזוי אויך די שטימעס פון אַנדערע סוואַזי־מענטשן. עפּעס הילכט אין זיי אַ מאָדנע מוזיק און מען הערט זיי ווייט און קלאָר. איך פאַרשטיי נישט אַ וואָרט פון דער שפּראַך, אָבער דאָך איז אַזוי אַנגענעם זיך צוצוהערן צו אירע קלאַנגען.

דער אַלטער „ראש״ מיט זיין געזיכט, ווי אויסגעטאָקט פון שוואַרצן מאַר־מאָר רעדט — אייגנטלעך זינגט — מיט זיין טיפער ברוסט־שטימע און די רי־רעוודיקע פרינצעסין סאַטסימי איבערזעצט אין אַ סאָפּראַנאָ אויף ענגליש:

„איר זעט אלץ ארום איז גאטס לאנד. דער בוים, דאס וואסער, די פעלדער געהערט נישט צו קיין מענטשן... אונדזער „אינגעוועניאמא״ (מלך, שווארצער לייב) איז דער בעל־הבית דא אין נאמען פון הייליקן גאט. אויב יעדער פון אונדז וועט באזיצן זיין אייגענעם גארטן, ווער דען וועט זיין אונדזער האר?״

דער אלטער „ראש״ איז נישט קיין קריסט, נאר א געצנדינער. די יונגע פרינצעסין מיט אנדערע קינדער פון סוואזי־שבט באזוכן די קריסטלעכע מיסיאנערן־שולע און ווערן נאך א געוויסער צייט געטויפט אין א קירכלעכער צערעמאניע. יעדע פרוי ביים שמדן זיך באקומט א קלייד און שיך אויף הויכע אפצאסן. יעדער מאן א פאר הויזן, אנשטאט דעם פעלעכל אויפן פאס. עס טרעפט זייער אפט, אז דער נייער קירכלעכער גלויבן האלט זיך אזוי לאנג ביז די שיך אדער דאס קליידל ווערט צעריסן. ווען מען זאגט: „ער האט אויסגעטון די קליידער״, הייסט דאס, אז דער באטרעפנדיקער אינדיווידיום איז צוריק אוועק צום געצנדינערישן גלויבן פון זיינע טאטעס.

אבער דער אלטער „ראש״ באקלאגט זיך, אז די מאדע פון טראגן קליידער איז אריינגעדרונגען אין א סך קרייזן פון טרייע געצנדינער. ער דריקט זיך אויס: „עס איז שרעקלעך, ווען איר זאלט מיינען, אז אלע, וואס טראגן הויזן זענען אוועק פון דער רעליגיע פון זייערע עלטערן״.

דערווייל קומט אן א מאדנער פארשוין: א יונגער שווארצער ריז, איינגעוויקלט אין א טיגער פעל און אין האנט האלט ער א שטעקל, אויף וועלכן עס באמבלט זיך א ווידל פון א לייב.

מען מאכט פאר אים א ווארע, ווען ער דערנענטערט זיך צו אונדז. איך ווער שנעל געוווירר, אז דאס איז דער „אינדונא״, דער הויכער גייסטלעכער פון סוואזילאנד, דער היטער פון הייליקן גייסט, וואס לויטן באפעל פון מלך קען ער ארויסרופן רעגן, ווי אויך מאכן, אז די קי זאלן זיך אפטער קעלבן.

מיין באגלייטער נעמט ארויס ציגארן און פאפיראסן און מיר הויבן אן טיילן כיבוד. די פרינצעסין באקומט פון מיר שאקאלאד און א פלעשל „קאקא קאלא״, וואס זי פרובירט אויפן ארט עפענען מיט די ווייסע ציינדלעך...

איך שטעל אן מיין קליינע פילם־קאמערא און בעט די יונגע צושוויער זיי זאלן א טאנץ טון. צו מיין דערשטוינונג לאזט זיך ארוים דער ערשטער דער שלאנקער „אינדונא״ מיטן לייבישן ווידל אין האנט און נאך אים סאטסימי די פרינצעסין... זיי טאנצן נאר א ווייל און זינגען צו דערביי און איך פילמיר די עקזאטישע סצענע...

ווען איך ווער שוין אביסל היימיש מיט דער חברה, הויב איך ווידער אן צו פרעגן, ווו קען איך דאך זען זיין מאיעסטעט סאבוזא דעם צווייטן.

דער אלטער „ראש״ מיט דער געקרייזלטער באָרד און געשניצטן פּ...

שווייגט דיפּלאָמאַטיש, אָבער דער אָפיציעלער איבערזעצער, „דער גרויסער ליג־נער", ווי עס האָט אים דעליקאַט אָנגערופן די פּרינצעסין, ווייזט אַרויס אַ נוי־גונג צו העלפן. ער רופט אָפּ אָן אַ זייט מיין באַגלייטער און שעפּטשעט אים אַריין אין אויער אַ פּאָר ווערטער.

איך דערוויס זיך זאָפאָרט, אַז עס איז זייער מעגלעך, דאָס דער מלך איז איצט אין שענק אונטן ביים „בלאָנדן דייטש" (שפּעטער האָט ער זיך אַרויס־געוויזן צו זיין אַ יידישער פּליט פון עסטרייך)... ווען מיר וועלן זיין גוט און פיין און געבן דעם „גרויסן ליגנער" אַ פּלעשל בראָנפן, וועט ער אונדז פירן נישט נאָר צום שענק, נאָר אויך צו דעם „קראַאַל" (שטעטל), ווו עס לעבט די „גרויסע עלעפאַנטיכע"...

„ווער איז זי?"

„אָ, דאָס איז דעם קעניגס מוטער, זי האָט אַזוי פיל רעכט אָנצופירן מיטן לאַנד ווי דער קעניג אַליין. לויטן געזעץ טיילן זיי ביידע די מאַכט איבערן פאָלק".

מיר זענען מסכים צו באַצאָלן מיט בראָנפן, נעמען אַריין צו זיך אין אויטאָ דעם רעספּעקטפולן „גרויסן ליגנער" און זעגענען זיך ווארעם מיט דער קליינער פּרינצעסין און אַלטן „ראש". אויך דער „אינדונא" דרייט צערעמאָניאַל דעם „לייבן־ווידל". מסתם בענטשט ער אונדז אין נאָמען פון הייליקן גייסט.

מיר פאָרן אַראָפּ אונטן אין טאָל און גייען אַריין אין שענק, ווו אין ערשטן צימער ביים באַר טרינקען וויסקי אייניקע ענגלישע באַאַמטע. זיי קוקן זיך אַפילו אויף אונדז נישט אום. דער „באַרטענדער" רופט אַרויס דעם בעל־הבית.

אויך יענער איז אייז־קאַלט, ווען מיר פרעגן אים, צי קאָן מען דאָ זען זיין מאַיעסטעט... ער ווערט אַפילו אין כעס און ענטפערט:

„ווי אַזוי קענען דאָס ציוויליזירטע מענטשן זוכן אַ קעניג ערגעץ־ווו אין רעסטאָראַן? איר האָט זיך געדאַרפט פריער מעלדן ביים ענגלישן אַדמיניסטראַ־טאָר פון סוואַזילאַנד, יענער וואָלט אָנגעפרעגט דעם „פּאַלאַץ", צי מען קען דאָרט קומען און נאָר נאָך דעם וואָלט איר געוועזן געווינטשענע געסט ביים הערשער"...

מיר ווייסן, אַז ער איז גערעכט, אָבער גיי דערציייל אים, אַז מיר האָבן קיין צייט נישט און נאָך היינט אין אָוונט מוזן מיר אַריבערפאָרן די גרענעץ קיין פּאָרטוגעזיש מאָזאַמביק. ווער האָט עס צייט פאַר אָט דעם גאַנצן דיפּלאָ־מאַטישן פּראָטאָקאָל?

ווען מיר גייען אַרויס אַביסל אַנטוישטע דערציילן דעם איבערזעצער אונ־דזערן, אַז דער קעניג איז דאָ גאָרנישט דאָ און דערביי גיבן מיר אים דאָס צוגע־זאָגטע פּלעשל בראָנפן.

דער פּראָפעסיאָנעלער שטאָלץ פון „גרויסן ליגנער״ האָט זיך, ווייזט אויס, געפילט געטראָפן: „וואָס הייסט עפּעס, ער האָט צוגענומען דאָס פלעשל און אונדז חלילה אָפּגענאַרט? גייט אַריין צוריק אין רעסטאָראַן, פרעגט קיינעם נישט. עפנט אָט די צווייטע טיר פון ביליאַרד־צימער, וועט איר זען דעם מלך״.

מיר גליטשן זיך שטיל אַריין אין קאָרידאָר און גיבן אַן עפן די טיר מיטן אויפשריפט „ביליאַרד״.

אַ פּרעכטיקער שוואַרצער עקזעמפּליאַר פון אַ מאַנספּאַרשוין מיט אַ בערדל און לאַנגע נאַקעטע פיס ליגט צעלייגט אין אַ פאָטעל. אַ טיגער־פעל הענגט אַראָפּ פון די פּלייצעס. אַרום טישל אָנגעשטעלט מיט גלעזער און פלעשער זיצן אויך צוויי אייראָפּעער, ווייזט אויס, פון דער קאָלאָניאַל אַדמיניסטראַציע. דער קעניג עפנט אויף אונדז אַ פּאָר ווילדע אויגן, לאַכט זיך ברוסטיק פונאַנדער און גיט אַ זאָג עפּעס אין אַ שפּראַך, וואָס קלינגט גאָרנישט ווי אַ באַגריסונג.

וואָס ער זאָל נישט האָבן געזאָגט, איז ער געווען גערעכט: מען רייסט זיך נישט אַריין צוליב נייגעריקייט אין דעם פּריוואַט־לעבן פון אַ מענטשן, מעג ער זיין אַ שוואַרצער מלך און אפילו צען מאָל נאָך קידוש...

מיר האָבן זיך געפילט גאָר אומבאַקוועם, זיך געלאָזט אין וועג אין דער ריכטונג צום „קראַאַל״ פון דער „גרויסער עלעפאַנטין״, צום קעניגס מוטער. געקומען דאָרטן, האָבן מיר זיך געפונען אַרומגערינגלט פון אַ המון קינדער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן בעטלען פּאַפּיראָסן און זיסיקייטן. אין דער צייט, ווען מיר האָבן זיי געטיילט, וואָס נאָר מיר האָבן געהאַט פון עסנוואַרג, האָבן מיר באַאָבאַכטעט דעם פּלאַץ.

צענדליקער שטרויענע „סטאָגעס״ אַרומגעוויקלט אַרום אַ דיקן שטעקן, דאָס זענען די „הייזער״, וווּ עס וווינען די צאָלרייכע ווייבער פון סאָבוזאַן און זיינע קינדער. די אַלטע קעניגין אַליין וווינט אין אַ הילצערנער הויז, אָבער אַ סטאָ־ליאַר, וואָס אַרבעט דאָ אין „קראַאַל״ און רעדט ענגליש, האָט אונדז געראָטן זיך נישט צו דערנענטערן דאָרטן:

„עס קען אַרויסרופן אַן אויפרעגונג און איר זייט דאָ אַליין אין דעם אויטאָמאָביל״.

„אָבער וויפל ווייבער פון קעניג וווינען דאָ?״

דער סטאָליער צעשמייכלט זיך:

„דאָס ווייס קיינער נישט און דאָס דאַרף מען גאָרנישט וויסן. אָבער מאַכט אַ פאַרגלייך: אויב איך, אַן אָרימער בעל־מלאכה, פאַרמאָג פינף ווייבער און צוואַנציק קינדער, וויפל זשע קאָן זיך דערלויבן צו האָבן אונדזער גרויסער האַר?״...

מיר פאָרן שוין אין דער ריכטונג צום גרענעץ. די וועגן זענען נאַס און

ליימיק. מיר שטעלן זיך אפּ אנפילן דעם אויטאָ מיט גאַזאָלין נעבן א דערפל, וואָס הייסט כלאַטיקולו. פון הייזל אַנטקעגן גייט אַרום עפּעס א ווייסער מענטש אין אַרבעטס־קליידער, קוקט זיך אויפמערקזאַם איין אין מיין געזיכט, נעמט אַרויס א „ליולקע" פון זיין מויל און גיט א זאָג אין א ליטווישן יידיש:

„שלום־עליכם, מר. שאַשקעס! איך האָב אייך יענע וואָך געהערט רעדן אין יאָהאַנעסבורג און גלייך דערקאַנט. מיין נאָמען איז לאַפּידוס, א ייד פון שאַ־וועל, וואָס וווינט שוין דאָ יאָרן..."

„עליכם שלום" — ענטפער איך אָן איבערראַשטער און דערפרייטער — ווייניקער ווי אַלץ האָב איך זיך גערעכנט טרעפן יידן אין ווילדן סוואַזילאַנד...

IV

# יידן אין ווילדן סוואַזילאַנד

זיצן מיר אין אן איינזאַמען הייזל מיטן ליטווישן יידן שמואל לאַפּידוס אין ווילדן שוואַרצן סוואַזילאַנד אין דרום־אַפריקע.

נאָר דער ביטערער יידישער גלות האָט דאָס געקענט מאַכן אַזאַ „וויץ", ווי פאַרוואַנדלען אייניקע יידישע פאַמיליעס אין בירגער פון שוואַרצן מלך סאָבוזאַ דעם צווייטן.

אָבער ווען היטלער האָט אָנגעהויבן קוועטשן די אייראָפּעאישע יידן און זיי האָבן געזוכט א רעטונג, ווו נאָר עס האָט זיך געלאָזן — האָבן זיך א פּאָר צענדליק פאַמיליעס פון ליטע און דייטשלאַנד אַריינבאַקומען אויך אין ווילדן סוואַזילאַנד.

פאַרשטייט זיך האָבן זיי לכתחילה געוואָלט גאָר עמיגרירן קיין יאָהאַנעס־בורג, קייפּטאַון אָדער אַן אַנדער שטאָט אין דער דרום־אַפריקאַנער רעפּובליק, ווו זיי האָבן קרובים און בעסערע לעבנס־באַדינגונגען.

אָבער די הויך־ציוויליזירטע ווייסע מושלים האָבן מיט זיבן שלעסער פאַר־מאַכט די גרעניצן פון זייער לאַנד, כאָטש עס איז גרויס, רייך און עס איז נאָך געבליבן פיל דאָ צו אַנטוויקלען. איז קיין ברירה נישט געווען. האָבן זיך אַביסל יידן, אויף דערווייל אַריינבאַקומען אין שכנותדיקן שוואַרצן פּראָטעקטאָראַט, ווו זיי האָבן ווידער אַמאָל באַוויזן, די פעאיקייט און דערפינדערישקייט פון זיך צופּאַסן צו אומגלויבלעכע קולטורעלע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען.

פריער די איינציקע „ליטוואקעס", שפעטער א פאר צענדליק דייטשע יידן האבן זיך באזעצט אין דער אזוי גערופענער הויפטשטאט „באבאנע", (איי־גנטלעך א דארף) און צווישן די „כאטקעס" פון די דערפער הלאטי קולו, סטע־גי און ברעמערס־דארף. א פאר איינזאמע יידן וווינען אפילו אין סאמע מיטן פון דעם „בוש" (דזשונגל) צווישן פרימיטיווע שווארצע און ווילדע חיות. זיי נעמען זיך וויפיל שווארצע ווייבער זיי ווילן (אין דער רעפובליק פון דרום־אפרי־קע איז א ווייסן גע׳זעצלעך פארווערט צו לעבן מיט שווארצע, אבער אין סוואַ־זילאנד איז אזא פארבאט נישטא).

אונדזער גאסט־געבער, וועלכער קומט פון צייט צו צייט קיין יאהאנעס־בורג, — האלט דא אינמיטן וועג א גאזאלין סטאציע און האט פרנסה בכבוד. ער שרייבט אויס די אידישע צייטונג, לייענט ביכער און ווייסט וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט. ער וואלט אויך געוואלט אנטלויפן פון דאנען, נאר וווהין?

מיר דערוויסן זיך, ווי אזוי א גרופע דייטשע יידן האבן אין באבאנע מיט דער הילף פון יאהאנעסבורגער „באארד אוו דעפיוטיס" געגרינדעט א בשותפות־דיקע פאבריק פון מענער און דאמען קליידער, אז סך־הכל איז געווארן דא א מאדע גיין אנגעטון נאר מיט א פאר יאר צוריק.

קיין גוטע געשעפטן האט די קאאפעראטיווע פאבריק נישט געקאנט דע־ריבער מאכן און זי איז מיט א האלב יאר צוריק געשלאסן געווארן. די שלימזל־דיקע „פאבריקאנטן" זענען אוועק קיין ישראל, דאס איינציקע לאנד, וואס האט זיי געגעבן א מעגלעכקייט ארויסגיין פון דער ווילדעניש.

אבער עס זענען נאך איצטער צעווארפן דא און דארט איינזאמע יידן. פא־ראן אזעלכע וואס האבן זיך ארייגעלעבט אין בלאטיקן, ליימיקן באדן פון שמוץ און אבערגלויבן, אז זיי ווילן גאר נישט ארויס פון דאנען: די ווילדע, מגושמ־דיקע „פרייהייט" דא ברענגט זיי מער באפרידיקונג ווי די פערספעקטיווע צו לעבן צווישן „ציוויליזירטע". מעגלעך אז דאס איז אויך א גאנג...

אבער אט דא רעד איך מיט א צווייטן באגעגנטן יידן, — האנס לעווינסאהן, — א פליט פון דייטשלאנד, וועלכער וווינט מיט זיין מוטער אין באבאנע. ער האט שוין מער קיין כח נישט. ער וויל פון דאנען אוועק. „צי קען איך אים העלפן?"

— יא, — איר קאנט לייכט באקומען אן אמעריקאנישע וויזע אונטער דער דייטשער קוואטע, אבער אייער מוטער איז דאך א טשעכישע — וועט זי מוזן יארן ווארטן אויף דער קוואטע"...

נו, איז טאקע שלעכט. ער וועט דאך נישט לאזן זיין אלטע מאמע אין סוואזילאנד און אליין אוועק קיין אמעריקע.

קיין ישראל וויל ער נישט פאָרן, ווייל ער האָט נישט קיין פאַך און קיין געלט. און אַזוי אויך די איינציקע איבעריקע דייטשע יידן.

בלאַנדזשענ נאָך דעריבער איבער די בלאַטיקע, ליימיקע וועגן פון סוואַזי־לאַנד א 30 — 20 יידן, וועלכע באַגעגענען זיך יום כפור צו כל־נדרי אין דער אכסניא פון ברעמערסדאָרפ, ווו דער באַלעבאָס — ס. אַדלער איז א פליט פון דייטשלאַנד...

און א דריי יידישע פאַמיליעס וווינען אין שוואַרצן בעטשונא־לאַנד, — וועמענס מלך סערעטסע כאמא איז נישט לאַנג צוריק באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט נאָכדעם, ווי ער האָט חתונה געהאַט אין לאָנדאָן מיט דער ענג־לישער בלאָנדער סטענאָטיפּיסטין רות, וועלכער עס האָט זיך פאַרוואָלט ווערן א מלכה אין אַפריקאַנער „בוש".

מילא, איך בין אייך מוחל דעם כבוד און נחת וואָס זי האָט דאָרט איצט אין שטרויענעם „פּאַלאַץ" ביים זייט פון איר געליבטן ריזיקן טונקעלן הערשער. די דרום־אַפריקאַנער רעגירונג קוקט זייער קרום אויף דער דאָזיקער הייראַט. זי האַלט דאָס פאַר א פאַרשוועכונג פון „הייליקן, ווייסן ראַסע־פּרינציפּ". ווען נישט די טויזנטער העלדישע שוואַרצע זעלנער מיט זייערע שפּיזן און קופּערנע פאַנ־צערס וואָלט מען שוין מסתם דער בלאָנדער ענגלענדערין לאַנג „געקידנעפּט". אַלנפאַלס טוריסטן ווערן דאָרטן נישט גערן צוגעלאָזן...

אין דער טעריטאָריע פון באַזוטאָלאַנד, — האָט אין דער „הויפּטשטאָט", דאָס הייסט אין דערפל מוריה, געוווינט ביז מיט א פּאָר יאָר צוריק א ייד שמאָללער, וועלכער האָט דאָרט פּראָדוצירט און פאַרשפּרייט אָרטיקע קונסט־אַרטיקלען. איז ער אַוועק קיין אַרגענטינע, ווו ער פירט אַן ענלעך געשעפט. ביי היינטיקן טאָג איז שוין אין באַזוטאָלאַנד נישטאָ קיין איין ייד.

עס זענען מיר געבליבן פון מיין רייזע איבער סוואַזילאַנד צוויי שרעקנ־דיקע דעראינערונגען: דאָס איז די לויה פון עפּעס א יחסנדיקן אָנפירער פון א שבט און דער באַריכט פון א פּראָצעס איבער ריטועלע מערדער, וואָס האָט זיך גראָד געענדיקט אין באַבאַנע מיט א טאָג פריער איידער מיר זענען געקומען מיט א באַזוך אין סוואַזילאַנד.

ווען אונדזער אויטאָמאָביל איז אַרויסגעפאָרן פון כלאַטיקולו אין דער ריכ־טונג צום גרענעץ פון מאָזאַמביק, האָבן מיר דערהערט פון דער ווייטנס א מורא־דיקן יאָמער, ווי דאָס געוויין פון די שאַקאַלן, וואָס האָט אונדז נישט געלאָזן שלאָפן מיט א נאַכט פריער אין קרוגערס וואַלד. אונדזער שוואַרצער שאָפער סטעפּולי, וועלכער קען גוט די געגנט האָט זיך שנעל אָריענטירט און פאַרקי־רעוועט דעם אויטאָ פון וועג אַראָפּ אין די געדיכטע צווייגן.

מיר האָבן געזען אַז ער איז אַביסל דערשראָקן, וואָס עס טרעפט זעלטן מיט אים.

ער דערקלערט אונדז: „אַ לויה גייט; דער אָנפירער פון אַ שבט איז געשטאָרבן. ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, ווען מיר זענען געזעסן און געשמועסט מיטן יידן פון דער גאַזאָלין סטאַציע. ס׳איז נישט גוט, ווען דער המון, וואָס איז שרעקלעך אויפגערעגט דורך די צערעמאָניעס וועט באַגעגענען אויף זייער וועג דעם אויטאָמאָביל מיט ווייסע פּאַסאַזשירן. לאָמיר בעסער זיצן שטיל. מיר מעגן קוקן דורך דיביימער, אָבער נישט רעדן״.

אין אַביסל אַן אויפגערעגטן צושטאַנד דערוואַרטן מיר די פּראָצעסיע, וועלכע דערנענטערט זיך מיט אַ „הארמאנישן״ קוויטשען פון פרויען. נאָכהער ווערן זיי שטיל, — דערהערט זיך אַ רעזיגנירט טיף ברומען פון מענער. נאָכהער ווידער די פרויען.

אונדזערע נערוון ווערן אַלץ מער און מער אָנגעצויגן.

דאָס ערשטע וואָס מיר דערזעען איז: נאַקעטע מענער מיט אָנגעצונדענע פּאַקעלן טראָגן אַ שטול איבער זייערע קעפּ. אין שטול זיצט אַ שוואַרצער מענטש מיט געבונדענע הענט און פיס. דאָס איז טאַקע דער מת אַליין...

נאָך איצטער כאַפּט מיך דורך אַ שוידער, ווען איך דערמאָן זיך דאָס אָפענע מויל און פאַרגלאָצטע אויגן אונטערן שוואַרצן געקרייזלטן קאָפּ, צוגעבונדן מיט שטריק פון געפלאָכטענעם גראָז צום רוקן פון שטול.

אין דער געבונדענער האַנט איז אַריינגעשטעקט אַ שפּיז מיט אַ געבראָכענעם שפּיץ. דאָס איז אומישנע צעבראָכן געוואָרן כדי דער מת זאָל אויף יענער וועלט נישט וועלן נקמה נעמען אָן די גייסטער, וואָס האָבן צוגענומען זיין לעבן.

נאָכן שטול מיטן מת שפּרייזט מיט אויפגעהויבענע הענט דאָס הויפּט־ווייב פון געשטאָרבענעם. נאָך איר, צוויי רייען פון געוועגלעכע ווייבער, אויך מיט אויפגעהויבענע הענט. אַלע יאָמערן זיי לויט אַ געוויסן טאַקט. אפשר איז דאָס מוזיק, אָבער איך פאַרשטיי זי נישט. נאָכהער גייען מענער. זיי ברומען אונטער די קלאַנגען פון אַ פויק.

סטעפּולי דערקלערט אונדז, אַז דאָס גייט מען איצט צום נאָענטן טייך, ווו מען וועט אָפּשניידן די האָר ביי אַלע אַלמנות. פריער וועט דער „אינדונא״ — דער פּריסטער, אָפּשניידן די האָר ביי דער הויפּט־אַלמנה מיטן מעסער פון מת. שפּעטער וועט זי מיטן זעלבן מעסער אָפּשניידן די האָר ביי די אַנדערע אַלמנות לויטן סדר, ווי זיי האָבן חתונה געהאַט מיטן געשטאָרבענעם. די געשווירענע האָר וועלן אַוועקשווימען מיטן שטראָם דירעקט צו „יענער וועלט״, ווו דער חשובער מת וועט האָבן גענוג צייט זיך שפּילן מיט זיי, דערמאָנענדיק זיינע ווייבער.

און אַז די נאַכט וועט צופאַלן, וועט דער כישוף־דאָקטאָר מיט דעם זעלבן מעסער קוילענען אַ ווילדן הירש, בראָטן זיין פלייש אויפן צעלייגטן פייער און יעדער פון די אָנוועזנדע וועט באַקומען אַ שטיקל. דער טיפערער געדאַנק פון דער צערעמאָניע איז, אַז מיט יעדן שטיקל פלייש עסט מען אויך טיילן פון פלייש און בלוט פון טויטן און ער וועט בלייבן אין די הערצער פון די לע־בעדיקע.

זיי גלויבן דאָ, אַז ווער עס באַקומט נישט זיין שטיקל פלייש וועט משוגע ווערן פון שלעכטע חלומות.

(אין סוואַזילאַנד איז אָנגענומען, אַז אויב אימיצן חלומט זיך, אַז זיין פריינט אָדער משפחה־מענטש איז געשטאָרבן מוז ער גלייך אין דער פרי אויס־געפינען אים און איינבייסן זיין אויער ביז בלוט. ווען ער טוט דאָס נישט חלילה, וועט ער אַליין משוגע ווערן).

די פּראָצעסיע איז שוין דורך. אין דער טונקלקייט פון וואַלד רויטלען זיך נאָך פון דערווייטנס די שטורקאַצן און עס טראָגן זיך די אָפּקלאַנגען פון די יאָמערן. נאָר דאַן לאָזן מיר אונדזער מאָטאָר אין גאַנג, און ווי געיאָגטע פון בייזע גייסטער טראָגן מיר זיך איבער בערגלעך און טאָלן צו דער גרעניץ אין מאָזאַמביק. מיר זענען שוין געקומען צו שפּעט, אָבער די פּאָרטוגעזישע גרעניץ־באַאַמטע גיבן נאָך אונדזערע תחנונים און לאָזן אונדז אריין אין לאַנד. מיר זע־נען מיד און שווייגנד עפּעס אַזוי ווי די בייזע גייסטער פון דער לויה־צערעמאָניע וואָלטן זיך אריינבאַקומען אין אונדזערע געמיטער.

די איינצלהייטן וועגן ריטועלן פּראָצעס וועלכער האָט זיך פּאַרענדיקט אין דער הויפּטשטאָט באַבאַנע מיט אַ טאָג פריער האָבן מיר זיך דערוווסט אין מאָ־זאַמביק. אויך אין יאָהאַנעסבורג האָבן אַלע צייטונגען וועגן דעם ברייט גע־שריבן.

פאַר אונדז יידן, אַז מען דערמאָנט דאָס וואָרט „ריטועלן פּראָצעס", — ווערט אַביסל אומהיימלעך אויף דער נשמה: אַזוי פיל זיך אָנגעליטן דורך דורות פון די ריטועלע בלבולים, אַז מיר באַנוצן בלוט צו מצות... אַזוי פריש אין אונ־דזער זכרון די ריטועלע פּראָצעסן פון אונדזער צייט: די טיסאַ־עסלער אין עסט־רייך; דער ביילים־פּראָצעס אין קיעוו און די אַמאָליקע וועליזשער און דמשקער בלוט־בלבולים און עס שווינדלט אַזש פאַר די אויגן דער פּאַרמאַנענטער בלוט־פּראָצעס, אין וועמענס שאָטן אונדזער פאָלק לעבט שוין מער ווי 1900 יאָר, די יאָרן, וועלכע רופן זיך די קריסטלעכע ערא...

און דאָ בין איך נאָר וואָס געווען אין אַ לאַנד, אמת, — אין אַ פּרימיטיוון בריטישן פּראָטעקטאָראַט, — ווו דריי ענגלישע ריכטער — אין ווייסע פּאַרוקן און רויטע טאָגעס האָבן מיטוואָך דעם 5טן אָקטאָבער 1949 פאַרמשפּט צום

טויט פינף שווארצע סוואזי־מענטשן פאר דערמאָרדן זייערן אַ שכן און באַנוצן זיין בלוט צו ריטועלע צוועקן!

קיינער פון אייך וואָלט גלייכגילטיק נישט אָנגענומען דעם אורטייל — וואָלט אינסטינקטיוו פּראָטעסטירט, אַז עס איז אפשר נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז טאָמער איז דאָס אַ בלוט־בלבול פון ווייסע קעגן שווארצע: שוין געזען אַזעלכע זאַכן!...

אָבער נאָך אַ רואיקן און זאַכלעכן אַנאַליז פון די פאַקטן און געשיכטלעכן אונטערגרונד, מוז איך אַליין קומען צום באַשלוס, אַז דער פאַקט פון ריטועלן מאָרד איז דאָך באַשטעטיקט געוואָרן, אַז ער קומט פאָר פעריאָדיש פון צייט צו צייט און אַז ער איז אַ באַשטאַנד־טייל פון לעבנס־שטייגער פון אַ טייל אַפרי־קאַנער שבטים ביזן היינטיקן טאָג. עס איז אויך אַ פאַקט, אַז די שווארצע באַ־שולדיקטע לייקענען עס אַליין נישט, אַז די מער פּראָגרעסיווע עלעמענטן צווישן די „נייטיווס״ באַקעמפן ענערגיש די ווילדע אבערגלויבענישן פון דער מענטשן־פרעסערישער פאַרגאַנגענהייט.

אָבער קיין שווארצע ריכטער לאָזט מען צו אַזעלכע פּראָצעסן נישט צו: עס איז מער ווי וואַרשיינלעך, אַז אַזעלכע ריכטער וואָלטן גאַנץ שנעל דערמאָרדעט געוואָרן לויט אַלע ריטועלע כללים...

אין דעם אָקטאָבער פּראָצעס פון פאַרגאַנגענעם יאָר איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אָן יעדן ספק, אַז אַ כישוף־רופא צוזאַמען מיט פיר חשובע מענער פון אַ סוואַזי־פאַמיליע האָבן געקוילעט זייער שכן און זיין הייסע בלוט צעמישט מיט אַ „הייליקן״ געטראַנק. דער ציל איז געווען צוריקבאַקומען פאַר דער פאַ־מיליע פון די מערדערס די מאַכט און ווירקונג, וואָס דעם דערמאָרדעטנס פאַ־מיליע האָט כלומרשט ביי זיי גערויבט.

דער קאַמף פון די פאַמיליעס האָט זיך געצויגן אין משך פון צוויי דורות און זיך געענדיקט מיט דער פינצטערער צערעמאָניע פון קוילענען דעם הויפּט פון יענער פאַמיליע און טרינקען זיין הייס בלוט...

אַלע שולדיקע האָבן זיך מודה געווען. מען האָט זיי פאַרמשפּט צו הענגען. אָבער טויזנטער אין די „קראַאַלס״ דערפער האָבן אין יענעם טאָג פון פּראָצעס געוואָרפן די ארבעט, געווען אויפגערעגט און זיך געזאַמלט אין די גאַסן. מען האָט געבראַכט ענגלישע פּאָליציי... די מאַסן האָבן דאָך געהאַלטן מיט די פאַר־משפּטע.

אין די אַרכיוון פון די געריכטן געפינען זיך מאַטעריאַלן פון פיל אַנדערע אַזעלכע פּראָצעסן. די שולדיקע ווערן געהאַנגען, — אָבער דאָס מעסער פון כי־שוף־רופא איז נאָך אַלץ נישט אָפּגעשראָקן...

איבעריקנס, לעבן נאָך איצטער פֿיל פֿון די שבטים אין שוואַרצן אַפֿריקע, געננוי ווי אין די צייטן, ווען געצנדינערישע פֿעלקער מיט זייערע בלוטיקע מנהגים איידער די גריכישע און רוימישע ציוויליזאַציעס האָבן דעם געצנדינעריש קולט דערהויבן צו אַ העכערער מדרגה.

מיר ייִדן, האָבן נאָך אין די וויקעלעך פֿון אונדזער געשיכטע באַקעמפֿט דעם קולט פֿון מענטשלעכע קרבנות, פֿאַרשאָלטן די, וואָס ברענגען זייערע קינדער אַלס אָפּפֿער צום מעגטש מולך; פֿאַרווערט אפילו קראַצי ביז בלוט דאָס אייגענע לייב; פֿאַרווערט עסן בלוט פֿון בהמות אפילו, ווייל „בלוט איז די נשמה"...

אין יענעם טאָג ווען דער מלאך פֿון גאָט האָט אָנגעכאַפּט אברהם אבינוס האַנט מיטן מעסער, ווען ער האָט געוואָלט שחטן יצחקן, איז געבוירן געוואָרן דאָס ייִדישע פֿאָלק מיט זיין מאָראַל פֿון גייסט...

V

# אַן אונטערגייענדיקע ייִדישע קהלה

אַ בר־מצוה זונגעלע פֿון מײַנעם אַ גוטן פֿרײַנט אין ניו־יאָרק האָט מיך מיט אַ יאָר צוריק אָנגעהויבן עקזאַמינירן אין געאָגראַפֿישע וויסנשאַפֿטן. ער ווייס פֿון טאַטן זיינעם, אַז איך פֿאָר אַרום אַ סך, האָב באַזוכט כמעט די גאַנצע וועלט, אָבער דאָך וויל מיך דער קונדס כאַפּן אין עפּעס אַ פֿעלער. אפֿשר האָב איך דורכגעלאָזן אַ לאַנד, אפֿשר האָב איך פֿאַרגעסן אַ נאָמען פֿון אַ פּאָפּולערן טייך, אָדער אַ באַרימטע בארג־קייט.

יענץ ייִנגעלע איז אַ ווונדער־קינד, אַליין אַ גייענדע ענציקלאָפּעדיע אין דער ספּעציעלער שול פֿאַר טאַלאַנטירטע קינדער, וווּ ער לערנט איז קיין שום לימוד נישט שווער פֿאַר אים; ער שלינגט אַלץ איין מיט אַ גאַונישער לײַבטקייט פֿון זײַנע לומדישע עלטער־זיידעס.

מיט אַזאַ חברה־מאַן איז שווער צו דיסקוטירן; די תורה איז ביי אים פֿריש אין קאָפּ און זיין „ספּאָרט" איז — עקזאַמינירן אָט אַזאַ אורח, ווי איך בין און ווייזן טאַטע־מאַמע אַז איך בין, במחילה, דורכגעפֿאַלן... פֿרעגט ער מיך, צי איך בין געווען אויפֿן אינדזל פּידזשי, געטראָטן אויף דער ערד פֿון אינדזל פֿאָרמאָסא, און ווען?

ענטפּער איך מיט אַלע סימנים און פּיטשעווקעס. באַרואיקט ער זיך אַלץ נישט און ענדלעך, ענדלעך קוועטשט ער מיך צו צו דער וואַנט! „און אין מאַזאַמביק זענט איר געווען?״

געוואַלד! דער יונג האָט מיך געכאַפּט... איך שטאַמל עפּעס אַרויס, אַז אייגנטלעך איז מיין אעראָפּלאַן אויפן וועג קיין דרום־אַפריקע געפלויגן נישט ווייט פון מאַזאַמביקער טעריטאָריע, אַז איך האָב געוואָרפן אַ ווייטן בליק אויף די דזשונגלס פון דער דאָזיקער מאַזאַמביקישער קאָלאָניע... אָבער עס העלפט נישט: דער בחור צעשרייט זיך מיט טריאומף איבער אַלע צימערן און אַלע פאַרזאַמלטע געסט הערן מיין חרפּה: „אין מאַזאַמביק איז ער גאָרנישט געווען, — אייער באַרימטער וועלט־רייזנדער״.

נישט לאַנג האָט יענער פּעאיקער בחורל געקראָגן אַ בריוו פון מיר מיט אַ פּאָסט־שטעמפּל פון מאַזאַמביקס הויפּטשטאָט לאָרענסאָ־מאַרקעז. דער „פלעק״ איז פון מיר אָראָפּגענומען געוואָרן. איך האָב „אַנגעשפּאַרט״ דעמאָלט אַזש דאָרטן, וווּ דער באַרימטער רייזנדער וואַסקאָ־דע־גאַמאַ האָט געלאַנדעט אין 1498 יאָר און דאָ געפונען דעם קורצן וועג קיין אינדיע.

פון דאַן אָן איז די קאָלאָניע מאַזאַמביק פעסט אין פּאָרטוגעזישע הענט. זי איז אַזוי גרויס, ווי דאָס היינטיקע פּוילן, — זי פאַרמאָגט ביי פינף מיליאָן שוואַרצע איינוווינער און גיט פּאָרטוגאַל אירע רייכטימער פון צוקער, בוימוואָל, גומי און עלפאַנט־ביין, גאָלד, קופּער און זילבער.

שוין פון דערווייטנס, ווען אייער אויטאָ גליטשט זיך אויפן פיינעם אַספאַלט אין דער ריכטונג צו דער הויפּטשטאָט, ווערט איר אַנגענעם איבערראַשט דערזעענדיק אַ ליניע ווייסע, מאָדערנע הויכע געביידעס, וועלכע בילדן אַ מאַלערישן האַלב־קרייז אויפן ברעג פון ים.

עס דערמאָנט אייך אַ שטאָט אויף דער ריוויערא אָדער איינעם פון די פאַרבנפולע האַפנס אויפן אָריענט.

דער קאָנטראַסט מיט די געגנטן, פון וואַנען איך בין דאָ געקומען צופאָרן מיט מיין אויטאָ איז אַזוי שאַרף! הינטער אייך ליגט דאָס ווילדע סוואַזילאַנד, וווּ עס בלאָזן נאָך ווינטן און געוווינהייטן פון בראשית־צייטן; זעכציק מייל פון דאַנען האָב איך דורכגעשניטן די „נאַציאָנאַלע היים״ פאַר חיות, וווּ לייבן און עלפאַנטן זענען אויף דער פריי און נאָר איך, — דער מענטש, — האָב זיך געמוזט פאַרמאַכן אין דער אָפּגעצוימטער געטאָ, — און דאָ פּלוצלינג אַזאַ שווונג פון פּרעכטיקע געביידעס, פון רעגולירטע בולוואַרן איןביימער און בלומען דערטרונקען, באַלויכטענע דורך פאַרביקע לאַמטערנס צווישן די צווייגן.

און אין אַזאַ אַכסניא ברענגט מען אונדז, — צו דעם פּאָליאַנאַ האָטעל, וועלכער ווערט פאַררעכנט פאַרן שענסטן אין אַפריקע. און פאַרביי אַ קירכע

פאַרן מיר, וועלכע לויט איר אולטראַ־מאָדערניסטישער סטרוקטור איז גאָר ענ־לעך אויף אַ ראַדיאָ טורעם, אַרום וועלכן עס זענען פאַרגליווערט געוואָרן מאָד־מאָרענע וואַסערן און דאָ איז אַ רעגירונגס־געביידע פון זעכצן שטאָק הויך אין דער פאָרם פון באַרימטן קיילעכדיקן טורעם אין פיזאַ־איטאַליע. זי איז אינ־גאַנצן איינגעוויקלט אין אַ ים פון ליכט און שיינט אַרוים ווי אַ געבעט־הויז פון דער צוקונפט.

די דינערשאַפט אין האָטעל, אין גרינע קליידער און רויטע פעזן, — גלאַנצט מיט שוואַרצע געזיכטער, וועלכע זאָגן עדות, אַז די ראַסע דאָ איז שטאַרק געמישט געוואָרן פון אייראָפּעאישע און אַזיאַטישע דורכוואַנדערער, וועלכע האָבן געלאָזן זייערע כאַראַקטעריסטישע שטריכן אין דעם קערפּער־געבוי פון דער דאָזיקער געגנט אויף די „דורכגאַנגס־שוועלן" פון דער וועלט.

מען זעט, אַז די פּאָרטוגעזער בעלי־בתים האָבן אַריינגעלייגט אַ שלל מיט ענערגיע און דערפינדערישקייט אין פאַרשענערן דאָס אויסזען פון דער איינצי־קער וויכטיקער קאָלאָניע, וואָס איז זיי געבליבן פון זייער אַמאָליקער קאָלאָניאַ־לער אימפּעריע, וועלכע איז ביי זיי אָבער צעכאַפּט געוואָרן דורך פרעמדע, אָדער זעלבסטשטענדיק געוואָרן דורך רעוואָלוציעס. די בעסטע אינזשעניערן, געלערנ־טע און אָרגאַניזאַטאָרן ווערן דאָ געשיקט פון ווייטן ליסאַבאָן, — די קינדער פון די אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, כדי עס זאָל שיינען אַלץ שטאַרקער דער לעצטער איבערגעבליבענער דימענט פון דער אַמאָל אַזוי שטאָלצער קרוין.

און אַז איך האָב זיך גענוג אָנגעזעטיקט מיט דעם צאַרטן ריח פון בלומען און טראָפּישע אומבאַקאַנטע געוויקסן, — און אַז דאָס פרישע ווינטל פון ים האָט אָפּגעקילט די ברענענדיקע היץ פון נעכטן און אייערנעכטן, — האָב איך זיך אַרויסגעלאָזן אין גאַס זוכן דעם פּרעזידענט פון דער יידישער קהילה אין לאָרענסאָ־מאַרקעז סעניאָר לואי ריגאָר.

אָבער, אַז איך בין געקומען אין זיין געשעפט פון קרישטאָלן און גלאָז־וואַרג האָט מען מיך גלייך אינפאָרמירט, אַז דער אַלטער לואי ריגאָר איז נישט לאַנג געשטאָרבן. נאָר מען וועט לויפן ברענגען זיין זון, — דעם יונגן סטאַנליי, וועלכער איז אין אַ צווייטן געשעפט. קומט דער זון, — אַ בלאָנדער יונגערמאַן, — מיט אַן אויסזען פון אַ טיפּישן ענגלענדער, — כאָטש זיין מוטער־שפּראַך איז גאָר פּאָרטוגעזיש.

ווען איך זאָג אים, דאָס איך וויל זען דעם פּרעזידענט פון דער קהילה, — פאַרלויפן זיינע אויגן מיט טרערן און ער גיט אַ זאָג:

„נאָכן טייערן פּרעזידענט זאָג איך איצט נאָך אַלץ קדיש, און מיין פאָ־טער אויפן טויטן־בעט האָט מיר באַפוילן איך זאָל פאַרזעצן זיין אַמט... בין איך דאָ אַ פּרעזידענט אָן אַ קהילה"...

„איר ווילט זאָגן, אַז דאָ זענען שוין גאָר קיין יידן נישט געבליבן?"

„ניין, עס זענען נאָך פאַראַן אַ זעקס־זיבן יידן. האָבן זיי געהייראַט גוי־אישע ווייבער, — אָדער זיי זענען געבליבן בחורים און אינגאַנצן אריינגעטון אין מאַכן געלט. מיין טאַטע האָט געשטאַמט פון קורלאַנד. ווען די טאַטעס האָבן געלעבט איז נאָך געווען אַ יידיש לעבן, אַן אינטערעס אין דאַווגען, אין בויען ארץ־ישראל. און איצט בין איך דאָ אַליין מיט מיין שוועסטער, וועלכע האָט אויך נישט חתונה געהאַט. דער שאָטן פון טאַטן וועט קיין גוי נישט אריינלאָזן אין אונדזער משפחה... אַ רעטונג וואָלט געווען דאָס אָוועקפאָרן פונדאַנען, — כאָטש קיין יאָהאַנעסבורג, — איז מען אָבער פאַרפלאָנטערט אין די געשעפטן. איבערלאָזן אַזאַ גוטס אויף הפקר?"

לאַדט אונדז דער בלאָנדער סטאַנליי אויף אַ גלעזל טיי אין הויז פון זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער, — וווּ ער וווינט איצט מיט זיין שוועסטער.

זי קומט אונדז אַרויס אַנטקעגן, — אויך אַ בלאָנדע, אַ הויכע, גאַסט־פריינטלעכע.

די ווענט זענען באַצירט מיט אַלטע פאַמיליען־בילדער. דאָס אויפנאַמס־צימער איז פול מיט געשניצטע האָלץ־קונסטווערק אין דער פאָרם פון שלאַנגען, קראָקאָדילן, עלפאַנטן, — אַלץ אַרטיסטישע אַרבעטן פון איינגעבוירענע אין דער דזשונגל.

דער ברודער סטאַנליי באַמיט זיך דערווייל דורכן טעלעפאָן איינלאַדן כאָטש נאָך אַ צוויי־דריי יידן, מיט וועלכע ער וואָלט מיך געוואָלט באַקענען. אָבער עס גיט זיך אים דאָס בשום אופן נישט איין: זיי זענען אַלע „ביזי". דער גאַסט פון ווייטע מקומות האָט זיי גאָר קיין נייעס נישט וואָס צו דערציילן. פאַרשטייט זיך, ווען איך בלייב דאָ ביז זונטיק, — וואָלטן זיי מיט פאַרגעניגן געקומען, — אָבער... דער פרעזידענט סטאַנליי דערציילט מיר מיט אַ בייסנדיקן סאַרקאַזם זייערע תשובות; עס פילט זיך די פאַרביטערטקייט, וואָס אַ קהילה, וועלכע האָט נאָך מיט דרייסיק יאָר צוריק געציילט אַרום צוויי הונדערט נפשות — גייט אויס. אָט שטאַרבט זי דאָך אָוועק — פאַר אונדזערע אויגן.

„קומט מיט מיר אין שול און אויפן בית־עולם וועט איר אַלץ אַליין זען", — זאָגט סטאַנליי.

אויפן שוועל פון שטוב געזעגענען מיר זיך מיט דער בלאָנדער, שטאָלצער און נאָבעלער שוועסטער זיינער. זי איז ווייזט אויס געווען אַמאָל אַ שיינהייט, — און אָט איצט סימבאָליזירט זי מיט זיך דעם גורל פון דער פאַרוועלקטער קהילה אין לאַנד מאָזאַמביק...

אינמיטן פון אָפּגעבליטע ראָזע דזשקאַנדראַ־ביימער שטייט די ציכטיקע

קליינע סינאַגאָגע־געביידע. אַ מגן־דוד פון גאָלדן גלאָז בלאַנקט אין דער שיי־נענדער זון.

דער אַריינגאַנג צו די דעמבענע טירן איז פאַרשאָטן מיט ראָזע און בלויע בלומען, וואָס פאַלן פון די ביימער אַראָפּ, וויייזט אויס קיינער האָט אויף זיי נישט געטראָטן, ווייל זיי זעען נאָך אויס פריש ביים אַריינגאַנג פון דער סינאַ־גאָגע.

אינעווייניק שטייען נאָך אויסגעשטעלט שטולן פאַר אַ פּאָר מנינים מענ־טשן, — אָבער נאָר סטאַנליי אַליין, — דער פּרעזידענט פון דער שאָטן־קהילה איז דאָ געווען דעם לעצטן שבת. ער האָט אָנגעטון אַ טלית, פונאַנדערגעוויקלט אַ ספר־תורה אויף דער בימה און — געזאָגט קדיש אויסנווייניק. לייענען דעם ספר קאָן ער דאָך נישט. אָבער אַזוי האָט זיין טאַטע געטון, ווען אַרום זענען געשטאַנען אַנדערע יידן אין טליתים.

ער עפנט דעם פּנקס מיט דער באַשרייבונג אין פּאָרטוגעזיש, ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען דער פייערלעכער חנוכת־הבית פון דער ערשטער שול אין מאַזאַמביק.

ער איבערזעצט פאַר אונדז דעם אינהאַלט פון פּראָטאָקאָל.

פאָרגעקומען איז דאָס אינגאַנצן מיט דריי און צוואַנציק יאָר צוריק, דעם דריטן סעפּטעמבער 1926. ער אַליין געדענקט נאָך אַלס יינגל, ווי מען האָט זיך אַזוי דאָ געפּרייט, ווי צו דער שמחה איז געקומען דער באַרימטער פירער און רב פון יאָהאַנעסבורג, — ד״ר יהודה־לייב לאַנדוי.

דער קליינגעוויקסיקער פייערדיקער רעדנער מיט דער לאַנגער גרויער באָרד האָט דעמאָלט דערציילט פאָלגנדן געשיכטלעכן עפּיזאָד (ער איז פאַרשריבן טאַ־קע דאָ אין פּנקס):

ווען מען האָט די יידן אין 1492 אַרויסגעטריבן פון שפּאַניע, — האָט עמנואל, — דאַן קעניג פון פּאָרטוגאַל, — פאָרגעלייגט, אַז אַ טייל פון זיי זאָלן קומען און זיך באַזעצן אין זיין לאַנד! אָבער יאָרן שפּעטער איז ער געווען גע־וואָרן דורך זיין געליבטער די אינפאַנטאַ איזאַבעלאַ, — אַ טאָכטער פון דעם פאַרפלוכטן פּאָרל פערדינאַנד און איזאַבעללאַ, — אַרויסצוטרייבן די יידן אויך פון זיין לאַנד, — און די, וואָס זענען געבליבן געהיים האָט ער איבערגעגעבן אין די הענט פון אינקוויזיציע־טריבונאַל.

אָבער אין דעם זעלבן יאָר, ווען מען האָט אַרויסגעטריבן די יידן פון פּאָר־טוגאַל, זענען געשען צוויי זאַכן: די אינפאַנטאַ איזאַבעללאַ איז געשטאָרבן אין קימפּעט, און — וואַסקאָ דע גאַמאַ האָט אַנטדעקט דאָס אָרט, אויף וועלכן עס שטייט איצט די שטאָט לאָרענסאָ־מאַרקעז... האָט דען דאַן דער פּאָרטוגעזישער מלך געקאָנט פאָראויסזען, אַז די קינדער פון אַמאָליקע אַרויסגעטריבענע וועלן

זיך באזעצן אין דער נייער קאלאניע און אין 428 יאר שפעטער וועט מען דא בויען א סינאגאגע? אין פארטוגאל איז שוין קיין זכר פון די מלכים נישטא, — אבער די נייע סינאגאגע אין מאזאמביק וואכט אויף צום לעבן.״

אזוי האט דערציילט דער אומפארגעסלעכער רב ד״ר לאנדוי אין זיין מלי־צהדיקן אפטימיזם.

אבער פון די אנוועזנדיקע אויף דער דעמאלטיקער שמחה זענען שוין כמעט אלע אויסגעוואנדערט און אויסגעשטארבן און — די פאלנדע בלומען ביים אריינגאנג פון שול ווערן נישט צעטראטן, — ווייל קיינער טרעט נישט איבער די שוועל...

אויפן קליינעם בית־עולם וואס מיר באזוכן שפעטער, — געפינען מיר מצבות פון א טייל פון די, וועלכע האבן בייגעוווינט די צערעמאניע פון דער סינאגאגע־דערעפענונג מיט 23 יאר צוריק! דא ליגן די ריגארס, די בארנעטס, די מיללערס, — דער גאנצער קאמיטעט פון דער אמאליקער פייערונג.

און צווישן די מצבות שטייט דער הויכער בלאנדער „פרעזידענט״ סטאנ־ליי ריגאר און זוכט א תשובה אויף זיין פראגע:

„וואס זאל איך טון מיט דער ירושה, וואס מען האט מיר איבערגעלאזן; וועמען זאל איך איבערגעבן די שליסלען פון דער יידישער קהילה, וועלכע איז דא געבוירן געווארן מיט הונדערט יאר צוריק און אויסגעגאנגען מיט א נאַ־טירלעכן טויט, — ווייל די טאטעס האבן נישט געלערנט די קינדער, ווי אזוי די ירושה צו באנוצן״.

איך האב זיך דאן דערמאנט, ווי אמאל נעבן פתח־תקוה האב איך געזען, ווי א פרדס שטארבט: א גרינער פרדס טרוקנט ביים וועג, שטארבט לאנגזאם אפ, ווייל מען גיט אים נישט צו טרינקען. מען דארף דעם פלאץ פאר א פאַ־בריק, וואס מען גייט בויען, — לוינט שוין נישט צו געבן אים טרינקען.

די ביימער, אויף וועלכע עס הענגען נאך איינגעשרומפענע קליינינקע אראנזשן פאלן אנמעכטיק איינער אויפן צווייטן; זיי גייען אויס. מען וועט זיי באלד אויסהאקן און אויף זייער ארט לייגן בעטאן־פונדאמענטן.

אך, ווען איר זאלט וויסן, ווי אומעטיק א סינאגאגע שטארבט, ווי פאַר־יתומט עס שטייען די אייניקע ספרי־תורות אין עלנדן ארון־קודש, ווי עס וואל־גערן זיך כמעט נייאינקע סידורים און עס שמעקט שוין פון זיי מיט „שמות״, ווי די גאנצע לופט ארום אטעמט מיט שימל און פארוועלקטקייט...

מיט אראפגעלאזטע קעפ, יעדער אין זיינע געדאנקען פארטיפטע גייען מיר ארויס פון בית־הקברות.

איך וויים גאנץ גוט, אז די שליסלען פון די פארמאכטע בתי־כנסיות, סי־נאגאגעס און בתי־קברות וועלן געפינען זייער סימבאלישן תיקון אין באנייטן

ירושלים; אַז אַ קהילה פאַרגייט און אַ שול שטאַרבט, — אָבער אונדזער פאָלק לייבט אויף אין זיין נייער אינקאַרנאַציע.

אָבער דאָך, — ווי פרעמד, ווי אומעטיק, וועט די שיינע שטאָט לאָרענסאָ מארקעז זיין פאַר מיר, ווען איך וועל דאָ אַמאָל ווידער קומען און נישט געפי־נען קיין איינציקן יידן.

***

אין פּאָליאַנאַ האָטעל טרעפט מען שוין פון צייט צו צייט רייכע יידישע געסט פון דרום־אַפריקע, וועלכע קומען דאָ פאַרברענגען זייערע וואַקאַציעס.

מיין באַגלייטער ד״ר הילדער האָט מיך דאָ באַקאַנט מיטן איצט וועלט־באַרימטן אַנטראָפּאָלאָג פּראָפעסאָר ד״ר ראָבערט בירום (נישט קיין ייד), וועל־כער איז געקומען אויף אַ קורצן אָפּרו נאָך די שווערע אויסגראָבונגען, וואָס ער און זיין עקספּעדיציע האָבן איצט געמאַכט אין סוואַרטקראַנס, נישט ווייט פון פרעטאָריאַ.

דאָרט האָט ער דאָס געפונען דעם שאַרבן פון אַ פאַר־מבולדיק באַשעפע־ניש, — האַלב־מענטש, האַלב־מאַלפּע, — וועלכער האָט געלעבט דאָ מיט מער ווי אַ מיליאָן יאָרן צוריק.

ביז איצט האָט מען געפונען אייניקע אַזעלכע שאַרבנס פון באַשעפענישן, וואָס זענען געווען אַזוי ווי אַ איבערגאַנג־שטופע צווישן חיה און מענטש.

ד״ר ראָבערט בירום, אַליין אַ טיפּ פון אַן אויסגעשפּראָכענעם אייראָפּעער מיט איידעלע שטריכן און אַ בלאָנד שפּיציק בערדל, האָט מיר פּרובירט דער־קלערן די סיבה, פאַרוואָס זיין אויסגעפונענער שאַרבן האָט אַרויסגערופן אַ פּיל גרעסערן אינטערעס, ווי די אייניקע, וואָס מען האָט ביז איצט געפונען אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט, ספּעציעל אין די בערג צווישן אַרגענטינע און טשילע:

— מיין מאַלפּע־מענטש האָט געהאַט אַ שאַרבן, ווו עס איז געווען פּלאַץ פאַר אַ 650 קוביק־צענטימעטער מאַרך. דער שאַרבן לויט אַלע איבעריקע סי־מנים האָט געהערט צו אַ קינד. נאָך לאַנגע אויספאָרשונגען זענען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז ווען דאָס קינד וואָלט דערלעבט ביז אַ רייפן עלטער, וואָלט זיין קאָפּ געהאַט אַרום 800 קוביק־צענטימעטער מאַרך, וואָס איז שוין אויפן גרענעץ פון אַ מענטשלעכן מאַרך פון נידעריקסטן אינטעליגענץ־טיפּ, דאָס הייסט, אַז עס האָט זיך געפאָדערט נאָר אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצע צייט, ווען דער דאָזיקער טיפּ פון האַלב־מענטש זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ גאַנצן, כאָטש אַ זייער פּרימיטיוון מענטש.

די וויסנשאַפט איז שוין דערפאַר נאָענט צו געפינען דאָס פעלנדע רינ־

געלע אין דער קייט פון מענטשלעכער אנטוויקלונג, דאָס הייסט, די רעטעניש, ווי אזוי איז פון א מאַלפּע געוואָרן א מענטש.

דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, וואָס פּראָפעסאָר בירום איז געקומען צום באַשלוס, אַז אַ געוויסע קוואַנטיטעט מאַרך, וואָס האָט דעם מאַלפּע־מענטשן דערפירט צו דער העכערער מדרגה, האָבן נאָר געהאַט די מענער פון די באַשעפענישן; די שאַרבנס פון פרויען אָבער ווייזן אַרויס, אַז עס האָט זיי געפעלט אַ הונדערט קוביק־צענטימעטער מאַרך, כדי מען זאָל האָבן רעכט זיי צו פאַרעכענען צום מענטשלעכן מין.

די מענער פון יענער ווייטער צייט זענען לויט זיינע אויסרעכענונגען גע־גאַנגען אויף די הינטערשטע פיס, זייערע פרויען אָבער זענען נאָך דורות לאַנג געקראָכן אויף אַלע פיר...

אין ליכט פון די מיליאָנען יאָרן, וואָס דער מענטשלעכער אנטוויקלונגס־פּראָצעס האָט דורכגעמאַכט איז מיין שווער געמיט אין מאַזאַמביק נאָר אַ קינ־דער־שפּילעכל און דאָך —

עס איז שווער צו פאַרלאָזן אַ פּלאַץ, ווו די סינאַגאָגע שטאַרבט און דער לעצטער יידישער בוים ווערט פאַרטרוקנט.

VI

# נייע פּאָליטישע ווינטן אין דרום־אַפריקע

מיין געשפּרעך, וואָס איך האָב נאָך לאַנגע באַמיאונגען געהאַט מיטן פּרע־מיער־מיניסטער פון דרום־אַפריקע ד. מאַלאַן, האָט אומדערוואַרטעט אויך פאַר מיר אַליין, אַרויסגערופן אַ סענסאַציע סיי אין דער ענגלישער, אַפריקאַנישער און יידישער פּרעסע אין דרום־אַפריקע און סיי אין דער פּרעסע פון דער ברי־טישער אימפּעריע.

כדי אָבער צו פאַרשטיין פאַרוואָס עס איז אַזוי געשען, מוז איך אַריינפירן דעם לייענער אין אַביסל פאַקטן, וואָס זענען ווייניק באַקאַנט אויסער דעם גע־ביט פון דרום־אַפריקע און דער בריטישער אימפּעריע.

פון דערוויייטנס קענען מיר זייער ווייניק פאַרשטיין די איצטיקע לאַגע אין דער „יוניאָן פון דרום־אַפריקע”. אונדזערע טאַטעס און אויך פיל פון אונדז אַלס קינדער האָבן געוווסט וועגן טראַנסוואַל, וועגן קראָן אָדער פריישטאַט אַלס

באַזונדערע אַפריקאַנער רעפּובליק. מיר געדענקען אַפילו די נעמען פון זייערע לעצטע פּרעזידענטן: דעם קאַלירפולן פּאָל קרוגער אָדער סטיין. עס רופן זיך נאָך אָפּ ערגעץ־ווו אין די טיפענישן פון אונדזער זכרון די עפּיזאָדן פון העלדישן און עפּישן קאַמף, וועלכן די דרום־אַפריקאַנישע פּאַרמערס, די בורן, האָבן געפירט מיט פופציק יאָר צוריק מיט די ענגלישע אַרמייען, וואָס האָבן מיט בלוטיקן עקשנות געשטרעבט צו דעראָבערן פאַר דער בריטישער אימפּעריאַלער קרוין די פאַבלהאַפטע רייכטימער פון גאָלד און דימענטן פון בורן־לאַנד.

איר געדענקט, ווי די פּאַרמערס, די בורן (אַלע כמעט פון האָלענדישער אָפּשטאַמונג) האָבן אַוועקגעוואָרפן זייערע אַקערס, סערפּן און געשפּאַנען — האָבן זיך אַרומגעגאַרטלט מיט קוילן, גענומען אין זייערע הענט די פּרימיטיווע ביקסן און אַרויס אין פעלד, כדי צו קעמפן פאַר דער פרייהייט פון זייער פאָלק. און דער אַלטיטשקער טראַנסוואַלער פּרעזידענט פּאָל קרוגער, מיט זיינע כאַראַקטעריסטישע גרויע „באַקנבערד" און גלאַנציקן צילינדער־הוט, איז אַרומגעלאָפן איבער די קעניגלעכע הויפן פון אייראָפּע און געבעטלט הילף פאַר זיין פאָטערלאַנד. ער האָט באַקומען די זעלבע אויפנאַמע, וואָס שפּעטער מיט א סך יאָרן איז געוואָרן צוגעטיילט דעם אַרויסגעטריבענעם אַביסינישן קיסר הייליע סעלאַסי — די זעלבע אויפנאַמע, וואָס מיר יידן האָבן באַגעגנט אין דער וועלט בעת די בלוטיקע פּאָגראָמען און ריטואַל־בלבולים, אין בעסטן פאַל: א מיטגעפיל מיט א קרעכץ.

און די פּאַרמערס־גענעראַלן: סמאָטס, קראָניע, באָטע, הערצאָג האָבן זיך יאָרנלאַנג קעגנגעשטעלט די מאָדערן־באַוואָפנטע אַרמייען פון לאָרד מילנער, פון קיטשנערס אויסגעצייכנטער קאַוואַלעריע און געמוזט אָפּגעבן איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער.

די וועלט האָט זיך אַזש פאַרכלינעט פון מיטגעפיל: אַפילו ביידע „קעניגלעכע צווייטע" (און לעצטע...) דער רוסישער צאַר ניקאָלאַי און דער דייטשער קייזער ווילהעלם, האָבן עפנטלעך אַרויסגעוויזן מיטגעפיל די העלדישע בורן, וואָס האָבן זיך נישט „געלאָזן".

און ווער רעדט נאָך די יידן? אונדזערע זיידעס און אונדזערע טאַטעס האָבן דורכן „המליץ" אין פּעטערבורג און פון דער „הצפירה" אין וואַרשע נאָכגעפאָלגט ליידנשאַפטלעך די בורישע מלחמה.

מיר זענען שטענדיק געווען א פאַרפאָלגט פאָלק און דעריבער האָבן מיר אַזוי געפילט דאָס אומרעכט, וואָס עס טוען דאָ אָפּ די ענגלענדער. סטייטש, וואָס הייסט באַפאַלן א אַרבעטזאַם פויעריש פאָלק און וועלן צונעמען זיין ערד, זיינע רייכטימער און זיין מלוכה?

אין די בתי־מדרשים און להבדיל אין מרחץ, אין שטוב און אין קראָם האָט

מען היים דעבאטירט די שאנסן פון די בורן און געווונטשן זיי א פארדינטן נצחון. אונדזערע טאטעס און זיידעס, אונדזערע מלמדים און לערער זענען גע־ווען „בורן", דאס הייסט, מיר האבן „געהאלטן" זייער צד, אזוי ווי מיט פינף יאר שפעטער זענען זיי אלע געווען „יאפאנעזער", דאס הייסט, „געהאלטן" יאפאנס צד, ווען דעם צארס ארמייען זענען געגאנגען דערלאבערן מאנדזשוריע, קארעא און נאך ווייטער...

און אז עס איז געקומען דער הייסער טאג אין זומער 1900 און פרעטאָ־ריע, די הויפטשטאט פון די בורן איז געפאלן, איז דאס געווען א טרויעריקע בשורה אויך פאר די יידן. דער „המליץ" איז דאן דערשינען מיט א שווארצן רעמל, אין וועלכער מען האט געלייענט מיט דיקן שריפט די ווערטער „ יום נפלה פרעטאריא, כיום נפלה ירושלים ביד צר" (דער טאג, וואס פרעטאריא איז געפאלן איז געגליכן צום טאג, ווען ירושלים איז געפאלן אין שונאס הענט).

אט טאקע דער דאזיקער אויפשריפט אין „המליץ" מיט 50 יאר צוריק — האט מיר שטארק געהאלפן איך זאל קריגן די זייער זעלטענע אוידיענץ ביים היינטיקן פרעמיער־מיניסטער פון דרום־אפריקע דניאל מאלאן.

פארשטייט זיך וואלט איך אליין זיך גארנישט דערמאנט אזא אויפשריפט, כאטש אלס קינד דאן פלעג איך שוין לייענען דעם „המליץ", וועלכן מיין טאטע ע"ה האט דאן אבאנירט צוזאמען מיטן פאפולערן ביאליסטאקער שריפטשטע־לער בר־נש (נח זאבלודאווסקי).

דערפאר אבער איז מיר געקומען צונויץ בעת מיין זיין אין יאהאנעסבורג דער גוואלדיקער זכרון פון מיין עלטערן פריינט — די „גייענדיקע ענציקלאפע־דיע" ש. יודעלאוויטש.

ווען איך האב זיך פאר אים פארטרויט, אז איך האב שטארק חשק צו פארן קיין פרעטאריע און בעטן אן אוידיענץ ביים פרעמיער־מיניסטער, וועל־כער איז דאך בארימט אין דער וועלט אלס אן עקסטרעמער נאציאנאליסט און אויפלעבער פון „בורנטום" און דערביי אויסגעדריקט מיינע ספקות, צי וועט זיך דאס מיר איינגעבן, האט מיך דער אלטער יודעלאוויטש א פרעג געטון:

— „וואס איז געווען אייער טאטע?"

איך האב אביסל פארוואונדערט געענטפערט:

— „וואס הייסט דאס? מיין טאטע ז"ל, איז געווען א ייד א למדן, א משכיל און א ירא שמים..."

גיט זיך יודעלאוויטש א זאג מיט זיין סארדאנישן שמייכל:

— „א, דאס ווייס איך!... אבער אייער טאטע, און מיין טאטע און כל־ישראלס טאטעס זענען דעמאלט געווען „בורן" — איר פארשטייט אייער יחוס? איר זענט א זון פון א „בור" און אלס אזעלכער מעגט איר גיין און פאדערן א

זעאונג מיט דעם הייגטיקן פירער פון די בורן, דעם פרעמיער־מיניסטער פון דרום־אפריקע, און טאָמער וועט ער בעטן ביי אייך א צייכן, אז אונדזער פאָלק האָט סימפּאַטיזירט מיט זיין פאָלק, אין די בעסטע יאָרן פון זייער אומאָפּהענ־גיקייטס־קאַמף, זאָלט איר אים דערציילן וועגן דעם „קאָפּ" אין דעם „המליץ", ווען פרעטאָריא איז געפאַלן. איך קאָן אייך אפילו מאַכן א פאָטאָסטאַטישע קאָ־פּיע פון אָריגינאַל, וועלכער געפינט זיך ביי מיר אין ארכיוו".

אזוי עפּעס, איז שוין גאָר אַנדערש! באַוואָפנט מיט אזא לאָיאַליטעט־צייג־נעניש אין טאַש און אויך מיטן „בורישן זכות אבות" פאָר איר פון יאָהאַנעס־בורג קיין פרעטאָריא אויסצופועלן די אוידיענץ.

און ווייסן דאַרפט איר, אז עס האָט זיך ביי מיר געהאַנדלט נישט פשוט וועגן א „סנאָבישן" ווילן צו זען נאָך א מלוכה־הערשער און פאַראייביקן אים אין מיין גאַלעריע פון רייזע בילדער. די סיבות זענען געווען פיל טיפערע.

עס האָט זיך לעצטנס פאַרשאַרפט דער קאַמף צווישן לאַגער פון פעלד־מאַרשאַל סמאָטס, דער געוועזענער פרעמיער־מיניסטער און די אָנהענגער פון די „אַפריקאַנס" — ווי די בורן רופן זיך איצטער, וועמענס „לידער" איז מאַלאַן, וואָס האָט געוווּנען די וואַלן צום פאַרלאַמענט.

אייגנטלעך איז דער פאָרגענגער זיינער פעלד־מאַרשאַל סמאָטס דער אַמאָ־ליקער העלדישער בורן־גענעראַל, וועלכער האָט צוזאַמען מיט קרוגער, קראָניע, באָטע און הערצאָג געפירט דעם בלוטיקן קאַמף קעגן די ענגלענדער. אָבער ווען די ענגלענדער האָבן געזיגט האָט סמאָטס צוזאַמען מיט נאָך איבערגעגעבענע פירער פון זיין פאָלק געהאַלטן, אז מען דאַרף אַוועקוואַרפן די קעגנזייטיקע שנאה און צוזאַמען בויען א שטאַרקע נאַציע. ער האָט שלום געמאַכט מיטן פאַקט, אז די ענגלישע קרוין איז די נאָמינעלע הערשערין איבער זיין לאַנד, אָבער דערפאַר האָט ער גערופן צו אַנטוויקלען די אומאויסגעשעפּטע רייכטימער פון זיין לאַנד, באַנוצנדיק צו דעם די דערפאַרונג און פּראַקטיק פון דער ענגלי־שער טעכניק און וויסן. עס האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן די גאָלדענע יאָרצענדליקער פאַרן לאַנד, ווען עס זענען אַנטדעקט געוואָרן די טייערע מעטאַלן און שטיינער אין די טיפענישן, ווען דערפאַר, אין דער ערשטער רייע יאָהאַנעסבורג, האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין קאָכיקע גרויסשטאָטישע האַנדלס און אינדוסטריע צענטערן; שולעס און אוניווערזיטעטן, קונסט און ליטעראַטור האָבן א בליִע געטון מיט א שפע פון רייכקייט און פאַרבן.

די פאַרוואָרפענע אין עק וועלט דרום־אַפריקע איז אונטער דער פירונג פון פעלד מאַרשאַל סמאָטס און זיינע טרייע מיטהעלפער אַרויסגעפירט געוואָרן אין פאָדערגרונט פון דער פעלקער משפחה.

דאָס האָט סמאָטס זיגרייך אָנגעפירט מיט די העלדישע דרום־אַפריקאַנער

דיוויזיעס אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אויפן צד פון די אַליאירטע. דאָס האָט ער — שוין אין טיפן עלטער אָבער נאָך אַלץ דער אָנערקענטער פירער — מיט גרויס שווערקייט דאָך ווידער אַריינגעפירט זיין פאָלק אין די רייען פון די וועלט־דעמאָקראַטיעס, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן היטלערן אין צווייטן וועלט קריג. דאָס מאָל איז דאָס אים אָנגעקומען זייער שווער, קוים דרייצן שטי־מען האָבן געבילדעט די מערהייט אין פּאַרלאַמענט, וועלכע האָט געדאַרפט דע־צידירן, צי דרום־אַפריקע וועט גיין באַפרייען די וועלט פון נאַצישער שקלאַ־פעריי. און ווידער איז אַריינגעפלאָכטן געוואָרן אַ בלומען־קראַנץ אין דער גלאָר־רייכער געשיכטע פון אַ פאָלק, וואָס האָט שטענדיק געקעמפט פאַר פרייהייט און יושר.

אָבער די מלחמה־יאָרן זענען שוין געווען אַן אָנזאָג וועגן שאַרפן, וואַק־סענדיקן קאָנפליקט צווישן די קינדער פון די אַמאָליקע האָלענדישע אָפּשטאַ־מיקע, וועלכע האָבן באַהאַלטן אין זיך זייער שפּראַך („אַפריקאַניש״), אַ מין האָלענדישער דיאַלעקט און זייער אייגנאַרטיקע קולטור, און צווישן דעם אַנגלאָ־זאַקסישן טייל, וועלכער איז שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן אין משך פון די לעצטע פופציק יאָר און איז איצט אין צאָל כמעט גלייך אויף גלייך מיט די נאַציאָנאַליסטיש־בורישע עלעמענטן.

דער דאָזיקער אינערלעכער שטרייט צווישן דער ווייסער באַפעלקערונג פון לאַנד, וועלכע באַטרעפט אינגאַנצן אַרום דריטהאַלבן מיליאָן, וואַקסט אויס צו אַ געוואַלדיק פּראָבלעם אין אָנבליק מיט דעם פאַקט, אַז אין זעלבן לאַנד ווױ־נען אַרום ניין מיליאָן שוואַרצע, די אַמאָליקע בעלי־בתים פון דרום־אַפריקע, און אַרום צוויי מיליאָן אַזיאַטישע קאָלירטע, איבערהויפּט הינדוסן, וועלכע האָבן זיך דאָ אָנגעזאַמלט דורך היסטאָרישע מיגראַציע־פּראָצעסן אין משך פון די לעצטע דורות.

איצטער זעט איר שוין אַליין די ראַסן קאָנפליקטן, וועלכע צערייסן דאָס לאַנד און לאָדן עס אָן מיט אַ דינאַמיט פון ליידנשאַפטן, די פאָלגן פון וועלכע מען וועט נאָך פילן נישט וויניקער ווי הונדערט יאָר פאַראויס: אויסער דער פאַרשאַרפטער קעגנערשאַפט אין לאַגער פון די ווייסע, וועלכע ביי געוויסע אומ־שטענדן קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ ברודער־קריג, וואַקסט לאַנגזאַם דער באַ־ווסטזיין ביי די שוואַרצע, אַז אייגנטלעך זענען זיי נאָך אַלץ פאַראַכטעטע קנעכט, וועלכע דער ווייסער מענטש עקספּלואַטירט ביז צום לעצטן; עס זענען געקומען צוריק פון לעצטן קריג די העלדישע שוואַרצע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געזען אַן אַנדער וועלט, און ווילן שוין מער נישט אַריינגעשטופּט ווערן אַלס שקלאַפן אַרבעטער אין די גאָלד־ און קוילן גרובן פאַר אַ פּאָר סענט באַלוינונג אַ טאָג. זיי ווילן מער נישט, אַז זיי אַליין, זייערע ווייבער און קינדער זאָלן

נישט האָבן קײן רעכט צו פֿאָרן אין די זעלבע טראַמװײען און אויטאָבוסן צוזאַ־מען מיט די װײַסע, װעלכע מײַדן זײ אויס, װי אַ פּעסט. זײ װילן נישט װוינען אין די חרובֿהשע געטאָס, װעלכע זענען פֿאַר זײ באַשטימט, אָן װאַסער און אָן באַקװעמלעכקײטן, אָן ליכט און דערציאונג.

מען זעט שוין אַלץ אָפֿטער שװאַרצע אַגיטאַטאָרן און לערער, װעקן דאָס פֿאָלק פֿון שלאָף און רופֿן צום קאַמף פֿאַר אַ בעסער לעבן. פֿון דער אַנדער זײַט זענען די שװאַרצע אין כעס אויף די קאָלירטע אַזיאַטן, ספּעציעל אויף די הינ־דוסן, װעלכע זײ באַשולדיקן, אַז זײ װערן רײַך אויף זײער חשבון, נאַרן זײ אָפּ אין זײערע קראָמען און באַציִען זיך נאָך צו זײ מיט פֿאַראַכטונג. די פּאָגראָמען פֿון די שװאַרצע אויף די הינדוסן אין דער שטאָט דערבען — צום בײַשפּיל — װו עס זענען געפֿאַלן הונדערטער קרבנות אין לעצטן יאָר, זענען אַ בלוטיקער אָנזאָג װעגן געשעענישן, װאָס קאָנען זיך אַנטװיקלען אויך קעגן די װײַסע. דער־װײַל אַרט נישט די װײַסע, װען די שװאַרצע װאַרפֿן זיך אויף זײערע שכנים, די קאָלירטע, דאָס ציט אָפּ דעם צאָרן קעגן דער „אויסדערװײלטער ראַסע”, אָבער פֿיל װײַסע גיבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דאָס איז נאָר אויף דערװײַל. די װאָס קענען געשיכטע געדענקען, אַז די שװאַרצע זולוסן האָבן מיט הונדערטער יאָרן צוריק לאַנג־לאַנג געקעמפֿט קעגן דער אינװאַזיע פֿון די װײַסע, און אַז אויב זײ זענען איצט פֿאַרשקלאַפֿט אין זײער אײגן לאַנד איז דאָס נישט צוליב דעם װאָס די זולוסן האָט געפֿעלט קוראַזש, נאָר װײַל זײ האָבן נישט געהאַט קײן ביקסן. מיט פֿײַל־און־בויגן אַלײן האָט מען נישט געקאָנט באַזיגן דאָס פֿײַער־געװער פֿון װײַסן מענטשן.

װען פֿעלד מאַרשאַל סמאָטס איז געװען בײַם רודער, און אַפֿילו אין די יאָרן װען זײַן קעגנער גענעראַל הערצאָג איז געװען דער ראש פֿון אַ קאָאַליציע־קאַ־בינעט, האָט מען װײניקסטנס געזען, אַז מען זאָל די שװאַרצע נישט צו פֿיל דערצאָרענען, און כאָטש אויך דאַן איז געװען אַ שאַרפֿע צעטײלונג צװישן לעבן פֿון װײַסן און שװאַרצן, דאָך האָט מען װײניקסטנס גערעדט ליבעראַלע װער־טער.

***

אָבער הײַנט האָט זיך דאָס אַלץ געביטן. דער רעזשים פֿון מאַלאַן טרעט קלאָר און אָפֿן אַרויס מיט דער פּאָליטיק פֿון סעגרעגאַציע, פֿון אַ קלאָרער און בולטער צעטײלונג צװישן שװאַרצע און װײַסע. באַזונדערע שטעט, פּאַרלאַמענטן, װוינונגען, דערציאונגס אַנשטאַלטן, פּאָליטישע סיסטעמען. בקיצור אַ געמויערטע װאַנט מוז אַרײַנגעשטעלט װערן צװישן דער קלײנער װײַסער מינדערהײט און דער איבערװעלטיקער שװאַרצער מערהײט... אונטער אָט דער לאָזונג פֿון „אַפּאַרטהײד” (סעגרעגאַציע) האָט מאַלאַן געװונען די װאַלן.

פעלד־מאַרשאַל סמאַטס פּאַרטיי טרעט איצט ענערגיש אַרויס קעגן דער דאָזיקער לאָזונג. די פּאַרטיי איז מתרה, אַז דאָס וועט ברענגען צו גאָר טרויע־ריקע קאָנסעקווענצן אין דער נאָענטער צוקונפט.

מיט פעלד־מאַרשאַל סמאַטס פּאַרטיי גייען אַלע ענגליש־ריידנדע ווייסע עלעמענטן. מיט מאַלאַנען — אַלע אפריקאַניש־ריידנדע ווייסע, וועלכע רופן צוריק צו דער בורישער קולטור פון זייערע טאַטעס, וועלכע וועקן די אַלטע שנאה פון אַמאָליקן קריג אין די צייטן פון פּרעזידענט קרוגער.

די יידן — אינגאַנצן אַ הונדערט טויזנט נפשות, — האָבן אין זייער מער־הייט זיך באַהעפט מיט דער אַנגלאָ־זאַקסישער קולטור. זיי האָבן אויך נאַטיר־לעך געשטיצט סמאַטסן שוין צוליב זיין אומפּאַרגעסלעכן אַנטייל אין אַרויס־געבן די באַלפור־דעקלאַראַציע, צוליב זיין לאַנגיאָריקער פריינטשאַפט מיט פּרע־זידענט חיים וויצמאַן און צוליב זייןווירקלעך פּאַטערלעכער באַציאונג צו די יידן אין אַלע גרויסע קריזיסן פון לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, און סמאַטס האָט דאָך געפירט די מלחמה קעגן היטלערן, בעת זיינע קעגנער האָבן געשטעלט אויף דער נאַצישער קאָרט, געשטימט קעגן דעם דרום־אפריקאַנישן אריינטרעטן אין קריג און אָפן געשטיצט די סאַבאָטירער און פאַררעטער מיט וועלכע דרום־אפרי־קע איז געווען פול אין די קריטישע מלחמה־יאָרן.

די דאָזיקע האַלטונג פון דער גלענצנדיק־אָרגאַניזירטער אָבער זייער אומ־באַדייטנדיקער יידישער מינדערהייט איז געווען גאַנץ נאַטירלעך אין אַ לאַנד, ווו די נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי האָט נאָך איצט אַ פּאַראַגראַף אין איר סטאַ־טוט, אַז קיין יידן קענען קיין מיטגלידער אין איר נישט זיין... האָט מען דען געקאָנט פאַרלאַנגען אַז די שטאָלצע אימיגראַנטן פון ליטע, רוסלאַנד, ענגלאַנד, זאָלן קושן די הענט וועלכע שטויסן זיי אָפּ, אָדער, ווי מען האָט דאָס פון זיי פאַרלאַנגט, — זאָלן נאָך שיטן גאָלד אין איר פּאַרוואַל אַגיטאַציע?

און אַז די נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי האָט דאָך מיט צוויי יאָר צוריק גע־זיגט אין די וואַלן, איז דען אַ וואונדער, וואָס די יידן האָבן זיך געפילט אומרו־איק?

צו אַלע צרות האָט אָנגעהויבן אין דער הויפּטשטאָט פּרעטאָריע דער־שיינען אַ היטלעריסטישער חודש־זשורנאַל „דהי גיישאַן”, וועלכער האָט אין אַר־טיקלען און בילדער אָפן גלאָריפיצירט דעם פאַרשאָלטענעם ימח־שמוניק, גע־לויבט זיינע „אויפטועכצן”, זיינע ראַסן־טעאָריעס: גערופן אים „גאָט־געזאַלבטן”, געוויזן זיין מיאוסן פּרצוף און אַמאָליקע פאָטאָגראַפישע פּאָזעס ווען ער איז נאָך געווען אין זיין פולן גלאַנץ...

דער אַרויסגעבער פון אָט דער צייטשריפט איז געווען איינער אַן ענגלי־שער פאַשיסט, אַן אדיוטאַנט פון טרויעריק־באַרימטן סער אָסוואַלד מאָזלי מיטן

נאָמען לאַראַט באַטערסבי. אַליין אַן ענגלישער בירגער איז באַטערסבי געקו־מען קיין דרום־אַפריקע, אין דאָזיקן דומפּיקן קעסל פון ראַסן פּראָבלעמען, און אַריינגעגאַסן אין אים זיין פאַרעיפּושטן לעפל היטלעריסטישע סמאָלע.

ווען איך האָב געלייענט די אייניקע נומערן פון דער נאַציסטישער שמאַ־טע, האָב איך מיינע אויגן נישט געגלויבט... איך האָב זיך געפרעגט: ווער האָט געוווּנען די לעצטע מלחמה? וועמען האָט מען געמשפּט אין נירענבערג און ווער זיצט איצט אין בערלין און אין פּרעטאָריע?

איצטער איז שוין אַזוי קלאָר, פאַרוואָס איך האָב זיך אַזוי איינגעעקשנט צו האָבן אַ געשפּרעך מיטן איצטיקן הויפּט פון דער דרום־אַפריקאַנישער רעגי־רונג: איך האָב געהאַט אייניקע זייער וויכטיקע פראַגעס צו שטעלן.

אַגב, זענען די טויערן פון לאַנד פאַרשלאָסן געווען שוין יאָרן, אפילו אין סמאַטס צייטן, פאַר יידישער אימיגראַציע, איצטער האָט מאַלאַן אויך פאַרבאָטן איבערהויפּט יעדע אימיגראַציע.

איך האָב אויך נישט געקענט פאַרגעסן, אַז יעדער, וועלכער פאָרט אַריין אין לאַנד, פרעגט מען ביים אָנקומען: צי זענט איר אַן אייראָפּעער, קאָלירטער אָדער אַן העברעער?

אין איין שיינעם פרימאָרגן טעלעפאָנירט איך דעם פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער דיו פּלעסיס קיין פּרעטאָריע, דאָס איך וויל האָבן אַ געשפּרעך מיט אים. אָן זיין רעקאָמענדאַציע וועט מיך דער פּרעמיער מאַלאַן נישט אויפנעמען. דיו פּלעסיס וויל מיך זען, פאָר איך קיין פּרעטאָריע.

VII

# מיין געשפּרעך מיטן פּרעמיער מאַלאַן

די הויפּטשטאָט פון דרום־אַפריקע, פּרעטאָריע, ליגט אַרום פופציק מייל פון יאָהאַנעסבורג, פאַראייניקט דורך אַספאַלט־שאָסייען, איבער וועלכע עס גייט אַ זייער לעבהאַפטע באַוועגונג פון אַלערליי מאָטאָר־וועגענער.

די שטאָט אַליין איז שוין ווייט נישט ענלעך אויף יענעם בורישן דערפל, וועלכן די ענגלענדער האָבן געשטורעמט און איינגענומען מיט אַ האַלבן יאָר־הונדערט צוריק: שיינע גרויסע געשעפטן, מאָדערנע געביידעס, גוט־געפּלעגטע אַלייען מיט די בלויע אומפאַרגלייכלעכע דזשאַקאַראַנדאַ־בלומען וואָס באַצירן פּרעטאָריע.

ביים אַריינפאָר אין שטאָט באַגריסט אייך די סאָלידע געביידע פון נאַ־ציאָנאַלן מוזיי, אין וועלכן איך האָב אַזוי גערן שעהען־לאַנג פאַרבראַכט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט און נישט מיד געוואָרן אָנקוקן אָט די אַלע עקספּאָנאַטן פון גיגאַנטישע דימענטן, פון סאָלידע גאָלד־ציגל, פון אויסטערלישע חיות און נאָך מער אויסטערלישע ווילדע מענטשן... זינט דער ווייסער דעראָבערער מיטן לאַנגן ביקס האָט זיך מיט יאָרהונדערטער צוריק אַריינגעריסן אין בתולה־וואַלד און דאָרט זיינע נעסטן פאַרלייגט, זייענדיק אַרום זיך שרעק און טויט, — אָבער אויך לאַנגזאַם בויענדיק דאָס, וואָס מיר רופן — די מאָדערנע ציוויליזאַציע. — ביזן היינטיקן טאָג, ווען דער ווייסער זיצט פעסט אין זאָטל און באַהערשט די ניין מיליאָן שוואַרצע, — זענען דורכגעגאַנגען קרוב פיר הונדערט יאָר, וועלכע איר שפּרייזט דורך אין אַ קורצע פּאָר שעה איבער די זאַלן פון מוזיי.

און אויף דער אַנדער זייט פון פּרעטאָריע, דאָרט הויך אויפן באַרג, פלאַ־טערן די פאָנען פון ענגלאַנד און דרום־אַפריקע איבער דער מאַסיווער רעגירונגס־געביידע פון דער יוניאָן, וועלכע באָדט זיך אין זון און גרינס און גאָרנישט זאָגט אויסערלעך עדות וועגן קאָמפּליצירטן שווערן קאָנפליקט, וועלכער ווערט אַלץ רייפער און רייפער, צווישן די ביידע פאָנען.

שוין זינט צוויי יאָר זיצן אין דער רעגירונג די נאַציאָנאַליסטישע אַפריקאַנ־נער, די דירעקטע יורשים פון אַמאָליקע בורן, וועלכע האָבן אַזוי בלוטיק און אַזוי העלדיש געקעמפט פאַר דער פרייהייט פון זייער פאָטערלאַנד קעגן אימ־פּעריאַליסטישן ענגלאַנד, וועלכע האָט ענדלעך פאַרכאַפּט דאָס ווערטפולע סעמ־טעלע מיט גאָלד וואָס הייסט היינט די — יוניאָן פון דרום־אַפריקע.

גראַד איצט פייערט דרום־אַפריקע דעם פופציק־יאָריקן יובל פון יענעם נישט־גלייכן און פאַרלאָרענעם קאַמף. אַ ריזיקער מאָנומענט איז אויפגעבויט געוואָרן נעבן פּרעטאָריע, וועלכער שפּיגלט אָפּ אין פאַרגליווערטן מאַרמאָר אַלע פאַזן פון יענע העראָאישע יאָרן, ווען דאָס בורישע פאַרמער־פאָלק האָט דער־הערט דעם רוף פון זיינע פירער און פון אַלע זייטן פון געבענטשטן לאַנד זיך געזאַמלט מיט זייערע ביקסן, וועגענער און אָקסן אַרום זיינע שוין איצט לעגענ־דאַרע גענערעלער.

אַלס אַ ספּעציעלע געפעליקייט האָט מען אויך דערלויבט דעם פעלד־מאַרשאַל סמאַטס צו האַלטן אַ רעדע ביים אָפּדעקן פון מאָנומענט — אָבער ער האָט גערעדט ווי אַלע אַנדערע, אַפריקאַניש (אַ מין האָלענדישער דיאַלעקט). קיין וואָרט ענגליש האָט בעת דער גראַנדיעזער פייערונג זיך נישט געטאָרט הערן. מען האָט אינגאַנצן איגנאָרירט דעם פאַקט, אַז אין דער זעלבער שטאָט פּרע־טאָריע וווינט נאָך אין אַ שלאָס דער רעפּרעזענטאַנט פון דער ענגלישער קרוין, — דער גענעראַל־גובערנאַטאָר, וועלכער פאַרבינדט סימבאָליש דעם בוקינגהעם

פּאַלאַץ אין לאָנדאָן מיט דעם רעגירונגס־הויז אין פּרעטאָריע...

די מערהייט פון דער צוויי־מיליאָניקער ווייסער באַפעלקערונג, — איך האָב שיער נישט געזאָגט: פון ווייסן „הערן פאָלק" — האָט אויסגעוויילט מאַלאַנען און זיינע נאַציאָנאַליסטישע אָנהענגער אין דער רעגירונג און פּאַרלאַמענט, און סמאַטס האָט געקעמפט קעגן זיי אַלס אַנגלאָ־זאַקסישע אָפּאָזיציע — ווידעראַמאָל אַזוי טרויעריק פאַר דעם אַלטן „בורן פירער", וועלכער איז דאָך פון ריינער האָלענדישער אָפּשטאַמונג, — מער ווי עס איז מאַלאַן אפילו, און אין וועמענס אָדערן עס פליסן „ריטשקעלעך" פון פראַנצויזיש בלוט.

פיל פון דער יוגנט, וועלכע איך באַגעגן אין די גאַסן, האָבן זיך געלאָזן אָפּוואַקסן בערד און עס איז נישטאָ איצט אין דער גאַנצער וועלט נאָך אַ לאַנד, וווּ מען טרעפט אַזויפיל באַבערדלטע יוגנט ווי אין דרום־אַפריקע (ליידער, ליידער איז אַזוי טראַגיש פאַרשווונדן די „קאָנקורענץ" פון אונדזער טייערער נאַלעוווקי־גענשע יוגנט אין די שטעט פון דער אַלטער היים...).

דער גרעסטער טייל פון רעגירונג־באַאַמטע, פון דער פּאָליציי, פון סטודענטן, האָבן דורך זייערע פאַרוואַקסענע בערד אויפגעלעבט די מאָדע, ביי וועלכער זייערע בורישע זיידעס און טאַטעס האָבן זיך געהאַלטן, ווען מיט הונדערט יאָר צוריק זענען זיי אַרויס קעגן די אָנגרייפנדע ענגלענדער.

אפילו די פייערלעשער אין יאָהאַנעסבורג האָבן אָנגעהויבן לאָזן וואַקסן די בערד — דאָ אָבער האָט זיך אַריינגעמישט דער אינערן מיניסטער און האָט דאָס שטרענג פאַרווערט: „אַ פייער כאַפּט זיך פריער פאַר אַלץ צו אַ באָרד, און דאָס דאַרף אַ פייערמאַן שטרענג אויסמיידן"...

אָט אין דער אַטמאָספער פון אָנגעצויגענע שטימונגען בין איך געפאָרן קיין פּרעטאָריע רעדן מיטן הויפּט פון דער רעגירונג מיט דר. ד. פ. מאַלאַן.

איך האָב געהאַט אָנגעגרייט אין קאָפּ אייניקע קיצלדיקע פראַגן און אין האַנט האָב איך געהאַלטן די קיצלדיקסטע פון זיי: דעם היטלעריסטישן חודש־זשורנאַל „דהי ניישאָן", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן טאַקע דאָ אין פּרעטאָריע גופא.

***

אַ דיקער עלטערער מאַן מיט אַ באַברילטן פּנים און שווערן גאַנג, הויבט זיך מיר אויף אַנטקעגן, ווען זיין סעקרעטאַר פירט מיך אַריין אין קאַבינעט. ווען איך וואָלט אפילו נישט געוווּסט, אַז מאַלאַן איז געווען אַ גלח, וואָלט איך דאָס אויך אַרויסגעזען פון ספּעציעלן אַביסל רחמנותדיקן און אַביסל, ווי שמן־זייתדיקן אויסדרוק, וואָס לאָזט איבער אויף יעדערנס געזיכט אַ האַלבער יאָר הונדערט דינסט אויפן באַלעמער פון דער קירכע.

מען האָט מיר געגעבן נאָר פופצן מינוט צייט. אין וואַרט־צימער זיצן וויכ־טיקע באַזוכער. אָבער קעגן מיינע דערוואַרטונגען, פאַרציט זיך דער שמועס אי־בער אַ שעה און דאָס לויטן אויסדריקלעכן פאַרלאַנג פון פּרעמיער־מיניסטער, וועלכער וויל איך זאָל געניי פאַרצייכענען אַלץ וואָס ער האָט צו זאָגן.

מען האָט מיר מתרה געווען, אַז מאַלאַן שמייכלט נישט, אָבער איך שטעל פעסט, אַז אין פאַרלויף פון געשפּרעך האָט דער פּרעמיער אָפט און פאַטערלעך געשמייכלט, — מיטן אויסנאַם, ווען ער האָט גערעדט וועגן זיין שונא נומער איינס פעלדמאַרשאַל סמאַטס און איך האָב גערעדט וועגן מיין שונא נומער איינס, דעם היטלעריסטישן רעדאַקטאָר...

ווען אונדזער געשפּרעך איז פּובליקירט געוואָרן אין די ענגלישע, אַפריקאַ־נישע און יידישע צייטונגען אין דרום־אַפריקע, האָט ער אַנטהאַלטן אַ רייע איינ־צלהייטן, כמעט סטענאָגראַפישע, וועלכע זענען געווען פון גרעסטן אינ־טערעס פאַר דעם דאָרטיקן לייענער, — אָבער דאָ וועל איך נאָר איבערגעבן דעם שמועס אין יענע טיילן, וועלכע טראָגן אַן אַלגעמיינעם און נישט קיין לאָקאַלן כאַראַקטער.

פון אָנפאַנג געשפּרעך דערצייל איך אים וועגן דער שווין דערמאָנטער באַ־ציאונג פון אונדזערע עלטערן צום ענגלישן זיג איבער די בורן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק.

דר. מאַלאַן איז קאָנטיק גערירט; ער בעט מיך אָנשרייבן די דאָזיקע ווער־טער און צו מיין דערשטוינונג, לייענט ער זיי איבער אין העברעאיש: אַלס גוט־אויסגעשטודירטער גלח קאָן ער לשון־קודש.

און אָט דער אָנפאַנג פון אונדזער באַגעגעניש האָט שוין געלייגט זיין חותם אויף די איבעריקע טיילן פון לאַנגן שמועס.

איך פרעג און מאַלאַן ענטפערט, בעטנדיק מיך ריכטיק פאַרצייכענען זיינע ווערטער.

איך: — וואָס מיינט איר, ווען איר שטרייכט אונטער אין אַלע רעדעס דעם אויסדרוק „אַפּאַרטהייד״ (ד. ה. אָפּטיילן די ווייסע פון די שוואַרצע).

מאַלאַן — מיר ווילן די ווייסע זאָלן לעבן און שטימען אין זייערע באַזונ־דערע פלעצער. מיר האָבן געגעבן די שוואַרצע אויטאָנאָמע רעכט אין זייערע אייגענע געגנטן און מיט דער צייט וועלן מיר די רעכט נאָך פאַרברייטערן. מיר ווילן נישט, אַז שוואַרצע זאָלן לעבן דאָרטן ווו די ווייסע, און מיר וועלן נישט דערלאָזן, אַז ווייסע זאָלן זיך באַזעצן, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, אין די געביטן פון די שוואַרצע.

איך ווייס נישט פאַרוואָס מען קלאָגט אַזוי אין דער וועלט אויפן גורל פון אונדזערע שוואַרצע: אויף וויפיל איך ווייס זענען זייערע רעכט אין אונדזער

לאַנד אַ סך ברייטער, ווי די וועלכע מען גיט זיי אין געוויסע לענדער, וועלכע ווערן פאַררעכנט פאַר אולטראַ־דעמאָקראַטיש (דוכט זיך אַ שטאָך אין מיין אַמע־ריקאַניש האַרץ... — ח. ש.).

איך — קלויבט איר זיך אין דער נאָענטער צוקונפט אָפּטיילן פון דער ענג־לישער קרוין און שאַפן אַן אומאָפּהענגיקע רעפּובליק?

מאַלאַן — איך וויל אייך אויפמערקזאַם מאַכן, אַז לויט אונדזער קאָנסטי־טוציע זענען מיר שוין איצט אומאָפּהענגיק. מיר זענען נאָר מיטגלידער פון דער ענגלישער „קאָמאָנוועלט". דאָס ענטגילטיקע אָפּטיילן זיך פון ענגלאַנד, — אויב עס זאָל דאַרפן געשען, פאָדערט אָבער מער ווי אַן אָפּשטימונג מיט אַ מערהייט אין פּאַרלאַמענט, עס פאָדערט אַ פאָלקס־רעפערענדום, און איך קאָן אייך פאַר־זיכערן, אַז אָן אַזאַ אויסדריקלעכן ווילן פון פאָלק, וועלן מיר נישט אַוועקגיין פון דער סימבאָלישער פאַרבינדונג מיט דער ענגלישער קרוין און זיך דערקלערן פאַר אַ רעפּובליק.

איך — איר האָט נישט לאַנג דערמאָנט אין אייערער אַ רעדע, אַז איר וועט ביטער באַקעמפן אַלע געהיימע ענגלישע און יידישע אָרגאַניזאַציעס. קאָנט איר מיר דערקלערן, מר. פּרעמיער, וועלכע אָרגאַניזאַציעס מיינט איר?

מאַלאַן — דאָס האָב איך געגעבן אַ תשובה צום גענעראַל סמאָטס, וועל־כער האָט באַשולדיקט, אַז אונדזער אַפריקאַנישע אָרגאַניזאַציע „בראָדער־בונד" אַנטוויקלט אַ געהיימע טעטיקייט. איך האָב אונטערגעשטראָכן, אַז די דאָזיקע פּאַרטיי איז טעטיק נאָר פּאָליטיש און אָפן. דאַקעגן די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע „זין פון ענגלאַנד" איז באַזירט אויף ריין־ראַסישע פּרינציפּן און נאָר אַזעלכער ביי וועמען אין די אָדערן עס פליסט ענגליש בלוט האָט רעכט צו זיין אירס אַ מיטגליד. אַפילו גענעראַל סמאָטס אַליין, וועלכער איז דאָך לויט זיין בלוט אַן אַפריקאַנער, האָט נישט קיין רעכט צו געהערן צו די „זין פון ענגלאַנד"... איך בעט זיך שוין עפנטלעך זינט אַ לענגערער צייט, מען זאָל באַשטימען אַ נייטראַלע קאָמיסיע און אויספאָרשן, ווער עס איז אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע און ווער נישט, אָבער די ראַסיסטישע „זין פון ענגלאַנד" ווילן מיין ווענדונג נישט אָננעמען.

(באַמערקונג פון ח. ש.: אויף דעם פּלאַץ האָב איך אייגנטלעך געדאַרפט פרעגן מאַלאַנען, פאַרוואָס זיין טראַנסוואַלע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי נעמט נישט אָן קיין יידישע מיטגלידער — איך האָב דאָס אָבער נישט געטון, נישט וועלנדיק זיך צופיל מישן מיט פראַגן אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון דער רעגירונגס־פּאַרטיי).

מאַלאַן (זעצט פאָרט): — נו, און ווען איך רעד וועגן יידישע געהיימע פּאַרטייען מיין איך דעם דרום־אַפריקאַנער „באָרד אָוו דעפּיוטיס"...

ווען איך קאָן זיך נישט איינהאַלטן און אַן איבערראַשטער באַמערק איך, זוי איז דאָס מעגלעך, אַז די דאָזיקע רעספּעקטירטע, אָנערקענטע רעפּרעזענטאַנץ פון יידנטום, וועלכע איז טעטיק עפנטלך אַזויפיל יאָרן, זאָל פּלוצלינג קלאַסיפּי־צירט ווערן אַלס געהיימע? באַקום איך אַ זייער קאָמפּליצירטע דערקלערונג, דער תמצית פון וועלכער איז, אַז אים מאַלאַנען, איז באַוווסט, דאָס דער „באָרד" האָט געשטיצט געהיים און מיט גרויסע געלט־מיטלען די וואַל־קאַמפּאַניע פון פעלדמאַרשאַל סמאָטס...

דאַן עפן איך די צוויי היטלער־נומערן, וועלכע איך האַלט די גאַנצע צייט אין מיין האַנט און מיט אַ פאַרשטענדלעכן נערוועזן ציטער, בלעטערנדיק די זייטן און ווייזנדיק די לאַכנדיקע בילדער פון פאַרשאָלטענעם פירער, — ווענד איך זיך צו מאַלאַנען:

„איר, אַלס לאַנג יאָריקער קריסטלעכער גייסטלעכער, האָט געוויס מיט עקל געלייענט אָט די אַרטיקלען, ווו מען באַצייכנט נאָך איצט היטלערן אַלס „דערוויילטן פון גאָט", אַלס דעם „נביא, וועלכער האָט פּרובירט שאַפן נייע הימ־לען און אַ נייער ערד", אַלס „דעם רעטער" פון דער אָנשטענדיקער וועלט, וועל־כע דאַרף זיך דורכדרינגען מיט זיין תורה און תפילה טון צו זיין אָנדענקען, „הייל היטלער"!"

„איר, אַלס דינער פון דער קירכע, ווייסט דאָך אַזוי ווי איך, אַ גלויביקער ייד, אַז דאָס איז גאָט־לעסטערונג, געצן־דינסט און אַ נייער רוף צו מאָרד"...

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך בין געווען אין דעם טייל פון דעם שמועס ווייט נישט דיפּלאָמאַטיש, אַז איך האָב אפילו אָנגענומען אין עמאָציע דעם פּרעמיער־מיניסטערס הענט.

אויך מאַלאַן האָט אַרויסגעוויזן אַן עמאָציאָנעלע רעאַקציע, ווען ער האָט געלייענט די שוין פריער אונטערגעשטראָכענע דורך מיר, ערטער פון די ספּע־ציעל אויפרעגנדיקע אַרטיקלען.

מאַלאַן — מען האָט מיר שוין אייניקע מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער דאָזיקער צייטשריפט, וועלכע דערשיינט אין פּרעטאָריע, אָבער ביי אונדז עקזיסטירט דאָך פרייהייט פאַר דער פּרעסע און פאָרמעל דעריבער קאָן די רע־גירונג דעם זשורנאַל נישט שליסן. אָבער עס איז ווירקלעך גאָט־לעסטערונג; עס איז ווירקלעך אַ סקאַנדאַל! די צייטונג קאָנען מיר טאַקע נישט שליסן, אָבער דער ענגלענדער לאַרראַט באַטערסבי, וואָס פּובליקירט איר, איז אַ באַלעסטיקנ־דער אויסלענדער... גראָד איצט, דוכט זיך, איז ער אויסער די גרעניצן פון לאַנד. איך זאָג אייך צו, אַז אַזאַ פאַרשוין וועלן מיר שוין מער נישט אַריינלאָזן — וועט זיך שוין די צייטונג במילא פאַרמאַכן...

איך: — און וואָס איז בנוגע אימיגראַציע קיין דרום־אַפריקע? פאַרוואָס זאָל מען נישט אַריינלאָזן אָרנטלעכע מענטשן, וועלכע שמאַכטן אין די אייראָפּעאישע לאַגערן פאַר היימלאָזע און זיי ווילן קומען אַרבעטן קיין דרום־אַפריקע?

מאַלאַן: — איך ווייס וואָס איר מיינט, אָבער מיר האָבן פאַרמאַכט די טירן פאַר אַלע אימיגראַנטן, ווייסע אָדער קאָלירטע, ענגלענדער אָדער יידן. גענעראַל סמאָטס האָט פּראָטעזשירט אַ ריין־ענגלישע אימיגראַציע און איצטער האָבן מיר שוין אין לאַנד אַן אַרבעטסלאָז פּראָבלעם. כאָטש איך שליס נישט אויס, אפילו איצט, אַז היימלאָזע וואָס ווילן קומען און ווענדן זיך צו אונדזער „סעלעקטיוו־קאָמיטעט" זאָל מען זיי געבן וויזעס אָן אונטערשיד פון אָפּשטאַמונג און רעליגיע, אויב נאָר זיי אַנטשפּרעכן די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון לאַנד.

(פּראַקטיש איז טאַקע די אימיגראַציע פאַרשלאָסן פאַר ענגלענדער און יידן...).

איך: — און פאַרוואָס, מר. פּרעמיער, פרעגט מען יעדן אַריינגעקומענעם טוריסט אין לאַנד, צי ער איז פון אַן אייראָפּעאישער אָדער העברעאישער ראַסע? אַזאַ צעטיילונג עקזיסטירט דאָך גאָרנישט אין דער אַנטראָפּאָלאָגיע און פאַרשאַפט בייזבלוט פיל עלעמענטן, וועלכע וואָלטן מיט פאַרגעניגן געקומען אין אייער לאַנד צוליב געשעפטן אָדער אַלס טוריסטן.

מאַלאַן: — די דאָזיקע פראַגן זענען דורך מיין רעגירונג איבערגענומען פון די גענעראַל סמאָטס רעגירונגען... איך וועל טאַקע בעסער אַריינקוקן אין זיי און זען וואָס מען קאָן פאַרריכטן.

***

אונדזער שמועס האָט זיך פאַרענדיקט, ווען דער סעקרעטאַר איז אַריינגעקומען און געמאָלדן, אַז דער פינאַנץ־מיניסטער וואַרט שוין זייער לאַנג...

מיר האָבן זיך וואַרעם געזעגנט און איך בין אַוועקגעפאָרן צוריק קיין יאָהאַנעסבורג מיט אַ פאַרלייכטערטן געפיל פון אַ מענטשן, וואָס האָט געטון זיין פליכט אַלס „גאַסט אויף אַ ווייל".

און ווי גרויס איז געווען מיין סאַטיספאַקציע ווען דריי טעג נאָך מיין דאָזיקן געשפּרעך איז טאַקע פאַרווערט געוואָרן אָפיציעל דאָס אַריינקומען צוריק אין דרום־אַפריקע פונעם פאַשיסט באַטערסבי. מיין פאַרשפּעטיקטער נצחון איבער אַ היטלעריסט...

איך בין אויך געווען מער ווי צופרידן מיטן אָפּקלאַנג פון פובליקירטן געשפּרעך אין דער דריי שפּראַכיקער פרעסע פון לאַנד און אין די טעלעגראַמעס

פון די אויסלענדישע קארעספאנדענטן — ספעציעל די ענגלישע.

(איך האב מיט איניקע וואכן שפעטער געפונען דעם תמצית פון געשפרעך אין דער ענגלישער צייטונג אויפן אינדזל ציפערן, ווי איך האב געוואָרט אויף אן אעראפלאן קיין ישראל).

פארשטייט זיך, אז איך האב מיטגעטיילט דעם ערנווירדיקן „באָרד אָוו דעפיוטיס״ אויך אזעלכע איינצלהייטן פון געשפרעך וועגן יידן, וועלכע צוליב פארשטענדלעכע טעמים האב איך נישט איבערגעגעבן אין דער פרעסע.

אממערסטנס אבער האט מיך פארוויילט דער געשפרעך מיטן פארשטייער פון „ניו יארק טיימס״ אין דרום־אפריקע, דעם „דיען״ פון זיינע אויסלענדישע קארעספאנדענטן, מר. א. ארשאמבאָאָ.

איז ער געקומען צו מיר אין האטעל אין יאהאנעסבורג, אנגעשפארט אויף זיין יעגער־שטעקן און האט געהאט פאטערלעכע טענות, פארוואס איך האב נישט געוואָרט אויפן פובליקירן פון מיין געשפרעך מיט מאלאנען ביז ער וועט צוריקקומען. ער פילט זיך נישט באקוועם, וואס ער האט נישט באקומען די דאָזיקע וויכטיקע דעקלאראציעס פאר זיין צייטונג די „ניו יארק טיימס״ פריער, ווי איך האב זיי איבערגעגעבן אנדערע צייטונגען. עס האבן נישט געהאָלפן אלע מיינע דערקלערונגען, אז זיין סעקרעטארין אין פרעטאריע האט אים טעלעפאָניש ארומגעזוכט אין גאנץ רהאָדעזיע און אז אין טיפן דזשונגל, וווּ ער האט געזוכט לייבן זענען נאך נישט אינסטאלירט קיין טעלעפאָנען.

ער האט נאך לאנג גוטמוטיק „געבורטשעט״ אין גלאז מיטן פינקעלדיקן וויין, וועלכע איז געשטאנען אויפן האטעל־טישל...

VIII

# אין קייפטאון

אין די אומפארגלייכלעכע מיט זייער שיינקייט בערג און טאלן ארום קייפטאון, וואקסן בלומען, וועלכע איך האב נישט געזען אין קיין שום אנדער פלאץ: דאס זענען ווייסע בליטן־גלעקלעך אויף לאנגע גרינע שטעקעלעך און זיי שמעקן מיטן דעליקאטן ריח פון מאנדלען.

און איר קאנט זיי אפרייסן פון די ביימער, ווען זיי זענען נאך האלבצעבליטע, נישט געענוג רייפע. איר פאקט זיי איין אין פאפיר און פארשליסט אין

אַ קעסטעלע און איר נעמט זײ מיט אויפֿן לאַנגן װעג פֿון װײַטן, הייסן דרום ביזן קאַלטן צפֿון, ביזן װינטערדיקן אָטעם פֿון מײַן ניו־יאָרקער פֿענצטער.

דאַן עפֿנט איר דאָס קעסטעלע, נעמט פֿון דאָרטן אַרויס די אײַנגעשלאָפֿענע בלומען, שטעלט זײ אַרײַן אין װאַסער און פֿאַר אײַערע אויגן צעבליִען זײ זיך װידער און פֿערפֿומירן דעם צימער מיט יענעם מאַנדל־ריח, װעלכער פֿאַרשיכורט אײַך אַזוי זיס און יונג אין דער כּישופֿדיקער לאַנדשאַפֿט פֿון קייפּטאַונער „האָרן פֿון גאָלדענער האָפֿענונג".

און װען איך שרײַב די דאָזיקע שורות, האָב איך זײ פֿאַר זיך, די מאָדנע צוױבער־בלומען און זײ ברענגען מיך צוריק צו די אײניקע טעג און נעכט, װעלכע איך האָב פֿאַרבראַכט אין קייפּטאָן, און זײ לעבן אויף די פֿאַרביקע לאַנדשאַפֿטן און פֿאַרביקע מענטשן, װעלכע איך האָב דאָרטן באַגעגנט.

די שטרעקע פֿון יאָהאַנעסבורג ביז קייפּטאָן איז אַרום טויזנט מײַל און איר קאָנט זי דורכמאַכן מיטן באַרימטן „בלויען צוג", װעלכער איז דער לעצטער אויסדרוק פֿון אײַזנבאַן־קאָמפֿאָרט, אין דרײַסיק שעה. אָדער אַז איר האָט נישט קײן געדולד צו פֿאָרן מיט דער באַן, װי עס איז דער פֿאַל מיט מיר, פֿליט איר דורך דעם װעג מיטן עראָפּלאַן אין אַ 4—5 שעה, און שוין פֿאַרבײַט איר דאָס פֿאַרביקע יאָהאַנעסבורג מיט זײַן גאָלד־שטויב אויפֿן זוניקן קייפּטאָן מיט זײַנע פֿרישע ים־װינטן.

װען איר װערט אָבער אײַנגעװױנט צו אָטעמען אויף די הויכן פֿון יאָהאַנעסבורג, פֿילט איר שטאַרק די ענדערונג אין לופֿט־דרוק, װען איר לאָזט זיך אַראָפּ נידעריק צו דער ים־פֿלאַך: עס דרײט זיך אין קאָפּ און איר אָטעמט צו אַביסל שװערלעך, מעגט איר זײַן אַפֿילו פֿון גוטן קערפּערלעכן געבוי.

מיט מיר איז דאָס אַזוי טאַקע געװען און אין ערשטן אַפּטייק, װוּ איך האָב זיך געװענדט נאָך אַ מיטל קעגן קאָפּ־שװינדל, האָט מען מיר גלײַך געגעבן פֿאַרטיקע פּילן, װעלכע עס באַנוצן כּמעט אַלע, װעלכע בײַטן אַזוי שנעל דעם לופֿט־דרוק, װי איך האָב עס געטון.

אָבער װען דער קאָפּ־שװינדל איז אַװעק, האָט אָנגעהויבן שװינדלען פֿאַר די אויגן מיט דער שפֿע פֿון דער נאַטור־רײַכקייט, מיט װעלכער גאָט האָט מיט אַזאַ ברייטהאַרציקייט באַשאָנקען דעם דאָזיקן לעצטן שפּיץ פֿון דעם ערד־קוגל: עס ליגט אין טאָל די שטאָט קייפּטאָן, װײַס און מאַלעריש צעװאָרפֿן צװישן גרינס און ים. און די הײַזער גײען אַליץ העכער און העכער אין די בערג אַרײַן, שלענגלען זיך בײַ די זײַטן פֿון די אָפּגרונטן, דערקריכן שוין אַזש ביז צום פֿוסן פֿון באַרימטן „טיש־באַרג". אָט דער דאָזיקער „טיש־באַרג", װעלכער זעט טאַקע אויס װי אַ גראַנדיעזער טיש, אַראָפּגעלאָזן פֿון די הימלען, טראָגט אײַך

צו א שלל מיט „כיבוד״ פון ווילדע בלומען און ווילד־צעוואקסענעביימער. און כדי נאך צו פארגרעסערן די דאזיקע ענלעכקייט צו טיש, לאזט זיך פון צייט צו צייט אראפ פון די הימלען א „טישטוך״ פון וואלקנס, א ווייס־געפרעסטער אדער א גרוי־געפרענזלטער און דעקט צו דעם „טיש״... ווי צו דעם וואנדערער אדער גישט־געניטן בארג־קריכער, וועלכער געפינט זיך גראד ביים „טיש״, ווען דער וואלקן־טישטוך דעקט אים צו: ער בלאנדזשעט און בלאנדזשעט און געפינט נישט זיין וועג און אפטמאל פאלט ער אריין אין די טיפע פארפירערישע פאלדן ביזן טויט־אפגרונט צווישן די שארפע שטיינערנע ווענט...

פיר זענען זיי די וואנדער־שטעט פון דער וועלט, וועלכע איך קאן נישט פארגעסן צוליב זייער נאטירלעכער שיינקייט, קאמבינירט מיט דער בוי־קונסט פון מענטשנס האנט: ריא דע זשאנעירא אין בראזיל, סאן פראנציסקא אין אמעריקע, נעאפאל אין איטאליע און קייפטאון אין דרום־אפריקע.

דריי זענען זיי די דרום־עקן פון ערד־קוגל, האבארט אין אויסטראליע, קאפהארן אין טשילע און קייפטאון אין אפריקע. אויף אט די אלע דריי ערד־שפיצן זענען מיינע פיס געשטאנען און פון דארטן האבן זיך מיינע אויגן געטראגן צו דעם אומענדלעכן ווייטן וואסער־שטח, וועלכער פארוואנדלט זיך אין אייז ארום דרום־פאל, אבער אומפארגעסלעך איז געבליבן דאס ליכטיקע בילד אין דער אומענדלעכקייט אריין, וועלכער אנטדעקט זיך פון „טיש־בארג״, גליטשט זיך איבערן מארמאר מאנומענט, ווו אין ווייסן שטיין איז קינסטלעריש פארגליווערט איינער פון די גרעסטע בויער פון דרום־אפריקע סעסיל רהאדאס (אויף זיין נאמען איז אנגערופן צפון און דרום־רהאדעזיע) און שפארט זיך אן אויף דער ליניע פון האריזאנט, ווו די וועלט „ענדיקט זיך״.

און אויבן לאכט דער הימל פול מיט טיפער בלויקייט און אונטן לאכט א בלויער ים, שפילנדיק זיך מיט ווייסע געקרייזלטע שוימען, און אין קאפ שווינדלט נאך אלץ, נישט קוקנדיק אויף די איינגעשלונגענע פילן...

***

איך דארף האלטן א פארלעזונג און דארט זיך טרעפן מיט הונדערטער יידן פון קייפטאון און אומגעגנט. איך דארף אויך אנוועזנד זיין אויף „טייען״ (טיי אין דרום־אפריקע מיינט א זאטער, שפעטער מיטאג) ביי די פריינט פון „באארד אוו דעפיוטיס״, ביי די „ביאליסטאקער״, ביי די פאדאוויטשעס, ווו די יידישע אינטעליגענץ וועט זיך פארזאמלען. און אלץ אין צוויי טעג, ווייל איך האב נאך אזעלכע „פראגראמען״ צו אויספילן אין אנדערע שטעט פון דרום־אפריקע.

מיין אויטאמאביל ווערט געטריבן פון דער שווארץ־חנעוודיקער, ברענענ־

דיקער און עקסצענטרישער ראַשעל מאָזשאָוויטש, די שנור פֿון מײַן חשובֿן לאַנדסמאַן, דער יושבֿ־ראש פֿון די „ביאַליסטאָקער" דאָ, ר' משה מאָזשאָוויטש.

זי האָט שױן אַ חזקה צו זײַן די „שאַפּערין" פֿון װײַטע געסט, װאָס קומען אין איר שײנער שטאָט, און װען זי פֿירט זײ איבער די געשלענגלטע באַרג־װעגן, האָט זי ליב פֿלוצלינג אָפּצושטעלן דעם מאָטאָר און אַזױ הענגענדיק צװישן הימל און אָפּגרונט װײַזט זי אָן מיטן פֿינגער די מערקװירדיקײטן אַרום, דערבײַ בלײַבט שטײן נישט נאָר דער מאָטאָר, נאָר אױך אײער האַרץ אױף אַ װײַל...

גיט זי נאָך צו דערבײַ מיט אומפֿאַרגלײַכלעכן חן, שאָקלענדיק מיט די צע־קודלטע לאָקנס:

„אָט אױף דעם פּלאַץ האָט אַ ברכה געמאַכט שלום שװאַרצבאַרד (דער זעל־בער, װאָס האָט דערשאָסן פּעטליוראַן) און אַ הימן צו דער נאַטור האָט אױף די דאָזיקע הױכן אױסגעזונגען אײַער קעמפֿערישער װאַרשעװער לאַנדסמאַן גרשון זיבערט..."

עס װערט מיר אַזש קאַלט, װען זי דערמאָנט די בײדע נעמען פֿון מײַנע געשטאָרבענע פֿרײַנט דװקא דאָ, װען איך מיט איר געפֿינען זיך אױפֿן ראַנד פֿון אָפּגרונט, און כדי מיך צו טרײסטן גיט זי נאָך צו קאָקעטיש־שעלמיש:

„בײדע, סײ שלום שװאַרצבאַרד, סײ גרשון זיבערט זענען טאַקע דאָ אין קײפּטאָן געשטאָרבן פֿון האַרץ־אַטאַקעס און מיר האָבן זײ געמאַכט פּרעכטיקע לװיות; מיר זענען דאָ איבערהױפּט זײער און זײער גאַסטפֿרײַנטלעך... אָ, איך זע, איר פֿילט זיך עפּעס נישט גוט, באַלד, באַלד װעלן מיר נאָר אַרױפֿפֿאָרן אױפֿן „טיש־באַרג" און אַראָפּפֿאָרן צוריק אין שטאָט. אגבֿ, זעט נאָר, װי דער הימלישער „טישטוך" פֿון װאָלקנס לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ אױפֿן „טיש"...

„נײן, ראַשעל, איך דאַנק אײַך! איר האָט מיר שױן אַזױ אױך צופֿיל גע־װיזן און נאָך מער דערצײלט... איך האָב פּשוט קײן צײט נישט איצט צו שטאַרבן. עס איז מיר געבליבן נאָך פֿיל זאַכן צו מתקן זײַן אױף דער װעלט, װעט מען דעריבער אין קײפּטאָן אױסקומען אָן מײַן שײנער לװיה..."

ראַשעל איז צופֿרידן מיט איר דעמאָנישן עפֿעקט אױפֿן אַביסל צעחושטן גאַסט און פֿירט מיך צוריק צו דער שטאָטישער װירקלעכקײט אױפֿן ערשטן „טײ" אין איר אײגענעם הױז אַרײַן.

דאָרטן װאַרט שױן ר' משה, איר שװער, דער חשובֿער חסיד מיטן גרױען בערדל און רבנישן קאַפּעליוש, אַזױ װי לעבעדיק אַרױסגענומען פֿון דעם װאָ־כעדיקן „הױ־האַ" פֿון דער ביאַליסטאָקער גומענער גאַס און אַריבערגעטראָגן אין דער אומװאַרשײַנלעכער װירקלעכקײט פֿון גאָלדענעם לאַנד, װו זײַן זון איז רײַך געװאָרן און אידעאיש אַזױ װײַט אַװעק פֿון דער אידילישער מתנגדיש־חסידישער סבֿיבֿה פֿון דער אַלטער הײם. עס זיצט בײַם טיש אױך דער צװײ־

טער זון, נאָר וואָס געקומען פון רהאָדעזיע, און אויך דאָרטן האָבן די שטור־מישע וואַסערן פון וויקטאָריא־פאַלל פאַרטעמפּט די חסידיש־נגידישע מוזיק, וועלכע מען האָט מיטגעבראַכט פון גאַס און פון בית מדרש.

און אין אָוונט זאַמלען זיך צונויף אין הויז פון דער פאַמיליע קלוג די פּאָר צענדליק ביאַליסטאָקער, וועלכע ווילן, איך זאָל זיי אין די קורצע פּאָר שעה אָפּשטויבן די אַלטע טייערע און סענטימענטאַלע זכרונות פון יענער וועלט אונ־דזערער, וואָס איז פאַרביי און פון יענע געמיינזאַמע פריינט און לאַנדסלייט, וואָס וועלן שוין מער צו אונדזערע שמחות נישט קומען.

נאכהער נעמט מיך אַרויס צו אים אין שטוב דער סעקרעטאַר פון „באַארד אָוו דעפּיוטיס" ס. מעלאַמעט, וועלכער ווערט שוין שפּעטער מיין גייסטיקער וועג־ווייזער איבער די מערקווירדיקייטן פון קייפּטאָון.

נאָר מערקווירדיקער פאַר אַלץ איז זיין אייגענע ביבליאָטעק, אַ ריזיקע זאַמלונג פון טויזנטער ביכער איבער פילאָזאָפיע, ליטעראַטור און יודאאיזם.

מר. מעלאַמעט איז שוין דער רעפּרעזענטאַנט פון יונגן דור דרום־אַפריקאַ־נער, וועלכע קומען צו די יידישע מקורות דורך די אוצרות פון דער ענגלישער שפּראַך.

צוזאַמען גייט מען אין הויז פון דעם בוך־הענדלער פּאַדאָוויטש, ווו עס זאַמלען זיך די יידישיסטישע עלעמענטן פון קייפּטאָונער יידישן ישוב. עס בלאָזט דאָ מיט היימישקייט און מיט קינסטלערישער סביבה.

פּאַדאָוויטשעס פרוי איז אַ רייפע פּאָעטין אין ענגליש אויף יידישע טע־מעס און די לידער פון זיין יונגער טאָכטער זענען אַריין אין דער אַמעריקאַנער אנטאָלאָגיע פון יידישער פּאָעזיע.

און דאָ קומט דר. קאַפּלינסקי מיט זיין סלאַנימער לעבנס־באַגלייטערין. ער, דער פּאַרטיזאַן פון די ווילנער וועלדער און אַליין אַ שרייבער, טראָגט אַריין אין קייפּטאָונער ישוב די טענער פון דער נייער יידישער ווירקלעכקייט, וועלכע איז געשמידט געוואָרן צווישן די ביידע וועלט־מלחמות און פאַרחתמעט געוואָרן מיטן בלוטיקן זיגל פון אומקום און גבורהשן אויפשטייג.

ער, דער פּאַרטיזאַן דר. קאַפּלינסקי האָט פיל בייצושטייערן אין די פאַר־גליווערטע וואַסערן פון אַ לאַנד, ווו די אימיגראַציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן מיט פיל יאָרן צוריק.

אָבער אָט איז דער אָריגינעלער, שווייגנדיקער רוביס, דער אַמאָליקער ליטווישער עילוי, וואָס אַ רייכער ייד האָט מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק אַראָפּגעבראַכט דאָ אַלס צוקונפטיקן איידעם פאַר זיין טאָכטער.

פריש פון ישיבה־באַנק האָט ער דאָ שפּילעווודיק זיך גראַדואירט אין יורי־דישן פאַקולטעט, שפּילעוודיק זיך פאַרנומען מיט גרויסע געשעפטן, אָבער טיף

אין אים שטעקט נאָך אַלץ דער גמרא־לערנער מיטן פענאָמענאַלן זכרון, וואָס איבערראַשט מיט ציטאַטן פון אונדזערע אַלטע און נייע אוצרות. אָט דוכט זיך שווייגט ער גאָר, ווען איר רעדט, אָבער וואָס מער ער שווייגט, אַלץ מער מאַכט ער אייך אומרואיק מיט זיין אומאויסגעשעפטן קוואַל פון וויסן, וועלכער הויבט אָן שפּרודלען, ווען ער עפנט זיין מויל.

זיין ברודער רוביק איז דער רעדאַקטאָר פון העברעאישן צייטשריפט „ברקאי" אין יאָהאַנעסבורג, אָבער דער קייפּטאָנער רוביק האַלט נישט פון זשורנאַליסטישן לייכטן באַגאַזש: ער עפנט זיינע שווערע קאַסטנס פון ישיבה, בית־מדרש און אוניווערזיטעט און עס „בלישטשען" דאָרט די פּרעציז־געשליפע־נע דימענטן.

⁂

אויף מאָרגן אין אָוונט שטיי איך אויף דער טריבונע און רעד צו די הונ־דערטער יידן, וואָס זענען געקומען הערן, וואָס טוט זיך עפּעס אין אַנדערע קהי־לות און ישובים.

איך וויים, ווי גרוים עס איז די אחריות פון אַ רעדנער אין דאָזיקן ווינקל אין עק וועלט. זעלטן האָבן זיי די מעגלעכקייט צו הערן די ברידערלעכע גרוסן און זיי שלינגען דערפאַר דורשטיק די נייעסן, וואָס איר דערציילט. און פיל אינטעליגענטע, קריטישע צוהערער געפינען זיך אין זאַל.

און עס זענען אייך געקומען הערן אויך יידן פון נאָענטן שטעטל מיוזענ־בערג מיטן חזן גאָלדוואַסער אין דער שפּיץ.

דאָס שטעטל מיוזענבערג איז אַ מין מיאַמי ביטש פאַר די דרום־אַפריקאַ־נער יידן; דאָרט קומען זיי אויף זומער אָפּרו; דאָרטן זענען אויך פאַראַן כשרע רעסטאָראַנען און אפילו אַ בית־מדרש, וווּ מען לערנט יעדן טאָג משניות.

מוז מען דעריבער אזאַ עולם געבן דאָס בעסטע פון זיך, מוז מען זיי צו־שמידן צו די פּלעצער און באַלווינען פאַר דער טרחה פון קומען און פאַר די לאַנגע וואָכן, ווען זיי הערן נישט קיין יידיש וואָרט.

און דער רעדנער אַליין, וועלכן עס דרייט זיך נאָך אין קאָפּ פון דער לופט־דרוק־ענדערונג, טוט אַלץ, וואָס ער קאָן, כאָטש אין אַ געוויסן מאָמענט הויבט זיך אָן דער גאַנצער עולם דרייען פאַר זיינע אויגן, ווי אין אַ „קאַראַהאָד" און ער פילט, אַז אָט־אָט פאַלט ער אַליין אַוועק. אָבער די פּערספּעקטיוו פון אַ פייערלעכער לויה, אויף וועלכער אָט די אַלע ליבע ברידער וואָלטן געוויס געקו־מען, דערהאַלטן אים מיט גרויס אָנשטרענגונג גלייכגעוויכטיק אויף זיינע פיס. קיינער האָט אפילו נישט באַמערקט, אַז דער רעדנער איז אין אַ געוויסן מאָ־מענט שיער נישט אומגעפאַלן...

שוין אין די לעצטע שעהען פון מיין זיין אין קייפּטאָון פירט מיך ס. מע־לאַמעט צו דער מאָנומענטאַלער געביידע פון דער גרויסער סינאַגאָגע, וועלכע ווערט פאַררעכנט פאַר דעם שענסטן טעמפּל אין דער בריטישער אימפּעריע. שוין אין די לעצטע יאָרן האָט אַ רייכער נדבן צוגעבויט דאָ אַ סוכה מיט שטיי־נערנע ווענט און אייזן־בעטאָנענע פליגלען, וועלכע איז גיכער צוגעפּאַסט פאַר אַ פעסטונג איידער פאַר דער אָרימער „דירת־עראי״ (צייטווייליקער דירה), ווי עס איז דער מנהג ביי אונדז.

מיר באַזוכן אויך דעם הונדערט יאָר אַלטן בית־מדרש, וועלכער איז אויפ־געשטעלט געוואָרן דורך די ערשטע יידישע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן דאָ איינ־געוואַנדערט פון ענגלאַנד און ליטע. די אור־אייניקלעך, אויף וויפיל זיי זענען געבליבן יידן, דרייען זיך איצט אין גאָלדענעם ווירוואַר צווישן פּאַלאַצן און דער בערזע, קומען אָבער אַנדערע און ציען די גאָלדענע קיים. זיי ווערן אַלץ ווייניקער און דער נר־תמיד צאַנקט קוים פאַריתומט אין דער בין־השמשותדי־קער שעה...

אין דער זעלבער צייט, ווען דער ערשטער בית־מדרש איז דאָ געבוירן גע־וואָרן, האָט מען דאָ נישט ווייט פאַרקויפט שקלאַפן.

שטיי איך איצט נעבן דיקן וואָרצל פון „שקלאַפן־בוים״, ווו די גרעסטע טראַנזאַקציעס מיט געשמידטע אין קייטן קנעכט זענען פאָרגעקומען און טראַכט מיט אַ שווערן געמיט, אַז אייגנטלעך זענען נאָך אפילו איצטער די מיליאָנען שוואַרצע „נייטיווס״ פון לאַנד אין אַ לאַגע פון שקלאַפן.

און ווידער הויב איך אויף מיינע אויגן צו די בערג אַרום און באַוווּנדער די רייכקייט און שיינקייט, מיט וועלכע די נאַטור האָט דאָ צעשאָטן אירע מתנות; און ווידער רייסט זיך אין די הימלען אויף זיין מאַרמאָרנעם פערד ווי אַן אויס־דרוק פון נישט אויסגעשעפּטער ענערגיע דער פאָטער פון דער ציוויליזאַציע דאָ סעסיל רהאָדעס. יונג איז דאָס לאַנד, רייך זענען זיינע טיף־באַגראָבענע אוצ־רות און שירה זינגען די ריזיק־גרינע בערג און די שטורמישע וואַסערן צו־פוסן.

***

די נאָר־וואָס צעבליטע ווייסע בלומען אויפן טיש, וועלכע האָבן געצויגן זייער יניקה אין דער געבענטשטער ערד פון קייפּטאָון, שמייכלען צו מיר מיט וואַרימער אומשולד פאַר די גרוסן, וואָס איך ברענג אייך פון זייער פאַרביק מו־טער־לאַנד.

# IX

# ראַסן־דיסקרימינאַציע

ווען מען קומט צוריק פון ווייטע מקומות, אָדער ווען מען וואַנדערט אריין פון איין לאַנד אין דעם צווייטן, פרעגט מען אייך אויס געוועגלעך וועגן דעם, וואָס איר האָט דאָרט געזען, וועגן די מערקווירדיקייטן, וועגן וועלכע עס לוינט צו דערציילן און וויסן, אָבער ווי אַ נאַטירלעכער עפּילאָג פון אַזעלכע געשפּרעכן שטעלט מען אייך שטענדיק די פראַגע: „נו, און ווי לעבן עפּעס דאָרט אונדזערע יידן? צי איז פאַראַן אין לאַנד אַנטיסעמיטיזם?"

גאָר אַמאָל, ווען כ'האָב נאָך אַלס סטודענט געוואָגלט איבער די אייראָ־פּעאישע לענדער פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג, ווען מען האָט קיין פּעסער און וויזעס נישט באַדאַרפט, פלעג איך נאָך מוזן אַ קנייטש טון דעם שטערן איי־דער איך האָב געהאַרפט ענטפערן וועגן דער באַציאונג צו יידן אין אַזעלכע מדינות, ווי בעלגיע, איטאַליע, דענעמאַרק און אפילו פראַנקרייך, וועלכע האָט דאַן אָנגעהויבן געזונט צו ווערן נאָכן פּסיכאָז פון דרייפוס־פּראָצעס. די איינ־געזעסענע דאָרט יידן האָבן איבערהויפּט וועגן אַנטיסעמיטיזם נישט געוווסט.

די נאָר וואָס אָנגעקומענע פון די מזרח־לענדער האָט די אָרטיקע באַפעל־קערונג באַטראַכט אַלס „רוסן", „פּאָליאַקן", „רומענער" און זיך מיט זייער רע־ליגיע ווייניק אינטערעסירט. מען האָט זיי ליב געהאַט אָדער פיינט געהאַט אויפן חשבון פון לאַנד, פון וואַנען מען האָט אריינגעוואַנדערט. איך געדענק. ווי אַמאָל אין בלאַנקענבערג, בעלגיע, בעת איך האָב געוואָלט דינגען אַ צימער, האָט די באַלעבאָסטע פון הויז גלייך באַמערקט: „איך ווייס, איר זענט אַ רוס"... האָב איך געפרעגט: פאַרוואָס? ענטפערט זי: „ווייל רוסן האָבן שוואַרצע האָר, טונקעלע אויגן און פאַרשטייען אַלע דייטש"... אין די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער האָט מען נאָך ביז גאָרנישט לאַנג אַלע יידישע פעדלערס גערופן „פּאָ־לאַקאָס" און אַלע זייערע מעלות און חסרונות צוגעשריבן דעם פּלאַקס קעפּיקן סלאַווישן פאָלק ביים ווייסל. יאָ, שפּעטער האָט זיך די וועלט גאַנץ פיין אויס־געלערנט צו אונטערשיידן די אחינו בני ישראל... מיר האָבן באַצאָלט אין משך פון דער צייט, ווען די גויים האָבן אונדז דערקענט, אַ גאָר־גאָר הויכן פּרייז פאַר דער דאָזיקער „לערע".

און נאָך מער, ווי שטענדיק פרעגט מען אייך, ווען איר קומט צוריס פון ווייטע מקומות: „איז פאַראַן דאָרט אין דער מדינה אַנטיסעמיטיזם?" „וואָס

דען, מען האָט אונדז דאָרט ליב?״ — איז אייער נאַטירלעכע תשובה, און עס גלוסט זיך אייך ענטפערן מיטן רוסישן פּאָעט נעקראַסאָווס באַקאַנטן ליד וועגן געדריקטן פּויער:

„און זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, ווו און ווען
האָט איר אַ לאַנד אַזאַ געזען?...״

איך בין מיט אַ יאָר צוריק, צוליב אַ דעפעקט אין אַעראָפּלאַן, געבליבן נעכטיקן אין דער ווייטער שטאָט אַנטיפאַגאַסטאַ, אין טשילע. זי ליגט אין פאַרוואָרפענעם מדבר נישט ווייט פון פּערו און איז רייך געוואָרן צוליב דעם וואָס זי געפינט זיך צופוסנס פון די בערג, פון וועלכע מען האַקט אַרויס דעם קופּער.

געגעכטיקט האָב איך אין אַן אכסניא וואָס געהערט צו אַן איינגעוואַנדערטן יידן פון וואַרשע, איינער רייכמאַן. זיין קליינע פאַמיליע זענען די איינציקע יידן אין שטאָט. קיין גבירים זענען זיי אויך נישט. און דאָך, זאָגט ער מיר, אַז די שטאָט איז אַנטיסעמיטיש. די באַפעלקערונג דאָרטן, פרום פאַנאַטישע קאַטאָליקן, האָבן אים פיינט פאַר זיין אַנדערשקייט, ווייל ער גייט נישט אין קירכע, ווייל זיין שפּאַנישע שפּראַך קלינגט, פאַרשטייט זיך, מיט אַ „גאַלעוורקער״ אַקצענט, ווייל זיינע צוויי זין לערנען זיך מעדיצין „אין ווייטן״ סאַנטיאַגאָ. און ווען בעת ימים נוראים „קלאַפּט״ מען קוים צונויף אַ מנין אין דירה שוין צוזאַמען מיט די פּאָר אינזשינערן פון די קופּער־גרובן, וואָס קומען אַראָפּ פון די בערג, האָט ער פּשוט מורא פאַר אַ פּאָגראָם, ווייל די ווערטער פון די פרעמדע תפילות, ווען זיי דערטראָגן זיך פון די אָפענע פענצטער אין גאַס אַריין, געפינען נישט קיין „לייטזעליקייט״ אין די דעליקאַט־קאַטוילישע אויערן פון די אַנטיפאַגאַסטער גויים. אָט האָט איר אַ קלאַסישן ביישפּיל פון שנאת חנם צו אַ האָרעפּאַשנעם „בן־יחיד״, דעם איינציקן יידן אין אַ שטאָט פון פופציק טויזנט איינוווינער...

„אָבער ווי באַציט מען זיך פאָרט צו יידן אין דער דרום־אַפריקאַנער גאָלדענער מדינה״? — לאָזט מען מיך דאָך נישט אָפּ פון ענטפערן אויף דער אַלטער קשיא.

דער יידישער אויפשטייג אין עקאָנאָמישן לעבן פון זיד־אַפריקע לאָזט נישט שלאָפן אַ גאָר גרויסן טייל פון דער „ווייסער״ קריסטלעכער באַפעלקערונג. כאָטש פאַר יידן זענען די טויערן פון לאַנד שוין לאַנג פאַרשלאָסן, כאָטש נאָר מיטן „גרינעם גאָל״ גיט זיך איין צו אַראָפּברענגען אַ נאָענטסטן קרוב פון די לאַגערן אין אייראָפּע: אַ טאַטן, אַ ברודער, אַ שוועסטער, איז דאָס נאָך אַלץ צו פיל... מען דאַרף באַמערקן, אַז אינגאַנצן אַ פּאָר הונדערט יידן האָט זיך איינגעגעבן דורכברעכן די אייזערנע גראַטעס פון די אימיגראַציע באַגרענעצונ־

גען אין זיד־אַפריקע. ווען דעם באַקומט איר אַ באַגריף, ווי נאָר איר קומט אָן אויפן גרענעץ פון לאַנד און מען גיט אייך אויספילן אַ פראַגע־בויגן, אין וועלכן איר געפינט אויך די „מחיהדיקע” פראַגע: „צי זענט איר אַן אייראָפּעער, אַ קאָ־לירטער, אָדער אַ העברעער?”

איך וויל איצט נישט אַריינגיין אין דער היסטאָרישער און פּסיכאָלאָגי־שער אָפּשאַצונג פון די סיבות ווי אַזוי אין דאָזיקן קלאַסישן לאַנד פון איינ־וואַנדערונג, וווּ דער ווייסער מענטש האָט זיך באַוויזן צום ערשטן מאָל אין גאַנצן מיט אַ דריי הונדערט יאָר צוריק, איז געקומען צו דער אַלץ־וואַקסנדער יידן־שנאה. צי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן פון דעם, וואָס אַ יידישער פּעדלער האָט מיט 60—70 יאָר צוריק פאַרקויפט אַ בורישן פאַרמער אַ מעשענעם „טאָמבאַק” אנשטאָט אַ גאָלדענעם זייגער? איז דאָס אפשר דערפאַר, וואָס די קינדער אָדער אייניקלעך פון יענעם פּעדלער באַזיצן איצטער כמעט אַלע גרויסע געשעפטן אין יאָהאַנעסבורג, קייפּטאָן אָדער דערבען? אָדער דעריבער, וואָס די מערהייט פון סטודענטן אויף מעדיצינישע פאַקולטעטן זענען יידן און די עלעגאַנטע און מיט געשמאַק־געקליידעטע פרויען זענען טייערע ליטווישע טעכטער? און אפשר גאָר דערפאַר, ווייל צווישן די זונטיק־רעדנערס אויף די קאָמוניסטישע גאַסן־מיטינ־גען, וואָס קומען פאָר אויף די טרעפּ פון שטאָט־ראַט, צייכענען זיך אויס מיט זייער פייער און עלאָקווענץ אייניקע יונגע יידישע בחורים?...

יאָ, די זונטיקדיקע מיטינגען! נישט נאָר קאָמוניסטן זאַמלען זיך אויפן פּלאַץ נעבן דעם שטאָט־ראַט. איך האָב געוווינט דאָרט בשכנות און בייגע־וווינט נישט איינמאָל די היציקע „דעבאַטע” אין די זונטיקדיקע פאַרנאַכטן צווישן די „הונדערט־פּראָצענטיקע” פאַשיסטן, וואָס זענען געקומען הערן זייערע רעדנער און די קאָמוניסטן, וואָס האָבן געדרשנט פון די זעלבע טרעפּ. די „דע־באַטע” פלעגט זיך ענדיקן כמעט שטענדיק מיט קלעפּ און מיט אַרעסטן. מען מוז מודה זיין, אַז די פּאָליציי האַנדלט אין אַזעלכע פאַלן געניג טאַקטפול. איך האָב, צום ביישפּיל, אָבסערווירט, ווי אַ באַנדע פון עטלעכע הונדערט פאַשיסטן האָט זיך אַ לאָז געטון אין צענטער פון שטאָט, וווּ עס איז גראָד פאָרגעקומען אַ יידישער קאָנצערט אראַנזשירט פון מיין פריינט פייוול זיגעלבוים.

אַ געשלאָסענער קאָרדאָן פון פּאָליציי האָט די באַנדע אָפּגעשטעלט האַרט ביים טעאַטער און די פּאָליציי־אָפיצירן האָבן „פּאַטערלעך”, נישט אַרויסלאָזנ־דיק פונדעסטוועגן די גומענע שטעקענעס פון די הענט, איבערצייגט די צעהיצ־טע כוליגאַנעס, זיי זאָלן זיך פרידלעך פונאַנדערגיין. אין פול געפּאַקטן מיט יידן טעאַטער־זאַל האָט מען אפילו נישט געוווּסט, אַז עס דראָט אַזאַ נאָענטע געפאַר...

פאַר מיינע פּילבאַרע אָבער „אייראָפּעאישע״ אויגן און אויערן זענען געווען איבער גענוג סימפּטאָמען פאַר אומרואיקייט; איך האָב אָנגעהויבן מאַכן מיינע אייגענע קאַלקולאַציעס „פאַרוואָס״ און „ווי לאַנג״?

גראַד דאַן, ווען איך בין געווען אין יאָהאַנעסבורג, איז פאָרגעקומען אַ פינאַנציעלער סקאַנדאַל, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די אַקציען־בערזעס ווייט, ווייט אויסער די גרענעצן פון יאָהאַנעסבורג: אפילו אין לאָנדאָן האָבן זיך גע־שאָקלט בענק און פאַרמעגנס. דאָס האָט אַ גרויסע מיליאָנער פירמע, וועלכע האָט געהערט בשותפות צו אַ משומד און אַ יידן זיך אַריינגעוויקלט אין אַן אַק־ציע־סקאַנדאַל און דורך דעם זענען רואינירט געוואָרן צענדליקער טויזנטער קליי־נע אַקציען־באַזיצער. אויף די פראָנט־זייטן פון אַלע צייטונגען זענען געווען פּובליקירט די אָפיציעלע באַריכטן, וואָס פאַר אַ מעשים עס האָבן זיך דאָס דער־לויבט די פאַר מיליאָנערן, די באַלעבאַטים פון דער פירמע און מען מוז מודה זיין, אַז דאָרט זענען געווען פאַקטן פון שווינדל און גזילה. אַז מען טראַכט זיך אַריין, פאַרוואָס גבירים־אדירים, וואָס פאַרמאָגן לוקסוס־פּאַלאַצן און גאָלד און אַ סך בריליאַנטן; פאַרוואָס מענטשן, וועלכע קענען אין משך פון הונדערט יאָר מיט קינדער און קינדס־קינדער פרעסן און זויפן און הנאה האָבן פון לעבן, ווי־פיל נאָר עס לאָזט זיך, דערלויבן זיך דאָך אויף קרימינעלע שווינדלען, כדי צו פאַרגרעסערן זייער פאַרמעגן, הויבט איר אָן צו קלערן, אַז אין דעם איז פאַראַן עטוואָס פּאַטאָלאָגישעס, אַז דאָס איז אַ קראַנקהייט אַזאַ, וואָס ווערט אויסגע־היילט נאָך לאַנגע יאָרן אין תפיסה... אָבער אַ פאַקט איז, אַז דער ברייטער גויאישער עולם האָט נישט געוואָלט אָננעמען, אַז דאָס האָבן קאַפּיטאַליסטן זיי באַשווינדלט, נאָר דווקא זיך אָפּגעשטעלט אויפן יידישן מאָמענט, כאָטש איינער פון די שותפים דער משומד, האָט צו יידן אַרויסגעוויזן אַן אָפענע שנאה און פאַראַכטונג און זיינע גרויסע נדבות געגעבן דווקא אויף קריסטלעכע צוועקן, צווישן זיי אויך אויף בויען קירכן...

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז נאָר בנוגע צו יידן לאָדן זיך אוים די „ראַסיסטיש־באַוווּסטזיניקע״ עלעמענטן אין דרום־אַפריקע. זענען דאָך דאָ פאַראַן אין גאַנצן צוויי מיליאָן „ווייסע״ און ניין מיליאָן זענען הינדוסן, קאָ־לירטע, מישלינגען און שוואַרצע.

דאָ, ווי אין ערגעץ נישט אויף דער וועלט, ווערט דורכגעפירט דער פּרינ־ציפּ פון די ווייסע אַלס די „הערן־ראַסע״ און אַלע אַנדערע זענען באַשאַפן גע־וואָרן, כדי זי צו באַדינען. באַזונדערע טראַמווייען און אויטאָבוסן באַדינען דעם קאָלירטן. קיינעם דאָ פאַלט נאָרנישט איין, אַז אַ שוואַרצער זאָל זיך קאָנען געפינען אין אַ רעסטאָראַן, אָדער באַן־וואַגאָן, אָדער ווינען אפילו אין זעלבן

קוואַרטאַל, ווו דער ווייסער. די אַמעריקאַנער ראַסן־האַס־פּראַקטיק אין דרום קוקט אויס ווי אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט דער באַציאונג צום „נעגראָ" אין אַפריקע. איך רעד שוין דאָ נישט וועגן די ענגלישע קאָלאָניעס קעניא אָדער אוגאַנדע, ווו דער „ציוויליזירטער" דעראָבערער האַלט פּשוט פאַר אַ פאַרברעכן, ווען מען לערנט דעם „נייטיוו" לייענען און שרייבן (בוכשטעבלעך!..) אָדער אין קאָנגאָ צי אין אַביסיניע, ווו שקלאַפעריי איז נאָך נישט אָפּגעשאַפט ביז איצט און איר באַגעגנט דאָרטן שוואַרצע מיט אייזערנע רינגען אויפן האַנט, אַ סימן, אַז זיי זענען קנעכט... אָבער אויך אין דרום־אַפריקע האָט נישט דער איינ־געבוירענער, דער אַמאָליקער באַלעבאָס פון לאַנד, קיין שום פּאָליטישע רעכט. און זיין עקאָנאָמישע לאַגע אין די שטאָט־געטאָס איז אַזאַ קלאָגעדיקע, אַז ער לעבט אין אַן אומבאַשרייבלעכער ענגשאַפט און שמוץ, פאַרפוילט פון אַלערליי קראַנקהייטן און פאַרסמט מיט ביליקן אַלקאָהאָל. אין דער שוואַרצער שטאָט מאָ־ראָקאָ, נישט ווייט פון יאָהאַנעסבורג, אַ מין געטאָ פאַר אַ הונדערט טויזנט שוואַרצע, זענען בעת מיין זיין אין לאַנד אויסגעבראָכן גאַר ערנסטע אומרוען מיט שריפות און מערדערייען קעגן די מאַכט־אָרגאַנען.

לאַנגזאַם פאַרשווינדן פון דער אויבערפלאַך שבטים גאַנצע, וואָס האָבן במשך פון טויזנטער יאָרן אויפגעבויט אַ מעכטיקע אַפריקאַנער ציוויליזאַציע, פון וועלכער עס זענען געבליבן נאָר רעשטלעך אין דער פאָרם פון שטיינערנע רואינען, אָדער פּרימיטיוון געווער באַגראָבן אין די הייסע זאַמדן צווישן עקוואַ־טאָר און אינדישן ים.

אַלס אַ קלאַסישע אילוסטראַציע קאָנען דינען די פאַר הונדערט בושמע־נער, די האַלב־ווילדע ליליפּוטן מיט חיהשע אינסטינקטן, וועמען מען האָט אָפּ־געראַטעוועט פון פולשטענדיקן פאַרשווונדן ווערן נאָר דורך אַ צופאַל: דער האָ־לענדישער אינזשעניער ביין איז מיט אייניקע יאָרן צוריק געקומען אין קאַבאַ־האָן מדבר, נישט ווייט פון קייפּטאָן און פעסטגעשטעלט, אַז די מערקווירדיקע בושמענער ענדיקן זיך, אַז נאָך אַ פּאָר יאָר וועט אפילו פאַר די מוזעען קיין זכר נישט בלייבן פון דאָזיקן אינטערעסאַנטן מענטשלעכן טיפּ. האָט דער אינזשע־ניער אָנגעלאָדן די איבערגעבליבענע פאַר הונדערט שוואַרצע ליליפּוטן אויף קאַמיאָנען און געבראַכט זיי דירעקט אין קייפּטאָן אריין בעת דער זיצונג פון פּאַרלאַמענט. עס איז געוואָרן אַ גרויסער סקאַנדאַל און מען האָט פאַר די בוש־מענער אָפּגעטיילט אַ שטיקל פּיינעם לאַנד, ווו זיי קאָנען פריי שיסן מיט פיילן די ווילדע חיות און אָנעסן זיך וויפיל נאָר עס לאָזט זיך.

איר דאַרפט וויסן, אַז אַ בושמאַן איז ווי אַ קעמל: ווו ער האָט וואָס צו עסן, נעמט ער אריין אין זיך אַזוי פיל שפּייז, אַז ער ווערט געשוואָלן ווי אַ באַרג

פון פארנט און פון הינטן און זיין קליינער קערפערל זעט דאן אויס ווי א קויל. נאכהער שלאפט ער און זויגט דערביי דעם עסן פון אינעווייניק. ער שלאפט וואכן, חדשים. און אז ער כאפט זיך אויף און האט ווידער וואס צו עסן, טאנצט ער מיט זיין גלייכן א ריטמישן טאנץ אין די לבנה־נעכט. דאס איז אויך זיין גאטעס־דינסט. דער בושמאן האט זיך קיינמאל נישט אין משך פון טויזנטער יארן געקאנט צוגעוווינען צו ערד־ארבעט. א לעבן האט ער געמאכט נאר פון יאגד אויף ווילדע חיות, עסנדיק זייער פלייש רויערהייד און מיטן בלוט. עס איז אויסטערליש צו זען, ווי אזוי דער ליליפוטיקער בושמאן כאפט אין אן אויס־געגראבענעם גרוב א גיגאנטישן עלעפאנט און מאכט אים שנעל צורעכט, ארוים־קומענדיק פון דער „אפעראציע״ געשוואלענערהייט צוזאמען מיט זיינע אנגע־פרעסענע פאמיליען־מיטגלידער. אבער נישט נאר אויף ווילדע חיות זענען זיי בעלנים: מיט דריי יאר צוריק האט זיך א האלענדישער עראפלאן געמוזט אראפלאזן צוליב א דעפעקט אין קאבאהאנער מדבר. די אייניקע פליערס זענען אריינגעפאלן צווישן א גרופע האטענטאטן און בושמענער־שבטים, וואס פירן שוין א קריג צווישן זיך פון טויזנטער יארן, אבער ארום „ווייסן״ דעליקאטן פלייש פון די פליערס האבן זיך זייערע אפעטיטן געאייניקט: זיי האבן די פי־לאטן אויפגעגעסן...

דאס אינטערעסאנטסטע איז אבער, וואס ווען די פאליציי האט שפעטער געכאפט און געבראכט צום משפט אייניקע פון די קאניבאלן, האט זיי דער ריכ־טער באפרייט. אזוי פיל זעלבסטפארשטענדלעכקייט און איבערצייגטע אומ־שולד איז געווען אין זייערע פרימיטיווע תשובות, דאס מען האט זיי פשוט נישט געקאנט פארמשפטן.

— „וואס דען האבן זיי געקאנט טון, — האבן די געכאפטע געענטפערט — מיר האבן דאך געמוזט זיי אויפעסן, ווייל מיר זענען געווען הונגעריק און קיין אנדער שפייז האבן מיר שוין לאנג פאר די אויגן נישט געזען...״

פול מיט סודות איז דער אפריקאנער קאנטינענט, ווו עס לעבן פופציק אדער זעכציק מיליאן מיטגלידער פון דער באנטוס שבטים גרופע, וועלכע רעדן אויף 275 פארשידענע דיאלעקטן. דאס זענען געווען זייערע אור־עלטערן, וועלכע האבן צוגעשטעלט צו דער אמאליקער וועלט טויזנטער טאן פון ריינעם גאלד, נאך וועלכן עס האבן זיך געיאגט אין משך פון צייטן, וועלכע די געשיכטע גע־דענקט שוין נישט די פעלקער־„אינווייזערס״ פון אייראפע און אזיע.

דאס האבן די אמאליקע באנטוס פארבויט די טאלן און בערג פון צפון און דרום רהאדעזיע מיט מאנומענטאלע שטעט און פעסטונגען, פון וועלכע נישט ווייניקער ווי פינף הונדערט שטייען נאך היינט אין רואינען און דערמאנען

וועגן אַ ציוויליזאַציע, וועלכע איז אומבאַקאַנט, אומבאַגרייפלעך און אומפאַר־שטענדלעך. די דאָזיקע גוט אויסגעפּאַרשטע געשיכטע דערגרייכט פיל טויזנטער יאָרן איידער דער מבול איז געקומען אויף דער וועלט...

אַט גיי איך אַריין אין אַ הייל אין מאַראַנדעללאַ דיסטריקט אין דרום רהאָ־דעזיע. דאָ אַנטדעקט זיך פאַר אונדזערע אויגן איינער פון די וועלט־וווּנדער: קאָלירטע מאַלערייען אויסגעקריצט אין שטיין, וועלכע פאַרנעמען די ווענט פון הייל. איר זעט פאַר זיך מאָדנע חיות, מערסטנטיילס מיט פאַרצווייגטע הערנער, וועלכע זענען שוין היינט נישטאָ אין גאַנצן אויף דער וועלט. אַזעלכע בילדער פון גרויסן קונסט־ווערט געפינען זיך דאָ אין טויזנטער היילן און זאָגן עדות, אַז אַמאָל, גאָר אַמאָל, זענען געווען מיליאָנען, אַ סך מיליאָנען בושמענער, וועלכע האָבן דערגרייכט אַ גאָר הויכע שטופע פון ציוויליזאַציע. ווען אַמאָל, און וויפיל צענדליקער טויזנטער יאָרן צוריק, דאָס קאָן קיינער דערווייל נישט זאָגן. אויס־גערעכנט אָבער האָט מען, אַז ווייניקסטנס צען טויזנט יאָר האָט גענומען ביז אין די היילן האָט זיך אָנגעזאַמלט די ערד, וועלכע מען האָט געדאַרפט אויסגראָבן, כדי צו אַנטדעקן די ווונדערבאַרע מאַלערייען (מען רופט זיי פּעטראָגליפס).

און קוקט נאָר אָן די משונהדיקע חיות; איר קאָנט אין זיי דערקענען דעם גיגאַנטישן עלטער־זיידן פון עלעפאַנט, דעם אורטאַטן פון פערד, און דעם פּראָ־טאָטיפּ פון אונדזער מענטשלעכן מין, וואָס איז אפשר געווען דער עלטער־פּע־טער פון אדם הראשון, וועלכער, ווי מיר ווייסן, איז גאָר „הנכתב” פון אַמאָליקן גן עדן געגנט צווישן די טייכן פּרת און חדקל אין מעסאָפּאָטאַמיע.

אַלנפאַלס שטייען מיר און באַטראַכטן מיט שטוינונג דעם קונסט־זשעני פון דעם שוואַרצן מענטשן, וועגן וועלכן מיר ווייסן אַזוי ווייניק און נעבן וועלכן די געשיכטע בלייבט שטיין שטום.

X

# דרום־אַפריקאַנער יידישע געשטאַלטן

איך האָב זיך געזעגנט מיט דער יידישער דרום־אַפריקע אין גאַסט־פּריינט־לעכן הויז פון אַבעל שאַבאַן, אַ ליטווישער ייד און אַ געוועזענער רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג, וואָס איז היינט צו טאָג אַ גאַנץ פיינער עושר און האָב דאָרט געהאַט פאַר זיך פאַרשטייער פון אַלע טיילן פון דעם פאַרשידנאַרטיקן יאָ־האַנעסבורגער יידישן קיבוץ.

עס זענען געווען רבנים, אינדוסטריאַלן זשורנאַליסטן און חזנים; ציוניסטן, קאָמוניסטן, רעוויזיאָניסטן און — אַרטיסטן. נאָר קיין אָרימעלייט האָב איך דאָרט נישט געזען. ווי מען האָט מיר דערקלערט, איז אַ יידישער אָרימאַן אַ זעלטנהייט אין יאָהאַנעסבורג, כאָטש איך פאַרזענלעך, נאָך אַ שפּאַציר איבערן יידישן קוואַרטאַל, האָב יאָ געזען קליינע יידישע בשמים־קרעמלעך און פאַר־דאגהטע מעוברתדיקע יידענעס, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי יידישע קבצנים אין דער אַלטער היים.

אבעל שאַבאַן אַליין זאָגט, אַז אייגנטלעך מיט אַ דור צוריק, זענען כמעט אַלע זיינע געסט געקומען דאָ אַלס ביטערע אָרימעלייט פון קליינעם ליטווישן שטעטל, די בחורים אין איין רוסישער בלוזע פאַרשפּילעט ביזן האַלדז און די מיידלעך מיט איין ציצענער קליידל... און נאָך שווערע אָפּגעפּינצטערטע יאָרן ביים שניידער צי ביים סטאָליער, אָדער גאָר אין די פּאַרוואָרפענע קראָמען אַרום די גאָלד־גרובן, האָט מען זיך לאַנגזאַם אַרויפגעאַרבעט. וואָס איז אייגנטלעך אַ יידישער גביר? אַן אָרימאַן וואָס האָט געלט...

אין די לעצטע 40 — 50 יאָר איז יאָהאַנעסבורג אַליין פון אַ גרויסן היל־צערנעם דאָרף געוואָרן אַ שטאָט פון אייזן־בעטאָן מיט הימל־קראַצערס אין צענ־טער־שטאָט, מיט רייכע געשעפטן, מיט מאָנומענטאַלע געביידעס פון טעאַטערן און מוזעען. איך האָב נישט געוווסט, צי פרייען זיך אָדער גאָר אַ קרעכץ צו טון, ווען מען האָט מיר אינפאָרמירט, אַז זעכציק פּראָצענט פון אָט די אַלע שיינע גע־ביידעס און זיבעציק פּראָצענט פון אַלע קראָמען געהערן צו יידן. איך קאָן די געשיכטע פון יידישן רייכטום און ווייס ווי לאַנג דאָס דויערט!... עפּעס ווייס איך פון דער גבירהשאַפט אין קעלן, מאַינץ און וואָרמס בעת די „קרייץ־צוגן". און נאָך שפּעטער: דער גאָלדענער פּעריאָד פון יידישע „גליקן" אין פערצנטן יאָרהונדערט און קורץ פאַר אינקוויזיציע און גירוש שפּאַניען; און שוין אין אונדזער צייט, וואָס איז געבליבן פון די יידישע פּאַלאַצן אַרום בערלינער קור־פירסטענדאַם און ווילמערס־דאָרף, און וואַרשעווער מאַרשאַלקאָווסקא און סקאָ־לימאָוו...

אָבער פּע!... וואָס האָב איך זיך דאָ אַזוי אומעטיק פאַרטראַכט איז דער דאָזיקער נאַכט אין כשופדיקן גאָרטן פון די שאַבאַנס? זאָלן די רעפלעקטאָרן מיט זייער בלויען ליכט טאָקע פאַרוואַנדלען נאַכט אין טאָג; זאָל דער פאָנטאַן, וואָס שפּריצט מיט פאַרביקע וואַסער־דימענטן פון שווים באַסיין שטענדיק פריי־לעך שפּרודלען אין דאָזיקן געבענטשטן הויז! זאָלן די רויטע און ווייסע רויזן און די עקזאָטישע זשאַקאַראַנדעס און די פאַרשיכורנדיקע טובעראָזן נאָך לאַנג

פאַרשפּרייטן זייער שמעקעדיקן ריח פאַר די ליבע יידן אַרום. זאָלן אונדזערע שונאים זיין קבצנים... לאָזט מיר דערווייל באַקענען אייך מיט די אָנקומענדיקע געסט אין די נייאינקע, גלאַנציקע אויטאָמאָבילן, וואָס פאָרן אריין דורך די ברייטע אייזערנע טויערן.

אָט באַגריסן מיר זיך מיטן רב הראשי ר׳ אביגדור ראַבינאָוויטש און זיין יונגע פרוי. ער אַליין אַטלעטיש געבויט און מיט אַ קאַקעטיש שוואַרץ קמיץ־בערדל, איז אַן אייניקל פון אַ לאָמזשער רבנישער משפחה. אָבער זיין גרעסטע העלדישקייט באַשטייט נישט אין די מוסקולן, וואָס זעען זיך אַרויס אַזוי בולט, ווען ער שווימט אין אַ באַד־קאָסטיום, נאָר דווקא האָט מען זיין גבורה געקענט זען גאָרנישט לאַנג אויף אַ טויזנט קעפּיקער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג, ווען ער האָט אָפּגעשפּילעט דעם ענגלישן מעדאַל פון זיין ברוסט און אַ וואָרף געטון אויף דער ערד... פאַרגעסט נישט, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ ענגלישער דאָמיניע און דאָס קאָן ברעכן זיין קאַריערע אַלס רב אין דער בריטישער אימפּעריע. איז ער דאָך אָבער דער איידעם פון פאַרשטאָרבענעם תל־אביבער רב עמיאל, און איז דען נישט זיין פרוי אַן אייניקל פון אַמאָליקן ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנט ר׳ משה נעוויזאַסקי, וועלכער האָט זיך אַזוי העלדיש געהאַלטן בעתן פּאָגראָם דאָרטן מיט פערציק יאָר צוריק?

גלייך נאָך זיי קומט אריין דער דעפּוטאַט פון דרום־אַפריקאַנישן פּאַרלאַמענט קענטריטש מיט זיין פרוי. ער זעט זיך אָן אין שטאָט מיט זיין כמעט שאַטלענדישן געזיכט און מיט די ברילן, וועלכע האַלטן זיך אויפן נאָז מיט דער היקף פון אַן אַלט־פרענקישן ברייטן שוואַרצן בענדל, ווי דאָס פלעגן טראָגן משכילים אין נייַנצנטן יאָרהונדערט. אָבער שרעקט זיך נישט: דער דאָזיקער דעפּוטאַט קענטריטש איז אַ היימישער ייד, וועלכער האָט אַמאָל געהייסן קאָנטאָראָוויטש; ער איז שוין צוויי מאָל געזעסן אין טורמע פאַר סאָציאַליסטישער טעטיקייט און אַלס דעפּוטאַט האָט ער געהאַט דעם היסטאָרישן כבוד צו געהערן צו די דרייצן דעפּוטאַטן פון דער מערהייט, וועלכע האָבן דעצידירט, אַז דרום־אַפריקע זאָל אריינגיין אין קריג קעגן נאַצי־דייטשלאַנד.

עס קומען די פּועלי־ציוניסטישע פירער אַדוואָקאַט פּינקוס מיט זיין פרוי די חלוצה. ער האָט דאָ אַ רייכע פּראַקטיק און נאָך גרעסערע אויסזיכטן, אָבער ער פאָרט אָפּ אין גיכן קיין ארץ ישראל, כדי זיך דאָרטן צו באַזעצן און אָנפאַנגען פון אָנהויב; ער זאָגט, אַז עס שמעקן אים בעסער די שטעכעדיקע קאַקטוסן אַרום ירושלים, ווי די בלוי־סאַמעטענע זשאַקאַראַנדע בלומען אַרום פּרעטאָריאַ...

אָט זענען די דריי יידישע צייטונגס־„קעניגן”: לואי פעלדבערג פון „דזשואיש טיימס”, גערשאַטער פון „זייאָניסט רעקאָרד”, און גערשמאַן פון בן־יחידל אויף יידיש, „די אַפריקאַנער יידישע צייטונג”.

ארום די לאנגע טישן, וואָס זענען אויסגעשטעלט אין גאָרטן אונטערן אָפע־נעם הימל און באַלאָדן מיט די „פּעטקייטן" פון דער אַפריקאַנער ערד, שטייען אין געדיכטע שורות אָט די אַלע נייע פריינט און באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך אַנט־דעקט פאַר מיר אין עק פון דער וועלט, אין יאָהאַנעסבורג.

עס רעדט און שיט מיט פּסוקים די גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע יודעלע־וויטש, אַן „אפּיקורס", וואָס לערנט יעדן טאָג אַ בלאַט גמרא בציבור. עס פּערלט מיט אָריגינעלע געדאַנקען דער רעפאָרמירטער ראַביי, מיין ליבער פריינט דר. משה ווייַלער, וואָס כאָטש ער איז „רעפאָרמירט", בענטשן זיך מיט אים אַ סך היימישע ליטווישע יידן, וועלכע ער האָט געבראַכט צוריק צום שול און יידיש־קייט. עס גייען צו צום טיש דער מאָנומענטאַלער, געוויקסיקער לעאָפּאָלד בער־גער מיט זיין אין ווין־געבוירענער שאַרמאַנטער פּלוניתטע דזשין. אויך ער פאַר־מאָגט אַ פּאַלאַץ הינטערן שטאָט, מיט אַ צעבליטן טראָפּישן גאָרטן; מיט אוצ־רות פון קונסט, אָבער אויך מיט אַ סטאַדאָלע פון קי און אָקסן, און שטייגן מיט הינער און הענער. אין שטאַל ביי אים שטייען הויכע און שטאָלצע, פול־בלוטיקע ראַסן־אַראַבער, וועלכע מען קאָן בשום אופן נישט פאַררעכענען פאַר אַנ־הענגער פון מופטי און שונאים פון יידן! דאָס זענען פּראַכטפולע אַראַבישע פערד, אויף וועלכע דער באַלעבאָס, זיין פרוי און זיינע זונטיקדיקע געסט רייטן איבער די בערג און טאָלן אַרום דער „גאָלדענער שטאָט".

פון אַ ווינקל צווישן די ציטרינען־ביימער דערהערט זיך אַ קלינגענדיקע דיסקוסיע אין נאַטירלעכן העברעאיש: דאָס אַמפּערן זיך דריי ארץ ישראל געסט. דער דיפּלאָמאַטיש־עלעגאַנטער פּאָרזיצער פון תל־אביבער פאַבריקאַנטן קלוב הילמאַן פּרובירט איינלעשן דעם פייער צווישן רעוויזיאָניסטן פירער י. שאָפּ־מאַן, פון די אסירי־לאַטרון און דעם הסתדרות לידער אין יאָהאַנעסבורג, מיין לאַנדסמאַן אַלעקסאַנדער לעווין.

נישט ווייניקער ווי אַ טוץ שוואַרצע דינערס צעטראָגן געטראַנקען און צו־בייסעכץ. צווישן די נעגערס טיילט זיך אויס מיט זיין טינטן־גלאַנציקן פּנים און פיין־געשווירענעם שוואַרצן בערדל דער זולוס־אַריסטאָקראַט דוד. ער איז איינער פון די צאָלרייכע דאָ, קאָלירטע דזשענטלמענער, וואָס פאַרשטייען אַ ליטוויש יידיש בעסער ווי אַן אָקספאָרד ענגליש...

איבערן גאַנצן קאָמפּליצירטן מעכאַניזם פון אָט דעם „חלום אין דער זו־מערדיקער אַפריקאַנער נאַכט" וואַכט די געניטע באַלעבאָסטע, די געטרייע ליט־וויש־יידישע טאָכטער סערא שאַבאַן. מיט איר צוזאַמען באַדינט די געסט איר שטענדיקע באַגלייטערין און פריינדין ראָזאַ וואַן־געלדערן. סערא איז מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק געקומען דאָ אַלס אָרימע מיידל פון קליינינשקן שטעטעלע

פּרען. אין דער זעלבער צייט האָט פון האָלאַנד איינגעוואַנדערט קיין אַפריקע די קרובה פון היינריך היינע, אָט די ראָזא וואַן געלדערן. און אַז דער מזל האָט אַ שמייכל געטון צו סעראַן און עס פאַרליבט זיך אין איר יידישער שיינקייט און ליטווישער עקשנות דער יונגער (און אָרימער דאַן) זשורנאַליסט אבעל שאַבאַן, האָט זיך שפּעטער אויף זייער וועג געפונען די האָלענדישע אַריסטאָקראַטקע פון היינעס משפּחה. פאַראייניקט האָט די ביידע פרויען די ליבע און שטרעבונג צו קונסט. ווען פון גוט־ברודערישן פּאָלקס־מענטש און יידישן זשורנאַליסט אייבקע איז אין אייניקע יאָר אויסגעוואַקסן דער מיליאָנער אבעל שאַבאַן, איז שוין די אויסשטאַטונג פון זיין הויז און גאָרטן דיריגירט געוואָרן פון געניטע הענט און געשמאַק.

אין די פּריוויטיק־צו־נאַכטן, ווען ביי פינקעלדיקע ליכט און פינקעלדיקן ווייַן פלעג איך אָפּרוען ביי אבעלן פון די וואָכעדיקע טעג, האָב איך די געלעגנהייט צו באַוווּנדערן די מעטאַמאָרפאָזע פון זיין היימישער שטיבעלע אין קליינעם שטעטעלע קראַקינאָווע אין דער ליטע און דעם מוזעי־הויז פּרענאָווע נעבן יאָהאַנעסבורג.

פון די טעראַסן אין דער ווייסער הויז קאָן מען זען אין אַ זוניקן טאָג ווייטע, ווייטע מיילן אַזש ביזן דענקמאָל פון בורישן קריג נעבן פּרעטאָריע.

אין קאַבינעט פון שאַבאַנען איז דער סטיל שטרענג יידיש: עס דאָמינירט מאַרק שאַגאַלס אָריגינעלער בילד, ווי דער ייד שפּרייזט אין דער וועלט אַריין און אויף זיין רוקן הענגט אַ גרויסע שווערע ספר־תורה, דערביי זעט מען גאָרנישט, אַז די שווערע מאַסע זאָל דערדריקן דעם יידן, גיכער דוכט זיך, אַז די תורה טראָגט אים גאָר... און גלייך דערביי אַן אייל־בילד פון גאָגס קלויז אין ווילנע און אַרום אים זעלטענע פּסח קערות, בשמים ביקסלעך, שבת־לייכטער און קידוש־בעכערס פון אַלע צייטן און סטילן.

אין אויפנאַמס־זאַל, וואָס קאָן אַריינגעמען אַ היבש פּאָר הונדערט פּערזאָן, איז אַ גאַנצע אויסשטעלונג פון זעלטענעם סעוור און דרעזדענער פּאָרצעליי, צווישן זיי וואַזן, וואָס האָבן געהערט דער פראַנצויזישער קייזערין יעווגעניא מיט נאַפּאָלעאָנס אדלער און קרוין. אַנטקעגן שטייען צוויי קאָלאָסאַלע דרעזדענער וואַזן פון זיבעצנטן יאָרהונדערט מיטן וואָפן און קרוין פון פּוילישן קעניג זיגמונד־אויגוסט.

פאַרמאַכט אַ מינוט די אויגן, וועט איר דערזען יענע קליינינטשקע שטעטלעך, ווו די שאַבאַנס זענען אויסגעוואַקסן מיט די שטרויענע דעכלעך, מיטן געלבן זאַמד אָנגעשאָטן אויף דער ערד־פּאָדלאָגע, מיט די ציגן, וואָס פלעגן פרעסן די שטרוי פון דאַך, מיט אַ שטוב פול מיט קינדער, מיט אַ גאַס פול מיט אָרימ־

קיט, מיט א לאנד פול מיט רשעות. אט דאס אלץ האט ארויסגעשליידערט די מיליאנען פון זייערע איינגעזעסענע נעסטן און געצווּנגען צו זוכן נייע היימען און אנטדעקט באהאלטענע ענערגיע און שאפונגס־קראפט.

די פליגלען זענען אויסגעוואקסן אונטער די נייע הימלען, די הענט האבן זיך צעפירט פריי און אומגעשטערט... דער יידישער אונטערנעמונגס־גייסט האט געוויזן זיין געניאליטעט אין די נישט אויסגענוצטע באדינגונגען פון נארד־אמעריקע, פון ארגענטינע און בראזיל, פון אפריקע און אויסטראליע. איצט ווערט אויך דער דינאמישער וואנדער געוויזן אין ארץ ישראל. זאל ער זיך נאר האדעווען, זאל מען אונדז נאר לאזן!..

***

צוריק צו דער נאכט אין גארטן פון די שאבאנס. ווען אלע טרינקען וויין און ווערן לעבהאפט בארוישט פון דער סאמעטענער נאכט צווישן דיביימער און בלומען, צווישן שפיל פון ליכט און שאטנס. כאפ איך דעם אויטאמאביל און לויף אויף דער שמחה אין דער יידישער פאלקס־שול, ווו אייניקע הונדערט אנדערע אמאליקע ליטווישע אימיגראנטן ווילן מיט כוח איינפלאנצן דעם בוים פון יידיש און יידישקייט אין דער ענגליש־אסימילירנדיקער סביבה. עס קומט זיי אן שווערלעך, אבער דאך איז שוין איצט דער צען יאריקער יובילײ. א כאר פון יינגלעך און מיידלעך, גליקלעכע קינדערלעך פון פארמעגלעכע עלטערן, זינ־גען דא מיט התמדה: „אויפן פריפעטשיק" און „פאטש, פאטש קיכעלעך"... און שוין א דערוואקסענע טאכטער, כמעט א כלה־מיידל, האלט א רעדע וועגן יידיש, וואס ווערט, לויט איר מיינונג, אפגעהיט נאר צווישן די ארבעטנדיקע מאסן.

און דער אומדערמידלעכער לייבל פעלדמאן, דער פרעזידענט פון דער שול, נאר וואס צוריק פון אייראפע, דערציילט די קינדער וועגן די ווייניקער גליק־לעכע חברים זייערע אין די לאגערן אין אייראפע. זיין ווייב שרה איז דא די הויפט באלעבאסטע און טיילט כיבוד. אין פארגלייך מיט די זעכציק טויזנט יידן אין יאהאנעסבורג איז איין יידישע שול פאר ארום הונדערט קינדער געווים צו ווייניק. ווען איך האב זיך דערנענטערט צו דער פייערונג זענען אלע גאסן ארום געווען פול מיט די נייאינקע אויטאמאבילן פון די איינגעלאדענע געסט. איך האב אפגעשאצט, אז מער ווי צוויי הונדערט פריוואטע אויטאס זענען דא גע־קומען. וואלט כאטש געווען אזוי פיל קינדער אין דער שול ווי אויטאס, להבדיל, ביי זייערע טאטעס... אביסל האב איך וועגן דעם געזאגט אין מיין קורצער בא־גריסונג, נאך מער האבן וועגן דעם גערעדט פעלדמאן און דער שול־דירעקטאר ח״רלש.

און ווידער אמאל קומט אויפן קאפ דער מאמר חז״ל: „יפה עניותה ליש־ראל״, אז פון ארימקייט קומט דער יידישער גייסט ארויס בעסער. והא ראיה: די שטעטלעך אין ליטע און פוילן, פון וואנען די יידן דא זענען געקומען; די קינ־דער אין די לאגערן אין אייראפע, וועלכע ווערן אנגעזאפט מיטן יידישן אינ־האלט. „הזהרו בבני העניים, שמהם תצא תורה״, נאך א מאמר, נאך א ווונק, אז די לערע קומט פון די ארימע הייזער, פון די ארימע קינדער.

מיט די דאזיקע אומעטיקע געדאנקען פאר איך צוריק צו מיין „אייגענער״ שמחה אין שאבאנס הויז.

מיט א הארץ פול מיט ליבע און שרעק קוק איך אויף מיינע פריינטלעכע באלעבאטים, אויף זייערע הארציקע געסט און קלער דערביי מיין שטענדיקן געדאנק: אויף וויפיל צייט, אויף וויפיל יארן האט זיי דער אויבערשטער גע־שענקט זייער שפע אין דאזיקן גליקלעכן לאנד?

און כאטש די ערד איז דא זאפטיק און שווארץ און כאטש די פונדאמענטן זענען טיף און פעסט, דוכט זיך מיר אלץ, אז עס שאקלט זיך, אז אלץ איז גע־בויט אויף זאמד...

## XI

# אוגאנדא

דער הידראפלאן מיט וועלכן איך פלי צוריק פון יאהאנעסבורג אין דער ריכטונג צו מצרים צו — וועט דארפן דורכשניידן דעם גאנצן אפריקאנער קאנ־טינענט, דאס איז אן ענגלישע „פליענדיקע שיף״ מיט אן אונטערשטן און אױ־בערשטן שטאק, מיט א באר אינמיטן און אויסגעצייכנטער באדינונג.

דער דאזיקער טיפ אעראפלאנען פליט נישט אין דער פינצטער און מיר פארברענגען דעריבער דעם צווייטן האלבן טאג פון יעדן מעת־לעת ערגעץ ווו אין א פונקט, ווו עס זענען פאראן מערקווירדיקייטן אנצוקוקן. מיר „לאנדן״ אויפן וואסער, מען ברענגט אונדז אין א האטעל, און גאנץ פרי פליט מען ווײ־טער. אלץ ווערט געטון געמיטלעך, אן איילעניש, מיט ענגלישער סיסטעמאטיש־קייט און דעריבער שטערנג אזוי נישט אן די רייזע, ווי עס איז אין דעם פאל, ווען איר טראגט זיך ראשיק טאג־און־נאכט מיט די מאדערנע „קאנסטעליי־שאנס״ און שניידט דורך גאנץ אפריקע אין 24 שעה.

אונדזער ערשטער אָפּרו נאָך אַכט שעה פליען פון יאָהאַנעסבורג איז נעבן נאַטור־וווּנדער „וויקטאָריא וואַסערפאַל״ אין דרום־רהאָדעזיע.

איך האָב שוין נאָך בעת מיין פריערדיקן וויזיט קיין דרום־אַפריקע געחלומט וועגן זען דעם דאָזיקן וואַסערפאַל, וועלכער איז כמעט דריי מאָל אַזוי גרויס און מעכטיק, ווי עס איז זיין אַמעריקאַנער „קאָנקורענטין״, די ניאַגאַרא. עס איז מיר אָבער געווען שווער צוצוקומען דאָרטן, ווייל פון דער שטאָט בולאַוואיא אין דרום־רהאָדעזיע, ווו איך האָב אויך געהאַט אַן אינטערעס צו זיין, ביזן וויקטאָריא וואַסערפאַל דאַרף מען נאָך פאָרן מיטן באַן אַ גאַנצע נאַכט און דאָס איז שוין צופיל צייט און טרחה.

דערפאַר אָבער ביי דער איצטיקער רייזע צוריק האָב איך שוין אַזוי אויסגערעכנט דאָס דער אַעראָפּלאַן אַליין זאָל „וואַסערן״ טאַקע אין דער שכנות פון וויקטאָריא פאָל און דאָס איז שוין אַ גרויסע באַקוועמלעכקייט.

אַ לוקסוס האָטעל מיט הונדערטער צימערן איז דאָ אויפגעבויט פאַר די טוריסטן, וואָס שטראָמען פון אַלע עקן וועלט. אַ פּאָסט אַמט, אַ באַן סטאַנציע, קראָמען פול מיט סוועניִרן, ווו מען באַקומט אַלערליי זכרונות פון די ווילדע חיות און די ווילדע מענטשן אַרום...

אַלץ טראָגט דעם נאָמען „וויקטאָריא־פאָל״ און איז אויסגעבויט אין האַרץ פון יענער פרימיטיווער און ווילדער אַפריקע, ווו אינגאַנצן מיט ניינציק יאָר צוריק איז געקומען דער ערשטער ווייסער מענטש, דער מעדיקער, מיסיאָנער, געלערנטער און רייזנדער דוד ליווינגסטאָן, און דערזען די אומוואַרשיינלעכע, גרויזאַמע קאַסקאַדן וואַסערן, וואָס רייסן זיך פון די שפּיציקע פעלדזן אין די אָפּגרונטן פון טייך זאַמבעזי. דערדריקט און איבערראַשט פון זייער בראשית־כישוף, האָט זיי ליווינגסטאָן געגעבן דעם נאָמען פון זיין געליבטער קייזערין וויקטאָריא. ער אַליין איז שוין צוגעשמידט געוואָרן צו די דאָזיקע מקומות, אַזוי ווי אַ מאַגנעט האָבן אים געצויגן די אומהיימלעכע קלאַנגען פון די פאַלנדע וואַסערן, די וואָלקנס זילבער־שטויב, וואָס זענען צעשפּרייט אַרום, די ווילדע מענטשן, חיות וואָס לעבן דאָ מקדמונים. און דאָ איז ליווינגסטאָן געבליבן און — געשטאָרבן צווישן די פאַרשקלאַפטע שוואַרצע באַטאָקאַ מענטשן, פאַר וועלכע ער האָט געוואָלט ברענגען גלויבן און באַפרייאונג. זיי, די דאָזיקע האַלב־ווילדע, וואָס האָבן אים פאַרגעטערט האָבן זיין קערפּער באַלזאַמירט און שפּעטער טראַנספּאָרטירט דורך די נישט דורכדרינגלעכע וועלדער, פאַרפעסטעטע טייכן און בערג צו אַ פּאָרט אין זאַנזיבאַר, פון וואַנען מען האָט שוין זיין קערפּער געבראַכט דירעקט קיין לאָנדאָן און גלאָררייך פאַרמויערט אין וועסטמינסטער צווישן די אומשטערבלעכע. און די שטאָט ליווינגסטאָן אין רהאָדעזיע בליצט מיט נעאָן־פייערן

און מיט רייכע הייזער און בולוואַרן, אַזוי ווי זי וואָלט פאַרגעסן, ווי הייליק־באַשיידן און אין שאָטן עס האָט געלעבט און געשטאָרבן דער מאַן, וועמענס נאָמען זי טראָגט, — דוד ליווינגסטאָן.

***

אויף דער טעראַסע פון וויקטאָריא האָטעל זיץ איך איינזאַם, צי אין זיך דורך אַ שטרוי מיין קאַלטן סאָדאַ־געטראַנק און וואַרט אויף מיין טשעכישן מיט־רייזנדן — יאַן פּאַפּעק, וועלכער פליט צוזאַמען מיט מיר ביז אוגאַנדאַ, וווּ ער איז דער פאַרוואַלטער פון דער „באַטאַ" שוך פאַבריק. מיר האָבן אָפּגערעדט מאַכן אונדזער שפּאַציר צום וואַסערפאַל צוזאַמען, ווייל ער קאָן גוט די געגנט און מיט קיין באַצאָלטן שוואַרצן פירער האָט זיך מיר נישט געוואָלט גיין אין די דאָזיקע אומזיכערע מקומות.

אָבער ווי גרויס איז געווען מיין פאַרגעניגן און איבערראַשונג, ווען איך דערזע, ביי אַ צווייטן טיש נישט קיין אַנדערן, ווי מיין אַלטן פריינט אפרים לעווענשטיין, וועלכער האָט מיך אויך גלייכצייטיק באַמערקט. און מיר פאַלן איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס.

אויב אין גאַנץ רהאָדעזיאַ איז פאַראַן אַ מענטש, וועלכן איך האָב פּשוט ליידנשאַפטלעך געוואָלט איצט זען, איז דאָס, פאַרשטייט זיך טאַקע ער, אָט דער אפרים לעווענשטיין... וווינען, וווינט ער אין דער שטאָט בולעוואַיאָ, אייניקע הונדערט מייל פון דאַנען און גראַד די דאָזיקע שטאָט האָב איך נישט באַזוכט. אָבער פון מיין קאָפּ איז יאָרנלאַנג נישט אַרויס דער געדאַנק, אַז איך וועל זיך נאָך מיט אים באַגעגענען אין זיין נייער היים, וווּ איך האָב געוווּסט, אַז ער איז געוואָרן אַ רייכער מעטאַל פאַבריקאַנט, אַ שיינע פאַמיליע אויפגעבויט און איז אויך שטאַרק טעטיק אין יידישע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע ענינים.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך זיך מיט אים געטראָפן אין זשענעוואַ, שווייץ, אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס, איינגאַנצן אייניקע טעג פאַרן אויסברוך פון דער וועלט מלחמה.

מיר האָבן אפילו נישט קיין צייט געהאַט דאַן זיך צונויפרעדן, ווייל דער קריגס־דונער האָט אַלעמען באַטויבט און מיר זענען זיך צעלאָפן; ער צוריק קיין אַפריקע, איך — צוריק קיין פוילן.

און איצט, ווען נאָך אַזויפיל יאָרן האָט זיך צו מיר דערנענטערט דער זעל־בער אפרים לעווענשטיין, אַ געוויקסיקער, פאַרנעמער דזשענטעלמאַן מיטן ציגאַר אין מויל, האָב איך זיך דערמאָנט אונדזער ערשטע באַגעגעניש, ביי גאָר אַנדע־רע אומשטענדן, מיט 25 יאָר צוריק אין זיין קליינעם פוילישן שטעטעלע קאָשי־צע, אין קראָקעווער געגנט ביים ווייסל.

איך בין דאַן געווען דער אינספּעקטאָר פון די יידישע בענק און ער איז געווען אַ יונג חסידיש בחורל אין אַ לאַנגער קאַפּאָטקעלע, אין גלאַנציקע שטיוועלעך און פיין פאַרקאַמטע פּאהלעך, דער בוכהאַלטער פון דער קאַשיצער פאָלקס־באַנק. דער טאַטע — דער פיינסטער באַלעבאָס אין שטעטל, האָט זיינע קינדער געגעבן אַ חסידיש משכילישע דערציאונג און מיין אפרים צוזאַמען מיט אַנדערע אַזעלכע ליכטיקע בחורימלעך איז אפילו געכאַפּט געווען אין דער מעשה — געוואָרן אַ ציוניסט — אין דאָזיקן ווייטן, פאַרוואָרפענעם שטעטל, אויף דעם הויכן זאַמדיקן ווייסל־ברעג, ווו מען האָט קיינמאָל נישט געהערט קיין פייף פון אַ באַן לאָקאָמאָטיוו און די איינציקע באַלויכטונג אין די גאַסן האָט צוגעשטעלט די לבנה, אין יענע ליכטיקע נעכט, ווען מען האָט איר מחדש געווען.

איך בין גראַד אָנגעקומען אין שטעטעלע קאַשיצע אין די טעג פון דער גרויסער מחלוקת צווישן רב און דער יוגנט. די סיבה איז געווען עפּעס אַ ווילדער קלאַנג, נישט געשטויגן נישט געפלויגן, אַז אויף דער לעצטער ציוניסטישער פאַרוויילונג האָבן בחורים מיט מיידלעך צוזאַמען געטאַנצט אין אַ קאַראַהאָד... דאָס איז געווען טאַקע דעמאָלסט ווען דער רב האָט פאַרשאָלטן די טענצערס און געסטראַשעט אַז חלילה אין אַ נויט־פאַל, וועט מען זיי צו קבר ישראל נישט ברענגען. און דער יונגער, דאַן, אפרים לעווענשטיין, וועלכער האָט געוווּסט, אַז אויסער מיין אינספּעקטאָר אַמט, בין איך אויך אַ מיטאַרבעטער פון וואַרשעווער „היינט”, האָט דאָס מיר געגעבן דעם מאַטעריאַל פאַר אַ קאָרעספּאָנדענץ, ווו איך האָב אַביסל חוזק געמאַכט פון רבס קללה און פעסטגעשטעלט איר איבעראַשנדן רעזולטאַט: אין משך פון דריי חדשים איז דאַן קיין איין ייד איבערהויפּט נישט געשטאָרבן אין שטעטל.

אָבער עס איז ענג געוואָרן אָט די אַלע טייערע שטעטלשע קינדער. פיל פון זיי האָבן זיך אַ לאָז געטון קיין ארץ ישראל, אַנדערע קיין דרום־אַפריקע, און אָט אַזאַ מין אויסטערלישע באַגעגעניש מיט איינעם פון זיי האָט מיך ווידער צוריקגעבראַכט אין יענעם שטעטל, ווו מער ווי דער בית־עולם איז שוין איצטער גאָרנישט געבליבן.

נאָכהער גייען מיר שוין צוזאַמען מיט לעווענשטיינען און דעם טשעך פאַפּעק אַנטקעגן דעם וועלט ווונדער, וועמענס דונערן און קולות מען הערט פון אַ שטרעקע פון צענדליקער מיילן. מיר זענען אָבער אינגאַנצן אַ מייל ווייט פון וואַסערפאַל.

שפּרייזן מיר פאָרזיכטיק און לאַנגזאַם, ווייל אינגאַנצן אַ הונדערט יאַרד פון האָטעל זעט איר שוין אַן אויפשריפט: „היט זיך פאַר ווילדע חיות”! איך ווייס נישט, צי פון געדיכטן „בוש” אַרום אונדז שפּרינגט אַמאָל אַרויס אַ לייב.

מען זאָגט מיר, אַז אין טרוקענעם סעזאָן דערגייען אַמאָל די לייבן ביז די מיט וואַסער־אָנגעפילטע מעטאַלענע רעזערוואַרן אויף דער באַן־סטאַנציע — אָבער אַ סטאַדע פון ווילדע מאַלפּעס־באַבונעס, איז אונדז גלייך געקומען אַנטקעגן. און אַז איר טשעפּעט זיי נישט, וועלן זיי אייך נישט באַפאַלן. די עלעפאַנטן דאָ האָב איך געזען אויף מאָרגן גאַנץ פרי, ווען זיי זענען געגאַנגען טרינקען ביים ברעג פון דער זעלבער אָזערע, פון וועלכער אונדזער הידראָפּלאַן איז אָפּגעפלויגן.

גייען מיר פאָרזיכטיק, יאָגן אָפּ פון זיך די צודרינגלעכע שוואַרצע, וועלכע ווילן דווקא מיר זאָלן פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין די פייניגקע „וואַגאָנעלעך”, וועלכע זיי שטופּן מיט די הענט און דורך דעם מיידן אויס די טוריסטן די ווילדע חיות, שלאַנגען אָדער „העקדישן”. מיינע חברים אָבער זענען דאָרטיקע מענטשן און ווייסן, ווי אַזוי מיך צו פירן. אָט פאַלן מיר אַריין אין אַ וועלדל, ווו מיר ווערן באַגאָסן מיט אַ געדיכטן רעגן־שטויב, כאָטש דער הימל איז בלוי־קלאָר! דאָס זענען די שפּריצן פון די מעכטיקע וואַסערן, וואָס רוישן און באַטויבן. און נאָכדער קלעטערן מיר אויף געפערלעכע הילצערנע טרעפּ, וועלכע זענען געפלאָכטן מיט צווייגן און געוויקסן און וואָס זענען אויך גליטשיק און שאָקלט זיך. מיר נעמען זיך אַלע דריי פאַר די הענט, כדי קיינער זאָל שפּעטער נישט פעלן... און פּלוצלינג פאַרשווינדט דער וואַלד און די ערד און דער הימל און עס אַנטדעקט זיך אַ צעשטורעמטער, צעיוכעטער, פאַרשוימטער וואַסער־באַריער אַזוי הויך און אַזוי טיף, אַז מען זעט נישט פונוואַנען ער קומט און ווו ער פאַלט אַריין... מיר זענען אויג־אויף־אויג מיטן וויקטאָריע־וואַסערפאַל. דער טומל איז ווי טויזנטער וועב־שטולן זאָלן אַרבעטן צוזאַמען אויף אַ קליינעם פּלאַץ. מען הערט נישט קיין וואָרט וואָס מ'רעדט. די קליידער ווערן מאָמענטאַל דורכגענומען מיט מיליאָנען זילבערנע שפּריצן און פון פנים קאַפּען שטראָמען וואַסער. אינמיטן פון דער צעיושעטער וואַסער־וואַנט צעשיינט זיך מיט אַלע זאַכן פאַרבן אַ קאָלאָסאַלער רעגנבויגן, אַן אייביקער רעגנבויגן, וועלכן די ערגעץ־פאַרבאָרגענע זונען־שטראַלן צעלייגן מאַלעריש אויף דער אומרואיקער גיגאַנטן־ברוסט פון נאַטור־פענאָמען...

ווי קליין, מיקראָסקאָפּיש־נישטיק מיר מענטשלעך זעען אויס אין אָנבליק פון דער שטורמישער בראשית־שיינקייט פון נאַטור־וווּנדער!

נאָך אַ טריט — און מיר וואָלטן צעריבן געוואָרן צווישן די וואַסער־שוועלן, וועלכע פאַלדעווען זיך אונטער אונדז אין הונגעריקן תהום.

גייען מיר צוריק, — נאַסע און דערדריקטע — אַביסל דערשראָקענע, אַז די טראָפּיקאַלע נאַכט וועט שנעל איר פאַרהאַנג אַראָפּלאָזן און מיר וועלן עלנדע פאַרלוירן גיין צווישן וואַסער און דזשונגל.

ווי אַ גרויסע דערלייכטערונג ווייזן זיך אונדז אויס די גירלאַנדן עלעק־

טרישע פייערן וועלכע לאדן אונדז איין גאסטפריינטלעך צו די שוועלן פון אונ־דזער האטעל.

מיר בלייבן נאך איניקע שעה מיט מיין פריינט אפרים לעווענשטיין, וועל־כער דארף באלד פארלאזן דעם האטעל און זיך אומקערן מיטן באן קיין בולא־וואיא, זיין היימשטאט.

עס איז מיר אזא שאד, וואס די דאזיקע אומגעריכטע באגעגעניש מיט מיין פארגאנגענהייט, וועט זיך אזוי שנעל ענדיקן. שלעפן מיר זיך צופוס אי־בערן זאמדיקן באדן צו דער איינזאמער באן־סטאנציע און ברענגען ארויס די שאטנס פון עבר.

דער צוג קומט פון עליזאבעטוויל, אין בעלגישן קאנגא. ער שלענגלט זיך ארײַן פון דער אפריקאנער נאכט אויף דער האלב־פינצטערער סטאנציע, און איך ווייס נישט פארוואס, נאר עס דוכט זיך מיר, אז דאס ווארט איך גאר אויפן צוג אין בארנאוויטש, אז אט די וואגאנעס קומען פון ביאליסטאק, פון בריסק און קייקלען זיך ביז פינסק, ביז מינסק...

נאר דאס איז א מיראזש: אונדזער צוג איז שוין פון דארטן אפגעפארן און דאס בין איך גאר אין ווייטן אפריקע, ווו די צוגן גייען צווישן זאנזיבאר און זאמבעזי, און אט פארט אוועק א שאטן פון מיין עבר דירעקט קיין בולא־וואיא...

אומעטיק און איינזאם בלאנדזשע איך דורכן נישט־זיכערן וואלד צוריק אין מיין האטעל.

ווער האט דען מורא פאר די ווילדע חיות — דאס האבן דאך גאר ציוויליזירטע מענטשן פארצוקט מיין פאלק צווישן ווייסל און דניעפר!

***

אויפן צווייטן טאג גאנץ פרי, זענען מיר שוין געפלויגן אין דער ריכטונג צו דער שטאט קאמפאלא אין אוגאנדא, ווו מיר דארפן אנקומען נאך האלבן טאג. גלייך נאכן איופהויבן זיך פון הידראפלאן זאגט מען אונדז אן, אז עס שטייט אונדז פאר צו זען עפעס אומגעווײנלעכעס בעת דער ערשטער שעה פון פלי: מיר וועלן פליען זייער נידעריק און קאנען באאבאכטן דאס לעבן פון די ווילדע חיות אויף דער פרייהייט זייערער אין „בוש”, וועלכער וויקלט זיך פור־נאנדער, ווי א פארביקער פילם־בילד במשך פון איניקע הונדערט מייל. אט דא־אונטן קומען דאס פאר די בארימטע יאגדן אויף חיות; אט פון דאנען כאפט מען זיי אויס און זיי ווערן פונאנדערגעטיילט אין די זאאלאגישע גערטנער אי־בער דער גאנצער וועלט.

זענען מיר טאַקע צוגעשמידט צו די פענצטער פון אונדזער אעראָפּלאַן, וועלכער פליט לאַנגזאַם און אַזוי נידעריק, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ העלי־קאָפּטער, כאָטש נעם און צי אַרויף אָט יענעם לאַנגהאַלדזיקן זשיראַף צו אונדז אין קאַבינע אַריין.

דאָס פּרימאָרגן־לעבן אין ווילדן „בוש" גייט אָן ווי געוועגלעך: די חיות, ווייזט אויס, האָבן זיך שוין איינגעוווינט צו הערן איבער זייערע קעפּ יעדן פּרימאָרגן דאָס זשומען פון די מאָטאָרן און ווייזן נישט אַרויס קיין שום עמאָציע. ווען מיר פליען איבער אַ בערגל מיט שיטערע ביימער, אויף וועלכן עס שטייען אומבאַוועגלעך צוויי עלעפאַנטן, ווי שטיינערנע מאָנומענטן, רירן זיי זיך נישט פון אָרט. ערשט אין אַ ווײַלע שפּעטער הויבן זיי זיך אָן פּאַמעלעך אַראָפּלאָזן באַרג־אַראָפּ.

סטאַדעס פון צעפּאַסעוועטע זעברעס באַוועגן זיך לאַנגזאַם אין געדיכטן גראָז און טויזנטער לייכטע, רויטע הינדן שפּרינגען אויף די בערגלעך. מיר זענען דאָך אָבער געגנוג הויך און עס פעלט דעריבער דאָ דער ציטער, וועלכן מען האָט אין טראַנסוואַלער קרוגער פּאַרק, ווען מען באַגעגנט זיך מיט דער ווילדער חיות־וועלט אויג־אויף־אויג.

נאָכהער הויבן מיר זיך ווידער אויף גאָר הויך און מען פליט שוין שעהען לאַנג איבערן פּאַרטריקנטן אַפריקאַנער מדבר, ביז ערגעץ־ווו פון ווייטן רייסט איבער דעם מאָנאָטאָנען געלן באָדן אַ בלישטשענדער גראַנדיעזער וואַסער־שפּיגל, דאָס איז די אָזערע וויקטאָריאַ־ניאַנצאַ אין אוגאַנדאַ און אויף איר קלאָרן אויבערפלאַך — „וואַסערן" מיר טאַקע.

דאָ שטייגט אַרויס מיין מיטרייזנדער טשעך יאַן פּאַפּעק, וועלכער פאַר־וואַלטעט מיט דער „באַטאַ" שוך־פאַבריק אין נאָענטן שטאָט קאַמפּאַלאַ (צען טויזנט שוואַרצע איינוווינער און אַ הייפל ווייסע).

יאַן פּאַפּעק האָט מיר נאָך פריער דערציילט, אַז אַרום פופציק מייל פון דאַ־נען, אין צענטער פון ווילדן „בוש" געפינט זיך אַ לאַגער פאַר פּאָליאַקן, וועלכע מען האָט עוואַקואירט פון רוסלאַנד צוזאַמען מיט דער אַנדערס אַרמיי. איך ווער שטאַרק פאַראינטערעסירט און פרעג אים, צי וויים ער נישט פון יידן, וועלכע זענען נאָך איצט פאַראַן אין לאַגער? ענטפערט פּאַפּעק, אַז ער קאָן נאָר איינעם פון זיי, דאָס איז דער הויפּט־דאָקטאָר פון לאַגער מוריצי מעלזאַק פון וואַרשע.

ווער פון די וואַרשעווער יידן האָט נישט געקאָנט כאָטש איינעם פון די דריי ברידער דאָקטוירים מעלזאַק? איך האָב זיי אַלעמען געקאָנט! באַשלים איך דע־ריבער, אנשטאָט אָפּרוען זיך אַ האַלבן טאָג אין האָטעל, אָדער זען דעם פּאַלאַץ

פון שווארצן אוגאנדישן מלך אין קאמפאלא, זיך באמיען און באזוכן דעם דר. מעלזאק אין זיין ווייטן גלות.

און דער טשעך יאן פאפעק איז גרייט מיר צו העלפן, ווייל ער האט דא אן אייגענעם אויטא, א פארד־מאשינדל פון זעלבן טיפ, מיט וועלכן מיר פלעגן אמאל זיך „פליוכען" אין די פוילישע בלאטעס — מיט אזא אויטא קאן מען יא פארן איבער די צעטרייסלטע דזשונגל־וועגן, מיט א נייאינקן קאדילאק אבער וועט איר דא אין ערגעץ נישט דערפארן.

אביסל קווענקלט זיך מיין טשעכישער פריינט:

— דאס אהין פארן איז נישט געפערלעך, ווייל מיר וועלן דאס מאכן נאך אין טאג־ליכט, אבער צוריקפארן מוז מען דאך ביינאכט און טאמער טרעפט עפעס א מכשל מיטן אויטא, קאנט איר נאך פארשפעטיקן דעם הידראפלאן... איר מוזט דאך ארויספארן פארטאג.

אין מיר אבער האט שוין אויפגעוואכט דער נישט־געזעטיקטער רייזענדער, דער זוכער פון „שטארקע איינדרוקן":

— וואס הייסט עפעס? דא נישט ווייט געפינט זיך ערגעץ אן אלטער פריינט און איך וועל אים נישט באזוכן? אזא צופאל טרעפט דאך איינמאל אין א יובל, מ'זאל לאנדן אין ווייטן אוגאנדא און זיך געפינען נישט ווייט פון א פליטים־לאגער.

פארן מיר. דער אלטער „פארד" שפרינגט און קרעכצט איבער די גרובן און צוויינגן. עס טרייסלט ווי אין א „דראנגאווען" וואגן. מיר פארן פארביי פיין־באארבעטע פעלדער מיט קולטיווירטן מאיס; באנאנען־קראנצן הענגען אראפ צווישן ריזיק־גרינע בלעטער; פאלמען מיט קאקאס־נים שאקלען זיך אונטער פרי־שע ווינטן... אוגאנדא! געדענקט איר? געווען דא אמאל א חלום, א קורצער ראָ־מאן צווישן דר. הערצל און די ענגלענדער... געווען דא אמאל א פארשלאג, יידן זאלן טיילן פון דאזיקן לאנד איבערנעמען אלס „נאכט־אזיל" אויפן „וועג" צו אן אייגענעם ישראל. אדער איז עס טאקע נישט געווען מער ווי א חלום אין א פינצטערער אפריקאנער נאכט, ווי די איצטיקע, צום ביישפיל. ווער ווייס, ווער ווייס?...

מיר קומען אן צו א הילצערנעם פלויט, נעבן וועלכן עס האלטן וואך שוואר־צע אוגאנדאר פאליציאנטן. דאס איז דער פוילישער לאגער. עס איז שטאק פינצ־טער און די פאליציאנטן הויבן אויף לאמטערנעס, כדי צו אנקוקן די ניי־אנגע־קומענע געסט. פון הינטן רוקט זיך ארויס עפעס א פארשווין אין מיליטערישער קליידונג און פרעגט אין פויליש, ווער מיר זענען? איך ענטפער אים אין פויליש, דאס איך וויל זען דעם הויפט־דאקטאר מעלזאק. פארשרייבט מען אונדזערע נע־

מען אין אַ בוך און מען עפנט דעם הילצערנעם טויער. פּאַפּעק דערקלערט מיר, אַז די באַלעבאַטים פון דער וואַך זענען די שווארצע אוגאַנדער און די פּוילי־שע סאָלדאַטן זענען נאָר זייערע געהילפן.

„אַ גרויס־מאַניע פון די דרייסיקער יאָרן! צו וואָס האָט פּוילן זיך דער־לעבט!"

דער „פּאָרד" באַוועגט זיך לאַנגזאַם צווישן לייַמענע באַטקעס באַדעקטע מיט שטרוי. אַמאָל אַ קעראָסין לעמפּל, אַמאָל אַ חלבנע ליכטל באַלויכט זיי פון אינעווייניק. די הייסע פינצטערע אַפריקאַנער נאַכט אַרום אונדז איז פול מיט שאָטנס פון שפּאַצירנדיקע, וועלכע רעוועז, שטיפן און לאַכן אויף פּויליש. די פייערן פון „פּאָרד" באַלויכטן פון צייט צו צייט בלאָנדע קעפּ און קליידער, ווי זעק.

ענדלעך, אַן עלעקטרישער לאָמפּ! דאָס איז דער שפּיטאָל. דאָ וווינט דר. מאוריצי מעלזאַק. זאָל איך באַשרייבן אונדזער באַגעגעניש? דאָס איז זייער שווער. איך, פול מיט פרייידיקן ענטוזיאַזם — ער, ווי פאַרשטיינערט, אָן לשון... איך באַשיט מיט פראַגן — ער גלעט די בלאָנדע צעפּ פון זיין קליינער טעכטערל ליליאַנאַ און וואַרפט אַרויס אַ וואָרט מיט שוועריקייטן. אַ שפּאַס עפּעס נאָך אַזוי פיל יאָרן צווישן פרעמדע, — פּלוצלינג אַן אורח זיך אויסגעשיילט פון אַמאָ־ליקן וואַרשע, וואָס איז שוין מער נישטאָ.

און זיין געשיכטע איז זייער קורץ: מיט זעקס יאָר צוריק האָט מען דאָ גע־בראַכט, נאָך אַ שווערער רייזע אַרום דער וועלט, אייניקע טויזנט פּאָליאַקן און זיבעצן יידן. און די גאַנצע שנאה און אַלע צרות און די גאַנצע היהשע טעמפּ־קייט פון צעבראָכענע מענטשן האָט מען אויסגעלאָזן צו די פּאָר יידן. אַ פיינט־שאַפט האָט דאָ געברענט צו די יידן פאַר דער פאַרשפּילטער אַמאָליקער פּוילן, פאַר טויטן אין קאַטין די טויזנטער אָפיצירן, פאַר דעם, וואָס מען באַקומט נישט קיין וויזע אין אַנדערע לענדער...

איצטער איז דר. מעלזאַק דער איינציקער ייד און דער איינציקער דאָקטאָר אין לאַגער. ער וואָלט זיך וועלן פון דאַנען אַרויסרייסן. זיין פרוי (די געבוי־רענע יאַנאַסאָוויטש פון וואָלקאָוויסק) איז איצט אין נייראָבי, קעניא, וווּ זייער עלטערער זון לערנט זיך. מען האָט אים געמוזט אַוועקנעמען פון דאַנען, ווייל די פּוילישע קינדער האָבן אים געמאַכט פאַר ציל־ברעט פון זייערע אָפּשפּעטונ־גען און ער האָט זיך שיער נישט איינגעבראָכן...

אַרויס פון דאַנען, אַרויס! די פּאָליאַקן ווערן דאָ אויסגעפּאַרשט איצט פון אַן אויסטראַליער קאָמיסיע און באַקומען וויזעס צו אַרבעטן אויף רעגירונגס־קאָנטראַקטן אויפן אינדזל טאַסמאַניע. נו, וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָס פאַר

אים, דר. מעלזאק, צו בייטן איין ווילדערניש אויף אַ צווייטער? אָ, ער וויל אַרויס פון דאַנען און כאַטש איצט אין עלפטן יאָר נאָך דעם אָנפאַנג קריג, אָנהויבן אַ פרידלעכן לעבן.

ליידער האָב איך געמוזט שנעל צוריקפאָרן. עס איז אַזוי אויך געגוג גע־פערלעך געווען די „אונטערנעמונג" מיט אַ צעבראָכענעם „פאָרד" אינמיטן דעם אַפריקאַנער דזשונגל, ווען דער אַעראָפּלאַן וואַרט אויף דיר.

איך טרייסל זיך צוריק דורך דער פינצטערער נאַכט. צווישן די „קוסטעס" גליטשן זיך שאָטנס, חיות? מענטשן? אבי פאָראויס, צוריק צו דער ליכטיקייט.

אָבער וואָס וועט ווערן מיט אונדזערע, וועלכע מיר האָבן געלאָזן הינטער זיך אין וואַלד פון ווילדער פרעמדקייט?

---

## פון דעם זעלביקן מחבר ביז איצט דערשינען:

קאָאָפּעראַטיווער געדאַנק (וואַרשע, 1927

לענדער און שטעט (ווילנע, 1930

ראַטן־פאַרבאַנד (וואַרשע, 1936

עקזאָטישע לענדער (וואַרשע, 1938

געטאָ־טאָגבוך (ניו־יאָרק, 1943

פּוילן 1946 (בוענאָס־איירעס, 1947

אַ וועלט, וואָס איז פאַרביי... (בוענאָס־איירעס, 1949

# אינהאַלט:

## ערשטער טייל

## צווייטער טייל

